מ. סטבטשון

# א זעקסטער וועלט-טייל

ראמאן



פארלאג ט. גראהאר
פאריז
1949

M. SAMBATYON: A ZEKSTER WELT-TEYL-ROMAN
UN SIXIÈME CONTINENT -- A SIXTH CONTINENT

II

*

נאָכדרוק אפילו טיילווייז פאַרווערט

*

ÉDITIONS GROHAR ET RUDETZKI
SOCIÉTÉ D. O. R. A. - PARIS

הויפּט־פאַרקויף פאַר איירָאפּע און ישראל:
ÉDITIONS U.P.J. - 10 bis, RUE ELZÉVIR, PARIS III

*

הילע און שער־בלאַט געצייכנט פון אַ. קאָלניק

*

50 עקזעמפּלאַרן זענען געוואָרן געדרוקט
אויף פּאַפּיר OFFSET, געבונדן אין לייוונט
און געחתמעט פונעם מחבר

PRINTED IN FRANCE

IMPRIMERIE ABÉCÉ, 11, RUE LOUIS-BLANC, PARIS X°

די אויסטייטשונגען פון נישט פּאָפּולערע
העברעאיזמען און אַנדערע אָנווייזונגען
געפינען זיך ביים סוף פונעם טעקסט

# קאפיטל I

אומעטיקע און אין זיך פארשלאָסענע האָבן געהאנגען די ווינטער־דיקע הימלען איבער אוקראַינער סטעפּעס. פּייטשטע שנייען און פוילע ווינטן, האָבן געביטן איינס דאָס אַנדערע, און אויסגעמעקט ביי דער וועלט יעדן אָנדענק, אַז ס'איז גאָר דאָ ערגעץ אַ זון, און הימלען פון תכלת. שטעט און שטעטלעך פון ייִדישן תחום, זענען נאָך דער ליקווידאַציע פונעם נעפּ איינגעקאָרטשעט געוואָרן, איינגעשרומפּן ווי די הויט אויפן פּנים פון אַן אכציקער ייִדענע. דער טומעל, דער געדודער, דער חן פון די שבת־פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן, די קדושה פון דעם ערב־שבת־פאַרנאַכטיקן „לויפן אַנצינדן ליכט", אַלץ איז פאַרשווונדן ווי אַ חלום, ווי אַ מעשהלע. די מינים שטעטלעך, ווו דער רוב מנין ורוב בנין פון די ייִדישע איינוווי־נער, האָבן זיך פאַרנומען מיט האנדל־וואַנדל — האָבן איצט אויסגעזען ווי אַן אָרעם הייזל, אויף צו מאָרגנס נאָך דער חופּה־וועטשערע.

איינטאָניק און אומעטיק זענען געקראָכן די ווינטערדיקע טעג. איי־ניקע משפּחות פון שטעטל זענען זיך צעפאָרן. אפרים־אהרונען האָבן נישט געהאָלפן זיינע דרייערליי פּרנסות. נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנ־שטרענגונגען און דערויף, וואָס אַלע אין שטוב האָבן געאַרבעט, האָט דאָך דאָס פאַרדינטע נישט געקלעקט אויף צו לעבן. ווי אַזוי מען האָט זיך נישט געבריה'ט, געטון וואָס מעגלעך און וואָס אוממעגלעך, אָבער די לאַגע האָט עס נישט פאַרריכט.

יאָקים דעם באָד־שגץ האָט מען צוגענומען אין דער אַרמיי און מנשה איז אַליין געוואָרן בעדער. אויף די פּלייצעס פלעגט ער אַליין אַראָפּטראָגן עטלעכע בינטלעך האָלץ אין באָד אריין און דריי מאָל אין וואָך אַליין הייצן די מקוה. יעדע ייִדענע, וואָס איז געגאַנגען צו טבילה, האָט ער ביי זיך פאַרצייכנט און צום צווייטן „זמן" דערמאָנט וועגן דעם איר מאַן...

באַלד נאָך חנוכה איז געשטאָרבן שלמהס פאָטערס מוטער, די באָבע זעלדע. דאָס איז געווען ווי אַן אָנזאָג צום צעפאַלן זיך פון דער גזע פּיאַ־טיגאָרסקי. דאָס במעלניקער לעבן איז אַזוי אויך געווען דורכגעפוילט אויף דורך און דורך; עס איז דעם אָנגעצייכנט געוואָרן זיך צו צעפאַלן — און ס'האָט זיך צעפאַלן.

צום אַלעם ערשטן איז אָנגעקומען אַ בריוו פון טערליצע. עס שרייבט שפרה דער מומע דאָברישעס:

„...און דאָס וואָס איר שרייבט, פעטער שלום, אַז אייערע ייִנגלעך אַרבעטן אַלס וועבערס, איז דאָס, דאַכט זיך, אַ גאַנץ פיינע אַרבעט. דאָ זענען דוקא דאָ בעלנים אויך אוועקצושטעלן אַזאַ אַרבעט, האָבן זיי אָבער נישט, ווער עס זאָל זיי אויסלערנען. האָבן זיי מיך געבעטן אייך אָנצו־שרייבן, אַז אויב איינער פון אייערע חברה־לייט קען זיך אונטערנעמען אוועקשטעלן אַ סטאַנאָק און אויך אויסלערנען אַרבעטן אויף אים, דאַן

מעג ער קומען. ער וועט זיין דער אינסטרוקטאָר און וועט גוט פאַרדי־נען...

באַלד אויפן צווייטן טאָג נאָכן באַקומען דעם בריוו איז יחיאל אָפּ־געפאָרן קיין זווענינאָראָדקע און פון דאָרט קיין טערליצע.

יחיאל האָט געמאַכט אַ גוטן אָנהייב. שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג איז אָן ענלעכער בריוו אָנגעקומען אויך פון אַנאַניעוו. אויך די זעלבע מעשה: אויב עמעצער קען אוועקשטעלן אַ סטאַנאָק און אויסלערנען אויף אים צו אַרבעטן, מעג ער קומען, ער וועט זיך דערפון מאַכן אַ לעבן. מיכאל האָט זיך געלאָזט פאָרן אַהין מאַכן אַ לעבן און צוזאַמען מיט אים איז מיטגעפאָרן אויך מנשה דער רב. פאַר לייטן האָט עס געהייסן, אַז ער פאָרט קיין אָדעס זיך זען מיטן פאָטער, אָבער בחדרי חדרים האָט מען געוווּסט, אַז אין אַנאַניעוו איז דאָ פאַר אים עפּעס אַ שאַנס אויף אַ שידוך.

כמעלניק האָט ביי שלמהן אין די אויגן פאַרלוירן דעם גאַנצן גלאַנץ. אַלץ אַרום איז געוואָרן פּוסט און ליידיק. דער זיידע שלום דאַוונט שוין היינט נישט ביז צוויי ביי טאָג ווי אין אַלע פריערדיקע יאָרן, נאָר ביז פיר און אָפּט מאָל נאָך שפּעטער. די מומע ברכה, וועלכע איז איינע אַליין פאַרבליבן מיטן זיידן, פלעגט אַ מאָל אַראָפּלויפן צו אים אין בית־מדרש אַריין און יאָמערלעך וויינען:

— וואָס האָסטו זיך גענומען אויף מיינע יונגע יאָרן? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ מענטש זאָל פאַסטן טאָג־טעגלעך ביז פינף פאַר נאַכט? נו, אדרבה, זאָג דו אַליין, קען איך דען אַלע מאָל איבערלאָזן אַ ברעקל קינד אַליין אין שטוב און לויפן צו דיר?... גיי שוין, גיי וואַש זיך. איך האָב געבראַכט אַהער עפּעס איבערצוקייען.

דער שיינער זקן, ר' שלום, מיט אַ פּנים פון אַ הייליקן, פלעגט אויפ־הייבן זיינע געדיכטע ברעמען:

— אַהער גאָר? כדאי זיך מטריח זיין צוליב אַזאַ נאַרישקייט? ווייז שוין, ווייז וואָס האָסטו דאָרט? ווייל הונגעריק בין איך עפּעס נישט זייער...

— וואָס הייסט, דו ביסט נישט הונגעריק? ווי קען דאָס געמאָלט זיין? גוואַלד וועל איך שרייען אין אַלע גאַסן! פאַר וואָס דערגייסטו מיר די יאָרן? וואָס האָב איך געקענט ברענגען, מישטיינס געזאָגט? אַ טע־פּעלע קרופּניק מיט אַ רעפטל ברויט.

— ניין, קיין ברויט וויל איך נישט. איך וועל זופּן דעם קרופּניק אומגעוואַשן.

ער טוט אויס די תפילין און אַזוי אין גאַרטל, מיט אַ פאַרקאַטשעטן אַרבל, גייט ער מיט וואַקלענדיקע טריט צום האַנטפאַס וואַשן די הענט. ער מאַכט „מזונות" אויפן ערשטן לעפל, וואַרעמט אָן די הענט ביים טעפּל, בלאָזט אויף יעדן זופּ באַזונדער, קוויקט זיך און האַלט זיך אין איין אָפּ־בריען.

אין בית־מדרש איז נישטאָ קיינער, יידן וועלן שוין באַלד קומען צו

מנחה. ברכה זיצט אַנטקעגן אים, נעמט נישט אַראָפּ קיין אויג פון זיינע בלויע ליפּן און ציטערנדיקע פינגער און ווישט אַ טרער נאָך אַ טרער: די מאַמע איז געשטאָרבן, די קינדער זיך צעפּאָרן. אפרים־אהרון איז גענוג פאַרוויסט מיט זיין אייגענער משפחה. דער טאַטע, אָט דער גאָלדענער מענטש, אָט דער הייליקער צדיק, איז פאַרבליבן אויף אירע הענט. מיט וואָס קען זי אים אין זינען האָבן, אַז חוץ דעם, וואָס זי האָט אַ קראַנק קינד, דאַרף זי נאָך מאַכן קוויטלן פון פּאַפּיר און פון חלב פאַר די פּויערשע מיידלעך? מישטיינס געזאָגט, אַז ווי איז צו דער פרנסה, וואָס מען האָט דערפון... נאָר אויב נאָך דאָס אויך נישט, איז דאָך גאָר־גאָרנישט. כאָטש לייג זיך אַוועק, שונאי ציון, אין גאַס און שטאַרב... נו, קען זי נאָך האַלטן אויפן קאָפּ, אַז דער טאַטע איז ניכטער ביז זייגער פינף, זעקס פאַר נאַכט? אָפט מאָל פאַרגעסט זי גאָר אין גאַנצן, צי זי האָט אַ טאַטן. אַז אים אַליין פעלט גאָרנישט. אבי ער האָט דעם תהילים מיטן חק, קען ער דריי מעת־לעת נאָך אַנאַנד אפילו אין שטוב אַריין נישט קומען... ווער שמועסט, פון זינט מיכאל מיט יחיאלן זענען שוין אויך נישטאָ, איז שוין ביי אים גאָר הפקר די וועלט...

זי שלינגט שטיל די טרערן, קוקט, ווי ער בלאָזט אויף יעדן לעפל און בריט זיך אָפּ יעדעס מאָל. טאָמער באַמערקט ער זי וויינען, אַזוי לייגט ער אַוועק דעם לעפעל און נעמט זי מוסרן:

— נו, זאָג אַליין, וואָס וויינסטו, וואָס, דו נאַרישע ציג, דו... עס פעלט מיר ממש אויס באָקאָם דאָס ביסל קרופּניק דיינס, ווען איך זע, אַז דו וויינסט... און וואָס, וואָס? ס'פרעגט זיך, וואָס? וואָס איז דאָס געוויין?... טאָמער איז דיר שווער מיך אין זינען האָבן? טאָ האָב נישט!... ווי ס'איז נישט איז, פון הונגער וועל איך נישט שטאַרבן... אלא וואָס דען וויינסטו? וואָס דערצערנסטו דעם אייבערשטן? די מאַמע איז געווען אַ יידענע איבער די זעכציק... וואָס ווילסטו? אַ מענטש מוז דאָך אַ מאָל שטאַרבן. מ י ך ווידער האָסטו נאָך צייט צו באַוויינען, איך לעב דאָך נאָך... דו זאָלסט נאָך זאָגן דאָס, וואָס די קינדער זענען זיך צעפלויגן איבער אַלע עקן וועלט... צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים... אָבער א י ך לעב דאָך נאָך!...

ברכה הייבט אָן צו וויינען אויף אַ קול און ער רעדט ווייטער:

— אלא וואָס דען, טאָמער וויינסטו אויף דיין אייגענעם גורל? איז אויך נאַריש... גאָט איז אַ דין אלמנות און אַן אבי יתומים... און ביי דיר איז ביידע זאַכן... איך בין דיר מבטיח, אַז ער וועט דיך נישט פאַרלאָזן... נאַ דיר גאָר וויינען... נעם, נעם צו, איך וויל שוין מער נישט. איך וועל איצטער ערשט קומען נאָך מעריב.

פון זיינע טרייסטווערטער גייט ברכה אַהיים און וויינט אויפן גאַנצן וועג. דער אַלטער שלום אַליין, נאָך ברכהס אַוועקגיין, פלעגט איר נאָכקוקן דורכן פענצטער און רייבן די אויגן...

גייט שלמה אַריין צו דער מומע זלאַטע אין שטוב אַריין, גיט אויף

אים אַ יאָג מיט עלנט, מיט פוסטקייט. עס בענקט נאָך מנשהן יעדעס ווינ־
קעלע, יעדער ספר אין שראַנק. דאָס בענקל זיינס שטייט אין אַ ווינקעלע
פּאַריתומט, קיינער זעצט זיך דערויף נישט. דאָס בערשטעלע, מיט וועלכן
ער האָט געהאַט אַ טבע זיך צו גלעטן די באָרד הונדערט מאָל אַ טאָג,
— קיינער נוצט זיך דערמיט נישט. די מומע אַליין זיצט מיט אַ פּאָר־
שמאַכטן שמייכל און רעדט:

— מנשה איז געפאָרן צום אפיקורס... ער מיינט, אַז ער איז נאָך
מחויב בכבוד־אב... אַז בסך־הכל איז אָדעם דער פּופּיק פונעם גיהנם און
ליבּ איז דער אשמדאי אַליין... און רייזל, די אַנאַניעווער קרובה, מיינט
טאַקע, אַז מנשה וועט זי נעמען... אַ פייג! דריי הונדערט פינף און זעכ־
ציק פייגן, וויפל טעג אין יאָר... זעקס הונדערט דרייצן פייגן, וויפל קערנד־
לעך אין אַ מילגרוים... אַז אויף יענעם וואָרט גאָר די מלכה שבא... אַ
קייזערין איז אַ ביסל בילכער... איי, שלמה המלך וועט זיין ברוגז... מילא,
הער איך אים פאַר אַ פּיאַטאַק... אויב ער האָט גענומען נעמען אַ מצרית,
מעג מנשה צונעמען זיין כלה... און מיין שלום, אַז ער וועט אַלט ווערן
הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועט ער ביי אים צונעמען די צווייטע כלה
זיינע, אבישג השונמית... נישקשה... עס קומט אים, שלומען... אַזוי פיל
יאָרן אָפּגעלעבט מיט אַ מיאוסער, זאָל ער אויך אַ ביסל הנאה האָבן אויף
דער עלטער... זאָל ער אויך וויסן, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט אַ שיינע...
און ר׳ מיכעלע זלאַטשעווער, נישקשה, האָט זיך געמעגט פאַרגינען אַ
מופת ווייזן דעם דור זיינעם... אַ קאַרגשאַפט פון אַ יידן, קיין מינדסטן
רמז אויף קיין מופת. און אַזאַ צדיק, אַזאַ קדוש... אַן עקשנות פון אַ יידן,
נו, נו... און וואָס גאָלדע מיינט, אַז שלמה וואָלט געדאַרפט נעמען דינהן,
איז אַ חוכא וטלולא... אַז ער איז גאָר בסך־הכל אַ פּיאַטערער, פּיאַטער
האָט גאָר קיין באַן נישט. פאָרט מען אַהין מיט דער אַקס. און ס׳איז
ווייט — ערגעץ הינטער די הרי חושך... און מיין דינה איז בסך־הכל
געבוירן כ״ז אלול... אַקוראַט דריי טעג פאַר טו־טו־טו... און סתם, ווי
פּאַסן גאָר די נעמען? שלמה—דינה, גראַם שטראַם!... צי מנשה—רייזל,
טפו... טפו... טפו... נו, נו...

# קאפיטל II

אז מנשה איז געווען אין שטוב, האט דארט די שכינה גערוט. מען האט גאר קיין צייט נישט געהאט אויסצוהערן דער מומע זלאטעס פזמונות. אבער איצט שניידן זיי די אויערן מיט זייער ווילדקייט, מאכן קאליע דאס בלוט און שלמה לויפט ארויס פון זייער שטוב אן אן אטעם. ער לאזט זיך אראפ פונעם בארג אין דער בית־מדרש־גאס און די פיס פירן אים שוין אליין צו יאנים האלבער שטוב. יאנים דירה שטייט שטאלץ, ווי א מצבה אויף א טייערן קבר, אבער דער גאנעק — ברודיק, מיט קויטיקן שניי באדעקט. די פענצטער פון אינעווייניק — מיט צייטונגען פארהאנגען, געלע אויסגעברענטע צייטונגען. די שויבן, אום ווינטער, נישט פארפרוירן פון פוסטקייט.

שלמה קוקט זיך ארום, גייט צו און כאפט א קוק דורך א שפארונע: א חורבן אין צימער. זיכער, געאיילט זיך... אין ווינקל שטייט א צעפראלטע פארשטויבטע שאפע. איין טירל הענגט נאר אויף דער אונטערשטער זאוויעסע, ווי אן אקראבאט, בעת ער שטעלט זיך מיטן קאפ אראפ. אין מיטן שטוב א צעבויגענע מולטער. א בעט אן א מאטראץ. יענץ בעט... אויף א בענקל הענגט א קארסעט מיט ווייסע לאנגע שנורן. א פנים, געקליבן זיך אים מיטנעמען און פארגעסן. צוזאמען מיט א געדיכטן שפינוועבס־געפלאנטער הענגט אראפ פון שאפע אן אפגעשלאגענע הושענה. אויפן ליידיקן הענגער הענגט א צעריסן זיפל, פון וועלכן עס קוקן ארויס פארשידענע פארמעלעך פון ווייסן בלעך, אויף צו מאכן מאן־בייגעלעך. אן איינציקער קאלאש שטייט מיט דער נאז צום ארויסגאנג, ביי דער סאמע טיר. אפשר איז ער אראפגעפאלן פון דעם פוס אין דער לעצטער מינוט? אין עקסטן ווינקל, ווו די עטאזשערקע פלעגט שטיין, שטייט א פערד פון אווראמס שאך. איי־איי־איי, א שלימזל!... נישט געקענט ארומבינדן דאס קעסטל...

דאס פערד שטייט און באטראכט מיט זיינע פערדישע אויגן דעם חורבן, וואס מען האט דא געמאכט, און זיין פערדישער קאפ באנעמט נישט, וואס טוט זיך דא? נאך וואס האט מען זיך גאר געדארפט צעלויפן? ס'איז דען נישט בעסער געווען ווי פריער?... אזא פריילעכקייט, ווי דא אין דער שטוב איז שטענדיק געווען!... און איצט איז אים, טאקע דעם פערד מיינט מען, אזוי אומעטיק, עס הערשט דא אזא איינזאמקייט, אזא חשכות, אזא האפנונגסלאזע פוסטקייט... ס'איז נאך א נס, וואס דאס יינגל מיט די שווארצע אויגן קומט אפט צו גיין הינטערן פענצטער, קוקט אריין. אן עק! זעט ער כאטש א מענטשלעך פנים פאר זיך. שטארק נישט יושרדיק איז מען זיך באגאנגען מיט אים. נישט געטארט געווען איבערלאזן. אזוי פיל יארן געטריי געדינט, געשניטן שטיקער פון דער

פיעכאָטע און פון דער קאוואלעריע, איי־איי־איי, נישט לייטיש פון זייער זייט. געדאַרפט געוועזן זיך אומקערן נאָך אים...

שלמה גייט אוועק פון פענצטער מיט אַ צעבראָכן הארץ. וווהין נאָך גייט מען? אז וווהין מען גיט זיך אַ קער, איז בלויז קברים... סימנים פון אַמאָליקן לעבן און מער גאָרנישט. אין אַנדערע צייטן, למשל, וואָלט דען דער אַלטער שייע דערלאָזט אין זיין דירה אַזאַ איבערקערעניש? ער וואָלט דען נישט געמאַכט, אז עס זאָל אַלץ פינקלען? נאָר וועמען פעלן היינט דירות? ווער וועט היינט גיין דינגען דירות? אַז אַלע צעלויפן זיך ווי די מייז...

שלמה עפנט שטיל די טיר פונעם בית־מדרש און עס טראָגט זיך אים אַנטקעגן דאָס זאַפטיקע קול פון זיין זיידן:

— צמאה נפשי לאלהים, לאל חי, מתי אבוא ואראה פני אלהים...

שלמה מאַכט שטיל צו די טיר.

— צום וויפלטן מאָל זאָגט היינט דער זיידע תהילים?...

ער איז שטאַרק מקנא דעם זיידן זיינעם. אַך, ווען ער קען זיך פאַר־געסן ביים תהילים ווי זיין זיידע! פאַרגעסן אַלץ אויף דער וועלט; אַז עס איז גאָר דאָ ערגעץ אַ לאַנד, וואָס רופט זיך מיט אַזאַ נאָמען ווי: ציון. צי־יון... צוויי ווייטיקלעכע קלאַנגען! אַך, איז דען דאָ פאַראַן אַזאַ כח, וואָס קען מיר ווייזן דאָס לאַנד , וואָס רופט זיך ציון? כאָטש נאָר דעם הר־הזיתים? כאָטש נאָר דעם הר־הלבנון? כאָטש נאָר איין קליין שטיינדעלע פונעם ירדן־ברעג?... אַך ציון, ציון... ווי אַזוי פאַרגעסט מען דיך? ווי אַזוי רייסט מען דיך אַרויס פונעם הארצן, אפילו צוזאַמען מיט דעם האַרץ אַליין?... כאָטש ווידער צוריק, וואָס זשע וועט דאָמאָלסט זיין מיט פאַלין?

עס שווימט אים אַרויס פאַר די אויגן פאַלים געזיכט... וואָס פאַר אַ שיינענדיק פנים! וואָס פאַר אַ מילדער שמייכל! ווו איז זי אַצינד? וואָס טוט זי איצט? דערמאָנט זי זיך נאָך אַ מאָל אין אים? זיכער נישט! יענע ווייסט אפילו נישט וועגן זיין פלאַמענדיקער ליבע צו איר. ס'האָט נאָך קיין בן־אדם נישט געהערט פון אים קיין מינדסטן רמז וועגן זיינע געפילן צו איר און צו וואָס זאָל ער דאָס טון? עס קען אים עפּעס העלפן? אַלץ איינס וועט זיך גאָרנישט ענדערן. זיין בראָך איז אומגע־הייער גרויס. אויף זיינע שוואַכע פלייצעס הענגט אַ שרעקלעך שווע־רע משא.

פלוצלינג פאַרווילט זיך אים פאַרקערעווען צוריק אין בית־מדרש אַריין, פאַלן דעם זיידן צו די פיס, באַהאַלטן דעם קאָפּ צווישן זיינע קני און אויסגיסן אַלץ פונעם האַרצן. גאָרנישט פאַרבאָרגן... גאָרנישט פאַר־טאַיען... ווי פאַר גאָט אַליין... ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווייל, גיט זיך אַ ישוב און גייט ווייטער. ער קען זיך נישט באַשליסן עפּענען פאַר עמעצן דאָס האַרץ. די וועלט גייט צו גרונט, די מענטשהייט גייט אונטער, ווערט חרוב, וואָס אַ טאָג אַלץ מער, און אים קריכן אין קאָפּ אַריין פאַ־

ליס שיינע אייגעלעך. אַ שיין נעזעלע. אַ געטאָקט פּיסקעלע. ניין, דאָס איז אַ בושה, דאָס איז אַ פאַרברעכן. איצט אין אַזאַ צייט, וואָס לייגנדיק זיך ווייסט מען נישט, מיט וואָס מען וועט אויפשטיין, וואָס פאַר אַ נייע גזירה עס קען אויסברעכן ביז אין דער פרי, אַצינד גאָר זיך אַרומטראָגן מיט ליבעס... און נאָך צו וועמען? ניין, ניין, דאָס איז אַ סוד... זיין אומגליקלע־כער סוד. זיין פאַרבאָרגענע ווונד. קיינער טאָר דערפון נישט געוווּיר ווערן. דערווייל — אודאי נישט.

גייענדיק אַהיים כאַפּט ער זיך אַריין צום זיידן אין שטוב אַריין. אין דער גרויסער שטוב מיט די פיר צימערן איז שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. צוויי צימערן גייט ער דורך — אַנו, עס זאָל עמעצער כאָטש אַ פּרעג טון: ווער איז דאָרט?... אַן עק! הפקר פּעטרישקע... גיי יאָ, גיי נישט, ס׳איז גאָר קיינעם קיין נפקא־מינה נישט. אין לעצטן אַלקער, ווייל דאָרט איז וואַרעמער, זיצט די מומע ברכה איינגעבויגן אין דרייען און האַלט אין איין קרייזלען דאָס קוויטן־פּאַפּיר. פּריער קיילעכדיקט זי דאָס אויס מיט אַ מעסער און ווען עס פלעשלט זיך שוין, פּוצט זי דאָס אַרום מיט אַ שערל, באַקאַפּעט עס מיט פּאַראַפין פון געצאַצקעטע פאָרמעלעך און הענגט דאָס טריקענען אויף דער פּליטע. ערשט דערנאָך, אַז די גאַנצע „פּראָדוקציע״ טריקנט אויס, דאַרף מען האָבן אַ גאונישן באָטאַניק, כדי ער זאָל טרעפן, אויף וואָס פאַר אַ געוויקס די קוויטן זענען ענלעך... אָבער פון דעסט וועגן קויפט מען דאָס און מען טראָגט דאָס אויף די קעפּ. און שיקסעס כלה־מיידלעך געפעלן מיט די חלבנע קוויטן זיבן מאָל מער ווי אַן זיי. פון זינט די חברה איז זיך צעפאָרן, האָט זי נאָר פון די קוויטן געצויגן די חיונה פאַר זיי דריי. זי האָט פון קאַיאָר ביז אין דער זינקענ־דיקער נאַכט געבויגן דאָס פּאַפּיר און דאָס קינד איז געשלאָפן.

דערזען שלמהן האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט.

— אָך, אַן אָנגעלייגטער גאַסט! אָט דאָס הייסט אַן אָנגעלייגטער גאַסט! דו שטעלסט זיך גאָרנישט פאַר, וואָס פאַר אַ מצוה דו האָסט אין מיר!... אַזאַ לאַנגער טאָג — אַ יאָר! אַנו, עס זאָל עמעצער אַריינקומען אויף אַ „שהחיינו״... דער טאַטע זאָל לעבן — ווייסטו דאָך זיין אָרט... און איך — דאָ אַליין... מען קען משוגע ווערן, אויף מיין וואָרט, איך וועל זיכער פאַרגעסן, ווי אַזוי מען רעדט מיט אַ מענטשן. עס קען גאָר אַנדערש נישט זיין...

שלמה קוקט אויף זיין מומע ברכהן: זיין מומע איז דאָך נאָך גאָר אַ יונגע, ערשט זיבן און דרייסיק יאָר אַלט, און זי איז שוין אַזוי פאַר־שוואַרצט און פאַרוויסט, אַז צייטנווייז איז זי שטאַרק ענלעך צו דער באָבע זעלדע...

— מומע... ס׳איז נישט נאָר אייך, יעדן איז דאָ אַזוי נמאס...

— דו זאָגסט גאָר נמאס, אוממעגלעך איבערצוטראָגן... אַז איך גיי נישט אַראָפּ פון זינען, בין איך פון אייזן!...

— די פּוסטקייט נעמט צו ביי יעדן איינציקן דעם חשק צו יעדער זאַך.

מען דאַרף אַוועקפאָרן... וואָס גיכער אַנטלויפן אין דער גרויסער וועלט אַריין...

— דו גיסט זיך אַ זאָג אָפּ: אַוועקפאָרן... וווהין קען איך פאָרן מיט אַ פּיצל קינד און דערצו נאַקעט, ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט? עפּעס אַזוי, מיינסטו, הייבט מען זיך אויף און מען פאָרט? ווועמענס בין איך און ווער איז מיינער? און דער טאַטע זאָל לעבן... אים איז גאָר גוט... אים פעלט גאָר קיין זאַך נישט...

— דעם זיידן פעלט אודאי גאָרנישט, אָבער ווי קומען מיר צו זיין מדרגה, מומע? מיר מוזן זוכן אַזאַ אָרט, וווּ עס שמעקט נישט אַזוי מיט יאוש, מיט גסיסה ווי דאָ אין דעם וויסטן כמעלניק... אפשר וועט די חברה זיך דאָרט גוט איינאָרדענען און אייך אַרויסרופן צו זיך.

— איי, איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ מיט דער חברה! נאַ דיר אַ גראָשן פאַר זייערע גליקן. מען זאָגט אַ ווערטל: דאָרט איז גוט, וווּ מיר זענען נישטאָ — אַזוי איז דאָס... דו גייסט שוין? קום אַ מאָל אַריין... דו האָסט אין מיר ממש אַ מצוה...

אין דרויסן באַטראַכט שלמה די לאַנגע שטוב, די אָפּגעקאַלופּעטע ווענט. אין אַ פענצטער — אַ קישעלע אָנשטאָט אַ שויב. פונעם קוי־מען אויפן דאַך שיטן זיך די ציגל. קיינער פאַרריכט נישט, נישטאָ ווער... ער קוקט און פרעגט זיך אַליין:

— אָט אין דער זעלבער שטוב אַריין פלעג איך אַ מאָל פאָרן אויף שבתים צו גאַסט?

ער ענטפערט זיך אַליין מיט אַ טיפן טרויער:

— ניין, דאָס איז נישט די זעלבע שטוב... דער רוח הקודש האָט זיך פון איר אָפּגעטון. די באָבע האָט מיט זיך אין קבר אַריין מיט־גענומען די שטוב אויך, די מענטשן אויך און דאָס שטעטל אויך...

נאָך ווייט פאַר זייער שטוב גרילצט אים שוין אין די אויערן דינהם: טשיק־טשיק־טשאַק... טשיק־טשיק־טשאַק... דער סטאַנאָק קרעכצט נעבעך ביי יעדן פאַך מיט דער האַנט. כאָטש ס'איז אַ שטומע צונג, דאָך פילט ער גוט, וואָס פאַר אַ מייסטער עס זיצט אויף אים. אים איז אוממעגלעך אָפּצונאַרן. דער טאַטע אַליין איז עפּעס אויך נישט מיט אַלעמען. עס ליגן זיך נישט די הענט צו גאָרנישט, אַ טויטער גליוווער ליגט אויף אַלץ און אויף אַלעמען...

# קאפיטל III

דאָס איז געווען אין אָנהייב שבט. דאָס וועטער איז געווען זייער נישט געשטעלט. אין איין טאָג האָט געקענט זיין אי אַ שניי, אי אַ רעגן, אי אַ ליבלעכע זון, אי אַ זאַווערוכע, אי, פאַר נאַכט צו, פראָסטיק. אָבער בכלל האָט דער שבט געהייסן אַ גרינגער. מען איז אויסגעקומען מיט הייצונג נישקשהדיק. האָט זיך איין מאָל געטראָפן, אַז אפרים־אהרון האָט אָוועקגעשיקט קיין וועגעראָד ביינוול אויף צו מאַכן צוויי קאַנוועס. קיין געלעגנהייטן אויף מיטצוגעבן פלעגן זיך שוין נישט מאַכן אַזוי אָפט ווי צוריק מיט יאָרן און מען האָט די קאַנוועס נישט צוריקגעשיקט. אויף דינגען צוליב דעם אַ פור האָבן נישט געטראָגן די געשעפטן און די נייע קאַנוועס האָט מען פון טאָג צו טאָג געקענט דאַרפן האָבן. דאַן האָט מען באַשלאָסן, אַז שלמה זאָל צופאָרן אַהין און זיי אָפּנעמען.

מאָנטיק אין דער פרי פלעגט עלעק דער בעל־עגלה פאָרן אַהין אויפן יאַריד און פאַר נאַכט — צוריק. נאָך דעם ווי מען האָט צוגענומען אַלע פּאַטענטן ביי די קרעמערס, האָט די פינ־אינספּעקציע אויף דאָס ניי אַרויס־געגעבן קליינע „בלעטלעך" אויף צעלניק, סעמעטשקעס, אייזנוואַרג, געבעקסן אָדער פליישוואַרג. האָבן זיך געפונען עלטערע יידענעס, וואָס „האָבן שוין נישט וואָס אָנצוווערן", מען האָט גענומען די קליינע בלעטלעך און מען איז געפאָרן אויף יאַרידים.

אין דעם זונטיק אויף דער נאַכט, ערב דעם וועגעראָדער יאַריד, איז אפילו געווען די לבנה. נישט מער, עס האָט געשנייט אַ ביסעלע. נישט קיין גראָבער שניי, נישט קיין נאַסער, נאָר אַזוי אַ דין שנייעלע, אַ טרוקנס, אַ שאַרפס און אַ ווינטיקס. די לבנה אַליין, דורך אירע נאַכט־שלייערן, האָט עדות געזאָגט אַז: ס'איז גאָרנישט, ס'מאַכט נישט אויס. ס'איז פשוט אַזוי, פון היימלעכקייט וועגן, אויף יוצא צו זיין מצות שבט...

שלמה איז געלעגן טיף איינגעניורעט אין דעם איבערבעט, ווען עלעק האָט אים אָנגעקלאַפּט אין פענצטער:

— שלמה, לעבעדיקער! אַלע פאַרשווינען זיצן שוין אויפן שליטן!

פון גרויס איילעניש האָט ער אפילו פאַרגעסן מיטצונעמען עפּעס אויף צו עסן. און צוליב וואָס מיטנעמען? מיטן שליטוועגס פאַרפאַרט מען קיין וועגעראָד אין צוויי שעה, וועט ער דאַרט קריגן וואָס צו עסן. ביי ירחמיאל דעם רב וועט ער אָפּדאַווענען און דאָרטן טאַקע וועט ער אָפּעסן. אויך אַ געשעפט... צוויי שעה.

עס איז נאָך געווען אַ גוטע שעה צו טאָג. דאָס שטעטל איז געשמאַק געשלאָפן. קיין לבנה איז שוין נישט געווען, אָבער די גרייפּעלעך האָבן נאָך געשיט ווי תחילת נאַכט, נאָך עטוואָס געדיכטער און האַסטיקער. אויפן שליטן זענען געזעסן אַכט פאַרשווינען, בלויז עלטערע ווייבער, און שלמה מיט עלעקן — איז צען. מען איז אַרויסגעפאָרן פון שטעטל. די

פערד, אויסגערוטע, האָבן זיך אונטערגעטאַנצט גאַנץ אויפגעלייגט, גע־שמיסן מיט די ווידלען דעם בעל־עגלה איבערן פנים און אומאויפהערלעך געגאָסן. ביי די פּאַרשוינען איז עפּעס געוואָרן פריילעכער אויפן האַרצן; קוקנדיק אויף די רירעוודיקע צוויי חיות, וואָס וועלן געבן אַ „פּאַר־אָפּ" אין איין „כהרף עין". ביז זיי וועלן קומען אויפן יאַריד, וועט דאָס שנייעלע אויפהערן און זיכער וועט נאָך זיין אויך די זון. די נאַכט איז דאָך געווען די לבנה און דאָס אַליין איז דאָך אַ סימן.

מען האָט געמיטן דאָס דאָרף און מען האָט זיך אַרויסגעשליטלט אויפן פרייען פעלד. באַלד פונעם געלעגער האָט זיך שלמהן געדאַכט, אַז אויף דער גאַס איז וואַרעם. וויפל די מוטער האָט זיך ביי אים נישט גע־בעטן:

— האָב רחמנות, טו אָן דעם טאַטנס פעלץ. וואָס אַרט דיך? דיין פּאַלטאָ איז אַ כלי נאָר אויף איבערצולויפן אין בית־מדרש אַריין. פאָלג מיך...

— מאַמע, וואָס גלוסט זיך דיר? איך זאָל דאָרט אַרומגיין ווי אַ בער און האָבן אַ פּנים ווי חוזק? איך בין דאָך ערשט געווען אין דרויסן, ס'איז ממש ניסן נישט שבט. האָב קיין יסורים נישט, איך וועל נישט פאַרפרוירן ווערן. פאַרגעם בעסער נישט אין דער פרי דערמאָנען דינהן, אַז זי זאָל איבערגעבן ברוך דעם בעל־עגלה מיינע ביכלעך צו בייטן.

איצט, זיצנדיק אויפן שליטן, האָט שלמה אָנגעהויבן טראַכטן, צי איז די מאַמע דאָס מאָל נישט געווען גערעכט. די שטאָטישע וואַרעמקייט האָט זיך גיך אויסגעוועפּט און אויפן פעלד איז געווען גאַרנישט אַזוי זומערדיק. ער האָט שוין געפּרוווט זיך פאַרוויקלען אין זאַק, וואָס ער האָט געפירט אויף צו נעמען אין אים די קאַנוועס, נאָר דאָס איז געווען אַ קנאַפּע הילף. און נישט אַזוי די קעלט, ווי דער ווינט... דער ווינט און די שנייעלעך. אין שטאָט זענען זיי געפאַלן גלייך, אָן אַ רעש, און אין פעלד האָבן זיי גאָר געשמיסן פון אַ זייט און מיט אַזאַ געברום, אַז ס'איז גאָר געווען געפערלעך. אַלע יאַרידניטשקעס האָבן באַהאַלטן די פּנימער אין די פוטערנע קאָלנערס. שלמהס פּאַלטאָ איז באמת געווען נאָר „איבער־צולויפן אין בית־מדרש אַריין", ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין קאָלנער.

אין פעלד איז דער שניי שוין נישט געלעגן אין אַזאַ אָרדענונג ווי אין שטאָט, נאָר בערגלעכווייז... אַ באַרג און אַ טאָל, נאָך אַ גרעסערער באַרג און נאָך אַ גרעסערער טאָל. פּלוצים האָט זיך אַ פערד אויסגעגליטשט און איז געבליבן הענגען אויף די שלייעס. עלעק איז אַראָפּ פון שליטן און איז איינגעזונקען געוואָרן אין שניי ביזן האַלדז. דער ווינט האָט מיט אַ צעיושעטער אכזריות זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די פּאַרשוינען:

— אַ־האַ! איר שטייט שוין! איצט וועט איר שוין ביי מיר שטיין און שטיין...

דאָס פערד איז אויפגעשטעלט געוואָרן און מען באַוועגט זיך ווייטער, דער שניי־פאַרהאַנג איז געוואָרן מילכיקער. אַ פּנים — שוין גרויסער

טאָג. שלמה נעמט זיך אָן מיט האַרץ און פאַרהייבט דעם זאַק פון פּנים. פּאָר זיינע אויגן אַנטפּלעקט זיך גאָרנישט קיין פריילעך בילד: דער האָרי־זאָנט איז ערגעץ פאַרשווונדן... אַרום דעם שליטן דרייט זיך דאָס געוויטער אין אַ שדים־טאַנץ. דער שניי זידט ווי אין אַ קעסל און פלעכט אויס אַלערליי פיגורן. עס דאַכט זיך, אַז דער ווינט שלעפּט דעם שליטן, נישט די פערד. יענע שלעפּן מיט שוועריקייטן אַרויס אַ פוס און שטעקן אים צוריק אַריין ביזן האַלדז. דער שליטן מיט די פאַרשוינען איז אין דער מינוט געגליכן צו אַ שיף, וואָס האָט פאַרלוירן דעם רודער און דער שטורעם טוט מיט איר, וואָס ער וויל. אָט שלעפּט עס דעם שליטן אַרויף־אַרויף, און מיט אַ מאָל — באַץ! מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ טאָל,ביידע פערד ליגן, סאָפּען מיטן לעצטן אָטעם. די בייכער הייבן זיך ווי די בלאָז־זעק, די אויגן — אָנגעגאָסן מיט בלוט, פון די מיילער זעצט שוים, די נאָזלעכער ציטערן, די ציין — אויסגעשטשירעט. ווידער שפּרינגט עלעק אַריין אין שניי, די אויסגעמוטשעטע בעלי־חיים ווערן אויפגעשטעלט און די אומגליקלעכע שיף רירט... דער שטורעם וואַקסט פון מינוט צו מינוט. מען זעט שוין נישט אַרויס נישט קיין בערגלעך, נישט קיין טאָלן. אַ שרעק־לעכער בעזעם, דער גיהנום אַליין, פאַרווישט אַלע שפּורן, יאָגט אָן אויפן עלנטן שליטן זיינע ווייסע חיילות, וויל אויסגלייכן דעם שליטן מיט דער ערד, אָפּווישן, אויסמעקן.

אויפן שליטן איז שטיל, גלייך ווי אַלע פאַרשוינען וואָלטן אויסגע־שטאָרבן. ס׳איז נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן, אַזוי ווי ביי דער מטה פון אַ גוסס... אַלץ איז פאַרשטענדלעך, אַזוי איז דאָס און אַנדערש קען דאָס נישט זיין. זיך ווענדן צו עלעקן מיט אַ פראַגע האָט מען מורא. מען קען פון אים כאַפּן אַ פּסק. און וואָס ווייסט ער מער פון עמעצן אַנדערש, אים איז נאָך ערגער ווי זיי, זיין גאַנץ „דאַברע מזל״, די פערד, קומען אום. פון די אויפגעשטעלטע קאָלנערס דערטראָגט זיך אַ כראָמטשען. דער עולם בייסט איבער. ערשט אין אַזאַ אומקומעניש עסט זיך געשמאַק. שלמה דערמאָנט זיך אין דער האַלבער בולקע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויפן טיש, אין דעם נעכטיקן עסיגפלייש און עפּעס אַ ווייט געפיל הייבט אים אָן צו נאָגן אונטערן לעפעלע. לויט דעם חלשן פונעם האַרץ פילט ער, אַז עס קער שוין אודאי זיין זייגער צען, עלף. קיין זייגער אויפן שליטן האָט קיינער נישט. און די זאַווערוכע קלערט גאָרנישט נאָכלאָזן. נישט קיין שנייעלעך, נאָר גאַנצע הויפנס שניי טראָגן זיך אין דער לופטן... אָט גיט אַזאַ הויפן שניי אַ זעץ דעם פערד אין קאָפּ און דער גאַנצער גוף פון דעם פערד גיט זיך אַ וואָרף ווי אין אַ קאָנוואולסיע.

אויפן שליטן אַליין, צווישן די פאַרשוינען, האָט זיך שוין אָנגע־קליבן אַ היפּשער שיכט שניי. קיינער רוימט אים נישט אויף... צו וואָס? ס׳וועט אָנשיטן אַ צווייטער. אַלע שווייגן שווער. מען דערמאָנט זיך די היימישע איבערבעטן, אַ וואַרעם גלעזל קאַווע מיט אָן אייער־קיכל... די צייט גייט אומבאַמערקט און די לאַנדשאַפט בלייבט די זעלבע: די

אויסגעמוטשעטע פערד, דער האַלב פאַרשאָטענער שליטן און די קאַביקע מאַסע אַרום אים... ס'איז שוין אַ צייט, אַז עס ווערט נישט ליכטיקער, נישט טונקעלער. אַ שטייגער, וויפל איז דער זייגער? אפשר ערשט ניין? אפשר שוין צוועלף? און טאָמער שוין צוויי אָדער גאָר פיר? עס קען דאָך באַלד נאַכט ווערן! שלמהן גיט אַ שטאָך אין האַרצן: — דאַווענען... גאָט מיינער! קרקפתא דלא מנח תפילין... וואָס טוט מען?

ער שטעלט זיך איין דאָס לעבן און פרעגט עלעקן:

— עלעק, וויפל קען שוין זיין, זינט מיר זענען אַרויסגעפאָרן?

— ווייסט עס דער רוח, וויפל. גליקלעכע קוקן נישט אויפן זייגער.

— עלעק, אָבער פאָרט, וויפל, קלערט איר?

— עפּעס ווייניקער פון אַ יאָר צייט...

ביי שלמהן דערפילן זיך טרערן אין קול:

— עלעק, איר חכמעט זיך, ס'איז מיר שלעכט... ס'איז מיר אַזוי נישט גוט...

— נעם אַ ביסל שניי אין מויל אַריין, וועט דיר איבערגיין...

שלמה ווערט אַנטשוויגן. דאָס געוויטער זינגט: וו־וו־יו־ו! שלמהן שטעכן שוין נישט די שנייאָדלען: — תפילין!... אים דראָט אַ געפאַר צו פאַרפעלן תפילין־לייגן. אָך! ווען ער האָט דאָ די תפילין! ער וואָלט אויסגעקושט יעדעס פּיצעלע רצועה, אָבער וואָס קומט אַרויס? איצט, וואָס טוט מען? נישט אומזיסט פאָרן נישט אַרויס פון דער היים נישט זיין פאָטער, נישט זיין זיידע, נישט מנשה אָן קיין תפילין. גוואַלד, גוואַלד, רבש"ע! וואַרף מיר אַראָפּ תפילין...

עס איז פאַריבער נאָך אַ שטיקל צייט, שלמה קען נישט איינזיצן:

— עלעק, אייך דאַכט זיך נישט, אַז מיר בלאָנדזשען?

פון אַן אַרבל דערטראָגט זיך אַ קול פון אַ יידענע:

— יאָ, יאָ, איך זאָג אויך, אַז מיר זענען שוין דורכגעפאָרן ווענעראָד.

שלמה טאָרקעט דעם בעל־עגלה:

— וואָס זשע זאָגט איר, עלעק, אייך דאַכט זיך נישט?

— לאָז מיך צו רו, מיר דאַכט זיך גאָרנישט... וואָס עפּעס פאַלט דיר איין, אַז מיר בלאָנדזשען גאָר?

— וואָס דען? ווי קען זיין אַנדערש? טשעזשיווקע איז דאָך אין גאַנצן אייניקע קילאָמעטער פון כמעלניק, און מיר פאָרן און פאָרן און מען זעט גאָר קיין ברעג נישט... נישט אַנדערש, די פערד זענען אַראָפּ פונעם וועג...

— פערד האָבן אַ חוש־הריח אין די זאַכן. און ווידער, אפשר האָבן מיר פאַרבלאָנדזשעט, כ'וועל דיר נישט שווערן, אַז ניין...

— עלעק, גיט נאָר אַ קוק, ווי הויך עס האָט אָנגעשאָטן... קוקט נאָר, קוקט, גאַנצע בערג...

— ניין, ס'איז אוממעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין שניי... יענץ מוז זיין אַ ישוב.

— וואָס רעדט איר ? מען זעט דאָך גאָרנישט, בלויז שניי און שניי...

— וואָס זשע וואָלסטו געוואָלט זען: ווי קלעזמער שפּילן ? קיין כלי־זמר שפּילן נישט אין אַזאַ אומקומעניש... יאָ, דאָס מוז זיין אַ ישוב. אַ פאַרשאָטענער ישוב... מיר דאַכט זיך, אַז איך זע אפילו אַ שפּיץ פון אַ קלויסטער...

— עלעק, וואָס קען דאָס זיין פאַר אַ ישוב, קלערט איר ?

— פון וואַנען ווייס איך, וואָס צו קלערן ? איך בין עפּעס אַ נביא ?

— ווער זאָגט, אַז איר זענט אַ נביא ? אָבער אַזוי, מער־ווייניקער ?

— ווער ווייסט, אפשר איז דאָס פּאַריז און אפשר לאָנדאָן ?

— איך גיי אָפּ מיט בלוט און ער חכמעט זיך... זאָגט מיר, עס קען יאָ געמאָלט זיין, אַז דאָס זאָל שוין זיין ווענעראָד ?

— אַז דו ביסט אַ משוגענער, וואָס זשע האָב איך מיט דיר צו רעדן ? פון וואַנען וועט זיך אַהער נעמען ווענעראָד ? מיר דאַרפן דאָך דורכפאָרן פיר דערפער. ווו זענען זיי ? איינגעזונקען געוואָרן ?

— אפשר אין דער זאַווערוכע זענען מיר אומבאַמערקט דורכגעפאָרן ?

— אומבאַמערקט קען מען נאָר שטעלן אַ פייג... דערפער איז מען דורכגעפאָרן !... אפשר איז דאָס גאָר צוריק כמעלניק ? דו מיינסט, אַז עס קען נישט זיין ?

— הלואי, גאָטעניו !... כ׳וואָלט גאָר בעסער נישט געוואָלט...

— וואָס בריט דיך אַזוי ? פאַר וואָס זיצן אַלע שטיל און דו מאַכסט נישט צו דאָס מויל ?

— עלעק, אַ שווער האַרץ רעדט אַ סך... ס׳איז מיר שטאַרק נישט גוט...

— וואָס ביסטו, אַ יידענע צי וואָס ? דו קענסט אויפן שניי נישט פאָרן ?

— שטענדיק קען איך און איצט — קען איך נישט... ס׳איז מיר ערגער ווי אַלעמען... גוואַלד, עלעק... ס׳ווערט טונקעלער, איאָ, ס׳איז נאַכט ?

— אפשר איז טאָג און אפשר איז נאַכט, כ׳ווייס ? מיר׳ן לעבן, וועלן מיר זען... ווי געפעלט דיר דאָס אָנשיקעניש ? ס׳ווערט גאָר ערשט ערגער פון מינוט צו מינוט... נו, נו, אַ קאָנצערט... מען זעט נישט די וועלט... זינט בְ׳לעב... אַזאַ איבערקערעניש... ס׳איז דאָך מיט סכנות נפשות...

— וו—וו—וו—יו—יו...

# קאפיטל IV

דער שליטן האָט זיך אַריינגעגליטשט צווישן צוויי פאַרשאָטענע פּלויטן. אונטער ריזיקע שנייאיקע שטריימלען האָבן זיך געקאָרטשעט האַלב־פאַרשאָטענע ליימענע הייזלעך. קיין משוגענעם הונט האָט מען אויף דער גאַס נישט געזען. דאָס דאָרף איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן, נאָר די ווייסע וואָלקנדלעך רויך, מיט וועלכע דער ווינט האָט געשטיפט אויף די דעכער, האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ וווינען מענטשן. ביי איינעם פון די גרעסטע הייזער האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און עלעק איז אַוועק אין שטוב אַריין עפּעס געוואויר ווערן און בעטן דערלויבעניש אַריינצופאָרן אין הויף אַריין.

אין דאָרף האָט דער ווינט נישט אַזוי איינגעלייגט וועלטן ווי אין פעלד. דער שניי איז דאָ געווען נישט פלאַכער ווי אין פעלד, נאָר פיל גלייכער, אויסגעבעט, פאַרקעמט. עלעק האָט זיך נישט געזאַמט און איז אַרויס פון שטוב צוזאַמען מיטן בעל־הבית. דער ווינט האָט מיט אַ טראַסק צוגע־מאַכט הינטער זיי די טיר און צעפּאָכעט זייערע פּאָלעס אין אַלע זייטן. דער פויער האָט אָנגענומען די פערד ביי די ציימלעך און זיי אַריינגעפירט אין דעם ברייט צעעפנטן טויער. אַלע פאַרשווינען האָבן זיך אַ וואָרף גע־טון אין שטוב אַריין אויסגלייכן די מידעביינער און זיך אָנוואַרעמען. נאָר איין שלמה איז געבליבן שטיין אויפן הויף. דער בעל־הבית מיט עלעקן האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד און איינדעקנדיק מיט סוויטעס זייע־רע רוקנס אַריינגעפירט אין שטאַל אַריין. דאָרט איז געשטאַנען דעם בעל־הביתס אַ פערדל און געשמאַק געקייט פרישע סיעטשקע * געמישט מיט גליַיען. דער זעלבער מאכל איז אויסגעשיט געוואָרן פאַר דעם בעל־עגלהס פערד און זיי האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דעם ווי די וועלף. דעם שליטן האָט מען אַריינגעשטופּט אין דער צווייטער קאַמער אויף ביינאַכט. יעדע יידענע — אַ פאַררויטלטע און צעפּאַרעטע פון דער הייסער לע־זשאַנקע מיט די געבראָטענע קאַרטאָפל, מיט וועלכע די באָלעבאָסטע האָט זיי מכבד געווען — איז אַרויס נאָך איר פעקל. דער שליטן איז ליידיק גע־וואָרן, נאָר דאָס אייזנוואַרג האָט מען איבערגעלאָזט אויפן שליטן. דאָס גליק וועט קיינער נישט גנבענען. שלמה איז איינער אַליין געשטאַנען און געוואַרט, ביז זיי וועלן פאַרטיק ווערן אין די קאַמערס. זיי האָבן נאָך אַ מאָל געכאַפּט אַ קוק צו די פערד און זיך געלאָזט גיין צו דער שטוב. שלמה איז צוגעגאַנגען:

— זדראַווסטוווי **, פעטער.

---

* געהאַקטע שטרוי.

** שלום עליכם.

— זדראַוווסטוווי, זדראַוווסטוווי, יונגערמאַן! פאַר וואָס גייסטו נישט אַרײַן אין שטוב?

— באַלד, באַלד גיי איך אַרײַן. זאָג מיר, ווי הייסט דאָס דאָרף?

— איך האָב דאָך אַלעמען געזאָגט: טשע־זשיוור־קע. פיר ווי־אָרסט פון כמעלניק. האָב איך דאָך געזאָגט יעדן...

— וועלכע שעה קען איצט זײַן?

— גאָט ווייסט... ביי אונדז לעבט מען נישט אויף דער שעה...

— אָבער פון דעסט וועגן, פּרווו, זיי זיך משער...

— באַלד... באַלד, לאָמיר פּרווון... לאָמיר נעמען, אַז העגער קרייען... ווען קרייען הענער אין דער פרי?

— זייגער זיבן, אַן ערך...

— נו, אָט... קען מען באַרעכענען... אָבער קום אַרײַן אין שטוב אַ־רײַן... צו וואָס דאַרפן מיר שטיין אויף דער קעלט? עס קלאַפּט דאָך דיר אַ צאָן אין אַ צאָן. ווער פאַרט דאָס אַרויס דווינטער אין אַזאַ לייכטן כאַ־לאַטל?

— עס מאַכט נישט אויס, פעטערל... ס'איז מיר נישט קאַלט... מאַך, מאַך דעם חשבון... וויפל קען איצט זײַן דער זייגער?

— איז הענער, זאָגסטו, קרייען זייגער זיבן? נו, אָט... דאַן פּריש־טיקן מיר ביז זייגער ניין, דאַן שלאָפן מיר ביז זייגער איינס און באַלד טאַקע עסן מיר מיטאָג... נו, מיטאָג האָבן מיר ערשט אָפּגעגעסן, אפשר אַ האַלבע שעה... איך רעכן, אַז עס מוז זײַן נישט מער פון זייגער צוויי אָדער דריי... ניין, מער ווי דריי אודאי נישט!

— ביי אײַך אין טשעזשיוורקע וווינט עפּעס אַ ייד?

— אַ מאָל, ברודערל... אַ מאָל, אַ מאָל, פאַר מײַן זיידן נאָך האָט דאָ געוווינט אַ ייד... נישט איין ייד, נאָר אַ גאַנצע פאַמיליע, שענקערס... אָבער היינט? וואָס וועלן זיי דאָ טון?

— ווי קלערט איר, ס'וועט זיך היינט נאָך ענדערן דאָס וועטער?

— ווער ווייסט?.. אַזאַ זאַווערוכע געדענק איך כמעט נישט. זי קען אָנהאַלטן אויך דריי טעג. אָבער מער פון דריי טעג קיין מאָל נישט... נאָר וואָס זאָרגסטו זיך? קאַרטאָפל איז דאָ ביי מיר גענוג. און בורעקעס אויך. מיר'ן אײַך קאָכן באָרשטשעס און איר וועט הונגעריק נישט בלײַבן. קום, קום אין שטוב אַרײַן, היינט האָט זיך לילית אָפּגעריסן פון דער קייט...

אין שטוב זענען אַלע ווײַבער געזעסן אויף דער לעזשאַנקע מיט באַר־וועסע פיס און זיך געקוויקט מיט זויערן קרויט. עלעק איז געזעסן ביים טיש, מעשה בעל־הבית, געשלונגען גאַנצע שטיקער געבראָטענע קאַר־טאָפל און אָנגעריבן מיט קנאָבל דאָס ברויט. שלמה האָט אויך געפּרווט אויפעסן אַ קאַרטאָפל, נאָר ס'איז אים נישט געקראָכן אין האַלדז אַרײַן. ער האָט געוואָלט פאַרזוכן פון דעם קרויט, נאָר ס'איז געווען געשטעלט אין אַ פאַס פון האָניק און ער האָט שיר נישט געבראָכן. אַלע בני־בית האָבן זיך מיט אָפּשיי אָפּגערוקט אין אַ ווייטן ווינקל און פון דאָרט צו־

געקוקט, ווי די דערפרווירענע געסט קומען צו זיך. שלמה איז צוגעגאַנגען צום בעל־הבית:

— אפשר קריגט מען ביי דיר עטלעכע טרוקענע באַרן, איך וועל דיר באַצאָלן...

— איך דאַרף נישט, אַז דו זאָלסט מיר באַצאָלן.

ער האָט אַראָפּגענומען פון דער וואַנט אַ טאָרבע, אַרויסגענומען אַ הויפן האָניקבאַרן און דערלאַנגט שלמהן. שלמה האָט באַדאַנקט און שוין געוואָלט מאַכן אַ ברכה, ווען ער האָט באַמערקט, אַז די באַרן זענען עפּעס צו שוואַרץ און צו ריין. ס'איז אים איינגעפאַלן אַ חשד און ער פרעגט:

— דו טריקנסט אויף דער פּאַן, נישט אויפן הוילן אויוון אָדער אויף דער זון?

— נאָר אויף דער פּאַן. אַזוי איז באַלעבאַטישער. אויפן הוילן אויוון נעמען זיי זיך אָן מיט אַש און מיט קוילן, דאַרף מען זיי פאַרן קאָכן לאַנג וואַשן און ערשט נאָך דעם קריצט אונטער די ציין. אָבער אַזוי איז ריין, שיין, פיין...

— דו ביסט גערעכט. דו ביסט אַ גוטער בעל־הבית. נאָר לייג זיי אַ־ריין צוריק, איך טאָר זיי נישט עסן.

— פאַר וואָס? די פּאַנען זענען נישט פון חזיר, נאָר פון געבעקס: קנישעס, פּיראָזשקעס. עס טרעפט אַ מאָל — קוגלען...

— ניין, ניין, אַ דאַנק... נישט אַזוי וואָס איך טאָר נישט, ווי איך וויל נישט... איך בין נישט הונגעריק. זאָג מיר, וויפל קען נאָך זיין צו נאַכט?

— שוין באַלד, שוין באַלד. נאָך צוויי שעה אָדער דריי. נאָר אויב דו ווילסט, קענסטו זיך שוין צולייגן. אָט שפּרייט איך שוין אויס מיט שטרוי. אָבער דו האָסט דאָך נאָך גאָרנישט געגעסן?

— איך וויל נישט. איך וויל גאָרנישט. כ'האָב גלאַט אַזוי געפרעגט. אַ דאַנק פאַר דיין גוטן ווילן.

שלמה איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין. דאָס געוויטער האָט ווי פריער געווילדעוועט. ער האָט פאַרקוקט אין הימל אַריין: נישטאָ קיין הימל... בלויז שניי און ווינט, ווינט און שניי. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שטאַל אַריין צו די פערד — זיי קייען שוין פאַמעלעכער, דעם ערשטן הונ־גער איבערגעכאַפּט. דעם בעל־הביתס פערדל האָט זיך צעלייגט אויף דער ערד און שלאָפט מיט אָפענע אויגן. שלמה מאַכט צו די שטאַל און פאַלט צו צום פּלויט מיט אַ געוויין:

— תפילין, טאַטע אין הימל, תפילין! איך וויל נישט פאַרפעלן קיין תפילין לייגן!... ווייז מיר אָן אויסוועג... העלף מיר... העלף מיר!

דאָס איז ביי אים געווען באַשלאָסן, אַז טאָמער קומען זיי קיין ווענעראָד אפילו האַלבע נאַכט, לייגט ער תפילין האַלבע נאַכט! כאָטש דאָמאָלסט איז מען שוין ניטש מחויב, נאָר ער וויל נישט דערלאָזן דערצו, אַז ביי אים אין זכרון זאָל בלייבן אַזאַ פאַל פון פאַרפעלן. דאַקענען אַ פאַר־

שפּעטיקונג איז נאָך נישט אַזוי געפערלעך. נאָר ווי אַרום װעלן זיי קומען קיין װענעראָד אַפילו האַלבע נאַכט, אַז די װייבער האָבן זיך גאָר אויס־געטון באָרוועס און די אויגן קלעפּן זיך ביי זיי פון זאַטקייט און פון וואַ־רעמקייט. מען דאַרף אַריינגיין הערן, ביי וואָס האַלט עס דאָרט.

אין שטוב איז ער פּונקט אָנגעקומען אויף אַזאַ שמועס:

— וואָס זאָגט איר, ביילע, קענען צוריקפאָרן?

— וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט היינטיקע נאַכט און יענע נאַכט... וואָס עפּעס פאַר אַ צוריק? די געשעפטן האָבן זיך מיר פאַרבעסערט? דער שניי וועט איבערגיין און מאָרגן פאַר טאָג וועלן מיר פון דאַנען אַרויס־פאָרן קיין לעסינקע אויפן יאַריד.

— עס קען זיין, אַז ס'איז בפירוש אַ געדאַנק. וואָרעם וואָס וועלן מיר דען טון אין כמעלניק? די געשעפטן אונדזערע די גרויסע? וואָס זאָגט איר, חנה־ליבע?

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, מיר איז אַלץ איינס... וווהין איר וועט פאָרן, וועל איך אויך פאָרן. איר זאָגט לעסינקע, זאָל זיין לעסינקע.

— וואָס הייסט מ י ר זאָגן? אַזוי איז גלייכער, דערפאַר זאָגן מיר. עלעק, דו האָסט געהערט, וואָס מיר האָבן דאָ באַשלאָסן?

— געהערט האָב איך, אָבער אויף דעם זעלבן פּרייז וועט עס נישט גיין.

— וואָס איז די מעשה? עס וואַקסט ביי דיר אַן רעגן...

— די מעשה איז גאַנץ פּשוט. אין אַזאַ טיפן שניי, ווי איצט איז, דאַרף קאָסטן נאָך פּופּציק קאָפּיקעס פון אַ קאָפּ, וועט זיין די פערד אויף אַן איבעריק בינטל היי. איר דאַרפט זיי נישט מקנא זיין אויף דער מאָרגנ־דיקער נסיעה...

די ווייבער קוקן זיך איבער און זענען מסכים:

— גוט, זאָל זיין אַזוי. אויב גאָט איז באַגלייבט אויף אַזוי פיל, וועט ער זיין באַגלייבט נאָך אויף אַ האַלבן רובל. נאָר מען דאַרף אַרויספאָרן שטאַרק פרי, ווייל דער וועג איז אַ שווערער.

— אין דער פינצטער קען מען דאָך פאַרבלאָנדזשען.

— ווו איז היינט פינצטער? פונעם שניי איז ליכטיק אַ גאַנצע נאַכט.

— אויב אַזוי, וואָלטן מיר זיך טאַקע באַלד געדאַרפט לייגן שלאָפן.

— וואָס זשע מיינט איר? אודאי אַזוי. אָט זאָג איך דעם בעל־הבית, וועט ער אונדז שוין געבן שטרוי אויף אויסצושפּרייטן. עלעק! דו לייג זיך אויך שוין, כדי דו זאָלסט קענען זיך פרי אויפכאַפּן.

— באַלד לייג איך זיך טאַקע. איך וועל נאָר אַ קוק געבן צו די פערד. איך דאַרף זיי נאָך אָנטרינקען.

עלעק גייט אַרויס אין הויף אַריין און שלמה, אַן אַנטשלאָסענער, גייט נאָך אים.

# קאפיטל V

די פערד טרינקן פויל און שלמה פרעגט דעם בעל־עגלה:

— עלעק, פריער האָט געקאָסט צוויי רובל אהין און צוריק און איצט דריטהאַלבן, איאָ?

— נו, יאָ...

— און וויפל וועט איר האָבן פאַרדינט פאַרביידע טעג?

— שונאי ציון זאָלן עס האָבן אויף די ביינער, וואָס איך וועל שוין האָבן... ניין מאָל דריטהאַלבן, איז צוויי און צוואַנציק מיט אַ האַלבן. דאַרף מען נאָך עפּעס געבן דעם בעל־הבית אויך. און די פערד עסן אויך עפּעס אויף. און אַליין איז מען אויך אַ לעבעדיקער מענטש. אַלע מיינע שונאים ווינטש איך אַזעלכע פּרנסות...

— הערט, עלעק, אייך דאַכט זיך נישט, אַז עס איז אַ ביסל שטילער אין דרויסן?

— ניין, ס'איז נאָר אין דאָרף אַזוי. אין פעלד איז דאָס זעלבע וואָס אין דער פרי. עס זאָל כאָטש איבער נאַכט שטיל ווערן. און וואָס קלערסטו טון, שלמה? דו האָסט דאָך געהערט, אַז מיר פאָרן קיין לעסינקע, און דו דאַרפסט דאָך נאָר קיין וועגעראָד...

— וואָס קען איך העלפן? איך וועל אויך פאָרן קיין לעסינקע און פון דאָרט קיין וועגעראָד. איך מוז דאָך פאָרט זיין אין וועגעראָד. נאָר הערט, עלעק, איר ווייסט, וואָס מיך האָט באַאומרואיקט דעם גאַנצן וועג אהערצו?

— ווער פאַרשטייט דאָס נישט? ליידן אי פון קעלט אי פון הונגער.

— ניין, ס'איז נישט קיין פאַרפאַלענע זאַך. עלעק, פירט מיך אָפּ וויכטיקערס. איך האָב אין דער היים עפּעס פאַרגעסן, אַ נייטיקע זאַך, וואָס איך קען אָן איר נישט פאָרן.

— נו, וואָס זשע קען מען העלפן? איז דאָך דאָס אַ פאַרפאַלענע זאַך.

— ניין, ס'איז נישט קיין פאַרפאַלענע זאַך. עלעק פירט מיך אָפּ אהיים! שוין, טאַקע באַלד, איך וועל אייך גוט באַלוינען!...

עלעק שטעלט זיך אויף, באַטראַכט שלמהן פון קאָפּ ביז די פיס ווי אַ משוגענעם:

— דו ווייסט יאָ, וואָס דו רעדסט? נאָך דער אינדערפריענדיקער נסיעה?

— עלעק, די זאַך, וואָס איך האָב אין דער היים פאַרגעסן, איז ביי מיר טייער ווי דאָס לעבן. איר פאַרדינט דאָ פאַר צוויי טעג צוויי און צוואַנציק רובל און איך באַצאָל אייך דרייסיק רובל בלויז דערפאַר, אַז איר זאָלט מיך שוין אָפּפירן אהיים...

— די פערד זענען ביי מיר טייערער פון דיינע דרייסיק רובל. משוגענער, אין פעלד איז אַן אומקומעניש, דו האָסט שוין אַ פּנים פאַרגעסן.

— עלעק, ס׳איז נישט אַזוי די מעשה. איך האַלט זיך ביי מיינעם, אַז אויף דער גאַס איז אַ ביסל שטילער. חוץ דעם וועט אונדז זיין דער ווינט אין פּלייצע, ווייל אַהער צו וועגס איז ער אונדז געווען אין פּנים. היינט בכלל, וואָס גלייכט איר, אין דער פרי האָבן מיר געהאַט פאַר זיך העכער צוואַנציק קילאָמעטער און איצט — אין גאַנצן פיר. די פערד האָבן זיך צו דער זעט אָנגעגעסן, אָנגעטרונקען, אַ ביסל אויסגערוט. מיר וועלן אַראָפּנעמען דאָס אייזן דאָ אין שטאַל און מיר׳ן עס מאַכן איינס און צוויי. איר אַליין וועט זיך אויך אויסשלאָפן אויף אייער אייגענעם גע־לעגער, די פערד ביי זייער זשלויב און פאַר טאָג וועט איר זיך אומקערן נאָך אייערע ווייבער און איך אויך מיט אייך. עלעק, פאָלגט מיך...

— וויס איך וואָס... ס׳איז נאַרישע רייד... ווער פאָרט אַצינד אַרויס פון אַ ישוב? מען קאָן פאַרפאַלן ווערן ערגעץ אין אַ גרוב, אַז קיין זכר זאָל פון אונדז נישט בלייבן. גיי אין שטוב אַריין און מאַך זיך נישט נאַ־ריש. וואַרפט זיך מיט דרייסיקערס...

— עלעק, ס׳איז נישט קיין דרייסיקער, אַ פופציקער גיב איך!... פינף טשערוואָנצעס פאַר פיר קילאָמעטער צופאָרן!.. איר קענט קויפן פאַר דעם געלט דריי גרויסע זעק האָבער און עס זאָל נאָך בלייבן אויף אַ געשמאַקן טרונק בראָנפן. עלעק, באַטראַכט זיך, עלעק...

עלעק קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט. דער יצר־הרע פון געלט האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט. די פינף טשערוואָנצעס האָבן אים גאָר דעם קאָפּ פאַרטשמעליעט. אַזאַ עשרות פאַר עטלעכע קילאָמעטער!... ער פירט איבער די אויגן פון שלמהס בלאַסן פּנים אויף די פערד, פון די פערד אויף שלמהן, ער קען זיך גאָר קיין עצה נישט געבן. דאָס געלט איז אודאי אַ יצר־הרע, אָבער דער ווינט זינגט „יעלות״ פון יענער זייט וואַנט. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

אין דעם האָט איין פערד אַ ניס געטון. עלעק האָט אויפגעשיינט:

— מען הייסט פאָרן! אַ סימן — אָט האָט דאָס פערד גענאָסן! נאַ דיר מיין האַנט. נאָר דער פופציקער — אַ גאַנצער, חוץ די צוויי מיט פופ־ציק שכר־עגלה.

— מסכים, חוץ דעם שכר־עגלה. נאָר גיכער, יעדע סעקונדע איז טייער.

— איך שפּאַן שוין איין. וואָס האָסטו דאָרט פאַרגעסן אַזוינס, וואָס עס לוינט דיר, זיך וואַרפן מיט פינפער טשערוואָנצעס?

— אַ מעכאַניזם אַזאַ, איר וועט נישט וויסן. גיכער זשע, עלעק...

— איך בין שוין פאַרטיק. איצט קום אַראָפּנעמען דאָס אייזן. נעם אָן פון יענער זייט. אַך, דו שלימזל! דו ווייסט נישט, אַז אייזן, ווען עס ווערט געפרוירן, רייסט עס אָפּ די הויט. נעם שוין מיטן נאָז־טיכעלע, וויש אָפּ דאָס בלוט און פאַרבינד שטאַרק. נאָך שטאַרקער. לאָז, וועל איך דיר פאַרבינדן. איצט נעם שוין מיט דער סוויטע, וויקל אַרום די הענט.ביידע הענט. אַ ביסל לעבעדיקער! דו האָסט היינט נישט איבערגעגעסן? אָט

אזוי! איצט נעם אַליין אַראָפּ דאָס קליינוואַרג און איך וועל אַרויסרופן דעם בעל־הבית. די ווייבער, רעכן איך, נישט זאָגן, זיי וועלן נאָך אויפ־הייבן אַ גוואַלד: אויף וועמען לאָזסטו אונדז איבער? זיי קערן שוין גאָר שלאָפן אויך. זאָלן זיי שלאָפן רואיק. זיי וועלן פאַר טאָג אפילו נישט וויסן, אַז איך בין געוועזן אין כמעלניק. ווי שטייט דאָרטן ביי לוט דעם שכור?... הם! שוין פאַרגעסן... איך וועל בעטן ביים בעל־הבית, וועט ער דיר אויסבאָרגן אָט די סוויטקע, וואָס אויפן פערד... ביז אין דער פרי. שאַ, דו וויסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? מיר דאַכט זיך אויך, אַז דער ווינט איז אַ ביסל שוואַכער געוואָרן. עפּעס הערט מען שוין נישט דעם פרימאָרגנדיקן ניגון...

— האָב איך דאָך אייך געזאָגט און איר האָט זיך נאָך אויסגעלאַכט.

— נאָר איין זאַך גערענק, שלמה, ביז מיר'ן קומען אַהיים, מעג אפילו שיינען די זון, איז עס אַ גאַנצער פּופּציקער, קיין פּרוטה נישט ווייניקער.

— חס־ושלום!... וואָס רעדט איר? אַ וואָרט איז אַ וואָרט. פּופּ־ציק רובל!

— נו, זאָל זיין אין אַ גוטער שעה. אַז דו דאַרפסט אַזוי נייטיק... פאַר אַ צוויטן... פאַרשטייסט דאָך אַליין... און אַ מיליאַרד ווען מען גיט מיר... אָבער אַ היימישער מענטש... וויאָ, אַדלערלעך! אַהיים, אַהיים, צו דער מאַמעניו... סטאָפּ! שלמה, דו גיי שוין נישט אין שטוב אַריין... טאָ־מער שלאָפן זיי נאָך נישט, וועלן זיך אָנהייבן קשיות. צו וואָס דאַ־רף מען דאָס? וואַרט, באַלד גיי איך אַרויס.

פון יענער זייט דאָרף האָט נאָך דאָס געוויטער געווילדעוועט. נאָר שוין ווייט נישט אַזוי ווי אין דער פרי. די פאַרלאָזענע הייזלעך זענען תיכף ומיד פאַרשוווּנדן פון אויג. אַרום דעם עלנטן שליטן האָט זיך צע־גאָסן אַן אומענדלעכער אָקעאַן פון שניי. ס'איז נישט געווען צו זען, נישט קיין וועג, נישט קיין שטעג. אַלץ איז געווען פּריש, ווי בשעת גאָט האָט די וועלט באַשאַפן. און דאָך האָבן די פערדלעך זיך לוסטיק אונטערגע־העצקעט... צי ווייל ס'איז געווען גרינגער אויפן שליטן, צי ווייל זיי האָבן דערשמעקט, אַז דאָס פאָרט מען אַהיים, צי פשוט, ווייל ס'איז שוין קיין אַנדער ברירה נישט געווען... שלמה האָט זיך איינגעוויקלט אין דער סווי־טע און מיט צונויפגעפּרעסטע ליפּן אין האַרצן מתפלל געווען:

— גאָט פון אַלע וועלטן, שטעל אָפּ די זון! ברענג מיך בשלום אַהיים און לאָמיך לייגן תפילין פאַר שקיעת־החמה. דו זעסט דאָך, אַז עס וועט דיר שוין גאָרנישט העלפן, וואָס זשע וועט דיר שוין אַרויסקומען, אַז איך וועל אָנטון די תפילין נאָך יציאת־הכוכבים, ווען מען טאָר שוין נישט?

אַ קוק טון אַרום זיך האָט ער מורא געהאַט. ער האָט געפילט, אַז זיין האַרץ וועט נישט אויסהאַלטן, זעענדיק ווי די פערדלעך קריכן ווי די וועָ־רעם. ער האָט אַלץ ביי זיך געפרעגט:

— וויפל איז מען שוין אָפּגעפאָרן? הונדערט מעטער שוין אָפּגעפאָרן? צי אפשר שוין אַ פערטל קילאָמעטער? היד ד' תקצר?

ער מאַכט אַ חשבון, אויב מען זאָל פאָרן אויף צוריק אַזוי פיל צייט וויפל אַהין, דאַרפן זיי אָנקומען אַרום האַלבער נאַכט. נאָר אַלץ איינס, עס מעג זיין, ווי עס וויל זיך, ער וועט אָנטון תפילין מיט אַ ברכה. און ער פילט שוין דעם גרויסן פאַרגעניגן, ווי ער וועט איינציען די רצועה און זאָגן מיט כונה: „אשר קדשנו במצותיו וצונו להניח תפילין"... ער פילט אַן אומ־באַקאַנטע שוואַכקייט אין אַלע אברים. צי איז דאָס פון תענוג, וואָס ער וועט נאָך היינט לייגן תפילין, צי פּשוט פונעם תענית?

עלעק טאָרקעט אים:

— שלמה, גרייט אָן דעם פּופּציקער. אָט איז שוין באַלד דיין שטוב.

שלמה גיט אַ וואָרף פון זיך די סוועטע און ווערט נשתומם: דאָס בריקל איז מען שוין אַריבערגעפאָרן און זיי פאָרן אַרויף אויף דער לאַנ־גער גאַס. אויפן הימל, זעט ער, איז אַן איבערקערעניש: די כמאַרעס יאָגן זיך איינע איבער דער אַנדערער. צווישן זיי שפּאַצירן אַרום בלויע שטי־קער וואָלקנס ווי אַאַזיסן אין דער מדבר. אויף מעריב איז דער הימל שוין אין גאַנצן אָפּגערייניקט און איבער די דעכער געזעגנט זיך שמייכלענדיק אַ יומטובדיקע זון. שלמה שפּרינגט אַראָפּ פון שליטן און יאָגט זיך פאַר די פערד מיט אַלע כוחות. ער פאַלט אַריין אין שטוב מיט אַ געשריי:

— גיך, מיינע תפילין גיט מיר!...

שטום פאַר איבעראַשונג דערלאַנגט אים דער פאָטער די תפילין און שלמה פאַלט צו צו זיי מיט אַ געוויין.

אין שטוב זיצט דער זיידע און לוי נאָטעס. אַלע דריי קוקן צו מיט ברייט צעעפנטע אויגן, ווי שלמה קושט ליידנשאַפטלעך די תפילין, ווי ער טוט זיי אָן און וויינט פאַר פרייד. די מוטער וויל אים עפּעס פרעגן, נאָר צו שלמהן איז אוממעגלעך צו רעדן. ער איז נישט אויף דעם עולם. אין פענצטער קוקט אַריין די זון פאַרן פאַרגיין און ער לייענט קריאת־שמע אין די תפילין, ווען מען מעג נאָך. דער בעל־עגלה, וואָס האָט דער־ווייל איינגעדעקט די פערד און נאָכגעלאָזט די ציימלעך, איז אַריינגעקו־מען אין שטוב אַריין. אויך ער שטייט דערשיטערט פון דער אומדערוואַר־טער סצענע. שלמה איז אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, האָט אַראָפּגענו־מען די תפילין און פרעגט ביים פאָטער:

— טאַטע, דו האָסט ביי זיך אַ פּופּציקער?

— איך האָב ביי זיך אַ פּופּציקער. טאַקע פּונקט פּופּציק רובל. צו וואָס דאַרפסטו?

— גיב אַהער. איך דאַרף האָבן. נאַט אייך, עלעק, און אַ חוץ דעם אַ גרויסן, גרויסן דאַנק אייך!...

עלעק נעמט מעכאַניש דעם פּופּציקער און פרעגט עפּעס צעטראָגן:

— אפשר מעג איך שוין וויסן, וואָס פאַר אַ מעכאַניזם האָסטו דאָ פאַרגעסן?

מיט אַ שיינענדיק פּנים ווייזט אים שלמה אָן אויפן של־ראש:

— אָט דעם מעכאַניזם, ר׳ עליע. עס האָט אפשר נישט געלוינט דאָס געשעפט?

עלעקס פנים געפינט זיך אין שטח פון דער פאַרגייענדיקער זון, ער איז בלייך. מיט ציטערנדיקע פינגער לייגט ער אוועק דעם פופציקער אויפן טיש און מיט אַ קול, קוים מיטן אויער צו כאַפּן, פרעגט ער:

— און דו האָסט געוווּסט, אַז די נסיעה דראָט מיט אַ געפאַר פאַרן לעבן?

שלמה איז פריילעך. ער ענטפערט מיט אַ געלעכטער:

— איז וואָס זשע איז? אַזאַ טייערע מעציאָצע איז דאָס לעבן?

עלעק גיט אַ ריס פון זיך דעם פעלץ:

— גיב אַהער, לאָמיך אויך אָנטון די תפילין... זען פאַר זיך אַזאַ הייליקן מעכאַניזם און זיך מיט אים נישט באַנוצן? איך בין דאָך אויך אַ ייד. נישט אַזוי ווי דו, נאָר פאָרט אַ ייד. די ביטערע יאָרן האָבן אונדז אַראָפּגעפירט פונעם וועג. ווייז אַהער... שוין לאַ־אַנג, אַז איך האָב נישט אָנגעמאָסטן קיין תפילין... פון ערב יום־כפור אָן. אָבער פון היינט אָן... איך שווער אייך ביי מיין יידישקייט... אָט דער שלמה, איי, אָט דער שלמה...

דער זיידע שלום איז צוגעלאָפן צו שלמהן און אָן ווערטער צוגעדריקט זיין קאָפּ צום האַרצן.

ווען שלמה האָט שוין געטרונקען טיי און די עלטערע מענטשן האָבן זיך געקליבן אין בית־מדרש אַריין צו מנחה, האָט עלעק אויסגעטון די תפילין און זיי שטאַרק געקושט. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטון, געזאָגט: אַ גוטע נאַכט, און איז אַרויסגעגאַנגען פון דער שטוב. ווען ער איז שוין געווען אויף יענער זייט שוועל, האָט שלמה פּלוצים באַמערקט אויפן טיש דעם פופציקער. אָן אַ פּאַלטאָ איז ער אַרויסגעלאָפן מיט אַ געשריי:

— עלעק, ר׳ עליע, דעם פופציקער! דעם פופציקער האָט איר פאַרגעסן!

עלעק האָט אָן אויפגערוימטער געענטפערט:

— פאַר אַזאַ שטיקל אַרבעט נעם איך נישט קיין געלט. זאָל מיר גאָט צושיקן בעסערע פּרנסות. וויאָ, פערדעלעך!... וויאָ, פּאַשאָל!...

שלמה איז געבליבן אַ פאַרשטיינערטער מיטן פופציקער אין דער האַנט.

# קאפיטל VI

די לאגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. ווינטער קיין אויטיל איז נישטאָ. דער גוי פוילט זיך זוכן און דער קלייבער פוילט זיך פאָרן. דורכפאָרערס זענען אויך דאָ ווייניק. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קאָלעק־טיווויזאַציע איז דער אַרויספּאָר פון דאָרף אָן אַ דערלויבעניש פון דעם דאָרפסראַט פאַרבאָטן. וואָס דען — איין סטאַנאָק, פון וועלכן מען האָט געדאַרפט שעפּן דאָס ביסל חיונה; אָבער אויך די דאָזיקע אַרבעט איז גע־גאַנגען שוואַך. ביינוול האָט געקאָסט טייער און סחורה איז געווען בזול־הזול. דעם פּריש־געבאַקענעם קאָלכאָזניק איז נישט געלעגן דער קאָפּ ביי קליידן זיך. אויב ער האָט שוין יאָ געהאַט אַ פּרייען רובל, האָט ער זיך אָנגעגרייט אַ פּוד זאַלץ, אַ פּעסעלע קעראָסין, שוועבעלעך, פּאָדעם, לאָמפּן־גלעזלעך. עס האָט געקענט דורכגיין אַ וואָך און מער און מען זאָל ביי אפרים־אהרונען אין שטוב נישט פאַרקויפן אפילו קיין איין שאַלעכל, אפילו קיין איין מעטער סערעפּינקע *. דער הונגער האָט אָפּט אָנגעהויבן אַריינצוקוקן אין דער דאָזיקער שטוב אַריין.

עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז יענעם ווינטער זאָל מען אין דער שטוב נישט הונגערן ווי אין פיל אַנדערע הייזער אין שטעטל — איז גע־קומען די ישועה אומגעריכט.

די וואָך פון ראש־חודש אדר איז אָנגעקומען אַ בריוועלע פון זוועני־גאָראָדקע, אַז ר' אברהם שאַרפשטיין פון קיעוו געפינט זיך איצט דאָרטן און פאָדערט צו זיך אפרים־אהרונען מיט שלמהן. ער דאַרף זיי עפּעס נייטיק האָבן, זאָלן זיי תיכף ומיד קומען. געקומען, ווערן זיי געוווויר אַזאַ מעשה: היות דער גאָסטאָרג ** האָט אָנגעהויבן איינקויפן יידישע ספרים אויף עקספּאָרט און צאָלט פאַר זיי גוט געלט, האָט מען אים, אברהם שאַרפשטיין, געמאַכט פאַר אויבער־רעפערענט איבער גאַנץ אוקראַינע און ער שאַפט זיך שוין אַן אַגענטור אין אַלע שטעט און שטעטלעך. לכן, אויב זיי, אפרים־אהרון מיט שלמהן, ווילן, לייגט ער זיי פאַר באַזונדערע געגנטן. זיי ווערן פאָרמעלע מלוכה־אָנגעשטעלטע, אַגענטן פאַר דער עקספּאָרט־פּראָ־דוקציע. די פּיאַטיגאָרסקים האָבן באַלד מסכים געווען. אַ קלייניקייט! אויפ־געבונדן ווערן פון דעם וויסטן כמעלניק און זיך טאַקע ווידער זען מיט אַ מזומנעם גראָשן. מזומנס איז גאָר עפּעס אַנדערש.

אפרים־אהרון באַקומט אַ דאָקומענט אויף טשערקאַסער געגנט, און שלמה אויף אומאַנער. זיי גייען דורך אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן, באַקו־מען צו היפּשע סומעס געלט און ווערן למזל וואָיאַזשאָרן. דער פאָטער מיטן זון האָבן נאָך אברהם שאַרפשטיינס אָוועקפאָרן באַשלאָסן אויך

---

* סערעפּינקע — מאַנופאַקטור פון האַנט־וועבעריי.

** גאָסטאָרג — די אינסטיטוציע פון מלוכה־האַנדל.

גלייך פון דאַנען אַרויסצופֿאָרן אויף דער אַרבעט. — עס זענען בסך־הכּל געבליבן פינף, זעקס וואָכן צו פּסח, צוליב וואָס איז דאָס פֿאָרן אַהין און צוריק? די גאָלדענע געשעפטן, וואָס זיי האָבן געלאָזט אין דער היים? אַמער איז דאָך גלייכער, טאַמער וועט מען עפּעס פֿאַרדינען אויף פּסח?!

פֿון זוועניגאָראָדקע האָט מען אָפּגעשיקט אַהיים אַ בשותּפֿותדיק בריוועלע און מען איז זיך גלייך פֿון דאָרטן צעפֿאָרן אַרבעטן, יעדער אין זיין געגנט.

פֿאָרן פֿאָרן זענען זיי ביידע אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט ביים רבין ר׳ וועלוועלע ראַכמעסטריווקער, וועלכער האָט די לעצטע פּופּצן יאָר דאָרטן געוווינט. דער רבי האָט געהאַלטן אַלע פּיאַטיגאָרסקים, אָנהייבנדיק פֿון דעם אַלטן שלומען ביז שלמהן, פֿאַר זיינע מקורבים. דער רבי מיט זיין שאַרפֿן פֿאַרשטאַנד האָט באַלד תּופֿס געווען די לאַגע פֿונעם יונגן בחורל און זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט אים, אים געבעטן אַריינקומען, ווען ער וועט נאָר זיין אין שטאָט און צוגעווונטשן דעם פֿאָטער מיטן זון רחבֿות בגשמיות וברוחניות.

שלמה האָט געקריגן אַ פֿור, נאָר אויף שפּעטער מיט אַ טאָג פֿון דעם פֿאָטער, און האָבנדיק נאָך געניג צייט, האָט ער באַזוכט דעם רבין שמעיהן. פֿאַר די ניין חדשים, וואָס ער האָט זיין רבין נישט געזען, איז אים נישט געווען צו דערקענען. די ראיה איז ביי אים קאַליע געוואָרן, דאָס פּנים משונהדיק איינגעשרומפּן. ער האָט שלמהן נישט באַלד דערקענט. ער האָט געזאָגט, אַז שלמה האָט זיך שטאַרק אַ „יאָג געטון”. ער האָט דערציילט, אַז זיין טאָכטער חנה ליגט שוין עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל. זי האָט אויף זיך אַ היפּש ביסל חולאתן: רעוומאַטיזם, פּאָדאַגרע, אישיאַס און צו דעם אַלעמען נאָך אַ רויז. איר מיידל, חוהלע, ווערט אויסגעריסן. קומט זי פֿון דער אַרבעט, ווייסט זי נישט, צו וואָס זיך פֿריער נעמען. מען דאַרף עפּעס אָפּקאָכן און אָפּטראָגן דער מוטער. מען דאַרף אויפֿן זיידן אַ קוק טון און אין שטוב מוז מען אויך עפּעס טון. שלמה איז געוואָר געוואָרן, אַז דער רבי שמעיה ליגט מער ווי ער גייט אַרום און טראַכט נאָר פֿון דער וועסנע. אפֿשר דאַמאָלסט, אויף דער פֿרייער לופֿט, וועט אים גרינגער ווערן. שלמה האָט געזען חוהן און זיך אַזש דערשראָקן פֿאַר איר: פּינצטער, ווייסט! גאָרנישט דאָס מיידל, וואָס פֿריער. ער האָט איר איבערגעלאָזט פֿאַר דעם רבינס וועגן עטלעכע רובל און מיט אַ צעבראָכן האַרץ פֿאַרלאָזט זייער שטוב.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז שלמה אַריינגעגאַנגען צו די מולטשינסקים. פֿאָלי האָט זיך מיט אים קוים געגריסט. ס׳איז ערשט אין גאַנצן פֿיר, פֿינף חדשים, זינט ער האָט זי נישט געזען, אָבער ס׳איז זי נישט געווען צו דערקענען. איר האָט נאָך געפֿעלט אַ האַלב יאָר צו אַכצן, אָבער אויסגעזען האָט זי, ווי זי וואָלט אַלט געווען דריי און צוואַנציק. אַ געוווקסיקע, אַ ברייט־ביינערדיקע, דאָס פּנים געלייטערט ווי בורשטין. יעדע מינע, יעדער ריר, יעדעס וואָרט, יעדער קוק — געמאָסטן, געוווינגן, סטאַ־

טעטשנע. זי האָט שלעפּעריק אַ פרעג געטון, וואָס עס מאַכט זיין שוועס־טער דינה, אָבער באַלד אַליין פאַרגעסן, אויף וועמען זי האָט געפרעגט. און צוליב וואָס איז בכלל דאָס פרעגן? ס'איז איר עפּעס אַ נפקא־מינא, צי יענע מאַכט אַזוי צי אַנדערש? אויפן שטעטל — קיין וואָרט נישט געפרעגט. אַרויסגעפאָרן — אויסגעשטראָכן... סאַנקע, פאַרקערט, איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים, אויסגעפרעגט און איבערגעפרעגט אויף דעם, אויף יענעם. אָבער פאַלי האָט נישט פאַרטראָגן קיין סענטימענטן. אַלץ אויף איר איז געווען זויבער, געפינקלט, געשמעקט. זי האָט גראָד געהאַלטן אין צוגרייטן אַ לעקציע אויף ענגליש. שלמה אינטערעסירט זיך:

— איר זענט אַריינגעטראָטן אין אַ שול?

— ניין, די גאַנצע צייט גיב איך אָפּ בלויז דער ענגלישער שפּראַך.

— וואָס איז די מעשה?

— דער פעטער פון אַמעריקע פאָדערט אַזוי...

יאַני האָט אַ ברודער אין אַמעריקע. דאָס איז אַן אַלטע מעשה. נאָר וואָס פאַר אַ שייכות דאָס האָט צו פאַלים ספּעציעלן לערנען זיך ענג־ליש, איז אים אַ ביסל נישט פאַרשטענדלעך געווען. נאָר שלמה גריבלט זיך נישט צו פיל אין דער פראַגע. מען זאָגט מער נישט, איז אַ סימן, אַז עס איז געגוג...

באַלד ביים אַריינקומען האָט ער פאַרזיכטיק אַ פרעג געטון ביי אור־ראַמען:

— ווו געפינט זיך דער טאַטע?

— מען ווייסט נישט אויף אַקוראַט...

און איז רויט געוואָרן ווי אַ צוויק. מער האָט שלמה נישט געפרעגט. ער האָט פאַרשטאַנען: מען וויל נישט, אַז עמעצער זאָל וויסן. מהיכי־תיתא, אפשר איז אַזוי גלייכער. אין דער פרי האָט שלמה באַמערקט אסתרן מיט ניומען שטיין אין מאַרק און פאַרקויפן זאַכן פון דער שטוב. עס האָט אים אַ שניט געטון ביים האַרצן: זיי האָבן נישט פון וואָס אַ טאָג איבער־צולעבן. יאַנים קינדער, פאַלי טולטשינסקי!

ביי טאָג, זייענדיק ביי זיי אין שטוב, האָט שלמה אויך באַמערקט, ווי צוויי יידענעס האָבן אין קיך עפּעס געהאַלטן אין קויפן. זיי האָבן זיך שטאַרק געדונגען און פירגעוואָרפן אסתרן, אַז ס'איז זי נישט איינצור־בייסן. שלמה האָט אָפּגעוואַרט אסתרן אויפן הויף און קוקנדיק צו זיך אויף די שפּיצן פון די שיך, געזאָגט:

— אסתר, האָט נישט קיין פאַראיבל, וואָס איך מיש זיך אין אייערע פּריוואַטע ענינים, נאָר כ'קען נישט גלייכגילטיק צוקוקן, ווי איר פאַרקויפט אויס פון דער שטוב נייטיקע זאַכן, וועלכע זענען נאָך ביי אייך זיכער פון דער חתונה אָן. אויב איר וועט מיר דערלויבן, קען איך מיר שאַפן אַ גמי־לות־חסד פון אַ גרעסערער סומע און אים אייך גלייך אָוועקגעבן. דאָס געלט וועט קענען ביי אייך בלייבן אַ יאָר, אפילו דריי, אַבי ברענגט נישט אום אייער באַלעבאַטישקייט...

— אַ דאַנק דיר, שלמה, פאַר דיין גוטן ווילן, נאָר מיר נייטיקן זיך חלילה נישט אין קיין הלוואות. און דאָס, וואָס איך פאַרקויף זיך אויס, איז דאָס נישט חלילה מחמת דעם, ווייל איך נייטיק זיך שוין אין דעם געלט פון די זאַכן, נאָר אַזוי זיך, אַזוי דאַרף מען...

שלמה האָט נישט איבערגעפרעגט, פאַר וואָס דאַרף מען. אַ סך זאַכן זענען געווען ביי זיי אומפאַרשטענדלעכע. עפּעס אַ סודותדיקער נעפּל האָט איינגעהילט יאַנים שטוב. דאָס נישט דעררעדן, דאָס נישט דערזאָגן איז געווען פאַר שלמהן ניי, אומדערוואַרט, פיינטלעך. ער האָט בגנבה זיך אויף לאַנג איינגעקוקט אין זיין געליבטער. יאָ, דאָס איז זי, זיין האָפענונג, זיין טרייסט, זיין טרוים... אָבער צו איר האָט דאָס אַלץ נישט. אַ שטייגער, ווען עמעצער נעמט זיך אָן מיט מוט און זאָגט אָט דער עלעגאַנטער פריילין, אַז אָט יענץ ייִנגל אין דער פאַרשמאָלצעוועטער קעפּי מיט די קאָרענע * שטיוול, מיט די אויסגעריבענע גומענע פּאָדעשוועס וואַרעמט אין האַרצן אַ האָפענונג זי צו באַקומען אַ מאָל פאַר אַ כלה — וואָס וואָלט זי יענעם דערויף געענטפערט?.. אין כעס געוואָרן? אַ פּאַטש דערלאַנגט? אויסגעזידלט? ניין, ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן. זי וואָלט רואיק און געלאַסן געענטפערט יענעם מענטשן איין און איינציק וואָרט: д у р а к !... ** און מער גאָרנישט. נאָר דאָס דאָזיקע וואָרט וואָלט געווען אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל איבערצייגונג, מיט אַזוי פיל פאַראַכטונג, אַז אַלע ספקות וואָלטן פאַרשוווּנדן...

שלמה איז אַרויסגעגאַנגען פון זייער שטוב שטאַרק נידערגעשלאָגן.

---

* געמיינט: פון האַרטן לעדער ווי קאָרע.

** דוראַק — שוטה.

# קאַפּיטל VII

מער ווי אַלע מאָל ביז אַהער האָט זיך שלמה דאָס מאָל איבערצייגט, אַז מיטן אַרויספאָרן פון כמעלניק איז דאָס מיידל פאַר אים אין גאַנצן אָפּגעשטאָרבן. דאָרט האָט אים נאָך באַקרוינט דער חן פון דער משפחה. שלמה אפרים־אהרונס! שלמה שלום דודס! שלמה מנשה דעם רבס בעסטער חבר! שלמה דער העברעאיסט, דער יידישיסט! דער זינגער, דער שפּילער, דער קינסטלערישער פּאַרלייענער. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַרום אים אַן אָרעאָל, אַ דערהויבנקייט... יאַני האָט אים שטאַרק מקרב געווען, דאָס האָט אויך געהאַט נישט קיין קליינעם ווערט. אָבער דאָס אַלץ איז געשטאָרבן. יאַני איז ערגעץ באַהאַלטן. פּאָלי איז פריי ווי דער ווינט אין פעלד. קיין שום צווים, קיין שום „מען טאָר נישט", קיין מינדסטע רע־ליגיעזע פליכטן האָט זי נישט... די ווערטער: „יום־כפור", „פסח" זענען פאַר איר טויטע ווערטער. אויף תפילין האָט זי נאָך אין כמעלניק איין מאָל געזאָגט, אַז עס איז אַ געצנדינעריי... שבת, כשרות... אַז ס'איז נאָר אַן עזות מיט אַ חוצפה צו שטעלן איר אַזעלכע פראַגן... זי איז אפילו נישט קיין קעגנערין פון דעם אַלעמען, זי באַמערקט עס פשוט נישט... אַנשטאָט אָט די אַלע טראַדיציעס זעט זי אַ פּוסט אָרט.

דער איינגעגעסענער וואָרעם האָט אים ווידער געטאַטשעט:

— נו, איך פרעג דיך נישט מער, שלמה, זאָג אַליין. איך וויל גאָר־נישט רעדן דיר אויף צו להכעיס. אדרבא! אדרבא, מאַך מיך אויך קלוג. קלער מיר אויף. דו גייסט ערשט אַרויס פון יאַנים שטוב. דו האָסט געזען די אויפפירונג, דעם שטייגער, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין שטוב. יאַנים באַפעלעריש וואָרט האָט איבערגענומען פּאָלי. אסתר איז איר געהאָרכזאַם אין יעדן פּיצעלע. דו האָסט געזען, וואָס פאַר אַ ווערט דו האָסט דאָרט... דו האָסט געזען, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַר קרעפּ־דע־שי־נענע קלייד פּאָלי טראָגט אין דער וואָכן נאָך אַלע אומגליקן... וואָס פאַר אַ לאַקירקעס. וואָס פאַר אַ צויבער עס רוט אויף איר פּנים. אויב זי זאָל שוין יאָ האַלטן ביי חתונה האָבן, קענסטו זיכער זיין, אַז דער גרעסטער עושר אין רוסלאַנד, דער גרעסטער אַקאַדעמיקער וואָלט אַלץ אָפּגעגעבן, אַבי האָבן פאַר די אויגן אַזאַ שיינע סטאַטוע, אַזאַ בלענדנדיק שיינעם פּאָר־טרעט. וועגן ליבע מיט דעם מיידל, זעסטו דאָך, זענען אַרויסגעוואָרפן די רייד... אַקוראַט אָט דאָס ערטעלע אין מענטשלעכן אָרגאַניזם, ווו עס האַלט זיך אויף דאָס געפיל פון ליבע, איז ביי איר פּוסט. דאָרט איז אויס־געפלאַסטערט מיט גראַניט, פעסט פאַרבעטאָנירט און צוגעדעקט מיט בראָנזע: שיין, גלאַנצנדיק, נאָר — טויט! אָן געפיל, אָן לעבן. דער סאָרט מענטש האָט ליב נאָר זיך, באַמערקט נאָר זיך און רעכנט זיך נאָר מיט זיך. אפילו צו די עלטערן אַליין איז זי אויך נישט איי־איי־איי... ווער־שמועסט צו דיר? ווער ביסטו? און וואָס ביסטו? נו אדרבא, אַנטפּלעק פאַר מיר דיינע פאַנטאַזיעס. וואָס אַזוינס קען זיך טרעפן, אַז אַזאַ וועלט־

לעך מיידל, אזא נישט פארגלייכלעכע שיינהייט זאָל פלוצלינג נעמען אַן אָרעם חסידל אין געלאַטעטע הויזן, אָן שקאַרפּעטקעס, מיט אַ טלית־קטן און מיט אַ תהילימל אין טאַש. אַ יינגל, וואָס האָט אויף זיין לעבן נישט באַזוכט קיין שול, וואָס גיט נישט קיין מיידל די האַנט, וואָס פאַרפעלט נישט קיין מנחה, שערט זיך נישט אָפּ די פּיאות העכער פונעם שיעור, טראָגט נישט אום שבת קיין נאָזטיכעלע און אַזוי ווייטער און ווייטער... נו, אדרבא, לאָמיך הערן, איך בין זייער נייגעריק. זיי אַ בריה און וואַרף אריבער אַ בריק פון דעם מין בחור צו דעם מין בתולה...

שלמה ראַנגלט זיך מיט אַלע כוחות. ער וויל נישט מודה זיין אין דער שרעקלעכער גערעכטיקייט פון זיין „ליבהאַרציקן וואָרעם”. זיין ליבע־געפיל כאַפּט זיך אָן אין אַ שאַרף פון אַ שווערד און פרעגט אויף צוריק:

— אין קיין נסים גלייבסטו דאָך נישט, ניין?

— נו, נו, רעד, רעד, איך וויל הערן, אויף וואָס פאַר אַ נסים וואַרטסטו?

— לאָמיר זאָגן אַזוי... נאָר שלאָג מיר נישט איבער...

...די געפּעאו פאַלט אויף אַ שפּור. פלוצלינג דעקט מען אויף יאַנים באַהעלטעניש. ער ווערט געכאַפּט און אַרויסגעשיקט אויף צען יאָר...

— אַלץ כדאַי, אַבי פאַלי זאָל זיין דיינע...

— דאַכט זיך, איך האָב דיר נישט איבערגעשלאָגן... קוים ווּעסטו מיר איבערשלאָגן אין דער מיט, וועל איך אויפהערן צו רעדן מיט דיר...

— נו, רעד, רעד, דו האָסט נאָך אַמביציע אויך צו די צרות...

...האָט מען יאַנין, הייסט עס, פאַרשיקט! זייער גאַנץ פאַרמעגן ווערט קאָנפיסקירט. מען טוט זיי אויס נאַקעט און — שוין! איך דאַקעגן פאַרמאָג שוין דאַמאָלסט שיינע עטלעכע רובל. אָדער איך ליי מיר ערגעץ. און שטיץ די טולטשינסקים מיט אַלעמען... איך גיב זיי מעגלעכקייטן צו לעבן אַזוי, ווי זיי זענען געוווינט פון כמעלניק. ויהי היום, פאַרלויפט זיך אַזאַ מעשה: איך קויף מיר צונויף ערגעץ אַ הורטל ספרים. ווען ס'איז געקומען צום סאָרטירן, איך טו אַ מיש, אוי... עפּעס ליגט דאָרט אַ שיין פאַפּירל. איך מיש ווייטער אין דעם זעלבן ספר: נאָך איינס! ווייטער: נאָך איינס! דריי אַלץ איינע פאַפּירלעך. איך הייב אָן צו לייענען, ווי אַזוי איך קען. ס'איז אַ פרעמדער אלף־בית. איך הייב אָן קלעפּן אַן אות צו אַן אות... כ'לעבן! ס'איז טויזנט דאָלאַר יעדעס איינציקס! געפונען דריי טויזנט דאָלאַר! עס ברענט מיר דעם מוח: אַזאַ אוצר... כ'הייב אָן נאָכפרעגן, צו וועמען האָט געהערט דאָס ספר? קיינער ווייסט נישט. אַ ספר פון שול. נישט אַנדערש, נאָר מען האָט זיך פון אויבן אַרומגעקוקט אויף מיינע לײַדן און אליהו הנביא האָט מיר זיי אונטערגעוואָרפן. איך פאָר באַלד אָפּ קיין מאָסקווע און פאַר איין טויזנטער ווערט יאַני אַרויסגערופן פון סאַכאַלין צוריק. ס'איז גאָר אַ טעות געווען. יאַני איז בסך־הכל קיין מאָל נישט געווען קיין קולאַק. איך פיר אים איבער מיט דער גאַנצער משפחה וווינען קיין קרים. אין האַלופּקע אָדער אין באַכטשי־סאַראַי. זאָל ער זיך נישט וואַרפן אין די אויגן דאָרט,

ווו מען קען אים... צו אַזעלכע זאַכן קען אַ מאָל שאַטן אַן עין־הרע. דער־נאָך פיר איך די פּיאַטיגאָרסקים אויך אַרויס אַהין. זאָלן זיי אויך אַ ביסל כאַפּן פרישע לופט. נישקשה, איך מעג זיך דאָס פאַרגינען... אויף דעם אַלעמען קען סטאַיען דער צווייטער טויזנטער. און נאָך אויף אַ יאָר צום לעבן. און נאָך מיט אַ סמיטשיק... ווײַנען מיר שוין, הייסט עס, אַלע ביים שוואַרצן ים! דאַן ווערט דער דריטער טויזנטער ספּעציעל אַריבערגעשיקט קיין ארץ־ישראל. פאַר דעם געלט באַקומען מיר אַלע די נייטיקע דאָקו־מענטן און פאָרן אַפּ „אַהין"... אויף דער שיף פירט מיך פאַלי אַפּ אין אַ זייט: זי קען שוין מער נישט אויסהאַלטן... זי ליבט מיך שוין פון זייער לאַנג... נאָך פון דאַמאָלסט, ווען מיר האָבן געוווינט ביים פּריץ... ווער שמועסט אַצינד... אויב איך פיל צו איר אויך דאָס זעלבע... אויב איך קען... אויב איך וויל... אַ שאלה ערשט, אויב איך וויל? די חופּה — ביים כותל־מערבי! דוקא דאָרט, ווו עס גיסן זיך טרערן... נישקשה, פאַלי דאַרף זיך אַ ביסל אָנזאַפּן מיט טרערן. וועט זי אַליין ווערן אַ ביסל גע־זאָלצענער... דו לאַכסט, זע איך? לאַך, לאַך... איך האָב דען נישט גע־ווּסט, אַז דו וועסט לאַכן פון מיינע חלומות?

— גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד וועל איך שרייען אין אַלע גאַסן. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זאָל אַ בחור פון ניינצן יאָר זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע ווילדע פאַנטאַזיעס? נישט גע־שטויגן, נישט געפלויגן... גלאַט אין דער וועלט אַריין. באַרעכן נאָר: סאַ־כאַלין, דאָלאַר, קרים, כותל־מערבי... נו, זאָג אַליין... עס קלעפּט זיך יאָ אַ וואָרט צו אַ וואָרט? אַ נאָרמאַלער מענטש קען דען ברענגען פאַרן מויל אַזעלכע ווילדע דבורים, אַז די האָר שטעלן זיך ממש קאַפּויר? אַ שטיי־גער, ס'איז דאָ אַזאַ מיידל ווי דינה דער מומע זלאַטעס. אַ גאָלד, נישט קיין מיידל! שיין, אַנטוויקלט, ערלעך, פיין און דער עיקר: אַ לב־טוב. און זי וואָלט דיך גענומען מיטביידע הענט... וואָס נאָך ווילסטו? ניין? לויננט דיר נישט? צי אַ שטייגער, דער טאַטע האָט דיך געבעטן, אַז דו זאָלסט צופאָרן אַ קוק טון קיין אַנאַניעוו. ביי דער מומע טייבל איז דאָ די מי־זינקע, דערציילט מנשה, אַז ס'איז גאָר אַזעלכעס ווי אַזוינס... טויג דיר אויך נישט? וואָס דען גלוסט זיך דיר — פאַלי? ס'קען זיך דיר נאָר חלומען אַ פאַלי!... אַזוינס טרעפט איין מאָל אין אַ יובל, אי דאָס — נישט פון דיינעט וועגן... עס זענען דאָ גרעסערע אַנטיקן פון דיר...

— הער־זשע, דו... מעפיסטאָפל מיינער! נאָר הער מיט קאָפּ. כדי מיר זאָלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל האָבן אָט דעם שמועס פאַרענדיקט אויף שטענדיק, וועל איך דיר זאָגן אויף קורץ און פרעג מיך מער נישט קיין קשיות... דעם טאָג, וואָס פאַלי וועט גיין צו דער חופּה מיט אַ צווייטן, וועל איך זיך אַליין דעם טויט מאַכן... גענוג פאַר דיר? איצט פאַרשטייס־טו שוין, וואָס פאַר אַן אָרט עס פאַרנעמט ביי מיר דיין מוסר מיט דיין תכליתן מיך און בכלל דיינע דרשות?...

# קאפיטל VIII

אין יענעם יאָר איז געווען אַ פריע וועסנע. די פעלדער האָבן זיך פרי אויפגעבאָפּט פון שלאָף. די יונגע ליכטיקע זון האָט זיי צוגעזאָגט גיך און שיין צו באַקליידן. די מילכיקע נעפּלען האָבן אויפגעפרעסן די קויטיקע שנייפלעקן און זיי פאַרוואַנדלט אין קלעפּיקער פּאַרע, אין לופטיקער פייכטקייט. דער רירעוודיקער האַראַפּאַשניק, דער אוקראַינער פּויער, האָט מיט גרויס התמדה אונטער די ליבלעכע זונענשטראַלן געריייניקט דעם אַ־קער, די „זיי־קאַסטנס", פאַרריכט דעם געשפּאַן פון זיינע געטרייע פּרנסה־געבערס און האָט מיטן גאַנצן הויזגעזינד אויסגעשאָטן אין פעלד אַריין. די סוויטקע — אויפן פערדס רוקן, די אַרבל — פאַרקאַטשעט העכער די עלנבויגנס, די קורצע מוסקולדיקע פערדלעך מעסטן די טריט שטאַרק באַשובט און אָטעמען איין אין זיך דעם נאָך־ריח פון פאַראַיאָריקער פּאַשע.

דערווייל האָט די וועסנע נישט אויף קיין קאַטאָוועס באַהערשט די וועלט. פּורים־צייט איז שוין יונגוואַרג געגאַנגען אין איינע העמדלעך. די טראָטואַרן — ריין, טרוקן. די לופט פריש, גלעטנדיק, אַ פאַרגעניגן ווי אַ געטרייע מאַמע.

אַלטע לייט האָבן געשמוצערט מיט די ליפּן:

— חודש אייר, נישט אדר. עפּעס אַן איבערגעקערטע וועלט...

שלמה פאָרט שטעטל־איין, שטעטל־אויס און זיין פּאָלי „פאָרט מיט" אויף דער פור. ער קומט צו פאָרן אין אַ שטעטל, גייט ער קודם־כל מקבל־שלום זיין ביים רב. דאָרט זיצט ער אַוועק געשוואָלענע עטלעכע שעה, רעדט פון לערנען, שמועסט אַ ביסל פון רבישע תורות, דערציילט אים נאָך נישט געהערטע בעלשמסקע מעשות, גלייכווערטלעך. ווען ער גע־ווינט דאָס קליינשטעטלדיקע רבל אויף זיין זייט, דאַן רעכנט אים דער רב אַליין אויס, ווו און ביי וועמען עס קענען זיין ספרים צו פאַרקויפן. ער זאָגט אים נאָך צו אַליין איבערשמועסן מיט די בעלי־בתים. קיין בעסערע רעקלאַמע דאַרף שלמה נישט, דער רב אַרבעט שוין פאַר אים.

צווישן מנחה און מעריב טענהט דער רב איין מיט די בעלי־בתים:

— איר פאַרשטייט אַ מעשה? ס'איז דאָך גאָר אַ קידוש השם... די ספרים וואַלגערן זיך אויף די בוידעמס, מייז עסן זיי, דער שימל, דער זשאַווער, דער רעגן, די היצן... וואָס, ווער, וועמען?... ווער לערנט אין זיי, ווער קוקט אין זיי?... אונדזערע קינדער אפשר וועלן זיך צוכאַפּן צו זיי?... סיידן אַזוי!... עס קען שוין דאכט זיך אַוועקגיין אַ שאָק מיט יאָרן, ביז אונדזערע פּיאַנערלעך וועלן זיך אומקערן צו „אביי ורבא". און די טאַטעס אַליין — אויך מחילה... שוין אָפּגעווווינט... און דאָ דער „גאָס־טאָרג" קויפט אַלערליי ספרים אויף עקספּאָרט. אין ארץ־ישראל, אין אַמעריקע און בכלל אין אַלע לענדער, דאָרט וועט מען לערנען פון זיי

ווי ביי אונדז אַ מאָל אין די גוטע יאָרן. אַ קידוש־השם בפירוש... און דאָס בחורל וואָס קויפט איין די ספרים, אַ זוועניגאָראָדקער איז ער, איז אַ „צני מלא ספרא״! ממש אומגלויבלעך. ער קען רעכט לערנען און איז אַ חסידישער בחור. און בכלל זעט מען: אַ טאַטנס אַ קינד. דאָס פּנים זאָגט אוים...

די בעלי־בתּים זענען זייער נייגעריק אָנצוקוקן דאָס בחורל. מען זוכט אים אויף אין מזרח־ווינקל, דאָרט טרעפן זיי אים זיצן אָנגעשפּאַרט מיט ביידע עלנבויגנס אין אַ שטענדער און אריינקוקן אין אַ רמב״ם. עס פליען שלום־עליכמס פון אַלע זייטן. דער פרעגט דאָס, דער פרעגט יענץ, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, עס פאַרבינדט זיך אַ שמועס. איינער גיט אים אָן זיין אַדערס: ביי אים שטייט אַ שאַפע ספרים. נאָך איינער גיט אָן אַדרעס. איינער קוקט אויפן צווייטן. עס גיבן זיך אַ שיט אַדרעסן פון אַלע זייטן. דער גבאי טענהט, אַז די שול איז בילכער. צום אַלעם ערשטן דאַרף מען צונעמען פון דער שול, וואָס איבעריק איז. זאָלן יידן ערגעץ לערנען, אפשר אין זייער זכות וועט קומען דער גואל־צדק...

שלמה האַלט אַ נאָטיץ־ביכל. נישט געכאַפּט פאַרשרייבט ער יעדנס אַדרעס, דאַן גיט ער אַ פרעג ביים „רעדל״:

— אפשר ווייסט איר פון אַ צימער, איך וועל גוט באַצאָלן.

עס ווערט אַ בהלה: אַ צימער, אַ גרויסער צימער, אַ צימער מיט עלעקטריע, אַ צימער מיט בעטגעוואַנט, מיט מעבל, מיט אַ פּאָר יינגעלעך אויף צוהעלפן צו די ספרים... בקיצור, אַלע האָבן איבעריקע צימערן. דינגט ער אַ צימער, צעלייגט דאָרטן זיינע חפצים, הענגט אויף דעם מאַנטל אויף דער וואַנט, די תפילין אויפן פענצטער און — שוין: אַ פאַרטיקער בעל־הבית! בלייבנדיק אַליין פאַרוואַרפט ער דאָס קייטל אויף דער טיר. ס'איז ביי אים קיין ספק נישט, אַז „זי״ וואַרט שוין דאָרט אויף אים ווי שטענדיק. אויף זיין מידן פּנים שווימט אַרויף אַ שעמעוודיקער שמייכל. ער פרעגט ביי „איר״:

— וואָס זאָגט איר, פאַלי, צו דעם צימער, איז אַ נישקשה?...

און די ציכטיקע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער, דער ווילנער גאון אין טלית־און־תפילין און משה מאָנטיפיאָרע אין זיין פורפור־מאַנטל, אַלע ענטפערן אים פאַר „איר״:

— זייער שיין, טאַקע גאָר, גאָר פיין...

ער גייט אין שול אַריין אין דער פרי און אויף דער נאַכט. ער קען זיך שוין מיט דער גאַנצער שטאָט. ער דערליידיקט איין קליענט נאָכן צווייטן, שטרייכט אוים אין זיין ביכעלע איין אַדרעס נאָכן צווייטן. ער קוקט אָן ספרים, קלייבט אָפּ, וואָס אים טויג. דער באַרג ספרים אין צימער וואַקסט. דאַן ברענגט ער קאַסטנס, טשוועקעס, שטריק. ער סאָרטירט די ספרים: ש״ס באַזונדער, פוסקים ווידער באַזונדער. דאָס וועט זיין אַקוראַט אויף אַ קאַסטן מוסר־ספרים, דער קאַסטן — חקירה־ספרים. ער פּאַקט איין, פאַרשנורעוועט, שרייבט אָן די אַדרעסן און טוט בשעת־מעשה נאָך אַן

ארבעט: ער הערט נישט אויף צו שמועסן מיט „איר". ער באַאַרבעט איין שטעטל נאָכן צווייטן. ער האָט שוין באַזוכט זעקס, זיבן שטעטלעך, אומעטום לעקט מען פון אים די פינגער, מען טראָגט אים ממש אויף די הענט. אייניקע טראָגן אפילו אָפּ אויף זיין אכסניה ספרים אומזיסט, אָן אַ גראָשן געלט, נאָר פאַר זיין חן, פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער סימ־פּאַטיע. אַנדערע ווידער פאַרבעטן אים אויף אַ וועטשערע, פּרווון מיט אים אַ שמועס טון, צי קלערט ער נישט מכח אַ תכלית... צי וויל ער נאָך נישט ווערן קיין בעל־הבית פאַר זיך... ער אָבער הערט זיך גאָרנישט צו, וואָס מען רעדט צו אים. ער ווייסט נאָר איין זאַך, אַז מען לאָזט אים נישט אויסרעדן מיט „איר" קיין צוויי ווערטער. דאָס ווייסט ער גוט. ער האָט מיט איר אַזוי פיל צו שמועסן... נאָך דאָס נישט אָפּגערעדט, נאָך יענץ נישט באַשלאָסן, און דאָ לאָזן אים די יידן נישט לעבן מיט זייערע וויזיטן, מיט זייערע תכליתים. טאַקע נאָר אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען.

די לעצטע וואָך פאַר פסח. עס איז פולער זומער אין דרויסן. שלמה פּאָרט פון ליסענקע קיין זוועניגאָראָדקע אויף אַ פורל ספרים. אויפן כאַמע מיטן וועג שטייט אַן אומגעהייער גרויסער וואַלד: „כאָלאָדנעי יאַר". דאָס איז דער גרעסטער וואַלד אין יענע קאַנטן. די לענג פון דעם וואַלד איז צוועלף „גאָסן", אַ האַלבער קילאָמעטער — יעדע. אַריינגעפּאָרן אין דער ערשטער „גאָס", ווערט טונקעלער. ס'איז נאָך פרי, די זון באַהאַלט זיך ערגעץ הינטער די ביימער. ס'איז עטלעכע טעג נאָך אַ רעגן. דער שליאַך איז גלאַטיק, צעשניטן פון רעדער און גלאַנצט ווי אַ רימען ביים שערער. אויף די שפּיץ ביימער גרינען זיך קליינע קאַפּעליושלעך, די ערד איז באַצויגן מיט אַ דינעם גרינעם שפּינוועבס, פון ערגעץ ווו דערטראָגט זיך אַ נישט דרייסט סווישטשען פון פייגעלעך און אַ נישט דייטלעכער גערויש פון געהיימע וואַלד־היהלעך. שטיפערישע זונענשטראַלן שטעכן דורך דעם גראָבן וואַלד־מאַסיוו און שפּילן זיך מיט די פערדס גריוועס. שלמה שפּרינגט אַראָפּ פון וואָגן און לויפט אין גאַלאָפּ צום וואַלד. לויפנ־דיק שרייט ער צום פורמאַן:

— פּאָרט, פּאָרט! מיר'ן זיך טרעפן נאָכן וואַלד. וויאָ, פּאַשאָל! אויף מיר וואַרט נישט!

ער לויפט אין איין אימפּעט דורכן וואַלד, אָן סטעזשקעס, אָן אַ סימן פון אַ וועג. מיט יעדער מינוט פאַרגיכערט זיך דער געלויף, ער שפּרינגט אונטער, כאַפּט זיך אָן אין נאַקעטע צווייגן, הענגט אויף איין פינגער, הוידעט זיך אויף זיי, דאַן לאָזט ער אָפּ די הענט און גיט אַ פאַל אויפן פּלאַטשיקן גראָז. ער קושט די מאַמע ערד און קוויקט זיך:

— איי, גוט! איי, גוט! דאָרט, ווו קיין מענטשנס הענט האָבן זיך נאָך נישט צוגערירט, נאָך נישט באַוויזן צורעכטצומאַכן די נאַטור, איז טאַקע גוט, איז טאַקע פריי. פרעג זיך נישט אָן, טו וואָס דו ווילסט! שעם זיך נישט פאַר קיינעם, דאָ ביסטו, גאָט, און מער קיינער... פאַר אים

דאַרפסטו נישט מאַכן קיין אָנשטעלן, ער ווייסט דעם ריכטיקן פּרייז פון קראַסאַוויצעס, וואָס מעלה־גירהן ענגליש, וואָס קליידן זיך אין קרעפּ־דע־שין, וואָס באַשמעקן זיך מיט אָ־דע־קאָלאָן. פאַר אים מעגסטו זיך אויס־רעדן דאָס האַרץ, ער וועט דיך פאַרשטיין...

און שלמה הערט זיך איין אין דעם אינערלעכן קול און רעדט זיך טאַקע אָפּ פון האַרצן. ער רעדט, ער וויינט, ער ריטשעט אויפן גאַנצן וואַלד. ער יאָמערט אויף זיינע אָפּגעשניטענע יאָרן, אויף זיינע בעסטע כוחות און בעסטע געפילן, וואָס ווערן אַרויסגעוואָרפן אויפן ווינט. די בלוטן זידן אויף אין אים, אַלץ אין אים ברויזט אויף... גוואַלד, פאַר וואָס? גוואַלד, פאַר ווען? פאַר וואָס קומט אים דער אומגליק צו קענען אָט די מרשעת, אָט די גיפסענע קוקלע, אָט דעם מלאך־המות זיינעם?... עס דערמאָנען זיך אים אַלע ליידן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען צוליב איר, ער וויינט און וויינט, דער גאַנצער וואַלד וויינט מיט אים. ער דער־מאָנט זיך אין ציון... פּאָלי און ציון גייען ביי אים געפּאָרט זאַלבעצווייט. טראַכט ער פון ציון, מוז ער אַרויפקומען אויף פּאָלין, טראַכט ער פון פּאָלין, מוז ער אַרויפקומען אויף ציון. און עס כאַפּט אים אָן אַזאַ שרעק־לעך בענקעניש, אַזאַ אומדערטרעגלעך נאָגעניש: אוי־אוי־אוי!... אין עטלעכע טעג אַרום איז זמן חרותינו, חג האביב. צי ווייסט דאָס לאַנד דאָרטן, צי ווייסט די הייליקע היים אונדזערע פון אירע קינדער, וואָס שמאַכטן דאָ אין גלות? וואָס טרוקענען פון בענקעניש, פון אומבאַ־האָלפנקייט, וואָס באַוואַשן זיך מיט בלוטיקע טרערן, ווער — אַרבעטנ־דיק ביים סטאַנאָק, ווער — טראָגנדיק שווערע פּעק, ווער — אין צוג ביים אָפּענעם פענצטער, זייענדיק נע־ונד אַ גאַנצע וואָך צוליבן וויסטן שטיקל ברויט, און ווער — ליגנדיק אויפן גרינעם גראָז, ערגעץ־ווו אין אַ פאַרוואָרפענעם וואַלד.

אַלע יסורים, וואָס ער שטייט אויס פון פּאָלין, רוקן זיך ערגעץ אָפּ... פאַרשווינדן אין הינטערגרונט, אין אָפּגרונט פון זיין נשמה אַלץ ווייטער, אַלץ ווייטער... קליין און נישטיק ווערן זיינע אייגענע צרות קעגן דעם חורבן פון דעם כלל־ישראל. זייענדיק אַ יושב־אוהל ווייסט מען נישט אויף אַזוי פיל. אָבער איצט פּאָרט ער אַרום איבער יידישע שטעטלעך. די זעלבע שטעטלעך, פון וועלכע עס האָט אַ מאָל אומאויפהערלעך גע־שאַלט דער קול־תורה, פון וואַנען עס פלעגן זיך אַרויסכאַפּן די גוואַלדיקע מתמידים, די גאונישע קעפּלעך, די צירלסאָנס און די אַהרנסאָנס, די ביאַ־ליקס, די מענדעלעס. ערשט איצט זעט ער, וואָס אין די יידישע שטעט־לעך איז פאַרבליבן... שראַג־מעראַג* מיט אינדיק־זוימען... אין יעדן שטעטל, עס מעג זיין ווי גרויס, — איין שולכל! אין דעם שולכל — איין מנין! און דער מנין באַשטייט פון בלויז זקנים. קיין איין יינגעלע נישט. קיין איין יונגערמאַן. וויפל איז ערשט דאָ פון דער רעוואָלוציע?... אַזאַ

* שראַג־מעראַג... — געמיינט: גאָרנישט מיט נישט.

קראַך! אַזאַ שמד! אַ שטילע שׂרפה. דער יידישער שׂר אין הימל איז נעבעך אַ גרויסער „נשׂרף". אָפּגעברענט געוואָרן פון זיינע רוסישע יידן ביז איין פּאָדעם. וווּהין זענען אַהינגעקומען די ייִנגעלעך? די יונגע־לייטלעך? די מלמדים מיט די גענדזענע טייטלען? די רביצינס מיט זייערע מלא־טעמעדיקע געקאָכטע קוקורוזעס? די ווינטערדיקע חומש־נעכט מיט די פּאַפּירענע לאַמטערנס? ווּהין זענען אַהינגעקומען די שאַרפע קעפּעלעך מיט די געקרייזלטע פּיאהקעלעך, מיט די בלאַסע פינ־גערלעך, מיט די בליצנדיקע אייגעלעך, מיט די געהויבענע אויפטועון, מיט די שפּאַרענישן פאַר אַ „כלומר", פאַר אַ „ודוק", פאַר אַן „איפּכא מסתברא"? פאַרלאָשן געוואָרן דאָס פייער אויפן מזבח פון דער תורה! פאַרטריבן די יונגע שעפּעלעך אויף פרעמדער פּאַשע... צו פיינטלעכע פּאַסטעכער...

און דאָס האַרץ צערייסט זיך אים אויף שטיקער פאַר ווייטיק, פאַר אַנגסטן אויף גלות־השכינה, אויף גלות ישׂראל און באַזונדערס אויפן גרויסן אומגליק פון די יידן אין רוסלאַנד, ווו פון שעה צו שעה ווערט אַלץ שווערער צו זיין אַ ייד...

# קאפיטל IX

אַ פּסח האָבן זיי אומגעריכט געהאַט זייער אַ פריילעכן. אומגעקערט פון וועג האָבן זיך נאָר זיי אין דרייען: מנשה דער רב, שלמה און זיין פאָטער. פאַר די זעקס חדשים פון סוכות ביז פּסח זענען זיך פון כמעלניק צעפאָרן אַן ערך פון אַ צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יידישע משפחות. אַ סך זענען אַוועק, אַזוי ווי יאַני, אויס מורא פאַר דער „ראַסקולאַטשעוואַניע". נאָר אַזעלכע זענען געווען זייער ווייניק. אין קליינע שטעטלעך זענען עפּעס דאָ פיל גבירים?... דאָס רוב זענען זיך צעלאָפן דעקלאַסירטע יידן, וועלכע האָבן אויף זייער לעבן, חוץ דאָס קלייטל מיט דער וואָג, גאַרנישט געקענט און גאַרנישט געטון. איצט, נאָכן קראַך פונעם נעפּ, האָבן זיי זיך צעלאָזט איבער די גרויסע שטעט זוכן זייער מזל. מיכאל און יחיאל זענען שוין געווען צוגעבונדן צו זייערע „שטעלעס" און אַהיים נישט געקענט קומען. אין רוסלאַנד וואַרפט מען נישט אַוועק קיין פּאָסטן און מען פאָרט צום טאַטנס „סדר". מהאי טעמא איז טאַקע שבת־הגדול געווען אַ יללה ביים זיידן אין שטוב. די מומע ברכה האָט אויף זיך געריסן די האָר:

— איך האָב נישט קיין הארץ זיך נעמען אַריינפירן פּסח ביי אונדז אין שטוב. די מאַמע פעלט מיר אויס אויף יעדן טריט און שריט. און טאַקע מיכאל, און טאַקע יחיאל. מיין הארץ וועט דאָס נישט אויסהאַלטן. ס'וועט פּלאַצן פאַר ווייטיק.

דערהערט פון איר אַזעלכע דיבורים האָט מען שוין געפּראַוועט פּסח צוזאַמען, אַלע פּיאַטיגאָרסקים, ביי אפרים־אהרונען אין שטוב. פאָרט ווען ס'איז היימלעכער, איז די ווונד אַ ביסל צוגעדעקט, דער ווייטיק אָפּגעטעמפּט.

עטלעכע טעג פאַר פּסח.

אפילו די געריטמטע כמעלניקער בלאָטע איז עפּעס איינגעדאַרט געוואָרן, ליגט אַ פריטשמעליעטע און טשעפּעט מער נישט די דורכגייער. אויפן דאָרף, אין פעלד — כאָטש טו זיך אויס און גיי אַ טענצל. פון ביידע זייטן שליאַך — גרינע טעפּיכער. אַ פּסחדיק ווינטעלע קעמט געטריי די גרינע הערעלעך און דערטראָגט דעם קוויקנדיקן ריח גלייך אין די נעזער פון די שפּאַצירנדיקע.

שלמה מיט מנשהן האָבן זיך אַרויסגעריסן ביי די ווייבער פון דעם ערב־פּסחדיקן טאַראַראַם. זיי פאַרלאָזן דאָס שטעטל, מיידן אויס דעם פוסטן „געגעראַלשעם פּאַרק" און קומען אַרויס אויף די בליענדיקע פעלדער. זיי באָדן זיך אין דעם גאָלדענעם פרילינג און לאָזן נישט דורך קיין איין חנדעלע אומבאַמערקט. די גאַנצע נאַטור איז פאַר זיי אָפן און צוטריטלעך. זיי לייענען אין גאַנץ בוך, וואָרט ביי וואָרט, נישט געכאַפּט, און פילן דערינען אַלע טעמים.

שלמה מיט מנשהן, דאָס איז עלעהיי דוד מיט יהונתן... די פופצן יאָר, וואָס איינער איז עלטער פון צווייטן, ווערן נישט גערעכנט. ווער קוקט אויף עלטער, ווען ביי זיי ביידן איז איין הארץ, איין נשמה און די זעלבע געדאַנקען...

— מנשה, וואָס איז געוואָרן מיטן שידוך פאַר אייך? דאָס מאָל איז עפּעס געראָטן?

— ווען עס זאָל געווען געראָטן, וואָלסטו שוין געוווסט... עס איז לעת־עתה נישט געראָטן.

— אַלץ נישט צום האַרצן? ווען וועט איר שוין אַ ביסל אָפּטרעטן פון אייערע עסטעטישע חומרות?

— איך בין שוין אָפּגעטראָטן... אָ! איך בין שוין גענוג אָפּגעטראָטן... איך זע אָבער באַשיינפּערלעך, אַז וואָס ווייטער, ווייזט מען מיר אַלץ ערגערס.

— אָבער איר דאַרפט דאָך געדענקען —

— איך ווייס גאַנץ גוט, גלייך מיט דיר, וואָס איך דאַרף געדענקען... אָבער מיין עלעמענטאַרער געפיל אַלס מענטש האָט מיר נישט דערלויבט זיך פאַרבינדן מיט אַזאַ מין מיידל, ווי מען האָט מיר דאָס מאָל פאָר־געלייגט. דאָס איז שוין לחלוטין „פלייש מיט אויגן", רחמנא ליצלן...

— אָבער ווי קלערט איר, אויף דעם „פלייש מיט אויגן" וועט זיך אויך געפינען אַ בעלן צי ניין? ווועמען זשע איז נאָך אַזוי נייטיק ווי אייך —

— גלייב מיר, שלמה, איך האָב מיט זיך אַליין גענוג געהאַרעוועט און איינגעטענהט. איך האָב זיך אַליין געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ביי פינף און דרייסיק יאָר וועט מיך שוין קיין מיידל פון זיבעצן יאָר נישט נעמען... דו מיינסט, אַז איך ווייס דאָס נישט? פאַר וואָס זאָל זי זיך נעמען פאַר אַ מאַן אַ יידן, וואָס פּאַסט איר פאַר אַ פאָטער?... כ'ווייס דאָס גאַנץ גוט, בעסער ווי יעדער איינציקער. ווייטער איז נישט יעדעס מיידל גרייט צו נעמען ביי היינטיקע יאָרן אַ רב, אַ מענטש, וואָס קען נישט קיין שום מלאכה און נישט צו אַלע מלאכות קען ער זיך נעמען. און דערצו מיט אַ קראַנקער מאַמען, מיט צוויי שוועסטער צו לייטן. איינע שוין באַלד צו פיל צו לייטן און נאָך אַ שלאַק אַ פּורעניות. און ביידע אָן אַ גראָשן געלט, אָן אַ קלייד אויפן לייב. דו זאָלסט נאָר נישט מיינען, אַז איך פאַרגעס כאָטש איין פּיצעלע פון מיין בינטל צרות. עס לאָזט מיך נישט פאַרגעסן!... וואַרט, כ'ווייס, וואָס דו ווילסט זאָגן, כ'ווייס דאָס אויך, אַז נישט אַלע מאָל פאָר איך אַרויס אויף דער וועלט. די הוצאות זענען אין גלות און אַז איך פאַרדין טאַקע נישט די צוויי רובל אַ טאָג, איז נישטאָ אין שטוב קיין „המוציא", כאָטש גיי און פאַר־קויף אַ קישן. אַלץ ווייס איך און דאָך האָב איך נישט געקענט נעמען אָט דאָס מיידל. פאַרקערט, ווי אויף צו להכעיס בין איך איר דווקא שטאַרק געפעלן געוואָרן. זי איז מיר נאָכגעגאַנגען פּוסטריט: „מנשה,

פאַר וואָס קומט איר נישט? פאַר וואָס זעט מען אייך נישט?״ — און אפשר איז דאָס גאָר אַ חסרון, וואָס זי האָט מיר געוויזן, אַז איך געפעל איר? בעסער שוין וואָלט זי געווען געפּרוווט אַ קניטש טון מיט דער נאָז, אפשר וואָלט מיך דאַן געווען אָנגענומען אַ גרעסערער חשק... ווייסט זי דער גוטער יאָר, וואָס זי האָט זיך אין מיר אַזוי אָנגעכאַפּט: מנשה, מנשה, אַזוי ווי עפּעס אַן אבן־טוב... נאָר מילא, וואָס עס איז געווען, איז שוין געווען. איך האָב נישט געקענט זיך אַליין פאַרשעמען און זיך נעמען אָט דאָס „פליש־וואָרג״ אין שטוב אריין. דו פאַרשטייסט? דאָס איז אַ גוף אָן אַ נשמה... פאַרקערט, אַזוי דוקא וועסטו גאָרנישט דער־קענען. זי רעדט, לאַכט. אדרבא, זי לאַכט שוין צו פיל... נישט אַלע מאָל, ווו עס פּאַסט... רעדט מען פון טעאַטער, פון קינאָ, פון אַ ביכל, מישט זי זיך אריין. כ׳וויים נישט, צי זי ווייסט טאַקע צי נאָר, מחמת זי וויל זיך אויספּיינען. ווידער, טאָמער רעדט מען פון אַ דין, אַזוי איז זי אויך דאָ אין דער מיט. דאָס האָט זי געהערט פון איר באָבען, דאָס האָט זי געזען ביי איר מאַמען און דאָס האָט זי אַליין אַרויסגעלייענט פון „קב־הישר״ און פון „שבט־מוסר״. אַ גאַנצע צדקניית... פּונקט דאָס, וואָס איך האָב ליב... אוי, דער רבונו־של־עולם ווייסט דעם אמת, אַז איך האָב נישט געטאָ־ט נעמען אָט די בתולה. אַלע יאָרן וואָלט מיר געשמעקט מיט נבלה...

— מנשה, אַזוי רעדט מען פון אַ בת־ישראל? און ווו איז כבוד הבריות?

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערן? דו קענסט דאָך מיך פאַר אַ באַ־רעדער... אָבער אַז עס איז פאָרט לא יצלח, עס שלאָגט צו דער גרינער גאַל. אַך, אַך, אַך... ווען זי איז כאָטש מיט איין תנועה געראָטן אין מיין דינהן, כאָטש אַ רמז, וואָלט איך זי געכאַפּט מיט ביידע הענט. אגב, כ׳בין געווען אין אָדעם ביים טאַטן, פרעגט ער מיך, צי ס׳איז גאָרנישט ביי שלמהן מיט דינהן. ער, זאָגט ער, וואָלט שטאַרק געוואָלט. און איך, פאַרשטייסטו דאָך אויך, און דו וואָלסט נאָך גיכער געדאַרפט וועלן פון אונדז אַלע. נאָך אַזאַ דינה איז נישטאָ... דו פאַרלירסט אין איר אַן אוצר בלום. דו ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ האַרץ דאָס מיידל האָט. עס וועט דיר אַלע יאָרן באַנג טון...

שלמה לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. אַרום זיי איז נאַקעט, פריש צעאַקערט פעלד. די מילדע זון שפּילט זיך מיט יעדן גרעזעלע, וואָס האָט שוין באַוויזן זיך אַרויסצוכאַפּן פון די נאָך האַרטע הרודעס. שלמה האָט שווער געשוויגן.

— שלמה... דו זיי נישט אַזוי... מילא, ניין איז ניין. מיר גלייבן דאָך עפּעס אין השגחה. אַ פּנים ס׳איז נישט באַשערט... וואָס שווייגסטו, וואָס?

מנשה הייבט אונטער שלמהן דעם קאָפּ, שלמה וויינט. ער שלינגט

שטיל די טרערן און שווייגט. מנשה דערלאַנגט אים אַ ליכט פּעטשל איבער די ליפּן:

— ע... ביסטו דאָך טאַקע אַ שוטה, אויב אַזוי... וואָס ווייסטו? דו מיינסט טאַקע, אַז ביי אַ שידוך האָט דער מענטש די גאַנצע דעה? און ווו איז עפּעס די השגחה? און ווו איז דער כרוז פון „ארבעים יום קודם יצירת הולד"? גאָרנישט, אַ מענטש דאַרף זיך אויפפירן לאָגיש, מער קען מען פון אים נישט פאָדערן. אָבער אָנפירן פירט מען מיט אים אָן פון אויבן. דו טראַכסט נאָך אַלץ פון „איר"?... דו קלערסט טאַקע, אַז עס וועט אַ מאָל יאָ עפּעס זיין דערפון? דו אַליין גלייבסט יאָ דערינען?

— איך ווייס, צי איך גלייב? איך ווייס בכלל גאָרנישט.

— דו אפשר ווייסט נישט, אָבער דערפאַר ווייס איך זייער גוט. זאָגן קען איך דיר נאָר איינס, אַז מיין דינה איז נישט דיין זווג, דאָס בין איך שוין גרייט צו גלייבן. ווייל, ווען ס'איז נישט אַזוי, וואָלסטו מרוצה געוואָרן פונעם ערשטן וואָרט. וואָרעם ווי איז דען מעגלעך אַזאַ דינהן נישט צו וועלן? אלא וואָס דען, ס'איז נישט דיינס, דערפאַר קוקסטו שוין מיט אַנדערע אויגן, דערפאַר איז דיין האַרץ טויב און שטום לגבי איר. ווי געוויינלעך, אַז מען איז צו אַ זאַך פרעמד... קאַלט... מיט איין וואָרט, דאָס בין איך שוין נוטה צו גלייבן, אַז דינה איז נישט דיין באַשערטע, אָבער נאָך שטאַרקער גלייב איך, אַז פאָלי איז אויך נישט דיין באַשערטע... אוי, עפּעס ליגט זיך עס נישט אויפן שכל. עס קריכט נישט אין האַרצן אַריין. דו שווייגסט, האַ? איך דערקען אין דיר, אַז דו ביסט דער זעלבער מוצלח וואָס איך. נישט מער, דיין טעות, בין איך זיכער, וועט קיין צען יאָר נישט דויערן. דו ביסט צו אַ הייסער בחור, כדי אַזוי לאַנג צו וואַרטן. אָבער מיין טעות האָט יאָ אַזוי לאַנג געדויערט. מיר אַוועקגעפּטרט דאָס לעבן. אַן עק... זאָל שוין זיין גענוג... דערציי‌ל עפּעס פון קיעוו. דאַכט זיך, יענע וואָך ביסטו דאָרט געוועזן?

# קאַפּיטל X

וואָס עלנטער און איינזאַמער עס איז געוואָרן אין כמעלניק נאָך דעם צעפֿאָרן זיך פֿון די עטלעכע משפּחות, אַלץ ענגער האָבן זיך צוגויפֿגעלעבט די געבליבענע, אַלץ האַרציקער און ברידערלעכער זענען געוואָרן די באַציאונגען פֿון איינעם צום צווייטן, אַלץ מער האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן איינער מיטן אַנדערן. מען האָט ערשט אָנגעהויבן צו באַמערקן אַ שכן, אַ ווייטן קרוב. יעדער מענטש האָט באַקומען אין שטעטל אַ וואָג, אַן אָרט. ביי אפרים־אהרונען אין שטוב איז יענעם פּסח די פֿרייד געווען אַ פּילפּאַכיקע. ערשטנס האָט קיינער אין שטוב נישט געדענקט אַזאַ פֿאַל, אַז שלמה מיטן פֿאָטער זאָלן צוזאַמען אָפּפֿאָרן אויף פֿיר, פֿינף וואָכן. די גאַנצע צייט פֿון זייער אָפּוועזנהייט האָט מען זיך אין שטוב נישט געקענט איינהאַלטן פֿאַר אומעט. די בני־בית זענען אין שטוב אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער, גערעדט שעפּטשענדיק און מער אויפֿן ווונק, ווי אין שטוב וואָלט געלעגן אַ חולה, וועמען אַ הויך וואָרט קען נאָך אויפֿוועקן. מען האָט כמעט קיין מיטאָגן נישט געקאָכט. עס איז נישט געווען דער פֿאַל, אַז די מוטער מיט די קינדער זאָלן זיך זעצן צוזאַמען עסן ביים טיש, נאָר איינציקווייז, בגנבה איינער פֿאַרן צווייטן ווי אויף אַ שלעכטן יאַריד. מען האָט געפֿילט, אַז פֿון דער שטוב איז אַוועקגעפֿלויגן די נשמה.

ווען דער פֿאָטער מיט שלמהן האָבן זיך אומגעקערט אויף פּסח מיט גאַנץ שיינע עטלעכע רובל פֿאַרדינסט, האָט שוין צפּורה געגרייט אַ פּסח, טאַקע ווי זי קען. מיט די בעסטע גענדז, מיט די שענסטע פֿיש, מיט אייער און ווייַן לרוב, מיט איין וואָרט — כיד המלך. ערשט נאָכן פֿאָרטערם קומען האָט מען פֿאַרמאַכט דאָס איינפֿאָרהויז. אַן עק! גענוג צו באַדינען יענעם פֿון אין דער פֿרי ביז נאַכט פֿאַר אַ האַלבן רובל! מען האָט אויפֿגערוימט פֿון דער שטאַל אַלע רעשטלעך פֿון מעטאַל, פֿעדערן, שמאַטעס, ביינער, קלאָטשע, גלאָזבראָך. דאָס אַלץ האָט מען אַנגעלאָדן אויף צוויי פֿורן און אָפּגעשיקט קיין זוועניגאָראָדקע אין צענטראַלן כּקלאַד. אוים! ברוך שפּטרני! גאָט וועט מוזן ווייזן אַ וועג, ווי אַזוי זיך דורכצולעבן אָן עפּושדיקע פֿעדערן און אָן רינענדיקע ביינער. און צו לעצט, אין דעם טאָג פֿון בדיקת־חמץ, האָט מען מיט גרויס פֿאַראַד צענומען דעם וועבער־סטאַנאָק און אויפֿגערוימט דעם גאַנצן שמוץ פֿון אָט דער שטויביקער בריאה. מען האָט אויסגעוואַשן די פֿאָדלאָגע אויף דעם אָרט, וווּ עס איז געשטאַנען דער סטאַנאָק, און חברה קליינוואַרג זענען אַוועק טאַנצן אַ קאַדריל אויף דעם פֿריש דעראָבערטן שטיקל צימער. עס האָט זיך ממש אַליין נישט געגלייבט, אַז מען איז מיט אַ מאָל באַפֿרייט געוואָרן פֿון אָט די אַלע אומגליקלעכע פּרנסות. האַלבע נאַכט, אין גרויסן פֿראָסט, וועט מען שוין נישט מוזן אַראָפּגיין עפֿענען די טירן, מאַכן טיי,

אויסבעטן אַ געלעגער און דערנאָך שוין נישט קענען אַנטשלאָפן ווערן ביז אין ווייסן טאָג אַריין. עס וועט שוין מער נישט אַריינקומען דער שמאַטע־קלייבער מיט אַן אַליאַרם: מען זאָל גיך, גיך איבערלאָזן דעם אָנבייסן אין דער מיט און גיין אָפּנעמען ביי אים דאָס ביסל סחורה.

— וואָס האָסטו דאָרטן אַזוינס, טודרוס־לעבן?

— דאָרט אין אַ זעקל ליגט שוין אַלץ צוזאַמען: אַ ביסל אייזן, אַ קישעלע פעדערן, און דוקא געפליקטע, אַ מעשענע קוואַרט, אַ קילאָ פּלאַקס, אַ היפּש בינטל — און בפירוש, דאָס מאָל — ריינע שמאַטעס און אַ זעלטענער קאָפּ פון אַ פערד... נאָר טרוקן, וואָס טרוקן הייסט...

נאָכן אָפּנעמען אַזעלכע „קרעמלעך" פלעגט שלמה זיך אומקערן אין שטוב אַריין און וויינען. פּשוט און פּראָסט וויינען ווי אַ קליין קינד. פון דער דאָזיקער אַרבעט האָט אים געוואָרגן, ס'האָט געשטיקט, ס'האָט זיך אים נישט געוואָלט מער לעבן אויף דער וועלט. דער פאָטער האָט גוט געפילט, פון וואָס זיין קינד ליידט, אָבער וואָס האָט ער דערצו געקענט העלפן? פון עפּעס לעבן האָט מען דאָך געמוזט, אַנדערע האָבן אים דע־רויף אויך מקנא געווען. וואָס זאָל מען טון? אָבער איצט, אַז ס'איז דאָ דער מסחר מיט די ספרים, איז אַוועק מיט די אַלע אומגליקלעכע פּרנסות! גענוג! יוצא! מיט וועלכן פאַרגעניגן וועט מען דורכן פענצטער אַרויס־שרייען צום פויער:

— דאָ נעכטיקט מען שוין נישט. פאַר קיין שום געלט נישט!...

און דעם אוטילשטשיק:

— דאָ נעמט מען שוין קיין אוטיל נישט צו. עס מעג זיין אפילו ריין גאָלד. אפילו ביינער אָן אייטער, פלאַקס אָן שטויב, פעדערן נישט קיין פאַרעפּושטע. אויף כּפּרות דאַרף מען דאָס.

און אפילו, מחילה, דעם קרעכצנדיקן און פּישטשענדיקן סטאַנאָק האָט מען אויך אַרויסגעוואָרפן. אויף קיין חיונה האָט ער במילא נישט געגעבן, נישט מער, מען האָט געהאַט פאַר דער מלוכה אַ נאָמען פון אַ קוסטאַר. אין שטוב איז געוואָרן אַ רחבות, כאָטש פאָר זיך דורך מיט אַ פאַעטאָן... שלמה האָט דער עלטערער שוועסטער געבראַכט אַ מתנה ביכער צו לייע־נען. פאַר די קליינע חברה־לייט קאָנפעקטן און שפּילעכלעך.

דער פּסח איז געווען זייער אַ יומטובדיקער. אַלע טאָג, באַלד ווי מען האָט נאָר אָפּגעגעסן, אַזוי גייען שלמה מיט מנשהן אַוועק שפּאַצירן, שפּאַצירט מען שוין ביז מנחה — ווו ערגעץ אַ גאָרטן, אַ טייך, אַ פּאַרק אָדער גלאַט אַ גרין פעלד. מען גייט און מען שמועסט איבער אַלץ און איבער אַלעמען. ס'ווערט זיי גאָרנישט נמאס. שלמה וואָלט זיך גע־פילט זייער גליקלעך: פון ענדע שבט ביז פּסח, אַ גרויסע ישועה. אַריינ־געפירט פּסח כּדבעי. ברוך־השם, אַלע צוזאַמען, קיינער פעלט נישט. זיך באַקליידט, ווי עס איז, אַלץ איז גוט, נאָר איין זאַך — פּאַלי...

נישט טראַכטן פון איר, האָט ער געפילט, הייסט פאַר אים לעבע־דיקערהייט אָפּשטאַרבן. נאָר מיטן כּח פון דעם מיידל האָט ער געלעבט.

אַ דאַנק איר זיך געקוויקט מיט דער פריילינגס־זון, מיט דער פולער פסח־דיקער לבנה. דורך דעם נאָמען פּאָלי לייטערט זיך זיין צאַרטע ליבע צו די עלטערן, צו די ברידער און שוועסטער, אפילו צו גאָט און צו ציון. זיין גאַנצע צוקונפט איז באַהעפט מיט אָט דעם גינגאָלדענעם נאָמען פּאָלי. אדרבא, ווער קען אים זאָגן, אַז עס איז נישט אַזוי? וואָס קען זיין שענער און אָנגענעמער פון — פּאָלי? אין גאַנצן צוויי קלאַנגען: פּאָ — און — לי... ווען ער בלייבט נאָר מיט זיך אַליין, האַלט ער מיט איר שטענדיק אין אַ מיט שמועס. ער וויל זיך מיט איר איין מאָל פאַר אַלע מאָל צונויפרעדן, ווו זיי וועלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. נאָר וויפל ער רעדט נישט צו איר און זי צו אים, קענען זיי אַליין צו קיין הסכם נישט קומען. דאָס איז שוין לאַנג אָפּגעשמועסט, אַז כאָטש מיט זיי צו־זאַמען וועלן קומען אין לאַנד אַריין אַלע פּיאָטיגאָרסקיס מיט אַלע טול־טשינסקיס, פון דעסט וועגן, זיי ביידע, שלמה און פּאָלי, מוזן וווינען באַזונדער. זיי קענען נישט אַריינגענומען ווערן אין כּלל, זיי מוזן פירן גאָר אַן אנדער מין לעבן. אַזאַ מין לעבן איז נישט פאַר קיין גרויסן עולם.

צייטנווייז קומט ביי אים אויס, אַז זיי וואָלטן זיך געדאַרפט באַזעצן נאָר אין אַ דאָרף, דאָרט איז פאַר זיי דאָס סאַמע פּאַסיקסטע אָרט:

... אין עק דאָרף, וווהין עס דערלאַנגט שוין נישט דער טומל פון ישוב, אַראָפּ ביים סאַמע ירדן, צווישן אוראַלטע צעדערביימער און בליענדיקע וויינגערטנער — אַ קליין זויבער שטיבעלע. די וויינטרויבן־בלעטלעך הילן עס איין און פאַרבאַרגן דאָס בית־המקדשל פון פרעמדע אויגן. כאַפּט זיך אויף דער מאָרגנשטערן, טראָגט עס אים אויף פונעם געלעגער. שטיל ווי אַ קאַץ שלייכט ער אַרויס פון צימער. זי בלייבט שלאָפן. וואָס האָט זי אַזוי פרי צו טון? אונטער דעם פרייען הימל זאָגט ער דעם בורא־עולם אַ גוט־מאָרגן און אַ דאַנק פאַר זיין שיין וועלטל. די גאַנצע געגנט אַרום שלאָפט נאָך. מען הערט נישט קיין קריי פון קיין האָן, קיין געשריי פון קיין אייזל און קיין הירזשען פון קיין פערד. אַ הייליקע שלוה שוועבט אויף גאַנץ לאַנד. קיינער וואָגט נישט צו שטערן די פאַרטאָגיקע חלומות פון די פרידלעכע איינוווינער. גאָט איז איינער אויף דעם הימל, שלמה איז איינער אויף דער ערד. דער הימל איז דורכזיכטיק־בלוי, די לופט — לויטער ווי בורשטין. דאָס ווינטעלע — אַ האָרף, די ערד אונטער די פיס — סטעל־ניק, ארץ זבת חלב ודבש, און שלמה שפּרייזט אויף דער געבענטשטער ערד מיט לופטיקע טריט. די פיס רירן זיך נישט צו צו דער ערד. די ליפּן זויגן רוח־הקודש פון הימל. ער לאָזט זיך אַראָפּ צום ירדן. דאָס וואַ־סער שמעקט ווי דער יין המשומר. ער איז זיך טובל זיבן מאָל, ווי אלישע הנביא האָט געהייסן. נישט ווייט שטייט אַ ריי פּאַלמען און ער שטעלט זיך צווישן זיי דאַווענען. אָבער ווי אַזוי דאַווענען?.. אין כּמעלניק, צי אין זוועניגאָראָדקע, צי למשל אין קיעוו קען מען דען דאַווענען?... עס איז דען דאָרטן דאָ דער בולמוס התפילה?... אין יענע מקומות זענען דאָך די

הימלען פרעמדע, די לופט אַ פאַרסמטע. און בכלל, וואָס איז דאָס פאַר
אַ גלייכן ?.. אָבער דאָ !... דאָ איז דער זיבעטער הימל. אויף קיין גלוי־
שכינה דאַרף מען דאָ נישט בעטן, זי איז גאַנץ אָפן. אָט, אָט איז זי:
כאָטש נעם אָן מיט דער האַנט... דו הייבסט אויף די אויגן אָדער דו
פאַרמאַכסט זיי אפילו, שטייט שוין פאַר דיר הלל הנשיא, ר' יוחנן בן
זכאי, ר' עקיבא בן יוסף. און טאָמער ווילסטו, קענסטו אַרויסרופן די גע־
שטאַלט פון ר' יהודה הלוי, ווי ער ליגט אונטער די קאָפּיטעס פון דעם
אַראַבישן פערד, די געשטאַלט פון האר"י ז"ל, פון דעם אור־החיים. און
דו דערפילסט מיט אַ מאָל, אַז די טויזנטער יאָרן, וואָס טיילן דיך אָפּ פון
יענע דורות, דאָס איז רויך, דאָס איז נעפּל, ס'איז גאָר בלויז אַ דמיון,
נישט מער. אָבער באמת ביסטו אַן אייגן אייניקל פון אָט די גרויסע יידן.
דו האָסט זיך מיט זיי געזען פנים אל פנים און אפילו היינט אויך, אויב דו
ווילסט גאָר שטאַרק, קענסטו זיי מזמין זיין צו זיך און זיי קומען די מינוט.
עס האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז זיי זאָלן פאַרשפּעטיקן אפילו אויף אַ
רגע. שלמה דאַוונט און עס דאַוונט מיט אים דער ערשט געבוירענער פרי־
מאָרגן, עס דאַווענען די ביימער, די פייגלען. דער הימל, נאָך אַ פאַרשלאָ־
פענער, רויטלט זיך פאַר צניעותדיקער בושה. דער ירדן וווּנדערט זיך. ער
פאַרשטייט נישט, ווער וועקט דאָס די שטילקייט אַזוי פרי? די באַזיל־
בערטע כוואַליעכלעך שלאָגן צו צום ברעג. יעדעס פון זיי וויל כאַפּן
אַ וואָרט, אַ ניצוץ פון דער פלאַמענדיקער תפילה און וואָס גיכער אָפּ־
טראָגן די מתנה דעם ים־הגדול. שלמה דאַוונט, די תפילה גייט פון אַלע
אברים, ער פאַרלירט דעם באָדן פון אונטער די פיס. ער שווימט מיט
פאַרמאַכטע אויגן אין אַ ים פון התלהבות. ער איז צונויפגעגאָסן מיטן
לאַנד, מיטן באַשעפער... און פּלוצלינג... פּלוצלינג דערפילט ער זיך אומ־
געקערט צו דער ערד, עמיצער האָט אים אָנגערירט ביים אַרבל. ער עפנט
די אויגן: פאַלי שטייט לעבן אים אין שלאַפראָק, די האָר צעשאָטן, דאָס
פנים פאַרשלאָפן, נאָר די אויגן לויכטן ווי די גרויסע צוויי זונען...

זי איז ברוגז:

— פאַר וואָס האָסטו מיך נישט אויפגעוועקט? דו ווייסט דאָך, אַז
איך האָב ליב צו הערן, ווי דו דאַוונסט...

אָבער צו קיין באַשלוס קענען זיין אַלע נישט קומען. וויל ער דאָרף,
זאָגט זי: ניין, בעסער שטאָט. אַ ברייטע, אינטערעסאַנטע געזעלשאַפט.
נאָכן אַרבעטסטאָג אַ לוסטרייזע אין אַן אויטאָ איבער פעלדער און וועל־
דער, איבער בערג און טאָלן. אויף דער נאַכט — טעאַטערס, קאָנצערטן.
מיט איין וואָרט: אַ לעבן אויף אַלע רעדער! — — — קוים הייבט ער
שוין אָן נאָכגעבן: מילא, זאָל שוין זיין שטאָט — ניין! זי האָט שוין
הרטה, זי וויל שוין בעסער דאָרף. עס רוישט איר אַזוי אויך דער קאָפּ.
זי וועט רואיק לייענען ליטעראַטור און ער וועט זיך שרייבן זיינע ביכער.
אָוונט־צו וועט מען זיך זעצן אין אַ שיפל און אָפּשווימען אויפן מיטן
טייך. די נאַכט איז אַ פינצטערע, כאָטש נעם זיך אַרויס אַן אויג, נאָר זיי

שטערט דאָס נישט. אדרבא, אַזוי איז נאָך גלייכער! זי דערציילט אים פון דעם, וואָס זי האָט פאַרן טאָג איבערגעלייענט, ער איר — פון דעם, וואָס ער האָט פאַרן טאָג אָנגעשריבן. ביידע צוזאַמען באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי ער דאַרף ווייטער פירן זיין ראָמאַן...

מען שפּאַרט זיך אַזוי לאַנג און מען דינגט זיך איבער יעדן עפּיזאָד, ביז דער האָריזאָנט הייבט אָן צו פינטלען מיט אַן אויג. דאַן קערן זיי זיך אום אין זייער ציכטיקן נעסטל. ער לייגט זי שלאָפן און ווי נאָר עס דער־הערט זיך איר רעגלמעסיקער אָטעם, רוקט זיך שלמה ארויס אויף די שפּיץ פינגער. פון דער שוועל קוקט ער זיך נאָך אַ מאָל אום אויף זיין מלאך, פאַרקריצט אין זכרון איר בילד, און — גיך, גיך, צום ירדן אַראָפּ... זיבן טבילות... פּאַלמען... און ווידער אַ ים פון היילקייט... שלהבת־יה!...

— ניין, איר וועט אים נישט איינרעדן... ס'איז מער ווי זיכער, אַז די יעניקע, וועלכע עצהן אים אַרויסוואַרפן פאַלין פונעם קאָפּ, איז איינס פון די ביידע: אָדער זיי ווייסן נישט, וואָס דאָס מיידל באַדייט פאַר אים, אָדער זיי זענען אים פּשוט שונאים אויפן לעבן. וואָרעם וואָס פאַר אַ לעבן קען דען זיין אָן פאַלין?

# קאפיטל XI

דער יום־טוב איז דורך ווי א חלום. דעם ערשטן טאָג נאָך פסח זע־נען שלמה מיטן פאָטער אָפּגעפאָרן קיין זוועניגאָראָדקע. פון דאָרטן האָבן זיי געדאַרפט פאָרן ביידע צוזאַמען מיטן צוג עטלעכע סטאַנציעס ביז צוויטקאָוו און פון דאָרטן צעפאָרט מען זיך יעדער אין זיין געגנט. געקומען קיין זוועניגאָראָדקע, אָפּגעדאַווענט, איז דער פאָטער ערגעץ אַוועקגעגאַנגען און שלמה האָט זיך מיט א קלאַפּנדיק האַרץ אויפגעהויבן אויפן גאַנעק פון די טולטשינסקיס הויז.

אַריינקומענדיק האָט ער באַלד באַמערקט, אַז אין שטוב איז א חורבן: כמעט גאָר קיין מעבל נישט, קיין סימן פון קיין פאָרהאַנג אויף די פענצ־טער. אין שלאָפצימער, אַנשטאָט א טואַלעט־טישל, האָט ער באַמערקט דריי גרויסע נייע טשעמאָדאַנעס מיט ניקל באַשלאָגן. שלמה האָט נאָך קיין מאָל די טשעמאָדאַנעס ביי זיי נישט געזען. ער זעט זיי צום ערשטן מאָל. שלמה קוקט ווייטער און שטוינט: אויף די בעטן, אַנשטאָט בעט־געוואַנט — שטרוי פאַרשטפּרייט מיט א ליילעך. שיין, ריין, זויבער, אָ־בער שטרוי בלייבט פאָרט שטרוי. טאָקע כדאי געווען צו שיקן קינדער שפּאַצירן מיט א פּאַטעפאָן איבער דער וועלט אויף צוויי וואָכן און נאָך דעם פאַר זיבן, אכט חדשים קומען צו אַזאַ עניות.

אַלע בני־בית האָט ער געטראָפן אין שטוב. שלמה האָט זיך געריכט צו באַגעגענען אַנגעכמורעטע פּנימער, פאַרשוואַרצטע פון דלות. אָבער צו זיין גרויסן וווּנדער האָט ער גאָר געטראָפן אקוראַט דעם היפּך: לעבעדי־קע, שיינענדיקע, פול מיט מוט האָבן זיי אויף אים געקוקט.

ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן אויף דער שוועל, האָט מען אים באַגעגנט מיט א ברוך־הבא:

— הו—ר—ר—אַ, א גאַסט!... שלמה פון כמעלניק... אויפהייבן אים!..

שלמה האָט לכתחילה געמיינט, אַז אפשר שפּאַסט מען פון אים, נאָר באַגעגענענדיק זיך מיט פאַלים אויגן, האָט ער אין זיי געטראָפן א וואַ־רעמען שמייכל, אַזאַ האָט זי אים נאָך אין לעבן נישט געשאָנקן... ער איז אַזש פאַרציטערט געוואָרן:

— שוין זשע, שוין זשע האָט זיך געענדיקט דער ווינטער פאַר איב און דאָס אייז האָט געפּלאַצט?.. ווען איז דאָס געשען? וואָס זאָל זיין די סיבה דערפון?... עס גלייבט זיך אים נישט. א צו גרויסער נס וואָלט געדאַרפט געשען.

אסתר ווייסט גאָרנישט, וואָס צו טון מיט אים פאַר פרייד:

— זיץ, שלמה, און דערציייל נייעס פון כמעלניק. טיי וועסטו טרינ־קען? דיין טאַטע דאַרף דאָ נישט זיין די טעג?

— א דאַנק, אסתר. קיין טיי וויל איך נישט. א קאַלטן טרונק — יאָ.

וועט מיר ניומאַ געבן. און בנוגע דעם טאַטן, איז ער היינט דאָ הי. ביי דער מומע גיטלען קענט איר אים טרעפן ביז זיבן פאַר נאַכט. מיר פאָרן היינט ביידע אַוועק אויף קיעווער ריכטונג.

אַווראַם טרעט נישט אָפּ פון אים:

— דערצייל זשע, שלמה, וואָס טוט זיך אין כמעלניק? וואָס טוט עפּעס מנשה דער רב? ווייַן אויף פּסח איז ביי אייך געווען אַזאַ גוטער ווי פאַר אַ יאָרן?

— וואָס פאַר אַ טעם דער ווייַן האָט געהאַט פאַר אַ יאָרן, האָב איך שוין פאַרגעסן. מנשה דער רב איז נאָך עד היום רב און מער גאָרנישט...

— ער האָט דאָך עפּעס געזאָלט אַ חתן ווערן?

— אפילו דאָס ווייסטו אויך? כאַ, כאַ, כאַ!... דערוווייל איז דער „גע־זאָלט" אָפּגעלייגט געוואָרן.

— איבער אים צי איבער איר?

— דו דאַרפסט דאָס נייטיק וויסן? אַנדערש וועסטו נישט שלאָפן רואיק?

— איי, דערצייל, וואָס אַרט דיך? ס'איז דאָך אַזוי אינטערעסאַנט...

— מילא, וואָס זאָל איך טון מיט דיר, אַז ס'איז דיר אַזוי אינ־טערעסאַנט... וואָס האָסטו דען געפרעגט, דערמאָן מיך.

— צי דאָס מיידל האָט אים נישט געוואָלט, צי ער זי...

— פאַר מיינע יאָרן געדענק איך נישט, אַז מנשהן זאָל אַ מיידל נישט וועלן.

פאָלי צעלאַכט זיך מיט אַ געמלאכהטן דערשרעקן אויפן פּנים:

— אוי, אוי, אוי, שלמה, איר זאָגט דאָס אַזוי ערנסט... איר גיט אפילו קיין שמייכל נישט.

שלמה פאַרענטפערט זיך שעמעוודיק:

— איך האָב פאַרגעסן צוגעבן: פון די וואָס מען רעדט אים.

— דאַנקען גאָט כאָטש דערפאַר... אַלנפאַלס זענט איר אין מנשהן פאַרקאָכט — אַ גוואַלד!...

— און איר, פאָלי, האַלט דען נישט פון אים?

— איך? כ'וויים, צי איך האַלט פון אים? כ'האָב זיך קיין מאָל דערויף נישט פאַרטראַכט.

— איר פאַרשפּאָרט שוין צו טראַכטן. די וועלט זאָגט שוין במילא, אַז ביי אייך איז שטוב האַלטן פון אים אַלע.

— די וועלט? מאַלע וואָס די וועלט זאָגט... עס קאָסט זיי טייער אין קראָם? הלמאי די וועלט קען נאָך אויסקלערן, אַז איך בין אפשר פאַר־ליבט אין... נו, איך וויים אין וועמען?

שלמה מיט אַ פאַלש געלעכטערל:

— אין שלמה אפרים־אהרונס, למשל...

פאָלי האָט שוין עפּעס געוואָלט ענטפערן און זיך דערוואָרגן אין מיטן וואָרט. דער פלירט איז געווען נישט קיין צווויידייטיקער... די ערשטע אי־

בעראַשונג האָט געדוירט עטלעכע סעקונדן. פּאָלי ענטפערט נישט דרייסט:

— מיט דעם נאָמען, וואָס איר האָט דאָ אָנגערופן, ספּעקולירט מען נישט... ביי דעם אייגנטימער פון דעם נאָמען דאַרף מען נאָך פריער זיך אָנפרעגן, צי דערלויבט ער צו פאַרליבן זיך אין אים...

שלמהס קויל־שוואַרצע אויגן גיבן גליקלעך אַ פינקל:

— עס איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווי איר מאַכט דאָס... עס טרעפט זיך, אַז ער אַליין טוט אָפּ דעם זעלבן קונץ און פרעגט זיך אויך נישט אָן...

אין שטוב האָט געהערשט אַן אומהיימלעכע שטילקייט. קיינער האָט נישט דערוואַרט פון דעם שעמעוודיקן שלמהן אַזעלכע האַלב־אָפענע דיר־בורים. די קינדער האָבן זיך געהיט אויפצוהייבן די אויגן. נאָר איין שלמה האָט נישט פאַרלוירן דעם שמייכל פונעם פנים. אים איז געפעלן געוואָרן די פאַרלוירנקייט, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין דעם דאָזיקן לוסטיקן קרייזל, און האָט זיך נישט געאײַלט צו צעטרייבן די שטיקנדיקע אַטמאָספער.

אסתר האָט זיך די ערשטע געפונען:

— נו, און ווי גייען דאָס אייערע געשעפטן, שלמה?

— מיינע און דעם טאַטנס, הייסט דאָס?

— נו יאָ, ווי דען?

— כ׳ווייס, ווי דען? כ׳האָב געמיינט, אפשר האָט איר מיך שוין אויף דער עלטער אָנגעהויבן צו „אירצן"?

— דיך — אירצן? משוגע מיינע שונאים! וואָס איז עפּעס, איך האָב דאָך אַזעלכע קינדער ווי דו...

— אָט דאָס זאָג איך דאָך... אונדזערע געשעפטן? אַזוי זיך, נישקשה, מיר געפעלט אַזאַ לעבן. דאָס מין אַרומפאָרן איז נישט קיין יארידים. נישטאָ קיין מורא פאַר באַנדיטן. כ׳פאָר אַרום, פריי אין געלט, פריי אין קאָפּ, אָן בעלי בתים. די בעסטע ביכער טרעפן זיך צווישן די ספרים. ס׳איז פרילינג... נעכט — ליכטיקע, וואַרעמע. פרימאָרגנס — גאָלדענע, מונטערע. איך בין דאָך פון אַלע יאָרן אַ קינד פון דער נאַטור. איך בין דאָך אויסגעוואַקסן אויף אירע הענט, געשלאָפן מיט איר אַרומגענומען אַזוי פיל יאָרן... און דאָ — איינער אַליין אויפן וואָגן. אַ גאַנצער בעל־הבית, כאָטש צי זיך אויס ווי ביי זיך אין בעט. דאָס פּאַראַיאָריקע היי שמעקט נאָך. די נאַטור לעבט אויף. דערפון אַליין איז שוין זינגענדיק אויף דער נשמה... ברוך השם, איך קען זיך אויף מיין גורל נישט באַקלאָגן...

אין אַלעמענס אויגן — אַ פאַרבאָרגענע קנאה. פּאָלי פרעגט שטיל:

— למשל, וואָס פאַר אַ ביכער טרעפן זיך אייך?

— גוטע ביכער, זייער גוטע! נאָר נישט פאַר אייך, פּאָלי... יידישע.

— לשון־קודשדיקע?

— לאו דווקא לשון־קודשדיקע... אי אַזעלכע, אי יידישע. דאָס זענען צוויי באַזונדערע שפּראַכן.

— שלמה, איר ווייסט וואָס... בלייבט היינט אויף ביינאַכט און לייענט אונדז עפּעס איבער אַ גוטע זאַך. נאָר אַזוינס, אַז עס זאָל נעמען ביי דער נשמה, אַזוי ווי דאַמאָלסט „יאַסעלע סאָלאָוויי". איר געדענקט נאָך ?

אַ שאלה, צי ער געדענקט... דאָס איז דער ליכטיקסטער שטראַל און זיין זכרון.

— דאַכט זיך, אַז איך געדענק... און כ'וואָלט אודאי פאַרבליבן... פריער אַ טאָג, שפּעטער אַ טאָג, מיינע געשעפטן וועלן נישט פאַרקילט ווערן, נאָר... כ'פאָר מיט מיין טאַטן צוזאַמען, ווי אַזוי דערקלערט מען אים ?...

שלמה קלערט אַ ווײַלע: פאָלי אַליין בעט... זיין פאָלי! אָבער דער טאַטע ? זאָל ער אים זאָגן, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי, קען נאָך דער טאַטע אויך איבערבלייבן. קען מען נאָך אַ דאָקטער רופן. אָבער פאָלין אָפּזאָגן... אויב אַפילו דער טאַטע וועט זיך נישט פאַרהאַלטן, וועט די מומע גיטל אים מסרן פאַרן טאַטן, אַז ס'איז נאָר געווען אַן אָנשטעל. זי איז אויך אַ גוטע „שטוקע"... וואָס זשע טוט מען טאַקע ? אי עס ווילט זיך, אי עס בייסט זיך...

ער קלערט לאַנג און זאָגט אַנטשלאָסן:

— ניין, דאָס לייענען אַ ביכל איז אַ צו שוואַכער אַרגומענט פאַר מיין טאַטן. אויף היינט איז דער פאַרגעניגן אוממעגלעך...

סאָנקע גיט זיך אַ כאַפּ אַרויס:

— און ביי אונדז איז אויך דאָ אַ נייעס... אַנו, טרעפט אומיסטן וואָס ?

שלמה מיט אַ מינע פון שרעקלעכן אומגעדולד:

— נו, זאָג שוין גיכער, צי נישט דאָס חיות...

אסתר גיט אַ שאַרפן קוק אויף דער מיזינקע:

— שווייג!

נאָר סאָנקעס בליק באַרואיקט:

— זאָרג זיך נישט פאַר מיר, איך ווייס, וואָס איך רעד!

שלמה איז כלומרשט נישט קיין מבין אויף די בליקן. ער יאָגט זי אונטער:

— נו, סאָנקע, לאָמיך שוין הערן אַ מאָל, וואָס פאַר אַ נייעס ?

סאָנקע שיסט אויס אין איין אָטעם:

— פאָלי שפּילט שוין אין שאַך און האָט נעכטן געגעבן אַווראַמען אַ מאַט.

— כאַ... און איך האָב געמיינט, די קאַץ האָט זיך געקעצלט. דאָס איז דאָך טאַקע באמת אַן איבערראַשנדיקע נייעס. ס'איז טאַקע אמת, פאָלי ? דאַרף מען אייך באַגריסן...

פאָלי, פאַררויטלט פון פאַרגעניגן:

— פרעגט ביי אַוורומען...

— און אויב איך קען פאַרט נישט גלייבן ?

— האָט איר אַ ברירה אַליין צו פּרווון...
— אַ! אָט אַזוי פאַרשטיי איך. מיט וועלכע שפּילט איר, מאַעמטראַ?
— מיט וועלכע איר וועט מיר געבן.
— איר וועט שטענדיק נעמען נאָר דאָס, וואָס מען וועט אייך געבן?
— שטענדיק מסתמא נישט... נאָר איצט קען מען איינשטעלן.
— ניין, קלייבט אַליין אויס.

פּאָלי האָט אָנגערירט שלמהס לינקע האַנט. שלמה דערלאַנגט איר אַ שוואַרצן פּעשעק* און גיט צו מיט אַ שמייכל:

— איר האָט אויסגעקליבן אי גוט, אי נישט גוט. די לינקע האַנט איז נעענטער צום האַרצן — דאָס איז גוט. האָט איר אָבער פאַרלוירן די רעכט אויפן ערשטן גאַנג — דאָס איז שוין שלעכט.

ווען שלמה האָט אויפן אַכצנטן גאַנג אַראָפּגענומען ביי פּאָלין די קע־ניגין, האָט זי זיך פאַרשעמט אָנגערופן:

— איי, איר זענט צו אַ שטרענגער שפּילער פאַר מיר. ביי יעדער מעג־לעכקייט האַלט איר אין איין נעמען.

— און איר וואָלט אַנדערש געטון, מאַדמואַזעל טולטשינסקאַיאַ?
— איך זאָג נישט, אַז אַנדערש. איך זאָג נאָר, אַז איך בין נאָך אַ צו שוואַכע שפּילערין.

— און איך, פאַרקערט, זע, אַז איר געווינט די פּאַרטיע.
— איך געווין? אָן אַ קעניגין, אָן אַ פערד מיט צוויי פּעשקעס?
— דאָס האָט גאָרנישט צו דעם. אייער פּאָזיציע איז אַ גוטע. יאָ, איר געווינט! אַזוי זאָגט מיר דאָס האַרץ...

אין צוואַנציק מינוט אַרום איז געווען געענדיקט די פּאַרטיע. געוווּנען האָט טאַקע פּאָלי. ביי פּאָלין האָבן זיך צעגלאַנצט די הימל־בלויע אויגן. די בעקלעך, ווי די פּאַרטיקע אַבריקאָזן, האָבן זיך געררויטלט אין יונגן הייסן בלוט. זי איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט נישט געוווּסט, צי מעג זי זיך פרייען מיטן נצחון, צי שלמה האָט נאָר געמאַכט אָן אָנשטעל, אַז ער האָט פאַרשפּילט. שלמהס געזיכט איז געווען נישט דורכצודרינגען. אָן אָנגעכמורעטער האָט ער אויסגעשטעלט אַ צווייטע פּאַרטיע.

פיר פּאַרטיעס האָבן זיי געשפּילט. אַלע פיר מאָל האָט שלמה פאַר־שפּילט. פּאָלי איז געווען אויפן זיבעטן הימל. זי רופט זיך אָן צו אוור־ראַמען:

— שלמה איז אַ ביסל אַ גרעסערער בריה פאַר דיר און האָט פיר מאָל נאָך אַנאַנד פאַרשפּילט. וואַרט, דו וועסט שוין ביי מיר קליאַנטשען, אַז איך זאָל מיט דיר שפּילן אַ פּאַרטיע. נאָר איך וועל זיך דווקא נישט איבער־נעמען... כ׳וועל שפּילן.

— וואָס אמת, איז אמת, שוועסטערל מיינס. מען דאַרף טאַקע זיין

---

* פּעשעק — פּיעכאָטע אין שאַך־שפּיל.

אַזאַ בריה ווי שלמה, אַז מען זאָל קענען ביי דיר פאַרשפּילן פיר פאַר־טיעס...

— דיינע אָנצוהערענישן זענען נישט אַזוי שאַרף, ווי פּלאַטשיק... וואָס זאָגט איר, שלמה? שאַ, לאָמיר הערן...

— איר זענט פולקאָמען גערעכט, פּאָלי, אַווראַם איז אַ טיראַן, אַ גזלן, אַ מערדער. מיט איין וואָרט: אַ גאַנצער שטראָף־קאָדעקס.

אַלע האָבן געלאַכט. פּאָלי האָט זיך אפילו אָנגעהויבן בלאָזן, נאָר באַלד האָט זי איבערגעקלערט און מיטגעלאַכט.

שלמה איז אַוועק פון די טולטשינסקים זייגער פינף פאַר נאַכט. אסתר איז נאָך פריער ערגעץ אַוועקגעגאַנגען. שלמה האָט זיך וואַרעם געזעגנט מיט יעדן. פּאָלי, רויט ווערנדיק ביז איבער די אויערן, האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— שלמה, היינט געזעגענען מיר זיך פאַר די הענט. אַזוי דאַרף מען, פרעגט נישט פאַר וואָס...

אויף איין אויגנבליק האָט ער פאַרהאַלטן איר צאַרט הענטל אין זיי־נער, אָבער אים האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז פאַריבער אַן אייביקייט. אירע שטראַלנדיקע אויגן האָבן לייטזעליק געענטפערט אויף זיין האַנט־דרוק.

ביז דער מומע גיטלס שטוב האָט שלמהן געבריט די האַנט פון פּאָלים צורירן זיך צו איר. פאַר אַכט יאָר באַקאַנטשאַפט האָט ער היינט דאָס ערשטע מאָל געהאַלטן איר האַנט אין זיינער. ער איז געווען איבערגליקלעך פון היינטיקן טאָג. זי האָט זיך צו אים באַצויגן אַזוי ווי צו אַ ברודער, אויב נישט נעענטער. אין די אויערן קלינגען אים אירע רייד: „ביי שלמהן דאַרף מען זיך נאָך אָנפרעגן, צי דערלויבט ער איינצוליבן זיך אין אים". אַך, וואָס פאַר אַ ווערטער! און זיי האָט אַרויסגעבראַכט נישט קיין אַנ־דערע, נאָר פּאָלי. זיין פרינצעסין! זיין קעניגין! זיין נשמה פון דער נשמה... וואָס האָט זיך היינט געטון מיט איר, וואָס זי איז אַזוי מילד גע־ווען? ער מעג שווערן, אַז אַזוי אויפגעלייגט האָט ער זי נאָך קיין מאָל נישט געזען...

# קאפיטל XII

ווען שלמה איז צוגעקומען צו דער מומעס שטוב, האָט ער גאַטראָפֿן זיין פֿאָטער מיט אסתרן שטיין אין דעם בליענדיקן גערטנדל און רעדן. דער שמועס איז, ווייזט אויס, געווען זייער אַן אויסערגעוויינלעכער. דער פֿאָטער האָט אָנגעשפּאַרט זיין קני אין אַ בוים, עפּעס אָנגעשריבן און עס איבערגעגעבן אסתרן. דערזען שלמהן האָט ער מיט פּאַרדרוס געפֿרעגט:

— ווו ביסטו געווען אַזוי שפּעט? מיר דאַרפֿן שוין באַלד פֿאָרן צום צוג. גיי, עס אָפּ, עס ווערט קאַלט...

פֿון זוועניגאָראָדקע צום באַן איז אַ שטרעקע פֿון געשוואָלענע צוועלף קילאָמעטער. פֿאָרט מען טאַקע אַנדערטהאַלבן שעה נאָך מיט אַ סמיק. דער וועג אַהין באַשטייט פֿון בערג און טאָלן, וועלדלעך און טייכן. שלמה פֿלעגט שטענדיק טראַכטן: נישט קיין וועג, נאָר אַ פּאָעמע. שלמה מיטן פֿאָטער זענען געזעסן אין פֿאַעטאָן און געקוקט יעדער אין זיין זייט. פֿאַר שלמהס אויגן האָט זיך צעוויקלט די מגילה פֿון דער זיסער וועטנע. זיין נשמה האָט זיך צונויפֿגעגאָסן מיט דער צויבערנדיקער לאַנדשאַפֿט. ער האָט געפֿילט אַלע חנדעלעך, וואָס דער פֿרילינג מאַכט אויף די אומענדלעכע אוקראַינישע סטעפּעס. דער טייך, איבער וועלכן זיי זענען געפֿאָרן, האָט מיט זיין רויש פֿאַרהילכט דאָס קלינגען פֿון די פֿאַעטאָן־גלעקלעך. פֿאַסטעכער האָבן איבערגעלאָזט זייערע טשערעדעס און מיט אַלע כוחות זיך געיאָגט נאָך דעם פֿאַעטאָן, נאָכהענגען זיך אַ ביסל. דער פֿורמאַן האָט געגעבן אַ פּאָר שמיצלעך די פֿערדלעך אין די הינטנס און דראָענדיק געפֿאָכעט צו די פֿאַסטעכער מיט דער בייטש. די זון איז נאָך געשטאַנען הויך... די וועלדלעך האָבן שעמערירט מיט זייער פֿרישער גרינקייט.

צו שלמהן האָבן זיי געזאָגט:

— הער זיך איין, בחורל, דו ביסט דאָך אַ גוטער. האָבן מיר צו דיר אַ בקשה. נישט שפּעטער ווי אין צוויי חדשים אַרום וועלן אונדזערע בלעטער אָפּגעבליאַקעוועט ווערן פֿון דער זון און ווערן מער געל ווי גרין און קיינער וועט אונדז דעמאָלסט נישט וועלן גלייבן, אַז אַ מאָל האָבן מיר געהאַט אַזאַ טונקל־גרין מלבוש, אָן אַ מינדסטן פֿלעק, אָן אַ שפּרענקעלע. איז דאָך דאָס אַ גרויסער ווייטיק... ווילן מיר, אַז דו זאָלסט זיין אונדזער עדות... קוק זיך גוט צו און פֿאַרגעדענק...

און שלמה איז געוואָרן זייער עדות. ער האָט זיך איינגעקוקט און פֿאַרגעדענקט.

שלמהן האָט אַזש געהויבן אין דער לופֿטן. ער האָט ממש נישט געקענט איינזיצן, אַזוי נייגעריק איז ער געווען צו וויסן, וואָס האָט אסתר דערציילט זיין טאַטן. אפֿרים־אהרון ווידער איז אויך געזעסן ווי אַן אָנגעלאָדענער לופֿטבאַלאָן. די נייעסן, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פֿון אסתרן, האָבן אים געקיצלט אין האַלדז און געשפּאַרט אונטערן האַרצן. אים האָט

זיך געגלוסט וואָס גיכער זיך באַפרייען פון דעם סוד, וואָס איז אים אָנ־פאַרטרויט געוואָרן. אָבער, אַז שלמה פרעגט גאָרנישט... שלמהן האָט דער שמועס זייער פאַראינטריגירט, אָבער פרעגן — דאָס נישט! ס'איז נאָך דאָ צייט... ענדלעך האָט אפרים־אהרון טאַקע נישט אויסגעהאַלטן:

— ס'איז נישט צו באַמאָלן דעם אייבערשטנס דרכים. אַז מען קוקט זיך צו מיט ליכטיקע אויגן, זעט מען אלוקות ממש... ס'אַ גוואַלד... אַ גוואַלד...

— קענגן וואָס זאָגסטו דאָס, טאַטע?

— איך מיין קענגן יאַנים שטוב... קענגן אים אַליין... לא יאומן כי יסופר...

— וואָס זשע האָט זיך דען אַזוינס געטראָפן? אסתר האָט דיר גע־זאָגט, ווו יאַני געפינט זיך?

— עי, דו רעדסט פון נאַרישקייטן... געפינט זיך, געשמינט זיך. אַז מען שמועסט נסים... נסים ונפלאות! דערציילט ער גאָר מעשות — גע־פינט זיך. אַך, אַך, אַך, דעם ערלעכן העלפט טאַקע גאָט. יאַני אַליין איז דאָך טאַקע אַן ערלעכער. פירט מיט אים דער אייבערשטער חוץ מדרך הטבע.

שלמה דערפילט אינסטינקטיוו, אַז יאַנים נסים זענען נישט צום גוטן. אַ שלעכטער וואָרעם האָט אים גענומען טאַטשען אונטערן לעפעלע, אָבער דעם פאָטער פרעגט ער קאַלט ווי אייז:

— וואָס זשע האָט דאָרט אַזוינס מיט אים געטראָפן?

— הערסט דאָך, וואָס די מעשה איז... אַז יאַני איז יענעם ביינאַכט אַנטלאָפן פון כמעלניק, האָט ער אפילו מורא געהאַט, אַז עס זאָל ווייסן אַ בעל־עגלה, וווהין ער איז פאַרפאָרן. איז ער צו פוס אַוועק איינער אַליין קיין זוועניגאָראָדקע און איז דאָרט אין אַ קעלער איבערגעלעגן פינף מעת־לעת. דאַן זענען געקומען צו אים זיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס. הכלל: הבה נתחכמה... וואָס וועט זיין דער תכלית פון ליגן אין קעלער? מען קען דאָך אַזוי אומקומען, פונקט אַזוי גוט ווי אויף סאַכאַלין... וואָס דען, מען מוז ערגעץ אַנטלויפן! וווהין זשע לויפט מען? אַז גאַנץ רוס־לאַנד ברענט ווי אַ סקירדע שטרוי. אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף כאַפּט מען אויס די קולאַקעס, די פאַרמעגלעכע, מעג זיין גוים, מעג זיין יידן, און מען פאַרשיקט זיי ערגעץ הינטער די הרי־חושך, פון וואַנען מען קומט שוין נישט צוריק. טאָמער באַווייזט זיך ערגעץ אַ נייער מענטש, וואָס מען קען אים נישט פון פריער, אַזוי הענגט שוין אויף אים אַ חשד, צי איז ער צופעליק נישט קיין אַנטלאָפענער קולאַק פון ערגעץ, און מען ניצמט אים שוין און מען זעצט אים שוין איין און אפילו, אַז ער ווייזט שוין אָן, פון וואַנען ער איז, גלייבט מען נאָך אַלץ נישט אויף זיינע דאָ־קומענטן, מען שיקט אים ערשט אָפּ מיטן עטאַפּ אין זיין שטאָט אַריין און דאָרטן דאַרפן די מאַכט־אָרגאַנען עדות זאָגן, אַז מען זוכט אים נישט. היינט, וווהין קען זיך יאַני אהינטון? בקיצור, אהין — אהער, כ'וויים

נישט, ווי עס קומט זיי איינפאַלן אזא זאַך, נאָר יאַני איז אין עטלעכע טעג אַרום אָפּגעפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק און איז אָנגעקומען אַרבעטן אַלס אַ קעלנער אין אַ סטאָלאָווע אין פּאָרט. אין דער זעלבער סטאָלאָווע האָט ער געוווינט, געגעסן און געשלאָפן.

טרעפט זיך אזא צופאַל:

איין מאָל דערלאַנגט ער עסן צום טיש פאַר אַ גרופּע אַמעריקאַנער מאַטראָסן פון אַן ערשט אָנגעקומענער שיף. ווייזט אים אויס איינער פון זיי ענלעך אויף אַ יידן. ער הייבט אָן רעדן צו אים אויף יידיש — יאָ, געטראָפן! יענער ענטפערט אים אויף ריין מאַמע־לשון, אַז ס'איז אַ מחיה צו הערן. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, יאַני פרעגט אים, פון וואַנען ער איז, ענטפערט ער: פון באָסטאָן. פון באָסטאָן? דאָרט האָב איך אַ ברודער...

— ווי רופט מען דאָרט אייער ברודער?

— לעאָנאַרד טולטשינסקין!

— ס'קען נישט זיין, אַז מיסטער לעאָנאַרד זאָל זיין אייער ברודער. איר לייגט נישט?

— פאַר וואָס קען נישט זיין? אויב איר קענט אים פערזענלעך, קוקט אייך איין, וועט איר זען, אַז מיר זענען אפילו ענלעך אַ ביסל, כאָטש ער איז עלטער פון מיר מיט צוועלף יאָר.

דער מאַטראָס קוקט און קוקט און גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

— אויף מיין וואָרט, איר האָט רעכט!.. ער איז טאַקע ענלעך אויף אייך. אויב אַזוי, נאַט זשע אייך נאָך אַ מאָל שלום־עליכם!... קוים האָט איר אַזאַ ברודער ווי לעאָן, וועט איר שוין זיין אָל־רייט.

— איר קענט אים הייסט עס?

— אַ פראַגע גאָר, צי איך קען אים? ער איז מיין פּאַטערס בעסטער פריינט. אין אונדזער יוניאָן איז ער פּרעזידענט. חוץ דעם האָט ער גרויסע אונטערנעמונגען אין דעם האַפן, ווו איך אַרבעט.

— זאָגט מיר, מיסטער, אויב איך וועל אייך בעטן אים איבערצוגעבן אַ בריוו, איר פאַרשטייט? אוסמיידנדיק די צענזור... וועט איר איבערגעבן?...

— מיסטער טולטשינסקין, איר באַליידיקט מיך מיט אייערע פראַגן. וואָס דען, כ'וועל נישט איבערגעבן? טאָמער דאַרפט איר אַ ביסל געלט? ביטע, זאָגט, שעמט זיך נישט...

— קיין געלט דאַרף איך נישט... ראַטעווען דעם קאָפּ דאַרף איך... אַ לייטערל פון דעם גרוב פאַר מיר, פאַר מיין ווייב און קינדערלעך...

— אָ, מיסטער לעאָנאַרד קען אַ וועלט איבערקערן...

און ס'איז אַוועק אַ גאַנג. עס זענען געגאַנגען פּאַקעטן פון וולאַדיוואָסטאָק קיין באָסטאָן און צוריק. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער ברודער האָט אים אָנגעשריבן, אַז ער פירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַ פירמע, וואָס שיקט שיפן קיין וולאַדיוואָסטאָק, זיי זאָלן דאָרט אין געהיים אַרויפנעמען יאַנין מיט דער משפחה. נאָר אַזוי גיך טוט זיך דאָס נישט. זאָלן

זיך דערוויל די קינדער צולערנען ענגליש, דאָס איז זייער וויכטיק פאַר זיי, און זאָל אסתר אַלץ פּאַרקויפן פון דער שטוב און זיין גרייט. ווען אַלץ וועט זיין איינגעאָרדנט, וועט ער אַ ידיעה געבן אים, יאַנין, וועט דאַמאָלסט יאַני ארויסרופן זיין משפחה פון קיעוו. אָט די אַלע ידיעות פלעגט יאַני איבערגעבן אהיים אין צען בריוו. אין יעדן איינעם צו ביסלעך און אויף פאַרשידענע אדרעסן. אזוי, אַז אויב מען זאָל אפילו געווען עפּענען איין בריוו צי אפילו דריי, האָט דער צענזאָר במילא גאָרנישט געקענט פאַרשטיין. אומעטום — אַ מיט מעשה מיט רמזים און פאַרשטעלט, נישט צום פאַרשטיין... מילא, וואָס איז דאָ צו קלערן? יאַני איז נישט קיין נאַרישער יונגערמאַן, ער האָט עס גוט אָפּגעאַרבעט... איצט דערציילט מיר אסתר, אַז חול־המועד האָבן זיי באַקומען עטלעכע טעלעגראַמעס, וואָס ווען מען האָט זיי צונויפגעשטעלט צוזאַמען, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז אסתר מיט די קינדער דאַרפן זיין אין גאַנצן גרייט. ער האָט אַ ידיעה פון לעאָנען, אַז גאָר אין גיכן דאַרף שוין אַרויסגיין פון אַמעריקע די שיף, אויף וועלכער עס זענען שוין צוגעגרייט פאַר זיי קאַיוטעס. איז זי זיך געקומען געזעגענען... אסתר... יאַני האָט אזוי געשריבן, אַז זיי זאָלן נישט אוועקפאָרן, נישט האָבנדיק זיך געזעגנט מיט שלום דודס קינדער, און דערציילן וועגן דעם געשעענעם נאָך איין אפרים־אהרונען. האָב איך איר מיטגעגעבן דער מומע פעסים אַדרעס קיין פילאַדעלפיע. אסתר זאָגט, אַז זי איז שוין מיט אַלעמען פאַרטיק. ממש מען שלאָפט שוין אין אָנטון, כאָטש זעץ זיך שוין אין וואַגאָן אריין...

# קאפיטל XIII

דער פּאַטער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

מען איז געפאָרן איבער אַ דאָרף. די אויסגעפּאַשעטע פערדלעך האָבן פריילעך גאַלאָפּירט איבער דעם שלעכט ברוקירטן וועג, אויסהאַקנדיק פונ־קען מיט די פּאַדקאָוועס. די גלעקלעך אויף די העלדזער האָבן געזונגען אַ זילבערנעם מאַרש. אויף אַ טויבנשלאַק זענען געשטאַנען עטלעכע באַר־וועסע שקצימלעך און אַנשטעלנדיק פאַרגרעסער־גלעזער קעגן דער זון, געוואָלט אָפּבריען דעם בעל־עגלה אויף דער קעלניע.

פּלוצלינג איז דער פּאַעטאָן אונטערגעשפּרונגען אויף אַלע רעדער. נאָך אַ סעקונדע, וואָלט מען געוועזן איבערגעפאָרן אַ קליין חזירל. די פּוי־ערטע כאַפּט דאָס כריוקענדיקע באַשעפעניש אויף די הענט און די דראָזשקע פאָרט ווייטער.

מען האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף. אפרים־אהרן כאַפּט אַ קוק אויף שלמהן: ער פאַרשטייט נישט, וואָס פאַר אַ קאַלטע בריאה דאָס איז — אויסגעהערט און שווייגט...

אַז ער קען זיך נישט דערוואַרטן אויף שלמהס ענטפער, זאָגט ער:

— נו, וואָס זאָגסטו? דאָרף אַ מענטש זיין איבערראַשט? ווייסט שוין אַ מענטש, וועלכער וועג עס פירט צום גוטן און וועלכער צום שלעכטן? האַ? כ׳זאָג דיר, ממש אַ בעלשמסקע מופת... וואָס, ניין אפשר?...

שלמה האָט גאָרנישט געזאָגט און גאָרנישט געענטפערט און צומאָל אפילו נישט אַלץ געהערט. ער האָט שוין געפילט, ווו ער איז אין דער וועלט. פון דער גאַנצער געשיכטע האָט ער נאָר פאַרשטאַנען איין זאַך: אַז פּאָלין וועט ער שוין מער נישט זען... אוים פּאָלי! געשטאָרבן פּאָלי!...

אין משך פון דער גאַנצער צייט פון זיין פּאַטערס רעדן האָט קיין איין מוסקול אויף זיין פּנים קיין ציטער נישט געטון. ער איז געוועזן לחלוטין רו־איק. אפרים־אהרן האָט גענומען דאָס קוישל שפּייז צווישן די פיס, צע־שפּרייט אַ טישטעכל אויף די קני, אַרויסגענומען געפּרעגלטע פיש, קאָט־לעטן, זויערע אוגערקעס און היימיש ברויט. ער האָט אַ טאָרקע געטון שלמהן:

— נעם עפּעס, כאַפּ איבער.

— ניין, עסן וויל איך נישט.

— דו האָסט דאָך ביי דער מומען דעם אָנבייסן אויך נישט געגעסן. וואָס איז ביי דיר היינט, אַ תענית?

— נישט קיין תענית, נאָר איך בין נישט הונגעריק. עס גלוסט זיך מיר גאָרנישט.

— דאַכט זיך, אויף דער פרייער לופט איז אָנגענעמער צו עסן ווי אין וואַגאָן?

—אודאי איז אָנגענעמער, נאָר אַז עס גלוסט זיך...

— נעם זשע כאָטש אַ קיכל...

— ס'ווילט זיך נישט.

— אָבער עפּעס? אײן קיכל איז אויך אַ קרן אויפצועסן?

— אָבער אַז איך וויל נישט...

— שאַ, ניין, דאַרף מען נישט!.. וואָס בין איך דיר, מיינסטו, די מאַמע? איך קען נישט צושטיין. ווילסט נישט — דאַרף מען נישט... ווייסט נישט וואָס? מר־בר־רב־אשי...

אפרים־אהרון האָט זיך אַן אָנגעבלאָזענער אָפּגעקערט און שלמה האָט פריער אָפּגעאָטעמט. איצט האָבן די ווייטלעכע וועלדלעך דופּטיקער באַשמעקט די לופט, אָפּגעוואָרפן פון זיך לאַנגע שאָטנס און זיך וועגן עפּעס שטיל געסודעט. פונעם באַקווייטלטן הימל האָט זיך געזיפּט אַ גאָלדענער בין־השמשות. די לייכטע וואָלקנדלעך האָבן זיך געישובט: פאַראייניקן זיך און אַ שפּריץ טון אויף דער ערד אָדער צעגיין זיך אין פאַרשידענע עקן בשלום, שאַ־שטיל... פון ווייטנס, פון צווישן די הויכע דעמבעס האָבן זיך באַוויזן די הויכע קאָרפּוסן פון דער דעפּאָ, דער אין צינק אָנגעטונענער עלעוואַטאָר* און ענדלעך אויך דער איינשטאָקיקער וואָקזאַל מיטן גרויסן פּאַרק ביי דער זייט. די זון איז געשטאַנען אין דער שקיעה. דער מערב איז געווען פאַרגאָסן מיט אַ פייערדיקן געמויזעכץ. איבער יערקע איז געשטאַנען אַ שטויב מיט אַ הו־האַ פון די זיך אומקערנדיקע טשערעדעס. יעדע פויערטע גייט אַקעגן, נעמט זיך אָפּ איר קו און פירט זי אָפּ אין שטאַל אריין. די פּלאַטפאָרמעס ווערן איבערגעביטן אין די פאַרנאַכטיקע שעהן אויף אַ פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פונעם גאַנצן דאָרף.

צום אָנקומען פונעם צוג זענען געבליבן צען מינוט. הייסט עס, מנחה וועט מען שוין דאַווענען אין וואַגאָן. דער פאָטער איז צוגעגאַנגען צו דער קאַסע נאָך בילעטן און האָט געטראָפן די קאַסע פאַרמאַכט. אויפן פענצטערל איז געהאַנגען אַ מעלדונג, אַז דער צוג פאַרשפּעטיקט זיך אויף צוויי מיט אַ האַלבער שעה. דער פאָטער איז געבליבן דאַווענען אין וואָקזאַל ביי די פּעקלעך און שלמה, אַזוי ווי ער האָט זיך געפילט אַ ביסל פאַרטשאַדעט, איז אַרויס דאַווענען אויף דער פרייער לופט.

די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון זענען נאָך געהאַנגען אויפן האָריזאָנט ווי צעקעמטער גאָלדענער פלאַקס. פון די כמאַרעלעך איז קיין שפּור נישט געבליבן. די לופט איז געווען ריין, דורכזיכטיק. עס האָט געשמעקט מיט פריש אָנגעמאָלקענער מילך און מיט אַנטראַציט־קוילן. מחנות פייגעלעך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט, זיך צעשאָטן איבער די ביימער און זיך צוריק מיט אַ דרייעק אריינגעשניטן אין דער טונקלבלויער אומענדלעכקייט.

די פּלאַטפאָרמע איז געווען באַלאַגערט פון פּאַסאַזשירן און פון דער אָרטיקער שפּאַצירנדיקער יוגנט. פיל מענטשן זענען געזעסן אויף די פּעק־

* עלעוואַטאָר — אַ זאַוואָד, וואָס רייניקט אָפּ די תבואה פון אַלע אירע פּסולתן.

לעך, אַנדערע זענען געשטאַנען צו צווײ, צו דרײַ אָדער אין גרעסערע גרו־פּעס און געשמועסט. שקצים מיט שיקסעס האָבן פאַרלעכווייז שפּאַצירט צווישן די ליניעס לענג־אויס דער פּלאַטפאָרמע. די „קאַוואַליערן" — אין ווײַסע העמדער מיט אויסגענייטע רויטע אוקראַיִנישע האָנעבלעך אויף דער ברוסט, אויפן קאָלנער און אויף די מאַנזשעטן. די העמדער זענען אַרויסגעלאָזט איבער די הויזן. די רימענס מיט די רויטע פריאַזשקעס * פאַרצויגן איבער די אָקסלען, מעשה — פאַרטופּעיע **. די בלויע גאַליפע־הויזן — קאָקעטיש פאַרשטעקט אין די גלאַנצנדיקע שטיוועלעך. אויף די גלאַטע העל־בלאָנדע שטופּרינעס, ווײַל־יונגעריש פאַררוקט — בלויע קע־פּיס אָדער אַזעלכע היטלען, ווי די באַן־אָנגעשטעלטע טראָגן, מיט גלאַנ־ציקע דאַשעקעס. די „באַרישניעס" דאַקעגן זענען שוין געווען געקליידט פיל פּשוטער: גלאַטע ווײַסע קאָפּטלעך, קורצע שוואַרצע קליידלעך מיט פיל פאַלדן. אין קאָפּ — אַ צווייגל בעז, עטלעכע קאָלירטע סטענגעס. אויף די באָרוועסע פיס — פּראָסטע טופל אויף נידעריקע אָפּצאַסן. אין די הענט — אַ שקאַרמיצל „קערלעך": שוואַרצע פון סאָניעטשניק *** אָדער ווײַסע, פון אַרבוז. דאָס שקאַרמיצל האַלט זי אויף דער מיט, פאַר זיך מיט איר באַשיצער. מען קנאַקט די קערלעך און מען שפּײַט די שאָ־לעכץ פאַר זיך. די „טשופּרינע" זאָגט עפּעס דעם „בעז" אויפן אויער און ביידע פּלאַצן אַרויס מיט אַ הירזשענדיקן געלעכטער. פאַרלעך באַגע־גענען זיך, שטעלן זיך אָפּ, פאַרפירן שמועסן, ער מיט איר, זי מיט אים, מען מאַכט חוזק פון דעם ערנסטן אויסזען פון די פּאַסאַזשירן. אָפּט מאָל ווערטלט מען זיך און מען חכמעט זיך, אַזוי לאַנג, ביז מען צעפּאַטשט זיך, טאַקע אָט דאָ, אויף דער פּלאַטפאָרמע צווישן די פּאַסאַזשירן. עס הייבט זיך אויף אַ קוויטש פון די פּאַסאַזשירקעס. די „באַרישניעס" קו־מען צו הילף זייערע קאַוואַליערן, עס קומט אָן דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע און שיקט רופן די פייערלעשער. הכלל, עס איז ששון ושמחה. אין יערקע איז נישט אומעטיק...

שלמה האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. ער איז מעכאַניש געגאַנגען פאַר־אויס, לענג־אויס דעם פּאַרק. ער האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך ד'עם דע־פּאָ, דאָס שפּיטאָל, דעם קאַלך־סקלאַד. ער איז אַלץ געגאַנגען פאָרויס. אויף רעכטס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן געאַקערטע פעלדער מיט גרינע הערעלעך. אויף לינקס האָבן זיך געצויגן שטאַפּלען מיט אָנגעסמאָלעטע שפּאַלעס און גרויסע פּירעקן מיט רויטע ציגל, אָן אַ שיעור קוואַדראַטן מיט ציגל. שלמה האָט פאַרקערעוועט צווישן די פּירעקן און האָט זיך דער־זען אין אַ לאַבירינט פון רויטע און געלע וועגטלעך העכער פון אים, צע־שטעלט אַזוי ריכטיק ווי אמתע גאַסן, און ער איז איינער אַליין אין דער

---

* פריאַזשקע — ספּראַנזשקעס, דאָס אייזנדל, וואָס פאַרמאַכט דעם רימען.

** פאַרטופּעיע — אַ מיליטעריש טעשל.

*** סאָניעטשניק — זונבלומען.

מויטער שטאָט. צווישן די ווענט איז שוין געווען גאַנץ טונקל. דער רעש פון וואָקזאַל האָט אַהער נישט דערגרייכט. אין דעם גאַנצן שטעטל פון שפּאַלעס און ציגל האָט געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט. עס האָט זיך נישט געגלייבט, אַז אין דער זעלבער רגע גייען ערגעץ צוגן, אַרבעטן פאַבריקן, טומלט זיך ערגעץ לעבן די טעאַטערס, קינאָס. דאָ איז געווען שבת־שבתון. דער הימל האָט גערוט, די ערד האָט גערוט, די שטיינער, די שפּאַלעס, דאָס פעלד, דער האָריזאָנט — איבער אַלץ און אַלעמען איז געווען צעגאָסן אַ ליבע היימלעכקייט, אַ לית מאן דפליג דערינען, אַז מען דאַרף נישט רעשן, אַלץ וועט זיין גוט אַזוי אויך. עמעצער זאָרגט שוין פאַר אַלעמען און פאַר דיר אויך און דו קענסט בלויז קוקן און שווייגן, רוען און הנאה האָבן פון גאָטס וועלטל.

אַן אינערלעך קול האָט זיך אָנגערופן צו שלמהן :

— אָט דאָ, טייערער, וועט דיך קיינער נישט אונטערהערן. דאָ קענסטו זיך אויסוויינען פאַרן רבונו־של־עולם אויף דיין פינצטערן מזל... זאָג זשע :

— אשרי יושבי ביתך...

שלמה האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אַ וואַנט, די אויגן צו, די פויסטן פאַרקוועטשט. ער האָט געדאַוונט און די ווירקלעכקייט איז ביסלעכווייז אָפּגעשוואומען ערגעץ ווייט אין דער אומענדלעכקייט. אויס יערקע, אויס וואָקזאַל, ער געפינט זיך גאָר אין כמעלניק, אין דער אַלטער קלויז און איצט איז האַלבע נאַכט, מען זאָגט היינט סליחות, „שלש עשרה מדות". ער שטייט ביים פענצטער, עס פעלט אין דעם אַ שויב, דערפאַר בלאָזט אים אַ ווינטל אַזוי גלייך אין פּנים אַריין. באַלד וועט אַלטער דער חזן מיט זיין הייזעריקער שטימע אָנהייבן קליאַנטשען פאַר דעם רבש"ע : „מדת הרחמים אוי, אוי, עלינו התגלגלי איי, איי, איי..." און יעדער וועט נעמען כליפּען אין זיין ווינקל אַריין. יעדן פעלט רחמים. יעדן באַזונדער איז געפערלעך שלעכט. און אַלטער יאָמערט און קלאָגט. ער קלאַפּט אין עמוד, אַז עס ציטערן די ליכט : „אוי, אוי, אוי, ובעד עמך רחמים שאלי... איי, איי, איי, כי כל לבב דוי וכל ראש לחלי..."

און שלמה דערפילט זיך נעבעך אַזוי שוואַך, אַזוי אומבאַהאָלפן, דאָס האַרץ טוט אים טאַקע וויי און דער קאָפּ, אוי דער קאָפּ... ער איז אויס מענטש איבער דעם קאָפּ. ער ווייסט גאָרנישט, וואָס מען טוט צו אים... זודיקע טרערן רינען איבער זיין פּנים און ער פילט זיי אפילו נישט. ער שאָקלט זיך אַלע מאָל שטאַרקער און זיינע ליפּן ברענגען אַרויס אַ שטילן פליסטער :

— תמכתי יתדותי...

— וואָס קומט אַרויס? אודאי — תמכתי... אודאי, אודאי האָב איך געלעבט מיט דער האָפענונג, אפשר וועט דער אייבערשטער ווייזן אַ נס און דערנעענטערן איר האַרץ צו מיר... ווייל אויב נישט פאַלי —

ביי דעם נאָמען קומט אים אונטער אַ פרישע כוואַליע טרערן און פאַר־

שווענקט דאָס מויל מיט דער נאָז. ער פאַרכלינעט זיך און שעפּטשעט ווייטער:

— אודאי האָט זי מיר געגעבן דעם גאַנצן חשק צום לעבן. דורך איר געשטאַלט האָב איך זיך געפילט זייער נאָענט צו גאָט... איך האָב אין איר געזען אַ מלאך, אַ ווינק פון הימל, אַז עס איז כדאי צו לעבן, אַז מען דאַרף קענען אין אַלץ זען בחוש דעם בורא־עולם און זיך נישט באַקלאָגן אויף קיין ביטערן מזל. ווייל אַזוי לאַנג, ווי אויף דעם עולם ווערן אַראָפּגעשיקט אַזוינע ליכטיקע פּנימער, קען נאָך אַלץ גוט ווערן, קען נאָך פונעם גיהנום ווערן אַ גן־עדן.

די ברויזנדיקע טרערן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ היסטעריקע. שלמה האָט שוין נישט געשעפּטשעט, ער האָט געשריגן... אַליין נישט הערנדיק זיין קול האָט ער הויך געוויינט און געטענהט:

— אודאי, אודאי ווייסטו דאָך, רבונו של עולם, אַז ווינטער אין פראָסט, פאַרנדיק אויף די יאַרידים, זומער שמאַכטנדיק אויף דער זון אַכצן שעה אין מעת־לעת, האָב איך דאָס אויסגעהאַלטן נאָר מיטן כוח פון איר געשטאַלט, פון איר נאָמען. האַלטנדיק די ביינער מיטן פריש־רינענדיקן אייטער האָב איך נאָר מיט איר כוח דאָס אויסגעהאַלטן און נישט געפאַלן אין חלשות. און בכלל אין אַלע ענגע מינוטן האָב איך זיך באַנוצט מיטן נאָמען פאַלי ווי מיט אַ קמיע און עס האָט געהאָלפן... וואָס זשע קומט אָבער אַרויס, אַז אַצינד — אוים!... זיי געזונט, פאַלי טולטשינסקאַ, אַ נאָמען אין גאַנצן פון צוויי קלאַנגען: — פאַ־לי. זיי געזונט! אַ גליקלעכע רייזע דיר אויף יענער זייט אָקעאַן און אַ גליקלעכן שידוך מיט אַ רייכן באַנקיר. אַ קליינינקייט! אַזאַ שיינהייט! אין אַ לאַנד, ווו געלט וואַלגערט זיך ווי מיסט. זיי געזונט... איך בין צו אַ קליין זאַמדעלע, אויף אָפּצושטעלן אַזאַ גרויסע שיף... איך נאַר זיך שוין מער נישט אָפּ מיט קיין חלומות: סאַבאַלין... דאָלאַר... קרים... כותל־מערבי... עך, עך, עך, וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן איך האָב גערעדט: „...אַ קליין הייזעלע ביים ירדן... זיבן טבילות... דאַוועננען צווישן פאַלמען... זי שלאָפט... אין צווייען, אויף אַ פאַרחלומט שיפל אין אַ פינצטערער נאַכט..." — אוועק, אוועק, נאַלדענע שטותים! געשטאָרבן יענע גליקלעכע מינוטן, ווען כ'האָב נאָך געגלייבט אין נסים. איצט בעט איך ביי גאָט איין זאַך: האָב רחמנות אויף מיינע עלטערן... כ'בין נאָך אַ יונגער מענטש... געזינדיקט אפשר האָב איך שוין אַ סך, אָבער געלעבט האָב איך נאָך זייער ווייניק. איך בעט דיך, צעברעך נישט מיין האַרץ... אוי, צעברעך נישט מיין האַרץ!.. זאָל עס אַריבערטראָגן אָט דעם מעכטיקן קלאַפּ! וואָס וועט דיר שוין אַרויסקומען, אַז עס וועט פּלאַצן?

שלמה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שפּאַלע און מיט אַ ניגון, ווי מען באַוויינט אַ טויטן, האָט ער באַוויינט דעם פרישן קבר פון זיין יוגנט־ליבע.

# קאפיטל XIV

אין דער פולשטענדיקער תחילת־נאכטיקער שטילקייט האט זיך דער־הערט אן איין־און־איינציקער שארפער קלונג. שלמה האט געעפנט די אויגן: איבער זיין קאפ איז געהאנגען א געדיכט־באשטערנטער הימל. עס איז געווען סוף־חודשדיק פינצטער. ער האט אנגעטאפט די ציגלנע וואנט און זיך גלייך דערמאנט, ווי אזוי ער קומט אהער. ער האט א פלאַ־טער געטון. איין קלונג! דאס האט געהייסן, אז דער צוג דערנעענטערט זיך צו דער סטאנציע.

ער האט זיך אויפגעכאפט ווי אן אפגעבריטער און זיך געלאזט לויפן. אויף דער פלאטפארמע האט געהודעט ווי אין א בינשטאק, דער גאנצער עולם האט שוין דא געוואַרט. ווען שלמה האט זיך באוויזן אין דעם פוסטן וואַרטזאל, איז דער פאטער געווען אויסער זיך פאר כעס:

— ווו ביסטו דאס פארפאלן געווארן?

— כ'האב זיך פארדרעמלט...

— וואס הייסט, דו האסט זיך פאררעדט? מיט וועמען?

שלמה האט עפעס נישט דייטלעך א בורטשע געטון. דער פאטער, דערזעענדיק זיינע פארשוואלענע אויגן, האט שוין אויפגעהערט ווייטער צו פרעגן. אין וואגאן האט אפרים־אהרון געפרוווט פארפירן מיטן זון א שמועס, פון דעם, פון יענעם, אים א ביסל צעוויגן, ארויסשלעפן פון דער מרה־שחורה, באלד אבער האט ער איינגעזען, אז שלמהן איז שווער אים צו ענטפערן, און ער האט אים צו רו געלאזט.

זיין ליבנדיק פאטערלעך הארץ האט אים געבלוטיקט צוקוקנדיק, ווי זיין קינד לײדט, ווי זיין קינד דארט איין. נאר וואס האט ער אים געקענט העלפן? ער דערמאנט זיך, ווי אזוי מנשה האט אים א מאל מרמז געווען, וועגן שלמהן ציט. ער האט דאמאלסט מנשהן פאר כעס געוואלט דורס זיין: — סטייטש, זיין שלמה, זיין געראטענער שלמה, דער מושלם בכל המעלות, דער מזג־טוב, א יינגל אין זיינע יארן, און דארף פאר זיך אליין גארנישט. קויפט מען אים עפעס א שטיקל מלבוש — טוט ער עס אן, קויפט מען נישט — קען ער גיין אין צעריסענע הויזן אויך, אבי די שטוב זאל זיין זאט, אבי די שטוב זאל זיך אין גארנישט נייטיקן. כ'ווייס? נאר דאס? ס'קען דען נאך זיין עפעס פיינערס פון זיין שלמהן?... זאל ער מיט זיינע פינף הונדערט בלאט גמרא אויף אויסנווייניק, מיט זיין בעלשמסקן יחוס קוים נעמען א באנדערס אן איין־ניקל, א פאלנע שיקסע, וואס ווייסט נישט פון נעגל־וואסער ביז ליכט־בענטשן, אז מען שמועסט, גאר נישט און אן עק... מחמת וואס? דאס טשאלנט־ברעטל איז א שיינס? אט דאס איז שוין אלץ? מיט דעם גייט מען שוין דורך א וועלט? פארן פערטל ארשין פנים פארקויפט מען אי גאט, אי טאטע־מאמע, אי זיך אויך?...

יענע סצענע שטייט אים ווי לעבעדיק פאַר די אויגן. ווי ער האָט זיך עס דאַמאָלסט געכעסט... מנשה איז דוקא נישט נתפעל געוואָרן פון זיין אויפטרייסלונג, געלאָזט אים זיך אַפּקילן און שטיל געענטפערט:

— באַרואיקט אייך, אפרים־אהרון, אייער קאָכן זיך איז אַן איבע־ריקע זאַך. ממה נפשך, דערווייל איז דאָס נאָך אַ ווייטע זאַך, ווייט, כרחוק מזרח ממעריב. אָבער מען קען גאָרנישט פאָרויסזאָגן, שלמה איז אַ פאַר־ביסענער עקשן, מען דאַרף זיך ריכטן, אַז גאָר נישט גרינג וועט ער זיך אָפּזאָגן פון זיין באַגער. נאָר איין זאַך בין איך אייך מבטיח: אויב שלמהן וועט זיך איינגעבן צו דערגרייכן דעם שידוך, האָב איך מיט אייך אויך אַ קליינע דאגה. איר וועט אם ירצה השם ווייכער ווערן...

איצט איז דער אומגליקלעכער פאָטער מודה, אַז מנשה קען אים בע־סער ווי ער זיך אַליין. אַצינד, צוזעענדיק ווי זיין קינד ליידט, ווי ער האָט עס מורא אויפצוהייבן די אויגן, כדי ער זאָל זיך נישט צעוויינען, וואָלט ער שוין, אָט דאָ אויפן אָרט, אונטערגעשריבן נישט נאָר דאָס, נאָר דאַכט זיך ער ווייסט אַליין נישט וואָס, אַבי שלמה זאָל ווייזן אַ פריילעכע מינע. עס זענען איצט נישט די יאָרן וואָס דאַמאָלסט, בעת ער האָט פאַר אַ שי־דוך דערלאַנגט שלמהן אַ פּאַטש. ערשטנס איז שלמה שוין אַ גרויסער, אַזעלכע פּאַטשט מען שוין נישט, כאָטש ער ווייסט אויף זיכער, אַז שלמה וואָלט היינט אויך אפילו קיין איינציק וואָרט נישט געענטפערט אַקעגן. און צווייטנס, האָט ער מורא: אפשר איז גאָר שלמה גערעכט. בכלל די לעצטע צייט פילט ער פאַר שלמהן עפּעס ווי אַ מין דרך־ארץ, אַ יראת־הכבוד. אים ווייזט אויס, אַז ס'איז אַ שלמה מיט סודות... ווער ווייסט וואָס אין אים שטעקט? פאָרט דעם הייליקן בעל־שם־טובס אַן אייניקל...

דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגעשריגן אַ נאָמען פון אַ סטאַנציע. אפרים־אהרון האָט גענומען זוכן זיין טשעמאָדאַנטשיקל.

— שלמה, מיר צעפאָרן זיך... ביידע וועלן מיר נע־ונדעוועען פון איין אָרט אויפן צווייטן. איז כדי מיר זאָלן וויסן איינער פונעם אַנדערן, טאָ שרייב שטענדיק צוויי מאָל אין וואָך אהיים און איך וועל אויך טון דאָס זעלבע. אַזוי אַרום וועט שוין די מאַמע אונדז מודיע זיין איינעם פון צווייטן אָדער גאָר די בריוו אַריבערשיקן.

— גוט.

אומגעריכט האָט אפרים־אהרון דערפילט אַ וואַרעמע כוואַליע פאַר די אויגן. ס'איז אים געוואָרן שווער אַראָפּצובראָכנגען די ווערטער פון דער צונג. דער עולם איז שוין געגאַנגען צו דער טיר.

— נו, און אַצינד, זיי געזונט...

— ס'איז דאָך נאָך פרי...

— דער צוג שטייט דאָ ווייניק, דאַרף מען נישט זיין פון די לעצטע.

שלמה האָט אויפגעהויבן די אויגן אויפן פאָטער און זיך פלוצים שטאַרק צעוויינט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון דעם פאָטער אויפן האַלדז, געביסן זיך די ליפּן ביז בלוט. ס'האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפן, די

אַקסלען האָבן געציטערט פאַר געוויין. אויף זיין האַלדז האָט ער געפילט דעם פּאָטערס טרערן. — דעם טאַטן געבראַכט צו געוויין — האָט אים אַ שניט געטון פאַרן האַרצן, די ספּאַזמע האָט נאָך ענגער צונויפגעדריקט דעם האַלדז.

וואַרגנדיק זיך מיט טרערן האָט ער אַ שעפּטשע געטון:

— טאַטע, וואָס טוסטו? איך וועל דאָס נישט איבערטראָגן...

דער פּאָטער, אויך שעפּטשענדיק:

— און וואָס טוסטו? מיר, מיינסטו, איז גרינגער, אַז כ'זע דיך וויינען...

— איך... איך, איז אַן אַנדערע זאַך... ס'איז דאָך נאַריש, נאָר מיר דאַכט, אַז איך בין אַ ביסל אומגליקלעך...

— שלמה, נאָך וואָס רעדסטו אַזוי?

דער צוג האָט אַ ציטער געטון, אַ פּליעסק געטון מיט די טאַצן און שטיין געבליבן. אין פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ טונקעלער לאַמטערן מיט איין אויג. פון דער פּלאַטפאָרמע האָבן זיך דערטראָגן קולות:

— וועלכער וואַגאָן איז דאָס? רירעוודיקער אַ ביסל מאַכט מיט די פיס...

שלמה מיטן פּאָטער האָבן זיך נאָך אַ מאָל אַרומגענומען, אָן ווערטער זיך צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן און דער פּאָטער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן.

— זיי געזונט, שלמה, נעם זיך אין די הענט אַריין...

— זיי געזונט, טאַטע...

די פּלאַטפאָרמע איז שוין געווען פּוסט. די נאַכט איז שווער געהאַנגען אויפן פאַרוואָרפענעם וואָקזאַלכל. ביים באַגאַזשנע וואַגאָן האָט עמעצער פאַרקלאַפּט אַ קאַסטן און אויפן קויל געזידלט. דער פּאָטער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין אַ פּלויט און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון שלמהן. שלמה האָט נישט אויפגעהערט צו דרייען דאָס קנעפּל פונעם פּאַלטאָ און גיסן מיט טרערן. וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט אויפצוהערן, איין מאָל — ניין: עפּעס אַ קוואַל האָט זיך ביי אים געעפנט. דער פּאָטער האָט געמאַכט אַ שריט פאָרויס, אַ פּנים געוואָלט עפּעס זאָגן. דאָ האָט אָבער דער הויפּט־קאָנדוקטאָר אַ מאַך געטון מיטן קאָלירטן לאַמטערן ארויף און אַראָפּ, דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ ריטשע געטון און דער צוג האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן אָפּגיין. שלמה האָט זיך אַ ריס געטון צו די טרעפּלעך:

— טאַ—טע...

דער פּאָטער איז נאָכגעלאָפן דעם וואַגאָן, עפּעס געשריגן, געפאָכעט מיט די הענט, נאָר אַ וואָלקן פּאַרע האָט אים איינגעשלונגען און ער איז צערונען געוואָרן ווי אַ דמיון. ווען די פּאַרע איז זיך צעשוווּמען, האָט זיך שוין דער צוג געטראָגן איבער אומענדלעכע פעלדער. די שוואַכע ליכטע־

לעך פון דעם שלעפעריקן וואָקזאַלכל האָבן איינזאַם געפינטלט אויפן האָ־ריזאָנט.

שלמה האָט זיך אומגעקערט אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם וואַגאָן. אויף דעם אָרט, ווו דער פאָטער איז געזעסן, האָט ער געפונען זיין טי־בעלע. דאָס טיבעלע איז נאָך געווען פייכט פון טרערן. שלמה האָט עס שטאַרק צוגעדריקט צום הארצן. טרערן גרויסע ווי האָגל האָבן געקאַפּעט פון זיינע אויגן אָן אויפהער און ער האָט היים געפליסטערט:

— טאַטע... ליבער טאַטע...

# קאפיטל XV

אייר, סיון, תמוז, אב.

חדשים שווערע, איבערגעפולטע מיט ארבעט און זאָרג. נישט שלמה, נישט זיין פאָטער האָבן פון קיין מנוחה נישט געוווּסט. טעג און נעכט האָבן זיי געהאָרעוועט ביי די ספרים. אויף שבועות איז קיינער פון זיי אהיים נישט געפאָרן. דעם פאָטער מיטן זון איז די גאַנצע צייט נישט אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען. ווען עס פלעגן זיך צונויפקלייבן אַ סך ספרים, פלעגט יעדער פון זיי, גאַנץ באַזונדער און אומאָפּהענגיק פונעם צווייטן צופאָרן קיין קיעוו, זיך צערעכענען מיט אברהם שאַרפּשטיין און ווייטער זיך אומקערן צו דער ארבעט. ווען די פּיאַטיגאָרסקים האָבן פאַר־ענדיקט די ארבעט אין זייערע געגנטן, האָט מען אפרים־אהרונען אויף דאָס ניי באַפולמעכטיקט אַלס איינקויפער איבער זשיטאָמירער געגנט און שלמהן איבער טשערניגאָווער געגנט. די דאָזיקע מקומות זענען שוין טאָ־קע געווען היפּשלעך ווייט איינער פון צווייטן. באַקומען צופעליק אַ גרוס אָדער גאָר זיך באַגעגענען אויף אַ סטאַנציע איז געווען אוממעגלעך. די פאַרדינסטן זענען שוין געווען נישט אַזעלכע גרויסע, עס זענען אויפגע־שטאַנען משיג־גבולניקעס, קאָנקורענטן, נאָר דאָך איז נאָך געווען צו דערליידן. פאַר זיך אויף דער הוצאה און אויף צו שיקן אהיים האָט נאָך געסטאַיעט גאַנץ געננוג — אדרבה, קליינע עטלעכע רובל האָט מען נאָך געקענט אָפּשפּאָרן אויף אַ „שוואַרצן טאָג". שלמה האָט זיך באַקענט מיט אַ גרויסער וועלט, געהאַט עסקים מיט פיל מענטשן, סיי אין די שטעטלעך, סיי אין קיעוו. דער קאָפּ איז שטענדיק געווען פאַרדולט, אַלערליי ענינים, משונה־מאָדנע זאָרגן, אָבער אין דעם טומלדיקן הו־הא האָט שלמה אויף קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן זיין גרוים אומגליק מחמת פאַלים אוועק־פאָרן. וואָס אמת איז, זעלטענער ווי פריער, אָבער אין די פרייע שעהן, ווען דער מענטש בלייבט מיט זיך אַליין, פלעגט ער זיך אין גאַנצן אריבער־טראָגן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

קומט פרייטיק פאַר נאַכט. די פּאָר שעה פון נאָך דעם אוועקלייגן די ארבעט ביז דעם גיין דאַווענען. שטעטלשע יידן האָבן אָן אַ שיעור אר־בעטן: דאָס מעסער אַ שאַרף טון, דעם וויין אָפּזייען, אָפּטראָגן חלהלעך אין שול אריין צו שלש־סעודות — ווייניק ארבעט האָט אַ ייד ערב שבת עם חשכה? דאָס איז אָבער אַלץ געשמועסט פון אָרטיקע בעלי־בתים, אָבער שלמה? ער איז געווען פריי פון האַלבן טאָג אָן. ער פלעגט מיט־נעמען אַ חומשל, אַ סידורל, אַ תהילימל און זיך אוועקלאָזן אין נאָענטן וועלדל אָדער אויף אַ וויטן ברעג פון אַ טייכל, וווּ קיין מענטש באַווייזט זיך קיין מאָל נישט, זיך אריינזעצן טיף אין די קוסטעס אָדער נאָר אָפּ־פאָרן אויף אַ שיפל ווייט אין טייך אריין און דאָרטן מיט אַ זיסער שטים מעביר זיין די סדרה און אָפּזאָגן דעם „יום" תהילים. ווען עס פלעגט זיך

אָנרוקן דער רעכטער בין־השמשות, פון זיבעטן הימל לאָזט זיך קעניג־לעך אין ווייטן וועג אריין די „שבת המלכה", די גאַנצע נאַטור ווערט פאַרצאַפּלט פון התפעלות און קדושה, דאַן הייבט שלמה אָן זאָגן שיר־השירים און פאַרגייט זיך פאַר געוויין פון השתפכות־הנפש. ער וויינט אויף גלות האומה און כליפּעט אויפן חורבן פון זיין אייגן וועלטל. ער זאָגט: איכה תרעה, איכה תרביץ... און קלערט דערביי: ווו איז אַצינד מיין פּאָלי?... שוין אודאי אַן אויסגעשטודירטע אַמעריקאַנער פּויילין. גרייט זיך איצט מן הסתם אויף אַ באַל אָדער אויף אַ וויזיט ערגעץ אין די געהויבענע סאַלאָנען. זיכער ווייסט זי נישט, אַז אַצינד איז ערב שבת פאַר נאַכט, אַז אַצינד שטייט אויף דער עתיק יומין פון זיין קלאָג־בענ־קעלע, נעמט אראָפּ דאָס אַש פון זיין קאָפּ, טוט אויס דעם זאַק, וואָס ער טראָגט אַ גאַנצע וואָך, אַלס טרויער אויף חורבן בית־המקדש, און איז אויף זיך מקבל קדושת־שבת מתוך שמחה. שבת קלאָגט מען נישט, שבת היא מלזעוק... ניין, ס'איז חלומות, פּאָלין איז דאָס אַלץ פרעמד. זי האָט אין רוסלאַנד אויך נישט געוווסט, וואָס חורבן, ווען חורבן, ווער שמועסט אין אַמעריקע, ווו ס'איז גאָר אַ בזיון אַ טרער צו לאָזן, ווער שמועסט אויף צרות פון צוריק מיט טויזנטער יאָרן. יאָ, ס'איז פאַרפאַלן, פּאָלי. דו וועסט שוין קיין מאָל נישט זיין קיין יידישע טאָכטער, אַן אמתע געטרייע טאָכטער פון יידישן פאָלק, אַזאַ, ווי איך האָב פון דיר געוואָלט מאַכן. ניין, ניין... אַמעריקע איז אַזוי ווייט און אַזוי מעכטיק. הערסטו, פּאָלי, מילא, וואָס ס'איז געווען, איז פאַרפאַלן. מן־הסתם בין איך נישט דיינער און דו נישט מיינע, אָבער וועגן איין זאַך וויל איך דיך ערנסט בעטן: זאָלן זיי דיר דאָרט נישט איינרעדן, אָט די איבערגעפרעסענע בראָדוויי־דזשענטלמענער, אַז דער יידישער חורבן ציילט שוין צוויי טויזנט יאָר. דאָס איז אַ געפערלעכער טעות! אַ שרעקלעכער ליגן! דער יידישער חורבן איז אַלע טאָג אַ פרישער און דו, מיין טייערע, מיט דיין פאַרפרעמדקייט צו יידישקייט און אפילו מיט דיין נישט וויסן, אַז איצט איז ערב שבת, ביסטו אויך אַ קרבן פון יידישן חורבן.

די זון האָט שוין אַ האַלבן פּנים באַהאַלטן, נאָר זי כאַפּט נאָך אַ קוק אויף שלמהן:

— נאָך לאַנג וועסטו דאָ זיצן? אין שטאָט איז שוין שבת, אין שול זאָגט מען שוין „הודו".

אָבער שלמה איז נישט אויף דעם עולם, ער זאָגט ווייטער:

— הסתיו עבר... עת הזמיר הגיע... שוין אַ בחור אין די צוואַנצי־קער, איידער מען קוקט זיך אום, ביסטו שוין באַלד פאַרטיק מיטן ביסל יאָרן און וואָס וועט טאָקע זיין מכח ציון? דו וועסט אַ פּנים אויסלעבן דיינע יאָרן און נישט זוכה זיין אַן אָטעם צו טון מיט אווירא דארץ־ישראל...

דאָס האַרץ צעגייט אין אים פאַר ווייטיק און רחמנות אויף זיך אַליין. אין שול אַריין קומט ער אַלע מאָל צו „לכו לרננה". היימישע יידן גייען

צו, גיבן אים אַ קלאַפּ אין פּלייצע און מיט אַ קאַטאָוועסדיקן בייזער זאָגן זיי:

— איי, איי, איי! דו ביסט נאָך גאָר אַ יונגערמאַן און שוין אַזוי אַריינגעטון אין די געשעפטן... טאַקע יומם ולילה... שיין אַזוי?

שלמה לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ דעם קאָפּ און איז מודה:

— טאַקע גערעכט... בפירוש נישט שיין. ס'איז געווען פון מיר אַ נאַרישקייט.

אָדער ווען עס קומט שבת־צו־נאַכטס נאָך הבדלה.

אויף זיין אכסניה איז אַצינד אומהיימלעך. דער הייליקער שבת גייט אַוועק און עס קומט די וויסטע וואָך, אויף מאָרגן קיין פּרוטה נישטאָ אין מאַרק אַריין, מען האָט אַזוי אויך מיט אַנגסטן דעם שבת אַריינגע־פירט. מאַן און ווייב קריכן פון דער הויט, ווילן צונויפשטעלן עפּעס אַ מין שטיקל פּלאַן, ווי אַזוי די וואָך דורכצושטופּן, ווי אַזוי זיך בשלום אַריבערשיפן אויפן צווייטן ברעג, ביז איבעראַכטאָג פרייטיק פאַר נאַכט צו ליכט בענטשן. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט שלמה נישט ליב צו געפיי־נען זיך אין שטוב. ער נעמט אַרויס דאָס פּעקל בריוו פונעם שופלאָד און גייט אַרויס מחוץ דער שטאָט. אַרום אַ האַלבער קילאָמעטער הינטער דער סלאָבאָדקע* געפינט זיך אַ לאָנקע פון פּאַשע. דאָרט ציט ער זיך אויס אין דער גאַנצער לענג, פאַרלייגט די הענט אונטערן קאָפּ, קוקט אויף דער לבנה און הערט זיך איין אין זיינע אייגענע געדאַנקען:

— מאָרגן דאַרף ער פאַרנעמען די ספרים ביי פיר בעלי־בתים. ווי־דער דאַרף ער נאָך אַ קוק טון אין די שאַפעס פונעם אַלטן בית־מדרש, אָפּקלייבן, וועלכע ספרים עס נוצן פאַר אים. קיין שטריק האָט ער שוין אויך כמעט נישט. טשוועקעס וועט נאָך סטאַיען אויף דער וואָך. קאַסטנס האָט ער נאָך דווקא, אָבער מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן ביזן לעצטן. יאָ, ער זאָל כאָטש נישט פאַרגעסן מאָרגן בייטן דאָס ביכל אין דער ביבליאָ־טעק, אַז נישט, וועט ער אויף דער נאַכט פון זינען אַראָפּ. פון דער היים שרייבט מען אַזעלכע וויינענדיקע בריוו, אַז דאָס האַרץ צערייסט זיך אים אויף שטיקער. די מאַמע מיט די קינדער פאַרשעלטן זיך דאָס געביין. מאַלע וואָס, מען שיקט צו געלט אַלע מאָל, זיי זענען נישט קיין בהמות, וואָס אַבי מען שניידט זיי אָן אַ קאָרעטע מיט בורעקעס, איז שוין גענוג פאַר זיי. זיי קענען שוין נישט אַריבערטראָגן דעם עלנט. נישט דער טאַטע, נישט שלמה, שוין באַלד דריי חדשים. זיי האָבן שוין באַלד פאַרגעסן, ווי אַזוי זיי זעען אויס. דינה, זיין עלטערע שוועסטער, באַקלאָגט זיך אויף אירע יונגע יאָרן. ס'איז איר נמאס דאָס לעבן: קיין פרישע ביכער — נישט, קיין חברטעס — נישט, אַ טייל פון זיי זענען זיך צעפאָרן, די איי־בעריקע זענען אַריין אין קאָמסאָמאָל — אַליין איינס קען זי שוין מיט זיי קיין שייכות נישט האָבן. זי פילט, אַז זי שימלט אין דעם וויסטן כמעלניק.

---

* סלאָבאָדקע — אַ מין פאָרשטאָט.

זי וואָלט מיט פאַרגעניגן איצט געוואָשן שלמהן די פיס, אַזוי בענקט זי נאָך אים. ווען נישט דאָס, וואָס זי האָט כאָטש דינה כאַדאַראָוו, וואָלט זי שוין לאַנג משוגע געוואָרן. זיינעם אַ בריוו לייענט מען אפשר הונ־דערט מאָל, דאָס איז זייער איינציקע טרייסט. זי געדענקט זיי אַלע אויף אויסנווייניק. ווען ער זאָל האָבן יושר אין זיך, וואָלט ער מער גאָרנישט געטון, נאָר בריוו געשריבן. מנשה האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז אים איז נישט צו דערקענען. קיין סימן נישט פון דעם אַמאָליקן פריילעכן, מונ־טערן מנשהן. ער האָט זיך אין גאַנצן פאַרשלאָסן אין זיך. גאַנצע טעג זיצט ער איבערן ספר — אָדער ער קייעט אַ וואָנסע אָדער ער דרייט דאָס באָרד־בערשטעלע. יענע רייזל, וואָס מען האָט אים גערעדט פון אַנאַניעוו, האָט שוין חתונה געהאַט. זי האָט גענומען עפּעס אַ מאַטראָס און איז אוועקגעפאָרן מיט אים קיין לענינגראַד.

שלמה זעצט זיך אויף, זוכט אויס דינהס בריוו און לייענט פאַר דער שיין פון דער לבנה:

— וויפל מאָל כ׳האָב אים געבעטן, מנשהן טאַקע, ער זאָל דיר עפּעס אָנשרייבן, וועסטו אים ענטפערן, וועלן מיר דערווייל אויך האָבן וואָס צו לייענען, איין מאָל — ניין. רעד צו דער וואַנט! דו קענסט נישט מנשהן? יענער איז נאָר לעבעדיק, ווען ער האָט דיך לעבן זיך, אָבער אַזוי איז ער דאָך אַזאַ פוילער. „אַזעלכע חברים ווי איך מיט שלמהן", זאָגט ער, „דאַרפן זיך נישט דורכשרייבן, זיי פאַרשטייען זיך גאַנץ גוט אָן דעם אויך"... דו פאַרשטייסט דיבורים?! אַ בטלן בלייבט אַ בטלן. די מומע זלאַטע האָט זיך גאָרנישט געענדערט. אַקוראַט ווי פריער מיט פינף יאָר זיצט זי אין דער גרעסטער היץ מיט דעם וואָלענעם שאַל אויף די אַקסלען, די באַקן פלאַמען מיט נישט געזונטע פלעמעלעך, די אויגן ברענען, דאָס האַרץ צעבראַסטעט, די ביינער סטאַרטשען, כאָטש צייל זיי איבער, און זי רעדט און רעדט... ווער האָט דען אַזאַ אייזערנעם קאָפּ צו פאַרגעדענקען אַלץ, וואָס זי רעדט? טויזנט און איין נאַכט! אָט למשל, הער אַ ביסל: ווען זי קען אַראָפּגיין פון בעט, וואָלט זי געכאַפּט דעם „נישט גוטן", וואָס האָט צעטריבן פון כמעלניק אירע גאָלדענע פּלימעני־קעס, אפרים־אהרונען מיט שלמהן, מיכאלן מיט יחיאלן, און וואָלט אים צוגעבונדן האַנט ביי האַנט צוזאַמען מיט איר מאַן, דעם אפיקורס, און וואָלט זיי אָפּגעפירט — טרעף צו וועמען? דווקא צו ר׳ מיכעלע זלאָ־טשעווער!... נישקשה, ער איז נישט געשטאָרבן, צדיקים שטאַרבן נישט, און זאָל ער זיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל אומברענגען מיט איין שם המפורש... און נאָך אַזעלכע פּזמונות, וואָס מען קען משוגע ווערן הערנ־דיק זיי. נאָך אירע דרשות שאַפט זיך ביי דיר אַ געפיל, ווי מען וואָלט דיר געגאָסן בליי אין דער נשמה... היינט שידוכים... שידוכים פון דער וועלט!... אַז יעדן טראָגט זי אויפן קאָפּ. וועמען נישט? זי האָט שוין אפילו אַ שידוך פאַר אונדזער יונהלען אויך... דו זאָלסט נישט לאַכן, וואָס איך שרייב דיר אַזוי פיל און אַזוי נישט אינטערעסאַנט. ווייל ערשטנס:

בעסער קען איך נישט, צווייטנס: גיט כמעלניק נישט קיין בעסערן שטאָף צום שרייבן, דריטנס און דאָס איז דער עיקר, וואָס דערווייל פטר איך אַ שעה, צוויי, דאָס איז ביי מיר שוין אַ גרויסע זאַך. יאָ, שלמה, וועגן דעם סאַמע ליבסטן, דעם סאַמע טייערסטן האָב איך דיר נאָך גאָרנישט געשריבן. עס רייסט אַזוי דאָס האַרץ אויפן זיידן שלומען, אַז כ'קען נישט שרייבן אָן טרערן. בכלל ווייסטו דאָך, זינט די באָבע עליה השלום איז געשטאָרבן, האָט זיך פון אים אָפּגעטון די גאַנצע פרייליכקייט. איצט, אַז ביידע הייזער זענען אַזוי פּאַריתומט, זיצט ער שוין גאַנצע טעג אין בית־מדרש, מען זעט אים כמעט נישט אויף דער איבערשטער גאַס. פון זינט דו מיטן טאַטן זענען אַוועקגעפאָרן, האָט ער זיך געמאַכט אַ מנהג, אַז ער וועט אַ טראַכט טון, אפשר איז עס טאַקע נישט גלייך פון זיין די מומע ברכה איז איין מאָל שבת אַריין אין שול בשעתן „לייענען", אַרויף אויפן באַלעמער מיט אַ געוויין, אַז דער זיידע האָט אויף זיך קיין רחמנות נישט. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייד, כמעט אַ זיבעציקער, קיין עין־הרע, אַזאַ שוואַכער מענטש, אין אַזעלכע געפערלעכע היצן זאָל גאָר נעמען אויף זיך צו פאַסטן צוויי מאָל אין וואָך. זי וועט נישט לאָזן „לייענען", ביז קהל וועט אויף אים נישט גוזר זיין מער אַזוי נישט צו טון. אַלע קינדער זענען זיך צעפאָרן, זי איינע, אַ וויסטע, אַ פינצטערע אַלמנה, טאָמער איז קאָרג דער אַרום־און־אַרום, דאַרף זי נאָך אַכטונג געבן אויפן טאַטן, אַז ער זאָל נישט פאַרגעסן אָפּפאַסטן. מען מוז אויף אים אַכטונג געבן נאָך ערגער ווי אויף אַ קליין קינד... איך מיט רבקהן זענען מיט איר מיטגעגאַנגען אין שול אַריין, פיל מענטשן האָבן געוויינט אויף איר קוקנדיק און דער זיידע האָט געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט אַ טראַכט טון, אפשר איז עס טאַקע נישט גלייך פון זיין זייט. מער האָט מען ביי אים נישט געקענט פועלן. מיינסטו אפשר, אַז ס'האָט עפּעס געהאָלפן? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. נאָך שבת, מאָנטיק, איז ווידער געוועזן דאָס זעלבע און אַזוי ביז היינטיקן טאָג. ער הערט די וועלט ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי. און טאָמער איז נאָך קאָרג, האָט ער צוגעטראַכט נאָך אַ נייעס: אין די טעג פון זיינע תעניתים גייט ער אַוועק אויפן בית־עולם, פאַרקלייבט זיך צו ר' יאָסי דעם רב אויפן קבר און זאָגט דאָרט אָפּ גאַנץ תהילים; דאָס איז אַ חוץ דעם מאָל, וואָס ער זאָגט אָפּ טאָג־טעגלעך באַלד נאָכן דאַווענען, נישט אַרויסגייענדיק פון שול. אָט אַזוי האָט זיך אונדזער האַרציקער זיידע אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פון דעם עולם, זיך געשאָפן אַן אייגן וועלטל פון תעניתים, קברים און תהילים זאָגן און לאָזט קיינעם נישט צו נאָענט צו זיך. כ'ווייס גאָרנישט, וואָס דער מענטש טראַכט זיך. דו זאָלסט אים אָנקוקן: איינגעבויגן, אַרום די אויגן טונקל־ברוינע רייפלעך ווי נאָך אַ שווערן טיפוס, קוים וואָס ער רעדט אויס אַ וואָרט. אַז ער גיט שוין יאָ אַ מאָל אַ שמייכל, קען מען מיינען, אַז ער וויינט. יענע וואָך האָט די מומע ברכה נאָך פיל קווענקלעניש זיך אָנגענומען מיט מוט, מנשה האָט אויך דערויף מסכים

געווען און זי האָט אָוועקגעשריבן מיכאלן קיין אַנאַניעוו, ער זאָל אַלץ אָוועקוואַרפן און באַלד קומען. זי קען שוין אַליין נישט אַריבערטראָגן פונעם זיידן. ער איז זיין פּאָטער גלייך ווי אירער און טאָמער ישובט ער זיך לאַנג, אַזוי הייבט זי זיך אויף און פאָרט אויך אַוועק און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. אייערנעכטן איז געווען אַ טעלעגראַמע, אַז די טעג פאָרט ער אַרויס. נו, און בכלל דאָס שטעטל — וואָס זאָל איך דיר שרייבן, שלמה? עס גוססט פון טאָג צו טאָג. מען זעט באַשיינפּערלעך, ווי עס שטאַרבט אָפּ ביי דעם אַן אבר נאָך אַן אבר, אַזוי ווי ביי אַ מענטשן: די הענט, די פיס, די נאָז, די אויגן... עס זענען יענע וואָך אַוועקגעפאָרן קיין אומאַן אַלע קאַרליצקים. זייער שטוב, די אייל־פּאַבריק פאַרקלאַפּט מיט ברעטער — אַ בית־עולם!... אַוועקגעפאָרן די סאָסנאָווסקים, נאָר זייער כייקע איז געבליבן: עפּעס אַ קינד איז ביי איר אין שפּיטאָל. אַוועקגעפאָרן בערל ליפּסקער מיט אַלע קינדער. אַוועקגעפאָרן קלמן תקיף מיט די אײדעמס. אפילו שמערקע קיסליצע, כ'ווייס? שייך אויסצורעכענען? מען צעלויפט זיך אַזוי ווי פון דער טשומאַ*... כ'האָב געשריבן דעם טאַטן, אפשר וואָלט איך אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו לערנען — וואָס וועט ווערן פון מיר אין כמעלניק? איך בין שוין אַלט זיבעצן יאָר און די צייט גייט אַוועק מיט גאָרנישט...

שלמה קען דעם בריוו און בכלל אַלע בריוו אויף אויסנווייניק. יעדעס וואָרט פון זיי שניידט אים דאָס לייב ווי מיט מעסערס. דער חורבן פון כמעלניק, דאָס צעזייט ווערן פון דער משפּחה פּיאַטיגאָרסקי דערמאָנען אים אין זיין אייגענעם חורבן. ער קען אויף קיין שום מיידל נישט קוקן. ער איז היינטיקן זומער אויסגעפאָרן אַ וועלט, אומעטום פאַרוואַרפט מען אים מיט שידוכים, מען רייסט אים ממש ביי די פּאָלעס: ווילסט אַ גערענדיקטע? ווילסט אַ קראַסאַוויצע? אפשר אַ גרויסן נדן? האָב רחמנות, זאָג נאָר, וואָס דו ווילסט...

אָבער אים האָט זיך גאָרנישט געוואָלט. זיין האַרץ איז פאַרשטיינערט, ער וויל גאָרנישט. נאָך וואָס זאָל ער אומגליקלעך מאַכן אַ יידישע טאָכטער, אַז סיי ווי סיי האָט פּאָלי מיטגענומען זיין נשמה אַהין... אויף יענער זייט אָקעאַן, אין דער נייער וועלט אַריין.

אַזוי ליגט ער אָפּ די שבת־צו־נאַכטסן איינער אַליין אויף אַ לאַנקע אָדער אין שמעקנדיקן קליעווער **, טאַפּט איבער אברימוויז זיין וועלטעלע און קערט זיך אום נאָך האַלבער נאַכט אַ פאַראומערטער אויף זיין אכסניה. די בעלי־בתים שלאָפן שוין לאַנג, האָט ער מורא זיי וועקן, צינדט ער קיין ליכט נישט אָן. אין דער פינצטער איז ער מקיים מלוה־מלכה און אין דער פרי איז ער ווידער ווי אַ פערד אין אָקער: ספרים... קאָסטנס... טעלעגראַמעס... באַגאַזש... קיעוו.. בריוו אַהער, בריוו אַהין...

און אַזוי אייר און סיון און תמוז און אב.

---

* טשומאַ — אַן אָנשטעקנדיקע קרענק, אַ מגפה.

** א בעסערער מין פּאַשע.

# קאפיטל XVI

אין זאלאטאנאשע, ווו שלמה האט זיך איבער זיין נישט־געזונטקייט פארהאלטן אן איבעריקע וואך, האט אים דעריאגט א היפשער בריוו פון זיין דינהן. א דערפרייטער האט ער אראפגעווארפן דעם קאמפרעס פונעם שטערן און גענומען לייענען:

„הארציקער ברודער, געטרייער!

דו וועסט נישט לאכן פון מיר, וועל איך דיר אויסזאגן א סוד. אנו טרעף, ווו איך שרייב איצט? דו זאלסט אפילו זיין מיט טויזנט קעפ, וועסטו דאס נישט טרעפן. אויפן בוידעם! יא, יא, אויפן בוידעם שרייב איך. איך האב זיך אהין בסוד פארקליבן, ווייל אין שטוב קען איך זיך נישט קאנצענטרירן. קוים דערשמעקט מען, אז איך שרייב צו שלמהן — און צו וועמען דען אנדערש האב איך צו שרייבן? — אזוי באזעצן מיך די קינדערלעך, זאלן זיין געזונט און שטארק, שיינדעלע פון איר זייט, יונהלע פון זיין זייט, און מען הייבט אן צו זשושען אין די אויערן: „שרייב דאס, שרייב יענץ" — אז נישט, זאל איך זיי אפגעבן די פע־דער, וועלן זיי אליין שרייבן... די מאמע, זאל געזונט זיין, האט דיר שטענדיק א פארטיק צעטל וואס איבערצוגעבן צו שלמהן. וויפל איך בעט זיך נישט ביי איר: „דו דארפסט, שרייב אליין אן, נא דיר טינט און פעדער"... ניין, אליין צו שרייבן האט זי נישט קיין שטימונג, נאר אויף איבערגעבן דורך מיר האט זי גאנצע פעק. איך זאל שרייבן און זי וועט מיר דיקטירן... האב איך געזען, אז: ניין! דאס וואס מיר ווילט זיך דיר איצט אנשרייבן, וועט זיך ביי מיר אין שטוב נישט באקומען. האב איך זיך מישב געווען און בין אוועק אויפן בוידעם ארויף. אמת, דא אונטערן אנגעגליטן בלעך איז הייסלעך, דערפאר איז אבער רואיק. כ'האב ארויפגעלייגט דעם אלטן לאקשנברעט אויף דעם אפגעפאלענעם קוימען — די ציגל שיטן זיך פון אים אן אן אויפהער. ביי די היצן, איז עפעס א חידוש? — כ'האב צוגעשלעפט דעם קאסטן מיטן פסח־דיקן געפעס אנשטאט א בענקל און ס'איז א מחיה! כ'האב שוין דוקא געהערט, ווי די מאמע האט געשיקט די קינדער מיך אויפזוכן, אבער זי מעג מיך דארפן ווי נייטיק — ביז איך וועל נישט ענדיקן דאס שרייבן, וועל איך נישט אראפגיין! שרעק זיך נאר נישט, איך וועל דיר נישט דולן איצט דעם קאפ מיט מיין פארן קיין קיעוו, כאטש איך פיל, אז אויב דאס וועט זיך מיר נישט איינגעבן, וועל איך, דאכט זיך, באגיין זעלבסטמארד. די וויסטע, אין וועלכער כמעלניק האט זיך פארוואנדלט און וואס עס טוט זיך אפ אין דער וויסטע, ווירקן אויף מיר אזוי דער־דריקנדיק, אז כ'קען דיר גארנישט ארויסשרייבן. טייערער שלמהלע, כ'דערמאן זיך אפט אין דיינע רייד, אז טאמער ווערט א מענטש פאר־ווארפן ערגעץ אין א מקום־פורעניות, דארף ער גדענקען, אז ס'איז

נישט אומזיסט. מן הסתם דאַרף ער דאָרט עפּעס מתקן זיין. איך באַ־טראַכט זיך שוין לאַנג פאַר אַ קיעווער, אַנדערש קען איך גאָר נישט טראַכטן, אָבער אויף וואָס דער אייבערשטער דאַרף מיך נאָך דערווייל מאַטערן אין כמעלניק, פאַרשטיי איך, דאַכט זיך, איך שטוים זיך אָן. צייטנווייז איז ביי מיר אַ געפיל — איך רעד פאַר דיר אַרויס אַלע נאַריש־קייטן — ווי איך וואָלט געווען פון דער השגחה באַשטימט אַלס אַן עדות פון די אַלע שטילע טראַגעדיעס, וואָס שפּילן זיך דאָ אָפּ אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק. דו געדענקסט, דו האָסט מיט מיר אַ מאָל געלערנט, אַז די ראָל פון ירמיהו הנביא ביים חורבן איז געווען: אַליין זען, אַליין דער־פילן און דורכפילן, אויסבאַהאַלטן דעם גרוילעכן צער פאַר די קומענדיקע דורות. צייטנווייז דאַכט זיך מיר — אָבער געדענק, דו האָסט מיר צוגע־זאָגט נישט צו לאַכן — אַז איך, די קליינע דינהלע, ווי די מאַמע רופט מיך נאָך אַ מאָל, בין עפּעס אַ ירמיהוכע און דעריבער איז אויף מיר מוטל אַליין צו זען און אַליין צו פאַרגעדענקען. און די לעצטע פאַר וואָכן איז טאַקע געווען וואָס צו זען. אַ טראָפּן פון ים וויל איך דיר דערציילן. דעריבער טאַקע האָב איך זיך פאַרקליבן אַזש אויפן בוידעם, כדי איך זאָל אין גאַרנישט פאַרגעסן.

קודם כל האָבן מיר דאָ די לעצטע צייט געהאַט אַ שטיקל שמחה, אָבער אַזאַ שמחה, וואָס איז פאַרבונדן מיט פרעמדע צרות. אַ זעלכע שמחות זאָלן וואָס ווייניקער זיין ביי יידן. מעשה שהיה כך היה: ס׳איז שוין אַ וואָכן פינף, זעקס דערינען, ווי די זוועניגאָראָדקער פינאַנס־פּעקציע האָט געגעבן צו וויסן דער שטאָט, אַז זיי געבן צוריק אַרויס פּאַטענטן אויף אַלערליי מינים מסחרים; די שטייערן וועלן זיין צוטריטלעכע — מיט איין וואָרט: השיבנו נאַזאַד! אַלע אין שטעטל האָבן דאָס אויס־געטייטשט, אַז די מלוכה טוט תשובה. פון דעם, וואָס מען האָט ליקווי־דירט דעם נעפּ, איז אַ פנים געוואָרן אַ היפּשע לאָך אין דער מלוכה־קאַסע. די מאַמע האָט זיך געריסן אייך אָנצושרייבן, אַז איר זאָלט זיך תיכף ומיד אומקערן אַהיים — אַ קלייניקייט, אַזאַ ישועה? — אַ שפּיי טון אויף אברהם שאַרפשטיינס צוגעזאָגטע גליקן און צוריק לעבן מיט דער פאַמיליע צוזאַמען, מיט לייטן גלייך. איך און רבקה האָבן זי ממש ביי די הענט צוגעהאַלטן, אַז זי זאָל נישט שרייבן. מיר האָבן איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איר האָט אויך זיכער געהערט דאָס נייעס און ווייסט אַליין וואָס צו טון. מנשה האָט זי אויך אָפּגערעדט דערפון. ברכה, פאַר־קערט, האָט דוקא געהאַלטן מיט איר. דער זיידע האָט מיט קיינעם נישט געהאַלטן: ער האָט געהאַלטן אין מיטן תהילים־זאָגן. הערסטו, מען קען גאָר אויף דער מאַמען מיט ברכהן קיין פאַראיבל נישט האָבן. אונדזערע נשמות זענען שוין דאָ פאַרוועלקט געוואָרן פון אומעט, פון איינזאַמקייט. מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל שוין גאָר קיין מאָל קיין שמייכל נישט קענען טון, די ליפּן האָבן זיך שוין אָפּגעוווינט. בקיצור: זי האָט אייך נישט געשריבן און איך — אודאי און אודאי נישט. כ׳האָב מורא געהאַט,

טאָמער איז אייך שוין אויך נמאס דאָס נע ונדנע לעבן. איר קענט נאָך קומען צוריק, ווידער איינפירן די פאַרשאָלטענע שניטקראָם און דאַמאָלסט איז: אַדיע, קיעוו! אין זוועניגאָראָדקע איז אָבער די דאָזיקע ידיעה אייניקע מענטשן יאָ אַריין אין דער נאָז: מען האָט אַרויסגענומען בלעט־לעך, מען האָט שטילערהייט אויסגעגראָבן די באַהאַלטענע סחורות און איינע נאָך דער אַנדערער האָבן זיך געעפנט: לעדער־קראָמען, מאַנופאַק־טור־געשעפטן און סקלאַדן פון מוכר־תבואהניקעס. דאָס תשובה־טון פון דער מלוכה האָט געדויערט גאַנצע ניין טעג. אויפן צענטן טאָג זענען ראַפּטאָם אָנגעפאַלן אויף די פריש־געבאַקענע נעפּמאַנצעס די פינאַנ־ספּעקציע, די מיליץ און די ליכטע קאַוואַלעריע. מען האָט פאַרנומען פון די קלייטן ביז איין פאָדעם, קאָנפיסקירט פון די הייזער אַלץ, אַלץ, אַלץ, און די קרעמערס אַרעסטירט. אַ פּראָקוראָר פון אומאַן איז ספּעציעל געפאָרן קיין מאָסקווע מיט די „דיעלעס" פון די סוחרים און יעדן באַ־זונדער געבראַכט משלוח־מנות: ווער מען פינף יאָר, וועמען אַכט און ווע־מען גאַנצע צען, קוקנדיק אויף דער גרייס פונעם קאָנפיסקירטן פאַרמעגן. צווישן די נייע קרבנות זענען אַריינגעפאַלן: כּאַסקל ווינאַראָוו, דער וואָס וווינט הינטער דעם קאָסטיאָל, לייבל שניידערמאַן, ער האָט נעבעך אַריינגעכאַפּט אַ „צענערל", ווייל מען האָט ביי אים געפונען פאַרגראָבן צוואַנציק זעקלעך צוקער חוץ אַנדערע סחורות. ווייטער איז נעבעך אומ־גליקלעך געוואָרן: וויגדער סאַלווינסקי, עפּשטיינס מחותן; נישט קוקנדיק אויף זיין טובערקולאָז האָט מען אים פאַרשיקט אויף זעקס יאָר. ווייס איך וואָס, ער וועט דען איבערלעבן? און איין יאָר וועט ער דען יאָ אויסהאַלטן? אַז מיר האָבן דערהערט די בשורה־טובה, ווי אַזוי מען האָט אַ וועלט אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין, האָבן מיר זיך שוין געפרייט, וואָס די שריפה איז נישט ביי אונדז, וואָס מיר זענען נישט פון די גע־שטראָפטע. די מאַמע, ביים דערמאָנען אברהם שאַרפּשטיינס נאָמען, ווינטשט אים אָן דאָס אייביקע לעבן: מחמת זי איז זיכער, אַז ווען איר זענט נישט פאַרבונדן מיט דעם ספרים־האַנדל, וואָלט איר אויך געווען אַריינגעפאַלן אין דער פאַסטקע.

צווייטנס: די „ראַסקולאַטשעוואַניע".

מילאַ, וואָס האָסטו צו קלערן, יאָני מעג הונדערט מאָל אַ טאָג גומל בענטשן, וואָס ער האָט ביי צייטנס אָפּגעצויגן פון דאַנען. ווען מען פאַקט אים דאָ בשעת חדוה, וואָלט שוין אויף אים לאַנג גראָז געוואַקסן. מילאַ, וואָס מען האָט ראַסקולאַטשעוועט די גויאישע בעלי־גופים, כאַפּט זיי דער רוח! אַלע פאַרמעגלעכע פּויערן זענען געוועזענע פּעטליוראָווצעס אָדער מאַכנאָווצעס. דאָס גאַנצע עשרות זייערס איז געקומען דערפון, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעזויפן מיט יידיש האָב און גוטס. דו געדענקסט, אין פּיאַטער נאָך, ווי אַזוי מיר זענען אַנטלויפנדיק פון די באַנדיטן געלעגן ביי זייערע פּלויטן און זיי, די איבערגעפרעסענע קולאַקעס, האָבן אָנשטאָט אונדז אַריינלאָזן און באַהאַלטן, אָנגערייצט אויף אונדז די

הינט און אַרויסגעשיקט צו אונדז די כלאָפּצעס מיט די דרעש־שטעקנס... ברענען זיי ליכטיק! אַ ברכה אויף דער ראַטנמאַכט, וואָס זי ראָט אויס אָט די באַנדיטישע נעסטן פונעם לאַנד. און גראָד אויף אויסראָטן איז אונדזער מאַכט אַ גרויסע בריה. ביי ד ע ר עבודה פילט זי זיך ווי ביי זיך אין דער היים. פינף מעת־לעת האָט געדויערט דאָס אויפרוימען די קולאַקעס פון כמעלניקער דאָרף. פינף מעת־לעת זענען געגאַנגען זייערע קולות עד לב השמים. עס זענען צוגעפאָרן צענדליקער סנאָפּעס־וועגענער צו זייערע הייזער און מען האָט פאַרנומען פון דאָרטן אַלץ, אַלץ, ביז אַ פאָדעם. די קולאַקעס האָט מען איינגעזעצט און אין זייערע דירות באַלד אַריינגעזעצט די „אָרעמקייט". אַזוי, למשל, וווינט שוין כוועדקע טאַראַן מיט דער גאַנצער כאַליאַסטרע זיינער ביי די זאָרינס. מען האָט אים איבערגעלאָזט אַ בהמה מיט אַ פאָר יונגע לאָשעקלעך. די זאָלסט אַ קוק טון אויף כוועדקען, וואָלסטו אים נישט דערקענט: אַ גאַנצער קאָמיסאַר געוואָרן. אויפגעהערט צו שכורן, קוקט אויף מענטשן פון אויבן אַראָפּ, אַ גאַנצער „יאַ־טיעביע־דאַם" געוואָרן. מיקיטאַ אָן דער האַנט איז געוואָרן באַלעבאָס נישט מער און נישט ווייניקער ווי ביי אָמעלקע דומסקי. יאַקוב דעם הייזעריקן האָט מען געמאַכט פאַר פאָרזיצער פון דער „אָרעמקייט" און אים אַוועקגעשענקט דער אַלטער סטעפאַנידעס אוסאַדבע * — און נאָך צענדליקער אַזעלכע פאַלן. די קולאַקן מיט די משפחות האָט מען פונעם גאַנצן געגנט צונויפגעטריבן קיין זוועניגאָראָדקע, פון דאָרטן פאָרמירט זיך זייער טראַנספּאָרט אויף סאַכאַלין צי אויף קאַמטשאַטקע. כן יאבדו! די דאָזיקע הינט האָבן כשר פאַרדינט דעם שטעקן. געבענטשט זאָלן זיין די הענט, וואָס האַלטן דעם שטעקן. כ'ווייס נישט ווי אַזוי דו, איך בין זייער צופרידן פון דעם בייט, כאָטש די „אָרעמקייט" אַליין זענען אויך קליינע יידן־ליבהאָבערס. וואָלט דאָך, דאַכט זיך, אַלץ גוט געווען, האָט מען אָבער אין שטעטל אויך דורכגעפירט אַ „ראַסקולאַטשעוואַניע". אָבער אַזוי ווי קיין אמתע נגידים זענען נישטאָ און ראַסקולאַטשעווען מוז מען, כדי די גוים זאָלן נישט זאָגן, אַז ס'איז אַ יידישע מלוכה, קיין אייגענע טשעפּעט מען נישט, האָט מען „געמאַכט" קולאַקעס. הירשל דובינסקי איז געקרוינט געוואָרן פאַר אַ קולאַק און יוסל שטייערמאַן און דו ווייסט, ווער נאָך? בערל מיט דער ליפּ, וואָס האָט כל ימיו אַליין געאַרבעט ביי דער דראַטשקע **. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין גוואַלדן, קיין חלשן, מען האָט ביי זיי פאַרנומען אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און אַרויסגעשיקט מיט ווייב און קינדער. אייניקע זאָגן, קיין אופאַ און אַנדערע זאָגן קיין אָמסק אָדער קיין טאָמסק. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געוויגט מיט דעם שקר־בלבול. איך זאָג, דאָס גאַנצע שטעטל, קענסטו מיינען, אַז ס'איז נאָך גאַנץ. ניין, ברודערקע!

---

* דער הויף מיט הכל־בכל.

** אַ גרויפּן־מילעכל.

כמעלניק איז היינט אַ בית־עולם, אויף וועלכן עס דרייען זיך נאָך אַרום עטלעכע לעבעדיקע מתים. צייטנווייז איז אַ שרעק אַרויסצוגיין אויף דער גאַס: טאָמער באַגעגנסטו עמעצן, טאָמער פרעגט ער עפּעס, וואָס וועסטו ענטפערן?

פון אונדזער גאַס זענען אַוועקגעפאָרן אַכט משפחות אויף לאַנדווירט־שאַפטלעכער אַרבעט. זיי שרייבן אָבער אַזעלכע בריוו, אַז דאָס האַרץ צערייסט זיך אויף שטיקער. דער ווערבירּאָווטשיק, וועלכער האָט זיי פאַר־רעגיסטרירט, האָט זיי פאַרזיכערט, אַז פון קריוואָי־ראָג וועט מען זיי שיקן אין די יידישע קאָלווירטן *, וווּ זיי וועלן זיך פילן ווי ביי זיך אין דער היים. צום סוף האָט מען זיי פאַרפירט קיין כערסאָן. דאָרט האָט מען זיי געזאָגט, אַז די יידישע קאָלווירטן זענען שוין קאָמפּאַקט־פול, מען וועט זיי שיקן אין אַלטע קאָלכאָזן. דאָרט איז נאָך בעסער. ס'האָט נישט גע־האָלפן קיין פּראָטעסטירן, מען האָט זיי פאַרפירט אין באַלטער געגנט און צעוואָרפן צו איינציקע משפחות אין פאַרשידענע קאָלכאָזן. איצט פאַר־שעלטן זיי זיך דאָס געביין. זיי גייען ממש אויס, אַזוי בענקען זיי צוריק אין שטעטל אַריין. אָבער ס'איז פאַרפאַלן. איצט אַנטלויפן פון דאָרטן, הייסט מען שוין אַ פּאָדרעוושטשיק **. די קאָלכאָזניקעס איזדיעקעווען זיך שרעקלעך אויף זיי, שרייען צו זיי אויף יעדן שריט און טריט:

— וואָס דאַרפט איר דאָ, נעפּמאַנצעס? פאָרט קיין פּאַלעסטינאַ, פאָרט קיין בירּאָ־בידזשאַן, מאַכט אייך שענקלעך, אָבער אונדזער הייליקע ערד זאָלט איר נישט פאַראומרייניקן מיט אייערע זשידאָווסקע פינגערלעך...

מען שטעלט זיי — שרייבן זיי — אויף די סאַמע ערגסטע און מיאוסטע אַרבעטן: טאָמער דאַרף מען רייניקן די שטאַל, די אָפּטריטן, רייסן קאָ־נאָפּליעס, קאַרטשעווען *** ביימער — אויף די אַרבעטן שיקט מען די „פּאַלעסטינער נעפּמאַנעס". איך זאָג דיר, ווען מען לייענט זייערן אַ בריוו, גייט אָפּ דאָס האַרץ מיט בלוט. דאָס האָסטו דיר דעם סך־הכל פון די יידישע גאָלדענע חלומות.

היינט האָט ביי אונדז געקאָכט אין שטעטל עטלעכע וואָכן נאָך אַנאַנד מיט דער נייער „ישועה": בירּאָ־בידזשאַן! דער הויפּט־ווערבירּאָווטשטשיק זיצט אין אומאַן און שיקט זיינע קאָמיסאַרטשיקלעך אויף דער גאַנצער פּראָווינץ. לויט זייערע רייד דאַרף מען אַלץ אַוועקוואַרפן און לויפן אַהין באָרוועס. דאָרט איז דאָס געבענטשטע לאַנד, וועגן וועלכן יידן האָבן אפילו נישט געוואָגט צו פאַנטאַזירן. און דו מיינסט, אַז זייערע דרשות האָבן נישט קיין דערפאָלג? שטעל דיר פאָר, אַז ס'איז נישט אַזוי: אייער־נעכטן איז פון אונדז אַהין אַוועקגעפאָרן אַ גאַנץ היפּשער עולם, אַ „האַלב שטעטל". ס'איז אַוועקגעפאָרן צדוק דער שוסטער מיט דער גאַנצער

* פאַרקירצט פון: קאָלעקטיווע ווירטשאַפט.

** אַן אונטעררייסער.

*** אַרויסרייסן די וואָרצלען.

משפחה. אוועקגעפֿאָרן שמעון־וועלוועל דער רויטער מיט בײדע אײדעמס. ס'זענען אוועקגעפֿאָרן בײדע טעפֿערס, חאַסקל בעלמע און יאַנקל מזיק. די הינטערשטע גאַס איז שוין באַלד אין גאַנצן לײדיק. כאָטש גײ זיך דאָרט דורך מיט אַן אַקער. יאָ, און ס'איז אוועקגעפֿאָרן עזריאל דער דאַמסקע שנײדער, חאַנוסי די פּישערקע — און נאָך, און נאָך, און נאָך, אַ גאַנצע מחנה קײן עין־הרע. מען האָט זײ אײנגערעדט, אַז ביראָ־בידזשאַן דאָס איז אַ נײ ציון. צדוק מיט שמעון־וועלוולען זענען אוועק אין בית־מדרש, אַרויסגענומען זיך צו ספֿרי־תורות און זײ מיטגענומען מיט זיך קײן נײ־ציון. מנשה האָט זײ געגעבן כּתובֿ וחתום, אַז דאָס שטעטל שענקט זײ אַוועק די ספֿרי־תורות בתנאַי, אַז דאָרט וווּהין זײ וועלן קומען, זאָלן זײ אַרײנשטעלן די ספֿרים אין דאָרטיקע שולן און ייִדן זאָלן זיך נוצן מיט זײ.

אַז קלמנקע דער ליוועראַנטעבעס האָט דערהערט פֿון די ספֿרי־תורות, מאַכט ער צו צדוק דעם שוסטער:

— ר' צדוק, פֿאַרלירט זײ בעסער אויפֿן וועג און ברענגט נישט אָט די שעדלעכע קאַפּיטאַליסטישע זאַבאַבאָנעס אין אונדזער סאָציאַליסטישער אויטאָנאָמיע...

געפֿעלט דיר אַ חוצפּה פֿון אַ שגץ? ס'זאָל אים נאָר אָפּטריקענען דאָס צינגעלע, אָט דעם ימח־שמוניק! ער איז הײנט אין שטעטל אַ גאַנצער קאָמענדאַנט. ער גײט אַרום פֿאַררײסן דאָס נעזל: נאַפּאָלעאָן!

אַ טאָג פֿאַרן פֿאָרן איז די גאַנצע מחנה צוזאַמען געגאַנגען אויפֿן הײליקן אָרט זיך געזעגענען מיט די מתים. שלמה, וואָס זאָל איך דיר דערצײלן? די היסטעריקעס, די האַרצרײסנדיקע קוויטשן... ווײס איך, ס'איז גאָר נישט צו באַמאָלן! דאָס גאַנצע שטעטל איז מיטגעגאַנגען. כ'ווײס נישט, וועמער ס'האָט געוויינט שטאַרקער, דער בלײבנדיקער עולם צי דער אַוועקפֿאָרנדיקער, נאָר בײדע האָבן זיך נישקשהדיק אָפּגעגעבן קאָנ־טעט. די יללות האָבן געשפּאַלטן אַלע הימלען...

אַז די ביראָ־בידזשאַנצעס זענען אַרויסגעפֿאָרן פֿון שטעטל, איז זײ נאָכגעגאַנגען קינד און קײט. זײ זענען געפֿאָרן גלײך קײן יערקע. דאָרט האָט געוואַרט אויף זײ אַ ספּעציעלער וואַגאָן, וואָס וועט זײ צושטעלן גלײך צו דער וואָלגע. דאָרט פֿאַרמירט זיך דער גרויסער עשאַלאָן. דאָס „שטעטל" האָט זײ באַגלײט ביז וואָלכיוויעץ. אַז דו ביסט נישט געווען בײם געזעגענען זיך, ווערסטו לעבן מער מיט צוואַנציק יאָר. דו וואָלסט געווען געדאַרפֿט זען, ווי דער זײדע שלום מיט אַ פּאָר געשוואָלענע אויגן פֿון געוויין, האָט זיך אַרומגענומען מיט צדוק דעם שוסטער. ווי זײ האָבן זיך געגלעט און געקושט און נאָך אַ מאָל זיך אַרומגענומען און ווידער אַ מאָל זיך אַרומגענומען... ווײס איך, אַזעלכע זאַכן גיבן זיך נישט איבער מיט קײן רײד. דאָס האַרץ איז מיר שווער פֿאַר אונדזערע „נײ־ציונדיקע". עפּעס דאָס שרעקלעכע געוויין זאָגט עדות, אַז ביראָ־בידזשאַן איז נישט ארץ־ישראל, קײן ארץ־ישראל אַז מען פֿאָרט, טאַנצט זיך, און דאָ גאָר —

וויינט זיך. איצט איז שוין דאָס שטעטל ווי אין אַ שלאָפּצימער אין מיטן בייטאָג: שאַ — שטיל! מען הערט פליגן זשומען. נו, שלמהלע, איך הער, אַז די מאַמע גייט שוין אויף דער לייטער, זיך אַ פּנים אָנגעשטויסן וווהין איך האָב זיך געקענט באַהאַלטן. זיי געזונט, האָב נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך האָב דיר אַזוי פיל אָנגעדולט דעם קאָפּ. די וועלט זאָגט: אַז דאָס האַרץ איז פול, גייט דאָס מויל איבער — אַזוי איז דאָס"...

# קאַפּיטל XVII

דאָס איז געווען אין אַ דינסטיק פאַר נאַכט.

דריי טעג נאָך אַנאַנד האָט געציבערט, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען אויף דער גאַס די נאָז אַרויסצושטעקן. שלמה איז געווען אַזוי נידערגעשלאָגן פון דעם פאַרשפּאַרטקייט, אַז ער פלעגט גאַנצע טעג זיך וואַלגערן אין בעט, נישט וועלן אַרויסקריכן פון די קישנס. פאַר איין שעה צייט האָט ער זיך געקענט נעמען צו צענערליי אַרבעטן און איינע פון זיי נישט ענדיקן. אָט האָט ער געלערנט אַ בלעטל גמרא, מיט אַ מאָל — ער בלעטערט שוין גייגערן. נישט איבערגעלייענט קיין האַלב זייטל גיט ער דאָס בוך אַ שמיץ אין אַ ווינקל און הייסט זיך גרייטן צום טיש. קוים אויפגעגעסן די „המוציא" הייסט ער פאַרלעשן דעם נאָר וואָס אָנגעצונדענעם פּרימוס — ער מוז שוין אָנשרייבן אַ בריוו אַהיים. פון דעם בריוו באַווייזט ער נאָר אָנצושרייבן. דאָס קעפּל מיט די „שליט"א'ס, ווי עס פאַלט אויף אים אָן אַ קלעפּיקער דרימל, אַזוי אַז די פעדער פאַלט אַרויס פון דער האַנט. אין בעט דרייט ער זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, „קלאַפּט זיך קאָפּ אין וואַנט" און קען בשום אופן נישט צוטון מיט קיין אויג. גאַנצע נעכט ליגט ער איבער מיט אָפענע אויגן און הערט זיך איין אין דעם אומאויפהערלעכן נודנעם ניגון, וואָס עמעצער קלאַפּט אויס אין דאַך. פאַר טאָג־צו באַהערשט אים אַ שווערער שלאָף און ווען ער כאַפּט זיך אויף און גיט אַ קוק דורכן פענצטער אויף דעם פאַרוויינטן דרויסן, דאַכט זיך אים גאָר, אַז ס'איז שוין באַלד ווידער נאַכט — הייַנט, צו וואָס איז דאָס אָנטון זיך?

דאָס שטעטל קענעלע, ווו ער האָט זיך גראָד דאַמאָלסט געפונען, איז גרויס ווי אַ געניץ און ליגט אין אַ טאָל, טיף באַהאַלטן צווישן ששת־ימי־בראשיתדיקע אַלכאָווע וועלדער. גייסטו אַרויס אויף דער גאַס, הייבסטו אויף די אויגן צום הימל, פאַרטשעפּעט זיך דיין בליק אין די וואַלדפעסטונגען, וואָס הענגען פון אַלע אַרומיקע בערג און האַלטן אין איין דוכענען איבערן שטעטל. טאָמער לויפט אָן אַ ווינט און הייבט אָן צו „קאָמאַנדעווען" מיט דיביימער, דאַן שטייט אין שטעטל אַ געברום, וואָס מאַכט אויפציטערן יעדנס נשמה. יעדער גסיסה־קרעכץ פון אַן אָפּגעבראָכענעם צווייג, יעדער טרישטשע פון אַן אומגעוואָרפענעם בוים רופט זיך ווייטיקלעך אָפּ אין די הערצער פון די איינוווינער. פרומע יידן שמוזערן מיט די ליפּן און האָבן דערביי אַ הרהור־תשובה:

— איי ווי, קול ד' שובר ארזים...

דערפאַר אָבער ווען דאָס וועטער איז גוט, איז דאָרט ממש אַ גן־עדן.

— נישט דאָס שטעטל שטייט צווישן וועלדער — פלעגן זיך באַלעבאַטים ווערטלען — נאָר די וועלדער בעטן זיך, אַז מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין שטעטל.

ווייבער פלעגן אַרויסטראָגן די „טריניעזשקעס" * אין וואַלד אַריין און דאָרטן גרייטן די וואַרעמעסן: — וועט פאַרשפּאָרן צו ווערן אין שטוב ווי אין אַ קוזניע. יונגע מוטערס פלעגן די „לאָזנעס" ** הענג־וויגעלעך אויפהענגען אויף די הויקערדיקעביימער און אָנפילן דעם וואַלד מיט זיסע פרויען־שטימען:

אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
דאָס איז די בעסטע סחורה,
יאַנקעלע וועט לערנען תורה.
תורה וועט ער לערנען,
ספרים וועט ער שרייבן
און אַ גוטער, אַ ווילער, אַן ערלעכער ייד
וועט יאַנקעלע פאַרבלייבן...

ווייסע־חברהניקעס פלעגן רעכענען דעם וואַלד פאַר זייערן אַ קנין. דאָרט האָט צו זיי קיינער קיין שליטה נישט געהאַט: נישט דער רבי, נישט דער בייזער שמש און אפילו נישט דער שטרענגער פאָטער. דער וואַלד האָט געדינט פאַר אַ מין עיר־מקלט פאַר אַלע פאַרזינדיקטע. יידן בטלנים פלעגן דאָרט אַרומשפּאַצירן אין די ארבע־כנפותן פראַנק און פריי, אַריינקוקן אין אַ ספר, עפּעס איבערכאַפּן אויף איין פוס און כאַפּן אַ געשמאַקן דרימל אין אַ נאָכמיטאָגדיקער שעה.

באַפרייענדיק זיך פון דער אַרבעט פלעגט שלמה אויסמיידן דאָס שטעטלדיקע שטיקל וואַלד און זיך אַוועקלאָזן מיט די וואַלד־שטעגעלעך אין די ווייטע טיפענישן פון דעם דאָזיקן ריזיקן ביימער־קעניגרייך.

יענעם דינסטיק, אויפכאַפּנדיק זיך פון שלאָף, האָט שלמה נישט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן: אין פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַן אויסגעצוואָגענע זון. אירע שטראַלן האָבן אַזוי צערטלעך געגלעט דאָס פנים, אַז ס'האָט זיך אים אַזש פאַרוואָלט וויינען פאַר פרייד. אָפּגעפּאַרטיקט זיך פאַר פרי מיט די געשעפטן, האָט שלמה מיטגענומען עפּעס אויף איבערצוקייען און איז אַוועק אין וואַלד אַריין. דאָ איז אַלץ געווען פריש און פול מיט לעבן. די שמאָלע שטעגן זענען נאָך געווען בלאָטיק אַ ביסל, איז ער געגאַנגען מיטן ברייטן שליאַך. ער האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי ער האָט זיך שטאַרק דערווייטערט פון קענעלע און זיך פאַרנומען אין שענדעריוווקער זייט. ווען ער האָט זיך דערויף געכאַפּט, איז שוין דער ברייטער וואַלד־שליאַך געווען צעפּאַסעוועט מיט פאַנטאַסטישע ביימער־שאָטנס. די זון האָט איבערגעטאַפּט יעדעס צווייגעלע אויף די הויכע

* אַן אייזערנער „דריי־פוס", אויף וועלכן עס קאָכט זיך איין טעפּל.
** אַזאַ מין האָליע, פון וועלכן מען פלעכט וויגן, שטולן, קוישן.

ביימער־שפּיצן און האָט זיך אָנגעהויבן צוצובייגן אַלץ נעענטער צו די פּלאַכע גראָזן.

שלמה האָט אָפּגעדאַוונט מנחה און זיך נישט איילנדיק געלאָזט גיין אויף צוריק. פון דער ווייטנס האָט ער באַמערקט, ווי פון אַ זייטיק שטע־געלע האָט אַרויסגעשלייכט אויפן שליאַך אַ קליין גויעלע מיט אַ קלומעקל אויף די פּלייצעס און מיט אַ שטעקן אין דער האַנט. דאָס גויעלע האָט געשפּאַנט פאַר שלמהן מיט דראָבנע טריטעלעך און זיין קליין הויקערל האָט מיד נאָכגעטאַנצט צום טאַקט פון זיין הינקענדיקן גענגעלע. שלמה האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אים און שוין געוואָלט ווייטער גיין, ווען זיין בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ היפּשן בלעכערנעם טשייניק, וואָס האָט ביי דעם פּוסגייער געהאַנגען אויף אַ שטריקל און איז געווען אַ־יבער־געוואָרפן אויף פאָרנט. שלמה האָט נאָר איין קוק געטון דעם אַלטן אין פּנים אַריין און גלייך זענען פאַרשוווּנדן אַלע ספקות:

— ר׳ משה!

דער אַלטער האָט זיך מיט דער דלאָניע פאַרשטעלט פון דער זון, אַ ווײַלע אָנגעקוקט דעם יונגנמאַן און נישט זיכער געפרעגט:

— דו ביסט נישט שלמהקע במעלניקער?

— פאַר וואָס עפּעס נישט? איך האָב זיך דען אַזוי שטאַרק געביטן?

— וואָס דען מיינסטו, ניין? יונגע מענטשן בייטן זיך.

— שלום עליכם, ר׳ משה... אַזוי אומגעריכט...

— עליכם שלום, עליכם שלום. וואָס הייסט אומגעריכט? וואָס דען וואָלסטו געוואָלט, אַז מען זאָל כאַטש אַ וואָך פאַר מיין אָנקומען קלינגען אין אַלע קלויסטערס?

— ר׳ משה, איר זענט נאָך אַלץ דער זעלבער ווערטל־זאָגער וואָס געווען... פון זינט איך געדענק אייך, זענט איר אַזעלכער...

— ניין, ברודערקע, דו האָסט מחילה אַ גרויסן טעות. היינט איז שווער צו בלייבן דער זעלבער... נישט אַזעלכע צייטן...

— אַזוי, צו אייך האָבן שוין אויך דערלאַנגט די נייע צייטן?

— וואָס איז שייך, דערלאַנגט? מיר אַליין פעלט גאָרנישט, אָבער אַז דיר פעלט עפּעס, קרענקט עס מיך.

שלמה האָט געוואָלט איבערנעמען ביי אים דאָס קלומעקל, כדי ער זאָל אַ ביסל אויסגלייכן די פּלייצע, נאָר ער האָט נישט געלאָזט:

— מיינע קלומקעס בין איך געוווינט געוואָרן אַליין צו טראָגן.

— ר׳ משה, איך האָב ביי זיך געבעקס, פּרוכטן, נעמט עפּעס אין מויל אַריין...

— אַ דאַנק, קיין עסן וויל איך נישט. זעסטו, אַ גלאָז טיי וואָלט איך גערן יאָ געטרונקען. איך וואָלט זיך ממש מחיה געווען...

— ר׳ משה, אָט דאָ נישט ווייט האָב איך באַמערקט אַ קוואַל. אמת, דאָס וואַסער גייט זייער לאַנגזאַם, אָבער אַ טשייניקל קען מען אָנגעמען

און אויפזידן. ס'איז נאָר שלעכט, וואָס איך האָב ביי זיך נישט קיין שוועבעלע.

— שוועבעלעך האָב איך. זיי טאָקע אַ ווייל קינד, שלמהקעלע, און גיי נעם אָן. דו וועסט דיר פאַרדינען עולם־הבא.

ווען שלמה האָט זיך ענדלעך אומגעקערט מיט אַ טשייניקל וואַסער, האָט שוין אין אַ זייט פונעם שליאַך געברענט אַ פריילעך שייטערל. דער אַלטער משה איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ביימער און האָט צונויפגעזוכט טרוקענע צווייגעלעך. פאַר עטלעכע מינוט האָבן זיי צונויפגעשאַרט אַ היפשן הויפן דינע צווייגעלעך, אָפּגעבראָכן עטלעכע נאַסע צווייגן, איבערגעלייגט זיי איינע אויף דער אַנדערער ווי די שטאַכעטן, איינגעמאָסטעט אויף זיי דאָס טשייניקל, צעפירט אַרום דעם אַ גרויס פייער און אַליין זיך צוגעשפּאַרט אויפן גראָז.

אומבאַמערקט איז צוגעפאַלן די נאַכט. קליינע ווייטע שטערנדלעך האָבן פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דאָס מאָדנע פּאָרל. שלמה איז געלעגן אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן און האָט טרויעריק באַטראַכט דאָס אָפּגעפּאָרענע פנים פון דעם סודותפולן וואַנדערער. משהלע האָט מיטביידע הענט געהאַלטן דאָס קווערטל און האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געזופּט די זודיקע פליסיקייט אָן צוקער. צובייסן האָט ער גאָרנישט געוואָלט.

ווען דאָס טשייניקל איז געוואָרן אויסגעליידיקט, האָט זיך שלמה אויפגעהויבן:

— גיט עס אַהער, וויל איך ברענגען נאָך איינס.

דער זקן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— צו פיל טרחה פאַר דיר...

— הערט שוין אויף, מיר איז גאָרנישט שווער... אויך אַ געשעפט...

— ניין, ס'וועט זיין גענוג! דעם יצר־הרע דאַרף מען אויך נישט צו פיל נאָכגעבן. ס'איז אַ קונץ זיך אָנצוזשליאָקען *? איך קען אַריינגיסן אין זיך אפילו אַכט טשייניקעס אויך, וואָס זשע איז דער אויפטו? ניין, ניין, ס'איז גענוג. זעץ זיך צו אַ ביסל, וואַרף אונטער שפּענדלעך... ביים פייער איז עפּעס היימלעכער.

די גאַנצע אַרומיקע געגנט האָט זיך איינגעהילט אין דער טויב־שטומער נאַכט. נישט קיין פלעמעלע פון ערגעץ, נישט קיין שאָרך — אַלץ איז ווי אויסגעשטאָרבן. דער וואַלד האָט זיך פאַרטאַיעט, די שטערנדלעך זענען וואַכנדיק געשלאָפן. אויך די צוויי שאָטנס ביים שייטער האָבן געשוויגן. יעדער פון זיי איז געווען פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען, נאָר די טרעשטשענדיקע צווייגעלעך האָבן געשנאָלט די פינצטערניש מיט רויטע פונקען.

משהלע האָט אַ טאָרקע געטון שלמהן:

— מען דאַרף דאַווענען מעריב!

אָפּגעדאַוונט האָט משהלע צוריק פאַרפּאַקט אין טאָרבע אַריין זיינע

---

* געמיינט: זיך פול אָנטרינקען.

חפצים, צעטאַפּטשעט מיט די פיס די טליענדיקע האַלעוועשקעס און זיי האָבן זיך לאַנגזאַם געלאָזט גיין ווייטער.

— ר׳ משה, פון וואַנען גייט איר עס איצט?

— פון ראַקיטנע.

— ווען זשע זענט איר פון דאָרטן אַרויסגעגאַנגען?

— קאַיאָר, מיטן מאָרגנשטערן.

— און איר האָט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן?

— ווער איז דען הונגעריק? גלאַט אַבי שטופּן אין זיך?...

— און צו פוס אַזאַ מהלך־רב... איך זע, איר גייט שוין מיט אַ שטעקן...

— זעסטו, דאָס גיין איז מיר שוין בפרוש יאָ שווערלעך... וואָס זשע קען איך העלפן? אַ מאָל פלעג איך אָפּזאָגן די בעלי־עגלות און היינט — אָנו זיי אַ בריה און געפין אויף אַ רפואה כאָטש איינעם... זיי זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן אַזוי ווי פיל אַנדערע זאַכן... און וועמען טאָקע זאָלן זיי היינט פירן? דעם נעכטיקן טאָג?

— און גיין, הייסט עס, מוז מען...

— שוטה, וואָס דו ביסט, אין גאַנצן דער כח, וואָס דערהאַלט מיך אויף די פיס, איז נאָר דאָס גיין. ווען איך זעץ זיך חלילה אַנידער אויף איין אָרט, וואָלט איך זיכער אַ מיתה־משונה איינגענומען...

— ר׳ משה, קיין בתי־מדרשים זענען דאָך היינט כמעט נישטאָ, ווו זשע נעכטיקט איר, ווען איר קומט ערגעץ?

— ווי אַ מאָל. אַ מאָל אין באָד, אַ מאָל אין טהרה־שטיבל און אַז נישט, איז סתם אין אַ חורבה... אַבי קיינעם ענג נישט מאַכן.

דער וואַלד גייט זיי נאָך מיט זיין שווידערלעכן שטילשווייגן. די געדיכטע פינצטערניש ווירקט דערדריקנדיק אויף די נשמות. נאָך אַ לאַנגער פּויזע פרעגט ווידער משהלע:

— יאָ, דעם עיקר האָב איך דיך פאַרגעסן צו פרעגן. ווי קומסטו אַהער אין די מקומות?

— איך אַרבעט דאָ אין קענעלע.

— וואָס פאַר אַן אַרבעט אַזאַ?

— איך קויף צונויף יידישע ספרים. דער טאַטע אויך, נאָר ערגעץ אַנדערש.

— הם, מחשבותן... כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, יחיאל האָט דאָך מיר אין טערליצע דאָס זעלבע דערציילט... אַזוי, אַזוי, שה פזורה ישראל... זענט איר כאָטש מצליח?

— ווי אַ מאָל... נאָך דער שניטקראַם בענקען מיר נישט.

דאָס חשבות הילט זיי איין איינציקווייז און פאַרבאָרגט זיי איינעם פונעם צווייטן. עטלעכע מינוט איז אין גאַנצן שטיל, ביז עס רייסט זיך אַרויס ביי משהלען אַ טיפער זיפץ:

— גוואַלד, שברנא ליה בשבין, טאַטע זיסער... און דאָ, ווי אויף צו־להכעיס, מאַכט זיך אַלץ ערגער און ערגער... עד מתי? עד מתי?

ביי שלמהן איז אין יענער מינוט געווען אַ געפיל, ווי דאָס קול וואָלט געגאַנגען ערגעץ פון אונטער דער ערד, ער האָט מורא געהאַט זיך אומ־קוקן אויף זיין באַגלייטער. ער האָט געהאַט אַ חשד, אַז ער — איז נישט ער.

נאָך אַ קליינער פּויזע האָט יענער ביי אים געפרעגט:

— דו ביסט נאָך אַלץ נישט קיין חתן?

— ווי באַלד נישט פאַר חיה־דוואָסיען, פאַר וועמען זשע זאָל איך אַ חתן ווערן?

משהלע מעסט אים אָפּ מיט אַ קאַלטן לאַנג־דויערנדיקן קוק:

— דו דאַרפסט פון איר נישט לאַכן. דער פּאָטער אירער, לא עלינו, איז געפּערלעך קראַנק, זי איז איצט די גאַנצע דערנערערין פון זייער שטוב... עלף פאַרשווין קיין עין־הרע... זיי זיכער, זי וועט נאָך נעמען אַזאַ אַנטיק ווי דו... און טאָמער אפילו אַ ביסל אַ קלענערן, איז אויך אַ קליי־נער אומגליק... לאַכן איז נישטאָ פון וואָס...

שלמה, אַ פאַרשעמטער:

— ווער לאַכט דען? איך האָב סתם אַזוי...

— באַרעכן, שלמה, איצט טוט מיר שוין באַנג, פאַר וואָס איך האָב דיך נישט געלאָזט גיין אָננעמען נאָך אַ טשייניק וואַסער. עפּעס ברענט מיך אויפן האַרצן... בכלל די לעצטע צייט...

— ר׳ משה, אָט קומען מיר אין שטאָט אַריין, אויף מיין אכסניא וועל איך אייך מאַכן טיי אפילו אַ גאַנצן עמער...

— אַלץ וואָלט גוט געווען, ווען איך גיי איצט אין דיין שטעטל...

שלמה איז אָן לשון שטיין געבליבן. משהלע האָט אַרויסגעזייעט דורך די ציין:

— דערווייל גיי איך איצט קיין כאַדאַרקאָוו... דאָ נישט ווייט צעשיידן זיך אונדזערע וועגן.

— ר׳ משה, וואָס רעדט איר, דאָס איז דאָך אַ קימאַ־לן פון אַ וועלכע צוואַנציק, פינף און צוואַנציק ווערסט... אין דעם חשכות...

— איך בייט קיין מאָל נישט מיינע דרכים... אַרויסגייענדיק פון ראַקיטנע האָב איך געהאַט בדעה: כאַדאַרקאָוו, מוז עס בלייבן כאַדאַר־קאָוו!... און וואָס דו זאָגסט — חשכות, איז היינט בכלל אַ חשכות... ביי טאָג איז אויך אַ חשכות... ימש חושך...

— איר, ר׳ משה, גיט שוין אויך נאָך? איר האָט שוין אויך תרעומות? וואָהין איז אַהינגעקומען אייער סבלנות?

— יאָ, דו ביסט גערעכט, שלמהקע. איך הייב שוין אויך אָן קאַליע צו ווערן. צייטנווייז, אַז איך ווער שוין גאָר בייז, היפּער איך איבער דעם „חיים ארוכים” אין ראש־חודש־בענטשן. געוווג, כ׳בין שוין זאַט!

שלמה דערפילט זיך זייער נישטיק קעגן אָט דעם שוואַכינקן יידעלע. ער דערפילט, ווי אַ הייסע כוואַליע רייסט זיך צום האַלדז, און ער באַמיט זיך זי אַראָפּצושלינגען, נישט אַרויסצולאָזן.

משהלע שטרעקט אים אוים די האַנט:

— נו, זיי געזונט, שלמה, זיי אַ וווּיל קינד און גיי בדרך הישר. אָט דאָ אויף לינקס גייט מײַן שליאַך. און דו דאַרפסט אויף רעכטס. האַלט זיך, ברודערקע, אין דער מדרגה, ווייל עס קומען אָן שווערע טעג. טעג פון גרויסע נסיונות. גיי, גיי, דײַן וועג איז אויף רעכטס. גיי שטענדיק נאָר אויף רעכטס...

די הייסע כוואַליע האָט זיך טאַקע דערקליבן צום האַלדז. שלמה האָט מיט אַ געוויין אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— איך וועל אייך נישט אָפּלאָזן אַליין ביי נאַכט... אויב איר גייט נישט מיט מיר, גיי איך מיט אייך...

— גיי, דו שוטה. ער גייט מיט מיר, גייט ער... אפשר וויל איך גאָר־נישט, אַז דו זאָלסט גיין מיט מיר... אפשר האָב איך גאָר ליב צו גיין איינער אַליין... נאַריש קינד...

שלמה האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר אויפן שליאַך איז שוין קיינער נישט געווען. די ביימער האָבן זיך צערוקט, די פינצטערניש האָט פאַרשטעלט און „משהלע מיטן טשייניק” איז פאַרשוווּנדן ווי אַ חלום. אַ ווײַלע איז שלמה געשטאַנען ווי געפּלעפּט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַ ריס געטון פונעם אָרט, ער איז אַריין אין וואַלד און האָט אָנגעהויבן שרייען נישט מיט זײַן קול:

— ר׳ משה... ר׳ משה... איך גיי אויך, ר׳ משה...

דער פינצטערער וואַלד האָט זיך אים שפּאָטיש נאָכגעקרימט:

— ...אוישע... אוישע...

די שטילקייט האָט געשטאָכן אין די אויערן. ביי שלמהן איז געווען אַ געפיל, ווי עמעצער וואָלט ביי אים נאָר וואָס אויסגעריסן אַ שטיק פון זײַן קינדהייט, אַ שטיק פון זײַן לעבן... מיט אַ באַטריבט האַרץ האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בערגל צווישן די ביימער, אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין די הענט אַריין און שטיל, איינזיך, געוויינט...

# קאפיטל XVIII

ענדע אב האָט דער בריוונטרעגער געבראַכט שלמהן דריי בריוו מיט אַ מאָל. שלמה האָט געטאַנצט פאַר פרייד. עפּעס אַ קלייניקייט, ערשט פאַר־ראַכטאָגן טעלעגראַפירט אַהיים, אין וועלכן שטעטל ער פאָרט איבער, און שוין — דריי בריוו... דאָס איז דאָך שמחת־תורה.

דעם פאָטערס בריוו איז געווען פונעם וועג: ער איז געפאָרן קיין קיעוו זיך אָפּחשבונען פאַר עטלעכע טראַנספּאָרטן ספרים. דער צווייטער בריוו איז געווען פון דער מאַמען מיט די קינדער. דער דריטער פון מיכאלן, אויך פון כמעלניק שוין. דער פאָטער אין זיין בריוו האָט זיך געווונטשן, אַז שלמה זאָל אויך אַקוראַט דאַרפן זיין אין קיעוו, וואָלטן זיי זיך געזען פאַר אַ גאַנצן זומער... אים ספּעציעל צוליב דעם אַרויסרופן פאַרגינט ער זיך נישט: אַ שאָד הוצאות און צייט. אָט, ווען עס מאַכט זיך צופעליק, וואָלט ער זיך מחיה געווען... די געשעפטן ביי אים גייען געוויינלעך. ער האָט אָפּגעשיקט נאָך אַ וואַזשנעם טראַנספּאָרט ספרים און פאָרט פערזענ־לעך אים אָפּגעבן ר׳ אברהם שאַרפשטיין. אין דער מוטערס בריוו זענען קיין באַזונדערע נייעס נישט געווען. ווידער דאָס זעלבע: ס׳גייט איר אוים דאָס חיות זיך צו זען מיט אים. זיי האָבן זייער אַ טייערן גאַסט: מיכאל איז געקומען פון אַנאַניעוו און וועט שוין אודאי איבערבלייבן אין כמעלניק ביז נאָך די יומטובים. יחיאל שרייבט פון טערליצע, אַז דאָרט האָט זיך אויסגעלאָזט די אַרבעט, האָט ער זיך אָנגעפרעגט אין אַנאַניעוו, צי עס איז פאַר אים כדאי צו פאָרן אַהין פאַרנעמען מיכאלס שטעלע. זייער דינה וויינט און קלאָגט, זי רייסט זיך מיט אַלע כוחות פּטור צו ווערן פון דעם אומגליקלעכן כמעלניק. ס׳איז ממש אוממעגלעך צוצוקוקן דעם צער פונעם קינד. האָט שוין דער טאַטע איר געשריבן, אַז ער דאַרף אין גיכן זיין אין קיעוו, וועט ער שוין דאָרט צוטראַכטן עפּעס אַן אופן פאַר איר...

מיכאל צעשרייבט זיך גאַנץ אויספירלעך וועגן אַנאַניעוו: „דאָס איז אַ גן־עדן. אַ שטאָט, וואָס איז זאַט מיט אַלעמען. ווייַן גיסט זיך אין די גאַסן, די שענסטע קוילעטשן, וועלכע ער האָט ווען עס איז געזען, פּלייש, פּוטער, וויינטרויבן וואַלגערן זיך ווי מיסט. הכלל ס׳איז נישט אָפּצומאָלן. היינט, די משפחה זייערע... דאָס זענען דימענטענע מענטשן; אים איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער, שלמה, קען זיי נישט פערזענלעך. מנשה האָט אים דאָרטן אַזוי אָפּגעמאָלט, אַז ווען ער קומט אַהין, וואָלטן זיי אים אויף די הענט אַרומגעטראָגן. און חוץ אַלעמען, קען מען דאָרט פשוט גוט פאַר־דינען און פריילעך לעבן. — איך אַליין, שרייבט ווייטער מיכאל, באַ־טראַכטנדיק דאָ אונדזער שטוב, דעם טאַטן, ברכהן, האָב איך נישט קיין האַרץ צו פאָרן אויף צוריק. כאָטש גלייב מיר, ברודער מיינער, עס ציט מיך אַהין ווי אַ מאַגנעט. אָבער וואָר דען זאָל טראַכטן פון דער שטוב,

אויב נישט איך?... יחיאל איז ווידער קראַנק אויף די לונגען, האָב איך
אים געשריבן אַן עצה, ער זאָל אַלץ אוועקוואַרפן און תיכף ומיד פאָרן
קיין אַנאַניעוו פאַרנעמען מיין שטעלע. ביז עפּעס וואָס, וועלן אים די
ווינטערוויבן אויסהיילן אַ ביסל, ס'איז איצט אַקוראַט סעזאָן־פּיק *. און
איך ווידער קלער ערשט פון אַלע מעשות אוועקשטעלן אויף דאָס ניי דעם
סטאַנאָק ביי אונדז אין שטוב און מן הסתם וועל איך ווי עס איז פאַר־
דינען צום לעבן. מנשה בענקט שטאַרק נאָך דיר. איך שטעל זיך פאָר,
אַז דו נאָך אים בענקסט זיכער נישט ווייניקער. דער מומע זלאַטעס מייד־
לעך זענען שטאַרק פאַרוויסט. ס'איז פאַר זיי נאָר אַ קבר דאָס כמעלניק.
האָב איך דאָס געזאָגט מנשהן. וואָס זשע, איך וועל זיך שעמען פאַר
אים? ווייס איך וואָס, מיט אים רעדט מען? פּונקט ווי צו דער וואַנט...
דיין דינה פאָרט מסתמא נאָך יום־טוב קיין קיעוו און זייער גליך טוט
זי. וואָס דען? וואָס איז דאָס זיצן און היטן די קברים, עס וועט זיי אַזוי
אויך קיינער נישט טשעפּען. כ'בין דורכגעפאָרן זווענוגאָראָדקע — אויך
שטאַרק וואָכעדיק, נישט דאָס, וואָס אַ מאָל. ווען דו זאָלסט אַ קוק טון
אויף די טולטשינסקים — עס רייסט דאָס האַרץ..."

ביי שלמהן איז אַרויסגעפאַלן דער בריוו פון די הענט. אַ פּאָר מינוט
האָט ער נאָר געפילט, אַז דאָס האַרץ האָט זיך אין אים אָפּגעשטעלט, פאַר
די אויגן האָט ער גאָרנישט געזען. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער
וואַנט און שוואַך, אָן לעבן מיט די פינגער געכאַפּט די לופט, געוואָלט
דעם בריוו געפינען. ביסלעכוויז האָט ער אָנגעהויבן קומען צו זיך, נאָר
ער האָט זיך געמוזט אוועקלייגן. אין מוח האָט זיך עפּעס שטיל באַ־
וועגט:

— פון וועלכע טולטשינסיקים רעדט ער? פון די באַסטאָנער?...

ער האָט זיך צוגעלייגט אַ נאַסן טוך צום קאָפּ און גענומען דערלייע־
נען מיכאלס בריוו.

„...ווען דו זאָלסט אַ קוק טון אויף די טולטשינסקים — עס רייסט
דאָס האַרץ. אַוראַם האָט אַ ביסל געדרייט מיט דער צונג, זיך געהיט מיט
אַן איבעריק וואָרט. נאָר דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן געוויר צו ווערן:
עפּעס האָט יאַני געזאָלט זיי אַרויסנעמען צו זיך ערגעץ — ווהין, ווייס
איך נישט. זייער גאַנץ פאַרמעגן איז שוין געלעגן אין די טשעמאָדאַנעס.
מען האָט נאָר געוואַרט אויף אַ סיגנאַל: פּאַ־קאָניאַם **! נאָר דאָ איז
עפּעס קאַליע געוואָרן ביי יאַנין דאָרטן. מען האָט אים אָנגעהויבן נאָכ־
שפּירן. וואָס, ווער, ווען — ווייס איך נישט. עפּעס אַ געדיכטער נעפּל,
אַ גאַנצע מעשה מיט אַ שפּיאָן און מיט אַן אויסלענדער, צי אַן אויסלענ־
דער באַזונדער און אַ שפּיאָן באַזונדער, איך זאָל אַזוי נישט וויסן פון
קיין בייז... סאָנקע האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן צו דערציילן, האָט אויף

* סעזאָן-פּיק — געמיינט: דער סאַמע ברען פון סעזאָן.
** פּאַ-קאָניאַם — אויף די פערד!

איר אסתר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, איז זי אַנטשוויגן געוואָרן. נאָר דער עיקר באַשטייט אין דעם: יאַני האָט ביי צייטנס דערשמעקט, אַז ס'איז שלעכט, אַז ער איז נישט זיכער מיטן לעבן, און האָט געמאַכט פּליטה. אויפן אַלטן אָרט איז ער שוין צו יענער צייט געווען אַ מיטגליד פון פּראָפּ־פּאַראיין, איז אים שוין גרינגער געווען. דאַקעגן אויף דעם נייעם אָרט איז ער אויף דאָס ניי אַ דעקלאַסירטער עלעמענט און איז געוואָרן למזל אַ שאַכטיאָר, פּשוטו כמשמעו, אָן איינפאַכער שאַכטיאָר אויף קוז־באַס *. מיינסטו זיכער, אַז אָט דאָס איז עס שוין? האָב צייט, דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דאָ אין זוועניגאָראָדקע, איידער די טולטשינסקים האָבן נאָך געוווּסט, אַז צו יאַנין פאָרן וועט מען שוין נישט דאַרפן, האָט מען זיי דערווייל שיין געשטעלט צום צעטל. אין איינעם אַ פאַרנאַכט — אַלע קינדער זענען געווען אַוועקגעגאַנגען אין טעאַטער און אסתר מיט דער שוועגערין האָבן זיך געמיטלעך געשמועסט פון פאָרנט אויפן גאַנעק. דו קענסט מן הסתם זייער שטוב, דו ביסט דאָך געווען ביי זיי נישט איין מאָל. אַ וואָקזאַל, נישט קיין שטוב, מיטן אויג נישט צו דערגרייכן. נו, נו, אויף דעם מאָמענט אַ פּנים האָבן די גנבים געטשאַטעוועט. איבער־צייגנדיק זיך, אַז אַלץ איז אין „אָרדענונג", די שטוב איז הפקר, האָבן זיי דורכן גאָרטן, וואָס הינטער זייער שטוב — דער זעלבער, וואָס גייט אַרויס אויף פּושקין־גאַס צו דער גוראַלניע — פאַרנומען פון דער שטוב, וואָס עס איז געווען, ביז איין פאָדעם. איבערגעלאָזט די טולטשינסקים אַזוי ווי זיי שטייען און גייען, אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה. אסתר האָט אַזוי געחלשט, דערציילן זיי, אַז די שכנטעס האָבן זי קוים דערמונטערט. אַ וואָך צייט נאָך דער מעשה איז זי טאַקע געווען געפּערלעך. שפּעטער איז נאָך אונטערגעקומען די פריילעכע ידיעה פון יאַנין, אַז מען זאָל זיך זען איינאָרדענען דאָרט, ווו מען איז... דו מעגסט זיי מקנא זיין, ס'איז זיי אויך ניין מאָל גוט... דו זאָלסט אַ קוק טון אויף ניומעס הולך, אויף אסתרס פּנים: שוין נישט די פּריצים, וואָס אויף דער בית־מדרש־גאַס. אָ, ניין! פאַרשוואַרצט, פאַרפינצטערט. דערווייל האָט אסתר אַ שוועס־טער, וווינט זי ערגעץ אין אַ קאָלאָניע אויף כערסאָנשטשינע: סטאַלינ־דאָרף, צי קאַלינינדאָרף, איך געדענק שוין נישט אויף אַקוראַט. האָט זי גע־שריבן, אַז דאָס לעבן איז דאָרט צום דערליידן, צו עסן איז דאָ גענוג. האָט אסתר אָפּגעשיקט אַהינצו איר פּאָלין. מיט איין מויל ווייניקער, פאָרט גרינגער. איצט שרייבט זי פון דאָרט, אַז זי אַרבעט אין דער טראַקטאָרן־סטאַנציע אַלס טאַבלעטשיצע ** און דער עיקר, אַז זי עסט שוין פון דער אייגענער פּראַצע ***. אַוואַס מיט ניומען אַרבעטן אין אַ בעקעריי, מען טאַסקעט נעבעך די זעקלעך מעל און מען וואַשט די פּאָדלאָגעס, אַז עס גייט אַזש

---

* קוזבאַס — געקירצט פון קוזניעצקי־באַסיין.

** טאַבעלשטשיצע — פאַרשרייבט יעדן די אַרבעטס־שעהן.

*** אַרבעט, אויף אוקראַיניש.

אַ רויך. אסתר אַליין איז עפּעס אַ שטיקל קעבין אין אַן ארבעטער־סטאַ־לאָווע, האָט זי עסן פּאַר ביליק. נו און סאָני איז דאָך נאָך אַ קינד, וואָס קען מען פון איר פאָדערן? לערנט זי, גייט נעבעך בככבוד גדול אין אַ פּאָר שטרויענע שטעקשיך אין איז זשעדנע אַ גלאָז סאָדע־וואַסער. אַך, איך זאָג דיר, עס רייסט דאָס האַרץ... שוין פיל גלייכער לכתחילה נישט פאַר־מאָגן איידער פאַרמאָגן און שפּעטער פאַרלירן... עס ווייזט אויס, אַז אין די טשעמאָדאַנעס ביי אסתרן איז געווען אַ היפּש פאַרמעגן. נאָך היינט, אַז מען דערמאָנט דאָרט דעם שאָדן, באַוואַשט זי זיך מיט בלוטיקע טרערן. נאָר כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, אודאי טוט ווי דאָס האַרץ, אָבער ווידער צוריקגעשמועסט, די טולטשינסקים זענען יונגע מענטשן, ווו שטייט עס געשריבן, אַז אייביק מוז מען זיין גבירים — זאָלן זיי אויך אַ ביסל פּאַרזוכן „טייגלעך מיט פּאַסאָליעס". כ'בין זיי נישט קיין שונא, אָבער וואָס קען מען דען העלפן? אַט זעסטו, דו זאָלסט אַ קוק טון אויף מיין טאַטן, כאַפּט טאַקע יאָ אַן אַ געוויין... שלמה, וואָס פון אים איז געוואָרן..."

שלמה האָט פאַמעלעך אריינגעלייגט דעם בריוו אין זיין קעסטל און איז אַוועק דאַווענען מנחה. ער האָט זיך מיט אַלע כוחות באַמיט נישט צו קלערן וועגן דעם פרישן נייעס. נישט דעם מח, נישט דעם האַרץ האָט ער נאָך נישט דערלויבט אויסצוטייטשן דאָס נאָר וואָס איבערגעלייענטע. דאָס איז געקומען אַזוי אומגעריכט. זאָל ער פריער קומען צו זיך, דער־נאָך ערשט...

מען האָט אָפּגעדאַוונט מנחה. שלמה האָט זיך צוגעזעצט צו דעם שיעור גמרא. נאָך מעריב איז ער קעגן זיין געוווינהייט געשטאַנען אין אַ רעדל בעלי־בתים ביים בית־מדרש און געשמועסט אַ ביסל „פּאָליטיק". ערשט ווען אַלע זענען זיך צעגאַנגען איבער די היימען, האָט ער לאַנגזאַם אַוועקגעשפּאַנט אויסער דער שטאָט. געקומען אויף „זיין" גרינער לאָנקע דאָרט ביים טייכל, וואַרפט ער זיך אריין אין גרינעם גראָז און טוט לע־בעדיק אַ פרעג ביי זיך אַליין:

— נו, וואָס שרייבט אייך עפּעס דער פעטער מיכאל, ר' שלמה?

אפשר צען מאָל נאָך אַנאַנד האָט ער זיך אַליין איבערדערציילט די געשיכטע מיט די טולטשינסקים. אין יעדער שורה און אין יעדן וואָרט האָט ער געפונען סודות מיט רמזים. דאָס פּנים האָט אים אין דער פינצ־טער געפלאַמט פאַר בושה. ער האָט געפילט, אַז עס איז זייער געמיין פון זיין זייט, אַזוי הנאה צו האָבן פון יענעמס אומגליק, אָבער ער איז דאָך פאָרט נישט מער ווי אַ בשר ודם... ער האָט גאָרנישט געלייקנט פאַר זיך, אַז אים פרייט די גאַנצע מעשה. ער האָט געפילט, אַז דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט אַ השגחה פּרטית, און איז געווען זיכער, אַז ער האָט אַ היפּשן חלק אין דער דאָזיקער געשיכטע. שוין צו ביטער האָט ער דאַמאָלסט געוויינט אויפן זוועניגאָראָדקער וואָקזאַל. ווען די הימלען זאָלן שוין אפילו זיין פון קופּער, האָט מען אויך געמוזט דערהערן... ווער שמועסט, עפּעס

שטייט דאָך געשריבן: שערי דמעות לא ננעלו...

— פּאַוואָליע נאַר, שלמה, לאָמיר זשע אָקאָרשט נאָך אַ מאָל זיך אומקוקן, וועלכע נייעס זענען געשען? נאַר גישט געכאַפּט... כ׳האָב לאַנג אַרויסגעקוקט דערויף... איז וואָס זשע האָבן מיר, הייסט עס? ערשטנס...

שלמה קערט זיך איבער אויפן בויך, נעמט אָן אין התפּעלות אַ פול מויל מיט פייכטן היי און פּילט אין דערינען אַלע טעמים. דער מח אַרבעט האַסטיק:

ערשטנס — איז פּאָלי געבליבן אַ היגע און דעריבער איז ביי אים קיין מינדסטער ספק נישט, אַז ער וועט זיך נאָך ערגעץ אַ מאָל מיט איר באַגעגענען. דאָס אַליין איז דאָך שוין אַ גוואַלדיקע שמחה. דאָס, וואָס זי איז פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ קאָלעקטיוו, ערגערט אים ווייניק וואָס. פאַר קיין קאָנקורענטן אין קאָלכאָז שרעקט ער זיך עפּעס נישט אַזוי שטאַרק. אויף אַזוי פיל איז ער שוין זיכער אין איר פריצישקייט. אלא, וואָס דען, דאָס וואָס זי ליידט זיך אָן אַ ביסל? נישקשה, זאָל איר זיין צו געזונט. ס׳מעג אים דאָס שאַטן, וואָס איר קען שאַטן. צווייטנס — דאָס וואָס די טולטשינסקים זענען אָרעמעלייט געוואָרן, דאָס איז דאָך זיכער ישועות ונחמות פאַר אים: וואָרעם אַז פּאָלי האָט געטראָגן פּליוש מיט קרעפּ־דע־שין אין דער וואָכן, האָט ער צו איר קיין שליטה נישט געהאַט. אירע פּינקלענדיקע לאַקירקעס האָבן אים מיט זייערע שפּיצן געשטאָכן די אויגן. די פאַרשמאָלטע ראָזע נעגעלעך, וואָס זי האָט זיך אין זוועניגאָראָדקע פאַרלאָזט, האָבן אים געדראַפּעט דאָס האַרץ אומברחמנותדיק. איצט אָבער, ברוך־השם, אַז זי „עסט שוין פון אייגענער פּראַצע", קען ער שוין זיצן מיט איר אויף איין בענקל, מוז ער שוין נישט פאַרשפּילן צו איר קיין פיר פּאַרטיעס נאָך אַנאַנד... איי וואָס, ס׳איז דאָך אַ רחמנות נעבעך אויף דער קהלה־קדושה באָסטאָן. ווו וועט זי נעמען אַזאַ קראַסאַוויצע ווי פּאָלי? ווער שמועסט אויפן פּעטער, אויפן פּרעזידענט, וואָס קוקט נעבעך אַרויס אויף אַלע וועגן... נו, מילא, ווידער די אייגענע מעשה, קען ער, שלמה טאַקע, באַקרעבצן אַ גאַנצע וועלט?... ער האָט שוין אַ מאָל אין זיין לעבן געפּרוווט איבער די טולטשינסקים אַ קרעכץ טון, זאָל דער מיסטער לעאָנאַרד טולטשינסקין אויך האָבן אַ קאַפּעטשקעלע עגמת־נפש...

# קאפיטל XIX

אויף צומאָרגנס האָבן שלמהן אויף דאָס ניי פאַרשלונגען וואָכעדיקע ענינים מיט וואָכעדיקע קאָפּ־דרייעניש, אָבער דאָך איז אויף אים גע־וועזן צו באַמערקן אַ גרויסע ענדערונג. שלמה איז געווען יום־טובדיק געשטימט. וווהין ער איז נישט געגאַנגען, איז מיט אים מיטגעגאַנגען פּאַלי. וואָס ער האָט נישט געטון, איז פּאַלי נישט אַפּגעטראָטן פון זיינע אויגן. ער האָט פאַרלוירן דעם אַפּעטיט, דורך די נעכט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און נישט געקענט איינשלאָפן.

אויפן דריטן טאָג נאָכן באַקומען מיכאלס בריוו האָט ער דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פונעם פּאָטער, ער זאָל תיכף ומיד פאַרענדיקן אַלע חשבונות מיט יעדן, מיטנעמען מיט זיך אַלע מזומנע ספרים, וואָס געפינען זיך ביי אים, און באַלד קומען קיין קיעוו, ווייל ר׳ אברהם שאַרפּשטיין איז אַרעס־טירט און דער גאַנצער מסחר מיט די ספרים איז אַפּגעשטעלט געוואָרן. שלמה האָט פאַר פרייד נישט געוווסט וואָס צו טון. עטלעכע מאָל האָט ער געקושט די טעלעגראַמע:

— אין דער ערד מיטן קאָפּ אַלע געשעפטן! עס קריכט מיר איצט נישט אין קאָפּ דאָס געלט פאַרדינען, איך מוז אַפּזוכן פּאַלין און אַ קוק טון, ווי זי זעט אויס אין אַ סיצן * קליידל אַן מאַניקור. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז זי זעט איצט אויס הונדערט מאָל שענער איידער פריער אין ווילטאָג.

קומענדיק קיין קיעוו האָט שלמה גיך אַנגעוווירן די גוטע שטימונג. זייער בעל־הבית, ר׳ אברהם שאַרפּשטיין, איז געזעסן אַן אַ פּאַרוואָס און אַן אַ פאַרווען. אויף זיין אָרט איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן עפּעס אַ „שטעקן״, אַ ווילד־פרעמדער בחור, וואָס ווייסט נישט קיין צורת־אלף אין סידור. אַלע לעצטע טראַנספּאָרטן ספרים, וואָס זענען געווען אין וועג און אברהם שאַרפּשטיין האָט נישט באַוויזן זיי איבערצונעמען און טאַקסירן, זענען אַריינגעפאַלן צו דעם „נייעם״ אין די הענט אַריין אויף זיין גנאָד. ווי עס פירט זיך פון אייביק ביי „אומגעריכט־אויפגעקומענע״, האָט דער נייער אָנגעשטעלטער אויך געוואָלט נושא־חן זיין ביי זיינע בעלי־בתים און ווייזן זיי, אַז ער איז נישט אַזאַ ותרן אויף מלוכהשע געלט ווי דער פריערדיקער — און האָט אָפּגעשאַצט די פריש־אָנגעקומענע ספרים אַזוי משונהדיק וואָלוול, אַז שלמהן מיטן פּאָטער האָבן נישט געסטאַיעט זייערע אייגענע עטלעכע טויזנט רובל אויף צו דעקן דעם גאַסטאָרג די אוואַנסן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען. קלאָגן זיך האָט גאָרנישט געהאָלפן. אויף דעם מלוכה־פרייזקוראַנט, וועלכן די פּיאַטיגאָרסקים האָבן געוויזן דעם דירעק־טאָר, האָט מען אַפילו נישט געוואָלט קוקן. אויף אַלע ספרים־אַגענטן

---

* סיצן — ביליקע שטאָף אויף זומערדיקע פרויען־קליידלעך.

האָט מען געקוקט ווי אויף קליינע „שאַרפשטיינער" פּאַרדעכטיק און פיינטלעך. ענדלעך איז די פּיאַטיגאָרסקים געלונגען מיט גרויס מי און אָנשטרענגונגען אַרויס פונעם מסחר אַקוראַט איינס אויף איינס: נישט מיר, נישט דיר, אָן געלט און אָן חובות. אפרים־אהרון האָט געקוקט אויף שלמהן, שלמה אויף אים, דער ווייטיק איז געווען זייער גרויס: אָפּגעהאָרעוועט אַ האַלב יאָר, פון דער הויט געקראָכן, צוגעפּגעשלאָגן אַ שטיקל קאַפּיטאַל פון אַ פינף טויזנט רובל — קומט אַזאַ רוח און פרעסט עס אויף.

געקומען אויף דער אכסניה מיט באַטריבטע הערצער האָבן דער פּאָר־טער מיטן זון זיך אַוועקגעזעצט קלערן: וואָס טוט מען אַצינד? צו וואָס נעמט מען זיך? זיי האָבן זיך ביידע געפילט זייער דערשלאָגן. זיי זענען געווען אומבאַהאָלפן, ווי מען וואָלט זיי אין אַ פּראָסט אַרויסגעשטעלט נאַקעטע אויף דער גאַס. בשעת דעם שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צופעליק האָט קיינער פון זיי ביידע שוין אפשר צוויי וואָכן נישט געשיקט אַהיים קיין געלט. זיי קערן זיך שוין דאָרט שניידן די פינגער פּאַר אַ גראָשן, שטיקעווען די הוצאה מיט גמילות־חסדים. מילא, באַנקראָט איז מען נאָך נישט, נאָך צו פרי, אָבער וואָס טוט מען ווייטער? מען איז דאָך עפּעס אַ געזינדל פון אַכט מענטשן, אַ לעבעדיקער מענטש מוז האָבן יעדע זאַך און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, ווערט דאָס לעבן טייערער פון טאָג צו טאָג... אויב, למשל, פון דאָס ניי עפענען דעם סקלאַד פון אוטיל — זענען שוין גאָר בסך־הכל קיין קלייבערס אין כמעלניק נישט געבליבן. חוץ דעם איז היינט גאָרנישט אַזוי גרינג דאָס אַרומפּאָרן איבער די דערפער, ווו עס גייט די קאָלעקטיוויזאַציע, און דער עיקר, שלמה האָט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן געמאָלדן:

— טאַטע, אויב דו ווילסט ווידער באַנייען דעם מסחר מיט אוטיל, וועסטו מיך אַריינטרייבן אין דער טשאַכאָטקע.

נאָך אַזעלכע רייד איז דער נאָמען „אוטיל" מער נישט געבראַכט געוואָרן פאַרן מויל. וואָס דען? ווידער עפענען דאָס איינפאָרהויז, די סטאַלאָווע פאַר די אורחים? איז ערשטנס, וואָס האָט מען פון דעם געהאַט אין די גוטע צייטן? וואָסער אויף קאַשע! און ווער זענען היינט דען די פּאָרערס? אַז דאָס דאָרף איז היינט אויפן שלאָס אַקוראַט ווי אַ קאַזאַרמע, אין יוצא ואין בא. טאָמער נעמט זיך עמעצער אָן מיט מוט און גליטשט זיך אַרויס פון דאָרטן, אַזוי ווערט ער תיכף ומיד דערקלערט אַלס „קעגנער פון דער נייער אָרדענונג אויפן דאָרף און אויפרייסער פון דער קאָלעקטיוויזאַציע". אַזאַ פאָרמולירונג האָט שוין יורידיש אַ קלינגענדיקן נאָמען: „קאָנטער־רעוואָלוציע"... איז צוליב וועמען זשע דאַרף מען היינט איינפאָרהייזער?... וואָס דען? שטעלן ווידער אַ וועבער־סטאַנאָק, אָט האָט דאָך שוין מיכאל געשטעלט און אַרבעט שוין לאַנג, פון דעסט וועגן עפּעס הערט מען נאָך נישט פון זיינע גליקן. און דאָ גייען ימים־

טובים און דאָ דערנעענטערט זיך דער ווינטער. מען וואָלט גערדאַרפט הייר־צונג, קאַרטאָפל, וואַרעמע הלבשה...

מען האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ ביז נאָך האַלבער נאַכט און צו קיין באַשלוס טאַקע נישט געקומען. שלמה איז געלעגן אויף זיין בעטל מיט אָפענע אויגן און האָט זיך צוגעהערט צום נאָגנדיקן וואָרעם, וואָס טאַ־טשעט און טאָטשעט:

— אַך, ווי אים וואָלטן איצט צו נוץ געקומען די דריי מויזנט דאָלאַר, וועלכע ער האָט צופעליק נישט געפונען אין די ספרים... אפשר הונדערט טויזנט ספרים זענען דורכגעגאַנגען דורך זיינע הענט און קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרגעסן אין זיי אפילו קיין איינציקן דאָלאַר... איי, איי, איי, ווען ער איז אַצינד אַ פאַרמעגלעכער און קען זיך אַ ווייז טון פאַר די טולטשינסקים ווי אַ מלאך־המושיע, אַרויסשלעפן יאַנין פון דער שאַכ־טע, אסתרן פון דער קיך, אַוועקנעמען מיט ניומען פון דער בעקעריי, פּאָלין פון דער טראַקטאָר־סטאַנציע, לכל־הפחות, זיי כאָטש איינאָרדענען אויף איין אָרט, קויפן זיי אַ דירה, ווי עס איז באַקליידן, באַשוכן און נאָך געבן אין די הענט אַריין עטלעכע מזומנע טויזנטער... ווי אויסגעוואַקסן וואָלטן צוליב דעם זיינע שאַנסן ביי פּאָלין... ווי גרעסער וואָלטן געוואָרן זיינע האָפענונגען אויף צו דערגרייכן זי! וואָס זשע קומט אָבער אַרויס, וואָלט איך... זאָלט איך... דערווייל גייט זיין דינה אָן אַ רעכטן מלבוש, שוין אַ דערוואַקסן מיידל, אַ בזיון פאַר לייטן... די מאַמע האָט אפילו נישט קיין וואַרעם שאַלעכל אויפן קאָפּ און ער קאָן גאָרנישט העלפן, כאָטש צעריים זיך...

ער דערמאָנט זיך: פאָרן קיין כמעלניק, אין דעם ליבן, נאָר ליידיק־געוואָרענעם לאַגער — ווערט אים נמאס דאָס לעבן. וואָס אמת, איז אמת, ער וואָלט שוין גערן געוואָלט זיך זען מיט דער מאַמען, מיט די קינדער, מיט דעם זיידן, מיט מנשהן, זען מיכאלן, בכלל דאָס שטעטל. זיך זען, אָנרעדן זיך צו דער זעט — דאָס יאָ, אודאי און אודאי יאָ. אָבער בלייבן לעבן דאָרט? דאָרטן גאָר אַרבעטן? זיך לעבעדיק באַגראָבן אין דעם וויסטן כוטאָר?

עס גייט אים דורך אַ שוידער איבערן לייב. ער דרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, דאָס ברעזענטענע בעטל טרעשטשעט מיט אַלע אברים, קרעכצט אויף דער גאַנצער שטוב און דערמאָנט שלמהן, אַז ער איז נישט ביי זיך אין דער היים. דער וואַנטזייגער אין דער שכנותדיקער שטוב כאָרכלט אַרויס: צוויי, שפּעטער: דריי — שלמהן נעמט אַלץ קיין שלאָף נישט... ווייטיקלעך קלעמט אים דאָס האַרץ. פּאָלי איז נישט אַוועק־געפאָרן און דאָך איז ער אַזוי אומגליקלעך... דאָס בעטל קרעכצט נישט מער, אָבער די נשמה וויינט אין אים יאָמערלעך ביזן ווייסן טאָג אַריין.

אין דער פרי, אַז די פּיאַטיגאָרסקים האָבן זיך אומגעקערט פונעם דאַווענען, איז די פראַגע וועגן פרנסה אומגעריכט געלייזט געוואָרן פון זיך אַליין. אויפן טיש האָבן זיי געטראָפן אַ בריוו פון אַנאַניעוו. יחיאל

האָט געשריבן, אַז ער האָט זיך גוט איינגעאָרדנט און דוקא נישט אין קיין צעך, נאָר ער האָט אַליין געשטעלט אַ סטאַנאָק און אַרבעט אויף אים אַלס קאָאָפּעראַטיווער קוסטאַר. ווען שלמה וואָלט נישט געווען פאַרנומען מיט די ספרים, וואָלט ער דאָ גלענצנדיק פאַרדינט, ווייל חוץ דער אַרבעט ביים סטאַנאָק קען מען נאָך צוהאַנדלען אויך, קויפן פּאַרטיקע שאַלעכ־לעך אין סמילע און פאַרקויפן זיי מיט היפּשן רוח אין אָדעס און נאָך פאַרשידענע אויפטוען וואָלט מען געקאָנט אויסקלערן.

אפרים־אהרון מיט שלמהן האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן.ביידע האָבן געטראַכט וועגן איין זאַך: תשועת ד׳ כהרף עין. מען האָט באַלד טעלעגראַפירט יחיאלן, אַז שלמה פאָרט אַרויס צו אים. אפרים־אהרון, איז געווען באַשלאָסן, וועט פאָרן אַהיים ביז איבער די ימים־טובים און ביז דאַמאָלסט וועט מן הסתם דער אייבערשטער ווייזן אַ דרך.

# קאפיטל XX

רוסלאנד איז זייער גרויס און זייער רייך אין שיינע ווינקעלעך, עולם־הזהדיקע גן־עדנלעך. ווער האט, למשל, נישט געהערט פון קאווקאז?.. קאזבעק, עלברוס, בעשטאאו — ריזיקע גראנדיעזע בערג, וואס שפארן אונטער דעם הימל מיט זייערע שנייאיקע שפיצן. מעכטיקע קוואלן פון פארשידענע מינעראלן שפארן ארויס פון די פעלדזן־שפאלטן, שאפן זודיקע באסיינען, וועלכע פאלן מיט שטורעם אראפ פון א קאפשווינדלערישער הייך אין די טיפע אפגרונטן... קאווקאז מיט די שמאלע, שטויביקע געסלעך, מיט דער אומפארגלייכלעכער שפע פון פאלמענוועלדער, מיט די גרויסע קאלירטע וויינטרויבן. מיט פיל יארן שפעטער, ווען שלמהן איז אויסגעקומען א שטיק צייט ארומצופארן איבער קאווקאז אהין און צוריק, דורכשניידנדיק דאס לאנד אין דער לענג און אין דער ברייט, פלעגט אים פארשאפן פיל עגמת־נפש זיין ליבשאפט צו יענע מקומות. באזונדערס, ווען עס פלעגט אים אויסקומען צו פארן מיט דעם פרעכטיקן אויטא איבער דעם בארימטן מיליטעריש־גרוזינישן וועג, פלעגט זיין הארץ אייפערן פאר ציון. אזוי שטארק געפעלן מעג אים נאר ציון, אבער נישט קיין פרעמדע ערד...

אדער צום ביישפיל — קרים! דאס וואנדערלעכע האלב־אינדזל, וואס האט זיך צעליינט אויף די ברעגן פון שווארצן ים, מעריבדיקער פון קאווקאז און דרומדיקער פון אוקראינע, איבערראשט דאס אויג מיט זיינע פרעכטיקע סאנאטאריעס, אספאלטירטע אלייען, אומענדלעכע וויינגערטנער און צויבערנדיקע בערג־מאגיסטראלן. ווידער — אלטאיער קאנט, אלמא־אטינער קאנט, ראסטאווער, סלאווטער, בארזשאמער.

צווישן אט די אלע אויסגערעכנטע ערטער פארנעמט ווייט נישט דעם לעצטן ארט די מאלדאווער אויטאנאמע רעפובליק, אין וועלכער די שטאט אנאניעוו איז דער שענסטער פערל. דאס איז א גרויסע שטאט מיט פיל אינסטיטוטן און שפיטאלן, מיט אן אוניווערסיטעט און א מיליטערישער אקאדעמיע, א שלל פארקן און סעדער, טעאטערס און קינאס, בוימל־זאוואדן, ציגל־זאוואדן, זיידנס־פאבריקן, און מילך־סאווכאזן*. די שטאט איז געבויט אויפן אדעסער שטייגער: לאנגע, גלייכע גאסן־קוואדראטן. אויף ביידע זייטן טראטואר זענען צעשטעלט אויף א פינקטלעכער דיסטאנץ איינער פון צווייטן — הויכע טאפאלן, וואס זעען אויס ווי א שפאליער פון זעלנער, וואס באוואכן די גאס. אויף יעדן טריט — גרויסע עלעקטרישע לאמפן.

קומט דער קילער פארנאכט, לאזן זיך ארויס אלע איינוווינער אויף דער גאס. קינד און קייט גייען שפאצירן. עס ווערט אזא געדראנג, אז עס

---

* סאווכאז — א סאוועטישע ווירטשאפט, א קאמונע.

איז אוממעגלעך זיך דורכצושפּאַרן. דאָס איז אַ שטאָט, אין וועלכער דער פאַרנאַכטיקער שפּאַציר איז אַ מאָדע, נאָך מער ווי אַ מאָדע — אַ חוב, אַ ריטואַל. ווי נאָר די זון הייבט זיך אָן צושמייכלען צום האָריזאָנט און פון די פעלדער גיט אַ יאָג אַ קיל ווינטעלע, אַזוי האַלטן יונג און אַלט פאַר זייער פליכט, זיך דורכצוגיין אַ ביסל אויף דער פרישער לופט. ווער ס'קען זיך נאָר האַלטן אויף די פיס, שפּאַצירט שוין ערגעץ: אויף די גאַסן, פּראָספּעקטן, בולוואַרן, פּאַרקן, שטאָטגערטנער. טרעפט, אַז עמעצער פאַר־פעלט אַ טאָג צו קומען אויפן שפּאַציר, אַזוי פרעגן זיך שוין נאָך זיינע פריינד — וואָס איז די מעשה, וואָס מען האָט אים עפּעס נעכטן נישט געזען ?...

שלמהס נסיעה האָט זיך פון קיעוו אָן אָנגעהויבן אין אַ גוטער שעה. קומענדיק מיטן פּאָטער אויפן וואָקזאַל האָבן זיי שוין געטראָפן די קאַסע פאַרמאַכט, קיין בילעטן זענען שוין נישט געווען. דער שנעל־צוג, מיט וועלכן שלמה האָט געדאַרפט פאָרן, איז געגאַנגען פון מאָסקווע קיין אָ־דעס, דורכגעשניטן אַ וויכטיקע שטיק צענטראַל־רוסלאַנד און גאַנץ או־קראַינע. דערפאַר טאַקע פלעגט צייטנווייז נישט גרינג אָנקומען צו קריגן אַן אָרט אין דעם צוג. שלמה האָט אָנגעקלאַפּט צום קאַסירער, גענומען טענהן, אַז אים איז נייטיק צו פאָרן, ער מוז אומבאַדינגט מיט דעם צוג אָפּפאָרן. דאַן האָט אים דער קאַסירער פאַרגעלייגט אַן אָרט אין דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן וואַגאָן.

דאָס האָט געדאַרפט קאָסטן אַ דאָפּלטן פּרייז, נאָר דערפאַר וועט ער נאָך זיין אויף שבת־סליחות אין אַנאַניעוו. דער פּאָטער האָט שוין פון אין דער פרי געהאַט אַ בילעט אויף צו פאָרן אַהיים. זיין צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין מיט צוויי שעה שפּעטער פון שלמהס. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין טענות, שלמה האָט באַצאָלט, וויפל מען האָט געהייסן, און מען איז אַרויס אויפן פּעראָן. ווען ס'איז אָנגעקומען דער צוג, האָט אים דער טאָ־טער באַגלייט ביז אין וואַגאָן אַריין.ביידע זענען נבהל ונשתומם געוואָרן, דערזעענדיק דעם לוקסוס פונעם וואַגאָן. דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן איז אויסגעקומען אָט די קינדער פון כמעלניקער מיסטן צו זען אַ קופּע, ווו די ווענט מיט דער פּאָדלאָגע זענען באַדעקט מיט פּערסישע טעפּיכער. אויף דער וואַנט — אַ שפּיגל ווי אַ מאַן די הויך, אין אַ ניקלענעם ראַם איינ־געפאַסט. יעדע מינדסטע זאַך האָט שעמערירט און געפינקלט. אויפן טישל — פרישע צייטונגען, אילוסטרירטע זשורנאַלן. אין ווינקל אויף אַ צוג־געפּעסטיקט מאַרמאָרענעם טישעלע — אַ גרויסע קרישטאָלענע כלי מיט איבערגעזאָטענעם וואַסער. אַ חוץ דעם, ביים פענצטער — אַ קליינער סי־פאָן מיט סאָדע־וואַסער. שיינע געפאַלדעוועטע פאָרהענגלעך פון אויסגע־נייטן פּליוש. דאָס געלעגער — מיט ציכטיקע ליילעכער, קישנס און האַנ־טעכלעך.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן ביידע אַלץ באַטראַכט, האָט זיך אפרים־אהרון אָנגערופן:

— הערסטו, די וועלט איז טאַקע נישט אומגערעכט. מען זאָגט: די קאַפּאָטע פאַרזעצן און אַ נגיד זאָל מען זיין; אַזוי איז דאָס. זאָל טאַקע אַ רוח אין יענעמס טאַטן אריין, ווער עס וויל נישט גוט עסן, ווייך שלאָפן, שיין זיך אָנטון און אין אַזעלכע וואַגאָנעס פאָרן.

שלמה האָט אפילו נישט געפילט, ווען דער צוג האָט גערירט, די נייע רעספּאָרן האָבן זיך קוים באַוועגט. אין אָפענעם פענצטער אריין האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשטעלן: סטאַנציע־געביידעס, דעפּאָען, פאַרשטעט, דאַטשעס, וועלדער, דערפלעך און ענדלעך — געלע פון סטערניעס *, נאַקעטע, בענקענדיקע פעלדער. די זון האָט געשענקט דער קרישטאָלענער וואַזע די לעצטע עטלעכע שטראַלן און איז נישט געוואָרן. אין קופּע האָט זיך אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפּ אונטער דעם גרינעם אַבאַזשור און פון יענער זייט פענצטער האָט מיט אַ מאָל אריינגעקוקט אַזאַ גערעכטע בלויקייט, אַז ס'האָט זיך גדאַכט, באַלד וועט טאָג ווערן. שלמה האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיין סאָפע, די פּרוזשינעס האָבן אונטערטעניק זיך צונויפגעפרעסט און אים אַ הוידע געטון. דער מידער מח האָט שוואַך אַ טראַכט געטון, אַז פאַלי איז ביז כערסאָן מן הסתם נישט געפאָרן מיט אַזאַ קאָמפאָרט, און שלמה איז געשמאַק איינגעשלאָפן. דער ווינט האָט זיך געשפּילט מיט זיינע האָר, געגלעט אים דאָס פנים און צערטלעך ארומגעטאַפּט זיינע ווייכע מילדע שטריכן.

די משפחה האָט שלמהן באַגעגנט מיט אָפענע אָרעמס. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער קאַמף צווישן די מומעס מיט די קוזינעס און קוזינקעס מכח דעם, ביי וועמען זאָל שלמה זיין איבער די יום־טובים. מען האָט זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט און געדונגען, ביז מען האָט באַשלאָסן פרעגן ביי שלמהן אַליין, ביי וועמען אים געפעלט בעסער צו זיין. שלמה האָט געענטפערט, אַז אים איז אַלץ איינס, ביי יעדן פון זיי איז אים געפעלן, נאָר פריער פאַר אַלץ דאַרפן זיי זאָגן, וויפל ער דאַרף באַצאָלן פאַר אַ חודש קעסט, אַנדערש וועט ער ביי קיינעם נישט זיין, ווייל קיין „צוגאַסט” איז ער נישט גורם און קיין מתנות דאַרף ער נישט. אויסגעהערט אַזאַ משונה־ווילדן תנאי, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער רעכטער שטורעם: פאַר וועמען האַלט ער אונדז? געקומען צו גאַסט, הייסט עס, און וויל מאַכן ביי אונדז אַ רעסטאָראַציע? אויב פאַר געצאָלטס, זאָל ער גיין וווהין ער וויל, ביי אונדז פאַר קיין געלט איז נישטאָ...

שלמה האָט זיי באַרואיקט, ער וועט דוקא אין ערגעץ נישט גיין, קיין ליטיש געלעכטער נישט ארויסרופן, נאָר פשוט: ער וועט עסן נאָר דאָס, וואָס ער וועט זיך אַליין צוגרייטן. דערהערט אַזעלכע דיבורים האָט נאָך מער געזאָטן און געקאָכט. ענדלעך האָט יחיאל זיך אָנגערופן:

— מיינע פריינט! כ'בין אייך ערוב, אַז ס'איז אומזיסט אייער טרחה. ביי

---

* סטערניעס — וואָרצלען פון שטרוי, וואָס בלייבן אויף די פעלדער נאָכן שניט.

אייך איז דאָס אַ נייעס, ביי אונדז אָבער ווייסט מען שוין, אַז שלמה איז אָפּגעהיט נהנה צו זיין פון עמעצן, אַזוי, אַז עסט אייך נישט אָפּ די הערצער און הערט אים אויף צו מוסרן. זאָגט בעסער, ווער פון אייך איז מסכים נעמען אים אויף יום־טוב פאַר געלט...

דער ווינט האָט זיך אומגעדרייט. אַלע זענען מסכים. אַלע זענען שוין גרייט צו נעמען געלט. שלמה האָט אויסגעקליבן צו זיין ביי דער מומע טייבל, זיין זיידנס יינגסטע שוועסטער. דער מומע טייבלס שטוב איז געווען די רעזידענץ פון דער גאַנצער אַנאַניעווער משפחה. די סיבה דערפון איז באַשטאַנען, קודם־כל, אין דער מומע טייבלס אויטאָריטעט. איר פּער־זענלעכקייט האָט פאַרמאָגט אין זיך אַן אומבאַגרייפלעכע צוציאונגס־קראַפט. צווייטנס זענען ביז ערשט נישט לאַנג געווען ביי זיי קיין עין־הרע פינף קינדער צו לייטן. שטענדיק האָט זיך דאָרט געטומלט, יונגוואַרג האָט געהוליעט און קאָמאַנדעוועט. דערפאַר איז ביי זיי איצט, כאָטש די קינ־דער האָבן שוין חתונה געהאַט און געבליבן איז ביי זיי בלויז די מיזינ־קע, רחלע, פון דעסט וועגן לויט דער אַלטער געוווינהייט איז דער מומע טייבלס קאַנדידאַטור האָט שוין קיינער נישט געוואַגט קיין טענות צו האָבן. און אפשר אויך דערפאַר, ווייל איר שטוב האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער שטאָט. ווּהין מען זאָל נישט דאַרפן גיין, מוז מען פאַרבייגיין אירע פענצטער. אַזוי צי אַזוי, נאָר ווען שלמה האָט אויסגעקליבן צו זיין ביי איר אויף קוואַרטיר, איז ער דערמיט אויסן געווען די איבעריקע קרו־בים נישט צו באַליידיקן און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. קעגן דער מומע טייבלס קאַנדידאַטור האָט שוין קיינער נישט געוואַגט קיין טענות צו האָבן. מען האָט זיך כאָטש געטרייסט דערמיט, וואָס אויף קידוש וועט ער שוין מוזן קומען, דער גאַסט.

די מומע טייבל האָט אייגנטלעך געהאַט אַ מאַן, ר' גרשון דעם רבס, נאָר קעגן איר האָט ער זיך נישט אָנגעזען. ער — שוין אַ צו פּראָסטער, און זי — אַן אויסערגעוויינלעכע. דעריבער האָט מען נאָר געהערט: די מומע, די מומע און נאָך אַ מאָל די מומע. און באמת טאַקע האָט נאָך שלמה נישט באַגעגנט אין ערגעץ אַזאַ הייליקע פרוי מיט אַזאַ השפעה אויף די אַרומיקע. אַזאַ יראת־הכבוד אַרויסרופן צו זיך און דער עיקר, אַז אַ פרוי זאָל פאַרמאָגן אַזאַ אור פנימי, איז טאַקע ממש אומגלויבלעך! דאָס איז געווען אַ שלאַנקע פרוי פון אַ יאָר זעקס, זיבן און פערציק, זייער אַ שטאַלטנע, מיט אַ פרישׂ ראָזע פנים, ליכטיקע גוטע אויגן און אַ קול — זעלטן ווען אַ פידעלע זאָל אַרויסרופן ביי אַ מענטשן אַזעלכע דערהוי־בענע געפילן, ווי בעת די דאָזיקע פרוי האָט געפירט מיט אים אַ שמו־עס. אויף די חתונות ביי אירע טעכטער האָבן פרעמדע מחותנים, אָנ־ווייזנדיק אויף איר און אויף דער כלה, שטיל זיך נאָכגעפרעגט: וועלכע פון זיי איז די כלה?... און פאַרחידושט נאָכגעקוקט דער מחותנתטע, וואָס האָט אויסגעזען יינגער און שענער פון אירע טעכטער.

איר פרומקייט האָט קיין שיעור נישט געהאַט. זי איז געגאַנגען אין

שול אריין גלייך מיט די מאנסבילן און געדאווענט מיט אַ שעה לענגער פון זיי. נאָר דאָס איז נישט געווען קיין „וצדקתך", נישט געטון בלויז „פאַר לייטן", זי האָט פּראָסט־פּשוט נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי נעמט מען עפּעס טון נאָכן אויפשטיין, נישט האָבנדיק פריער זיך דורכגעשמועסט מיטן רבונו של עולם? אַז גאָט איז צו איר אַזוי גוט, אַזוי מילד: ער האָט איר געשענקט אַ רואיקן זיסן שלאָף אויף אַ גאַנצער נאַכט; ווי זי האָט נאָר אויפגעוואַכט, האָט שוין צו איר אַריינגעשמייכלט דורכן לאָדן אַזאַ ליכ־טיקע ציכטיקע זון, אַז פון דעם אַליין ווערט גלייך יומטובדיק אויף דער נשמה. ביים אָנטון זיך פאַרגעסט זי נישט אַ טראַכט צו טון, אַז נישט אַלע מענטשן האָבן אַזעלכע שיינע גבירישע קליידער, אַזעלכע באַקוועמע און שיינע צימערן, אַזעלכע שנייוויסע געלעגערס, און פאַר וואָס קומט עס איר? וואָס איז אין איר דער יחוס? זי גייט אין קיך אַריין דורך דעם זאַל, כאַפּט אַ קוק אויף די פּאָרטרעטן פון אירע זון און טעכטער: וואָס פאַר אַ פריילעכע, גליקלעכע פּנימער און ס'גייט זיי ברוך השם גאַנץ גוט און קינדערלעך ביי זיי, עס זאָל נאָר קיין בייז אויג נישט שולט זיין, מלאַכימלעך — און שוין... פאַר וואָס זשע קומט דאָס איר טאַקע? מיט וואָס האָט זי אַזוינס זוכה געווען? ס'איז איר אַ בזיון קוקן לייטן אין די אויגן אַריין: איר דאַכט זיך, אַז יעדער לייענט איבער ביי איר אויפן פּנים, ווי גליקלעך און זאַט אין אַלעמען זי איז.

זי גייט ווייטער, כאַפּט זיך אַריין אויף די שפּיץ פינגער אין איר רחלעס שלאָפצימער: יענע שלאָפט ווי נאָך אַ באָד. די מוטער קוקט זיך איין אין דעם שיינעם ליכטיקן פּנימל פון איר רחלען, זי בייגט זיך אָן, רירט זיך פאָרזיכטיק צו מיט די ליפּן צו איר שטערן און טרעט אָפּ צוריק אויף די שפּיץ פינגער, ווי צו עושה־שלום. אין קיך, וואַשנדיק זיך, טראַכט זי: רחלע — אַ פּאָלנע כלה־מיידל. גאָט זאָל צושיקן פאַר איר עפּעס אַ רעכטס, עפּעס אַזוינס, עפּעס... ווי אַזוי זאָגט מען דאָס? זי ווייסט גוט, וואָס זי מיינט, נאָר ס'איז איר שווער אָנטון אין ווערטער אירע מחשבות. ענד־לעך הייבן אָן אירע „עפּעסן" צו באַקומען פלייש און בלוט. זי בעט ביי גאָט, אַז רחלעס באַשערטער זאָל זיין מער ענלעך אויף איר שלומען, אויף מנשהן, כאָטש אַזוי ווי שלמה אפרים־אהרונס, נאָר נישט גרשון!... גע־נוג! זי איז שוין יוצא פאַר אַלע קינדער! זי וועט שוין פאַרזאָגן אויף דור־דורות...

אירע געדאַנקען רייסט איבער אַ קלאַפּ אין טיר. ווער איז? מילך גע־בראַכט. זי באַווייזט נאָך נישט אָוועקצושטעלן דעם האַלבן עמער מילך, מען קלאַפּט שוין ווידער. ווער איז? דער שוחט האָט צוגעשיקט עטלעכע קילאָ פלייש, אַ צונג מיט אַ האַלבער לעבער. זייער אַ געראָטן שטיקל היינט, זאָלן זיי עסן געזונטערהייט. ענדלעך טוט זי זיך שוין אָן, נעמט דעם קרבן־מנחה — ערשט מען קלאַפּט שוין ווידער. ווער איז? פּיוויש דער בעקער־יונג זיצט אויף זיין וועגעלע און שרייט אַראָפּ:

— מאַדאַם טייבל, וויפל חלות נעמט איר היינט?

זי לויפט אַראָפּ פון גאַנעק אַ בייזע און שיפּעט אויף אים:

— וואָס שרייסטו ווי אַ משוגענער? מיין מיידל האָט זיך נישט לאַנג געלייגט... רייסט זיך... ער קען נישט ליידן, נאָך וואָס עס שלאָפט אַ מענטש...

— יאָ, אָבער וויפל חלות נעמט איר היינט? דער טאָג שטייט נישט...

— וואָס פרעגסטו אַזעלכע זאַכן? דו ווייסט נישט, אַז כ'האָב פון נעכטן אָן אַ גאַסט?... גיב אַהער אַ קאָרן־ברייטל, דריי חלות און צען זעמל. אַלע טאָג וועל איך שוין אַזוי פיל נעמען. און דאָס צווייטע מאָל זאָלסטו מיר נישט קלאַפּן מיט דער פּוזשעלנע * אין טיר, די הערטס צי ניין? וועקט דאָס קינד, פרעג אים, וואָס...

זי טראָגט אין שטוב אַריין דאָס געבעקס און קלערט ביי זיך:

— גוואַלד, רבונו־של־עולם! מיט וואָס בין איך דאָס בילעכער פאַר אַנדערע פרויען? אויב אַנדערע האָבן נישט אַזאַ גוט לעבן און איך — יאָ, איז דאָך דאָס פאַר דיר אַרויסגעוואָרפן, היזק גמור... מיט וואָס קען איך דיר דען באַצאָלן דערפאַר?

בשעת דעם דאַווענען איז זי גאָר נישט אויף דעם עולם. זי פילט מיט אַלע אברים, אַז זי שטייט פאַר אַ קיסר. זי זעצט זיך נישט צו, זי זאָגט נישט אַ וואָרט, אַז זי זאָל נישט וויסן דעם באַדייט פון דעם. פירוש המ־לות ווייסט זי נאָך פון מיידלווייז און טאָמער מאַכט זיך אַזאַ וואָרט, וואָס זי געדענקט נישט, איז דאָך דערויף דאָ די הייליקע טייטש, זאָל מאריך־ימים זיין, ווערט מען שוין געוווּיר.

* פּוזשעלנע — דאָס העלצל פון דער בייטש.

# קאפיטל XXI

נאָכן דאַווענען. די מאַנסבילישע שול איז שוין באַלד ליידיק. אין דער ווייבערשער איז גאָר פון אָנהייב אָן קיינער נישט געווען. אָבער וואָס האָט דאָס צו טייבלען? איר וועט אפשר זאָגן, אַז זי זאָל נישט בלייבן אָפּזאָגן דעם יום תהילים? דאָס איז דאָך גלאַט חוזק געמאַכט. ווער דען וועט שוין זאָגן תהילים אין שול, אויב נישט זי? ביי וועמען נאָך איז דער קאָפּ אַזוי לויטער ווי ביי איר, קיין עין־הרע?... נאָכן תהילים טראָגט זי אָפּ דעם שליסל פון דער ווייבערשער שול צו דער שמשטע, נישט מער, זי וויקלט אים איין אין אַ דרייערל, אַזוי פשוט, פאַר היימלעכקייט, אַז עס זאָל נישט הייסן געדולט אַ קאָפּ אומזיסט... פון דאָרט פאַרקערעוועט זי אין אַ קלייטל, קויפט איין דריי שקאַרמיצלעך לעקעכלעך מיט קאָנפעקטן און כאַפּט זיך אַריין צו די קינדער, זאָלן לעבן. אַלע אויסגעגעבענע קינדער וווינען צו־זאַמען, במילא איז זי שוין יוצא מיט איין גאַנג. ביי די קינדער איז זי זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אַלע שווערע הערצער ווערן פאַר איר אויס־געגאָסן, אַלע סכסוכים — אויסגעגלייכט. דאָס קליינוואַרג טרעט נישט אָפּ פון דער באָבען. דאָס — קריכט אויף די הענט, יענץ — קלאַמערט זיך פעסט איין מיט די פינגערלעך אין איר קליידל, דאָס דריטע קריכט שוין אַליין אין קעשענע, עס ווייסט שוין פון אַלע מאָל, אַז דאָרט מוז עפּעס זיין פאַר זייערט וועגן. אַזוי ווערט צערונען איין שקאַרמיצל נאַשערייען.

זי גייט אַהיים און רעדט צו זיך שטילערהייט:

— רבונו דעלמא כולה, אַז דו גיסט מיר, אַ שטייגער, אַזאַ נחת פון מיינע קינדערלעך... און בכלל אַלדאָס גוטס, ביסטו דאָך אַן אויסברענ־גער, אַ פאַרשווענדער... דו ביסט דאָך עפּעס אַ מריה דחושבנא, אויף וואָס זשע קוקנדיק טוסטו דאָס? וועסט דען עפּעס האָבן פון מיר? ניין, כ'מיין טאַקע באמת, דו לייגסט אַריין אַזוי פיל קעז אין איין קרעפּל — ווער? וואָס? וועמען? איך פיל דען דיינע טובות אַלע מינוט און אַלע רגע, ווי עס באַדאַרף צו זיין? אפשר מיין מאַן, וועסטו זאָגן, גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, האַ? מאד עמקו מחשבותיך, איך קען דיך נישט פאַרשטיין...

קומענדיק אַהיים הערט זי נאָך אויף די טרעפּ אַרויס רחלעס קינדעריש קוויטשיקל:

— שאַט, די מאַמע גייט שוין, מען דאַרף די הרובע צעוואַרפן, אַ שאָד, וואָס עס גייט צו ווינטער...

און אין שטוב:

— כ'פרעג ביי דיר נישט מער, דו האָסט שוין יאָ ערגעץ געהערט, אַז מען זאָל עלף דעם זייגער ערשט נעמען אַ גלאָז טיי אין מויל? ס'איז שוין וויפל מאָל פאַרלאָשן געוואָרן דער פרימוס און וויפל מאָל האָב איך אים שוין אָנגעצונדן...

— גיי שוין, גיי, דו נאַריש קינד, כ'האָב דען עפּעס אַנגעווירן? עס וואַרט דען נישט אויף מיר אַלצדינג?

— יאָ, אָבער וואָס טוט מען אַזוי לאַנג אין שול? דער עולם קלייבט זיך דאָך שוין באַלד צו מנחה...

— איי, דו רעדסט ווי אַ קינד. וואָס מען טוט, איז עס אפילו נישט קיין הונדערט חלק פון דעם, וואָס מען וואָלט געדאַרפט צו טון.

אָפּגעגעסן, שיקט זי ערגעץ אָפּ רחלען. אַ מאָל אַזאַ אויסרייד, אַ מאָל אַן אַנדערער. אַז זי בלייבט אַליין אין שטוב, ווייל דער מאַן איז דאָך אַלע מאָל אין געשעפט, אַזוי פּאַקט זי איין אַ היפּש קוישל מיט עסנוואַרג. וואָס עס קומט איר צו דער האַנט, איז אַ סחורה: פּוטער — איז פּוטער. הע־רינג — איז הערינג. אַ טאָרבעלע מעל, אַ פלעשל בוימל, אַ האַלב עוף, אַ פּעקעלע טיי, אַ בייטל צוקער. אַ חוץ דעם לייגט זי אויף גיך אַריין אין אַ ציבעלע אַן עלטער קאָפּטל, אַ פּאָרל וועש. אַ פּאָר טופליעס, נאָך גאַנץ נייע, נאָר וואָס מען טראָגט זיי נישט. אַ וואָרעם שאַלעכל — גרשון האָט אַ מאָל פון כעס אַ שמיץ געטון דעם טינטער, געטראָפן אין שאַלעכל און עס געמאַכט פּיאָלעט אין אַ פּאָר ערטער — זאָל דאָס גיין!.. רחלע האָט זיך ערשט נישט לאַנג געקויפט אַ פּאָר וואָלענע הענטשקעס, זייער שיינע, זיי־ער גוטע. ווייס איך וואָס, זאָלן זיי גיין אין פּעקל אַריין, רחלע וועט זיך קויפן אַנדערע! פון אירעט וועגן וועט דער פאָטער שטענדיק אָפּזוכן געלט, און ווידער — זאָל זיך איר דאַכטן, אַז זי האָט זיי פאַרלוירן. אַזוי וואָלט שוין געוועזן בעסער?...

אָט דעם גאַנצן פּאַק טראָגט זי פאַרזיכטיק אַרויס אין דעם שכנישן הויף און פאַרשטעקט אים אין קעלער הינטער אַ פעסל. ווען רחלע קומט פון דעם שליחות, מאַכט די מוטער אַ בייז פּנים און בורטשעט אויף דער טאָכטער:

— דיך איז גוט צו שיקן נאָך דער אַקושערקע... ווען דו גייסט אַוועק, פאַרגעסטו, אַז דו דאַרפסט זיך אומקערן!

— מאַמע, אָבער דו אַליין האָסט דאָך מיר געשיקט...

— יאָ, איך האָב דיך געשיקט, אָבער אויף וויפל זשע? אויף אַ יאָר?

— ווהין איילסטו זיך דען אַזוי? כ'האָב טאַקע נישט געוווסט, אַז דו האָסט אַזוי קיין צייט נישט.

— וואָס זשע, כ'בין, מיינסטו, אַזאַ ליידיקגייערין ווי דו? דו ווייסט נאָר ביז צוויי ביי נאַכט שפּאַצירן און ביז צען אין דער פרי שלאָפן. וואָס נאָך טראָגסטו אויפן קאָפּ? אדרבה, פּרווו זאָג...

— אָבער גוואַלד, וואָס ווילסטו האָבן פון מיין לעבן? דו האָסט מיך געשיקט, בין איך געגאַנגען. וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיר? ווען מען ווייסט, אַז מען האָט אַזוי קיין צייט נישט, מאַכט מען אַ ביסל קירצער די תפילה...

— אָט זעסטו, דאָס האָסטו דווקא געזאָגט אַ גלייכן געדאַנק. שיין

וואָלט איך אויסגעזען, ווען כ׳גיי זיך ערשט ביי דיר לערנען, וואָס צו מאַכן קירצער און וואָס לענגער...

א וואָרט פאַר א וואָרט, פון דער שטוב גייט די מומע טייבל אוועק אָן א זיי־געזונט. א קוש די מזוזה גלייך מיטן מויל און אוועק אין דער ריכטונג פונעם מאַרק. רחלע קוקט איר נאָך אין פענצטער מיט טרערן אין די אויגן. זי האָט שטאַרק געוויסנס־ביסן און שעפּטשעט פאַר זיך:

— איך בין טאַקע אַן עזותניצע... וואָס ענטפער איך נאָך אָפּ אַקעגן? די מאַמע האָט מן הסתם א נייטיקע שליחות פונעם טאַטן און איך — נישט געטראָגן, וואָס איך האָב זי פאַרהאַלטן, רעד איך איר נאָך אין דער גאַל אַריין...

די מומע שטעלט ריזיקע שפּאַן און טראַכט זיך:

— גאָט מיינער, טאַטע זיסער, האַרציקער פאָטער אין הימל, דו גיסט מיר אַזאַ רואיק לעבן, אַז ממש עס פעלט מיר גאָרנישט, און איך קען אפילו נישט לעבן בשלום מיט מיינע קינדער... איצט זעסטו שוין, מיט וועמען דו האָסט אַן עסק?...

נאָר פון דעסט וועגן פילט זי זיך בעסער, ווען זי גייט אַרויס אויף דער „אַרבעט״, צעקריגט מיט די בני־בית, איידער ווי זי זאָל אַרויסגיין בשלום מיט זיי. ווען זי איז מיט זיי שלום, האָט זי עפּעס א געפיל, ווי זי וואָלט בעגנבעט א היימישן מענטשן, וואָס פאַרטרויט זיך אויף איר אין גאַנצן. ערגערט עס זי א ביסל, עס איז פאָרט נישט היימלעך, אָבער ווען זי צעאַמפּערט זיך מיט זיי, איז איר גוט ווי דער וועלט. א מצוה אויף זיי, טראַכט זי דאַמאָלסט מיט א נקמה־געפיל, האָבן זיי נישט געזאָלט מיך אויפרעגן!

זי גייט צו ביזן ראָג און פאַרקערעוועט צוריק דורך אַן אַנדערער גאַס, כדי אויסצומיידן די פענצטער פון איר שטוב. אין קעלער נעמט זי פאַר־זיכטיק אַרויס דעם אוצר אירן און לאָזט זיך מיט מונטערע טריט אין דער פאַרשטאָט אַריין.

זי עפנט אויף די טיר אין א קליין אָרעם הייזל. אין דעם הייזל וווינט יואל צעלניקער, א שרעקלעכער אביון און דערצו מיט א היפש געזינדל. ער אַליין, דער ברויט־געבער, ליגט שוין פאַוואָלינקע, „נישט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט״, דריי וואָכן צו בעט און קיינער ווייסט נישט, וואָס אים איז. אין שטוב סווישטשעט דער דלות און מען צאַנקט נאָך א גראָשן.

די מומע טייבל עפנט נישט דרייסט די טיר:

— א גוט מאָרגן אייך, רבקה, כ׳וועל אייך נישט שטערן? נאָר אויף א פּאָר מינוט. איך גיי פאַרביי, כ׳בין זייער מיד געוואָרן, וויל איך זיך פּשוט א ביסל אָפּרוען.

— וואָס פרעגט איר, טייבל סערדצע, צי איר מעגט אַריינגיין? פאַר וואָס טאָרט איר נישט? איר וועט מיר א שטיקל בענקל אָפּניצן? ס׳איז נאָר שלעכט, וואָס מיר האָבן גאָרנישט מיט וואָס אייך מכבד צו זיין...

טייבל שטעלט אוועק ביים טיש אירע פּעקלעך. די כאַפּטע קינדערלעך

האָט זי אַרומגעשטעלט מיט נייגעריקע אייגעלעך און באַטראַכטן זי. זי גיט זיי אַ שטעק אַפּ צוויי שקאַרמיצלעך מיט נאַשערייען. דאָס קליינוואַרג טראָגט זיך אָפּ אין אַ צווייטן ווינקל, צעטיילן צווישן זיך די כשרע מציאה און טייבל אָטעמט אָפּ מיט אַ לייכט האַרץ.

— איר רעדט מיר פון כיבוד און איך, קוים וואָס איך אָטעם. מיין גרשונען האָט זיך פאַרגלוסט צו מאַכן בוימל אין קלייט אריין, בשותפות מיט אַ גוי, אַנדערש קען דען זיין? און פאַרקערט, זיך אָפּרעכענען — שיקט ער דווקא מיך. מען דאַרף זיין פון אייזן, זאָג איך אייך... דערצו האָט זיך מיר נאָך פאַרוואָלט דורכגיין פריער פאַרביי די קינדער, זאָלן לעבן. כ'האָב געוואָלט זיי געבן אַן עוף אַ געקוילעטס. צום סוף האָבן זיי נאָך פלייש אויף היינטיקן מיטאָג. ס'איז זומער, קען מען אויף מאָרגן נישט האַלטן. קוים איינגערעדט זיי, נעמען אַ העלפט פון דעם און די צווייטע העלפט — טראָג איך זיך מיט איר אַרום, צום גוי און צוריק. רבקה, טייערע, עפשר נעמט איר מיך אַרויס פון אַן ענגשאַפט?

— וואָס פאַר אַן ענגשאַפט, טייבל, אויב ס'איז נאָר מעגלעך, וואָס פאַר אַ פראַגע?

— אַן ענגשאַפט... מען קען אויף אַן אמת מיינען... קיין גרעסערע ענגשאַפטן זאָלן ביי יידן נישט זיין, איך רעד פון דער האַלבער הון, רעד איך... אַנטלייט איר זי ביי מיר...

ביי רבקהן בייטן זיך די קאָלירן אין פנים, זי לאָזט אַראָפּ די אויגן און ענטפערט שטיל:

— איר לאַכט פון מיר? מיר האָבן שוין נישט געזען קיין פלייש פאַר די אויגן מער פון אַ חודש צייט... זאָגט איר נאָר, כ'זאָל לייען. ווו וועל איך נעמען אויף אָפּצוגעבן?

— איי, רבקה, כ'קען נישט ליידן, אַז איר רעדט אַזעלכע נאַרישקייטן: ווו וועל איך נעמען? ווו וועל איך דאָס? ווו וועל איך יענץ? דאָרט ווו איך האָב גענומען, דאָרט וועט איר אויך נעמען. וואָסזשע, ס'איז נישט איין גאָט ביי אונדז ביידן? ווו וועט זי נעמען? גלייך ווי איך זאָל דעם גמילות-חסד אויף מאָרגן שוין דאַרפן האָבן, איך קען נישט באַשטיין אויף שפּעטער מיט אַכט חדשים...

רבקה שטייט ווי אויסגעפּאַטשט. טייבל, זעענדיק איר פאַרלוירנקייט, דערפילט גלייך, אַז אַצינד איז די גינסטיקע מינוט אויף דורכצופירן איר פאַרטראַכטן פּלאַן. זי פאַרלירט נישט קיין איין סעקונדע. זי לאָזט נישט יענעם זיך אָנגעמען מיט מוט און דרשנט ווייטער איבערגייענדיק אויף „דו":

— און בכלל, וואָס איז דאָס פאַר אַ פירעכץ, וואָס? אַז אַ מענטש ווערט נישט געזונט, דאַרף מען אים לאָזן איינגיין? מען קען נישט צוגיין צו אַ גוטן ברודער, אַנטלייען עטלעכע רובל און אים שטעלן אויף די פיס? ווער האָט דאָס דיר געגעבן אַזוינע רעכט? דו ביסט טאַקע מיידלוויז געוועזן אַ גאַנצע געלערנטע, אָבער איצט ביסטו שוין אויסגעוועפּט

געוואָרן... יאָ, יאָ, זאָלסטו טאַקע וויסן, איך זאָג יעדן אין די אויגן... אָט גיי איך איצט אַקוראַט פונעם ערל, האָט ער מיר געגעבן אַכציק רובל מזו־מנים, לאָז איך ביי אייך איבער. נאָך מתנות האָט ער מיר אָנגעגעבן, אַלץ לייג איך אַרויס. דאָס איז גאָר. ביז „דער וואָס איבער אונדז" וועט העלפן און איר וועט אַ ביסל קומען צו זיך. אַז איר וועט פאַרמאָגן, דאַמאָלסט — מיטן גרעסטן כבוד, קענט איר מיר אומקערן אויך, פאַר וואָס נישט? אָבער ביז עפּעס וואָס? וואָס איז דאָס עפּעס? הפקר אַ וועלט? וואָס מען וויל, טוט מען? קיין עלטערע פון אייך איז גאָר נישטאָ?...

טייבל מאַכט נישט צו דאָס מויל, זי לאָזט נישט יענעם קומען צו זיך און די הענט דערוווייל רוען נישט. אויפן טיש וואַקסט אַ בערגל פון אַלער־ליי שפּייזן, שקאַרמיצלעך, טאַרבעלעך, פּלעשעלעך, הלבשה.

וועןביידע קוישלעך ווערן ליידיק, גיט טייבל אויף גיך אַ זאָג:

— מען וועט אין דער היים נישט וויסן, וווהין איך בין אַהינגעקומען אַזוי לאַנג...

און נאָך איידער יואל מיט רבקהן קומען צו זיך, איז שוין אין שטוב קיינער נישטאָ. רבקה לויפט אַרויס אויף דער גאַס, כאָטש ענטפערן אַ וואָרט, נאָר טייבלען זעט מען אין ערגעץ נישט — נעלם געוואָרן. טייבל, אַרויסלויפנדיק פון שטוב, ווייסט שוין, אויף וועלכן וועג מען קען איר וועלן נאָכלויפן, און גייט אַהיים דורך אַזאַ וועג, אויף וועלכן ס'וועט גאָר קיינעם נישט איינפאַלן. זי גייט אָפּ דריי קוואַרטאַלן, אָט איז זי שוין ביי דער בריק, נאָר פּלוצלינג שטעלט זי זיך אָפּ. איר פּנים טוט זיך אָנגסטלעך אַ רונצל, זי גיט זיך אַ קראַץ אונטער דעם פאַריק און בואי־בשלום — זי גייט שוין צוריק. זי קערט זיך אום צו רבקהס טיר, עפנט זי שטיל אויף און שרייט אַריין:

— רבקה, דאָס עוף איז שוין כשר געמאַכט...

פון דער שטוב דערהערן זיך קולות:

— טייבל, טייבל, וואַרט אַ ווײַלע... איין וואָרט...

נאָר טייבל, אַז זי וויל, מען זאָל זי נישט דעריאָגן, קען זי ווייזן, אויף וואָס אירע לאַנגע פיס זענען פעאיק...

אָפּגעלאָפן אַ ביסל, קוקט זי זיך אַרום און שפּאַנט שוין ווייטער אַ מי־דע, גלייך ווי זי וואָלט אַ האַלבן טאָג האָלץ געהאַקט.

אויף טיראַספּאָליער גאַס, אין אַ גרויסן גאָרטן, נישט ווייט פונעם פּלויט, שטייט אַ שוואַרץ־חנעוודיק מיידל פון אַ יאָר אַכצן, צוואַנציק און וואַשט אַ היפּשן הויפן גרעט. טייבל גריסט זיך מיט איר און גייט ווייטער. זי קען דאָס מיידל, זייער אַ לייטיש מיידל. איר פאָטער און מוטער האָט זי פאַרלוירן נאָך קליינערהייט, איז זי מיט צוויי קליינע ברידערלעך ביי איר באָבען. ס'איז איר אויך ניין מאָל גוט, בלויז מיט אייגענער האָרע־וואַניע דאַרף זי שפּייזן פיר נפשות און דערצו נאָך אַ מיידל צו לייטן...

מיט אַ מאָל, די מומע טייבל בלייבט שטיין. זי קוקט זיך אום אויף צוריק, זי איז שוין היפּשלעך ווייט אָפּגעגאַנגען פון יענעם אָרט. זי גיט

אַ טיפּן קרעכץ און גייט צוריק. זי קומט צו צום פּלויט, שפּאַרט זיך אין אים אָנמעכטיק אָן און זאָגט מיט אַ מוטערלעכער שטים:

— פריידע, דו וועסט נישט האָבן קיין פּאַראיבל אויף מיר, אויב איך וועל דיך אָפּרייסן פון דיין אַרבעט אויף איין מינוטקעלע?

— טייבל, וואָס רעדסט איר? דער טאָג איז נאָך גענוג גרויס, אדרבה...

— פריידע, איך וויל ביי דיר עפּעס פרעגן, נאָר גיב מיר דיין הייליק וואָרט, אַז דו וועסט מיר ענטפערן אָפּנהאַרציק ווי אַן אייגענער מאַמען...

— איר דאַרפט ערשט פרעגן? אודאי וועל איך ענטפערן...

— זאָג זשע מיר אַזאַ מין זאַך: אייערנעכטן פאַר נאַכט איז מיר צו־פעליק אויסגעקומען זיך געפינען אין אייער גאַס, האָב איך געזען דיינע חברטעס אַרויסגיין פון אייער שטוב. אַ סימן האָסטו, אַז דו האָסט זיי נאָך אַרויסבאַגלייט. וויל איך וויסן דעם אמת, פאַר וואָס ביסטו אויך נישט געגאַנגען מיט זיי שפּאַצירן אין פּאַרק אַריין צי אין קינאָ דאָרט, כ׳ווייס וווהין?

פריידע לאָזט אַראָפּ די אויגן, שווייגט אַ ווײַלע, נאָר זעענדיק, אַז טייבל קוקט אויף איר און וואַרט אויף ענטפער, ממש זי לאָזט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ, ענטפערט זי שטאַמלענדיק:

— כ׳ווייס? נאַרישקייטן... כ׳האָב געמיינט אויף אַן אמת עפּעס אַן ערנסטע זאַך.

— זאָל זיין נאַרישקייטן, אָבער איך וויל וויסן דאָס נאַרישקייט...

— נו, ס׳איז נישטאָ וואָס צו וויסן, כ׳בין דאַמאָלסט געווען אַ ביסל פאַרטשאַדעט... כ׳האָב דאַמאָלסט געפרעסט אַ גאַנצן טאָג...

טייבל הייבט איר אונטער מיט צוויי פינגער דאָס פּנימל, פאַרקוקט איר אין די אויגן און זאָגט ווייך:

— אָבער דאָס איז דאָך אַ ליגן... דיין פּנים איז אַזוי נישט צוגעפּאַסט צו קיין ליגן — געפערלעך!.. שעם דיך, איי־איי־איי, נו, זאָג אַליין, פריי־דע, ווענטען גייסטו דאָ אָפּנאַרן? מיך? איך בין מיט דיין מאַמען, עליה השלום, דעם ערשטן קאַדריל געגאַנגען נאָך איר חופּה און ביי דיין על־טערן ברודערל קוואַטעריין געווען... שיין אַזוי? האַ? זאָג שוין, נו, וואָס שעמסטו זיך, דו נאַריש קינד? אַן עק! לאָמיך שוין הערן, פאַר וואָס ביסטו אויך נישט געגאַנגען שפּאַצירן מיט זיי?

פריידל ווישט אָפּ אַ טרער און קוים מיטן אויער צו כאַפּן שעפּטשעט זי אַרויס:

— כ׳גיי שוין נישט שפּאַצירן פון לאַנג... ס׳איז מיר אַ בזיון זיך צו ווייזן אין גאַס מיט מיין הולך... אָט דאָס, וואָס אויף מיר, אָט דאָס פאַר־מאָג איך...

טייבל פאַרעט זיך עפּעס לאַנג מיטן טיכעלע ביי דער נאָז און דער־נאָך זאָגט זי צו איר:

— איז פאַר וואָס זשע האָסטו מיך געדאַרפט אָפּנאַרן? מען זאָגט: אָרעמקייט איז קיין שאַנד נישט. דער עיקר, אַבי אַן ערלעך קינד. וואָס

קען מען העלפן ?... יאָ, פריידע, כ׳האָב צו דיר אַ בקשה. דו קענסט מיר פאַרשפּאָרן אַ גאַנג. כ׳האָב זיך טאַקע צוליב דעם אומגעקערט.

— אויב כ׳קען נאָר... פאַר וואָס נישט. זאָגט, לאָמיר הערן.

— ווען וועסטו היינט קומען אַהיים ?

— נישט שפּעטער ווי אין צוויי שעה אַרום. כ׳דאַרף נאָר אויסשווענקען דאָס וועש און עס צעהענגען. אַראָפּנעמען וועט מען שוין אָן מיר.

— אויב אַזוי, איז סאַמע גוט. דו הערסט דאָך, איך דאַרף עפּעס האָבן דיין באָבען. אַ מעשה מיט אַ יאָרצייט, צו דיר האָט עס נישט. איז אויב ס׳איז דיר נישט שווער, שיק זי מיר צו, טאַקע היינט, פון פינף ביז זעקס פאַר נאַכט, ווייל שפּעטער דאַרף איך אַוועקגיין. זאָגסטו מיר צו, נישט פאַרגעסן ?

— אודאי, פאַר וואָס דען נישט ?

— זע זשע, פאַרגעס נישט. פון פינף ביז זעקס וואַרט איך אויף איר. אַצינד זיי מיר געזונט. אַ גוטן טאָג ! נאָר נישט געזאָרגט, דיינע עלטערן וועלן זיין גוטע מליצים פאַר אייך און גאָט איז אָן אבי יתומים, ער וועט העלפן. געדענק מיינע רייד, נאָר נישט געפאַלן ביי זיך. אַ גוטן !

— אַ דאַנק פאַר אַ גוט וואָרט. אַ גוטן טאָג — אַ גוט יאָר !

אָפּגעגאַנגען אַ ביסל גיט טייבל אַ מורמל צו זיך אַליין :

— טאַקע אַן אצבע אלהים, פון רחלען וועט זיין אויף איר ווי אָנגעמאָסטן.

# קאפיטל XXII

די מומע טייבל קומט אהיים, גייט זי צו צו רחלען, גיט איר א קוש אין די ליפן, קיין סימן פון קיין רוגז נישט. פונקט פארקערט, זי קוקט זיך נאך איין אין איר און זאגט פארזארגט:

— רחלע, עפעס ביסטו היינט בלייכער ווי אלע מאל, ס'טוט דיר חלילה נישט וויי דער קאפ?

— מאמע, ס'ווייזט זיך דיר אויס, כ'פיל זיך גוט.

— מאל דיר, כ'קען דיך בעסער ווי דו זיך אליין. נא דיר גאר, ס'ווייזט זיך מיר אויס... על כל פנים ביסטו מיד, נישט אויסגעשלאפן. ווען האסטו זיך היינטיקע טאכט געלייגט, הא?

רחלע לאזט אראפ דעם קאפ, ענטפערט נישט.

— זעסטו? ווייזט זיך מיר שוין נישט אויס? מיר האט זיך נאך קיין מאל נישט אויסגעוויזן. באלד נאכן עסן גייסטו זיך צולייגן א ביסל. היינט איז נאך א נייער טעאטער דא, געשיקט זיך, אז דו זאלסט נישט גיין?

רחלע כאפט ארום די מוטער קושן — אזא געטרייע מוטער טרעפט זיך טאקע נאר איינע צווישן טויזנט! נאכן עסן, רחלע דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, זי קען נישט איינשלאפן. עס ווילט זיך איר נישט שלאפן, איין מאל — ניין. די מוטער קומט אלע צען מינוט אריין, אלע מאל מיט אן אנדער אויסריד, זי איז שוין בייז, גארנישט אויף קאַ־טאוועס:

— פאר וואס שלאפסטו נישט?

— מאמע, וואס זאל איך טון, אז איך קען פארט נישט.

— ס'א ליגן. דו ווילסט נישט, נישט דו קענסט נישט. דו האסט אזא פנים, ווי דו זאלסט ערשט קומען פון א יאריד, מיד, צעבראכן...

און נישט קענענדיק זיך מער איינהאלטן, שרייט אויס די מוטער מיט א צארן:

—טאמער שלאפסטו נישט באלד איין, כאטש אויף איין שעה, גייסטו ביי מיר היינט אויף דער נאכט אין ערגעץ נישט, דערויף גיב איך דיר מיין ווארט!

ענדלעך האט טייבל דערהערט, אז רחל שלאפט. זי איז אריין אין שלאפצימער, געפרווט רעדן צו איר, א צי געטון ביי דעם פוס — יא, זי איז טאקע פעסט איינגעשלאפן. ברוך השם! קוים א מאל געבליבן איינע אליין אין שטוב. טייבל ווישט אפ דעם שטערן: א שווער שטיקל ארבעט געווען. און וואס איז דען דאס קינד שולדיק? אז מען שלאפט ביז אכצן א זייגער, קען מען טאקע ביי טאג נישט וועלן שלאפן. נו, מען טאר קיין צייט נישט פטרן, יעדע מינוט איז טייער. זי גייט אריין אין זאל, עפנט די קליידער־שאפע און הייבט אן איבערלייגן רחלעס גארדעראב.

יעדעס קלייד באזונדער באטראכט זי פון אלע זייטן, פארמאכט די אויגן, באקלערט זיך. ענדלעך באשליסט זי: אהער אדער אהין. אט האלט זי רחלעס א קאשעמירן קלייד, אין גאנצן איין מאל אנגעטון. ס׳איז דאך אַדער בער אצינד זומער, דאס קלייד איז א טונקלס, טאמער וועט זי דאס אזוי גיך נישט וועלן אנטון... בקיצור, וויניקער געטראכט, דאס קליידל גייט! צוויי העמדער — גייען. נישקשה, זי האט אכט, וועט זי האבן וויניקער מיט צוויי. ווידער האט מען איר געבראכט פון אדעס א האלב טוץ ענגלישע זיידענע זאקן „פרימא״, איז ווער זשע זאגט עס, אז פריידלס פוס פארנעמט נישט קיין אויסלענדישע זאקן? אריינגעלייגט א פאר זאקן. וואס איז דאס? פודער? נו, מעג דאך פריידל אויך געניסן א פעקעלע, און אַ־דעקאלאן אויך א פלאקאנטשיקל. נו, אויף דעם מאל וועט זיין גענוג.

דאס אלץ ווערט פארפאקט אין א צייטונג, אקוראט ארומגעבונדן, ערשט נאך דעם פארוויקלט אין אן אלטן פארטעך און אריינגעלייגט אין אויוון אריין. דער זייגער איז פינף, רחל וועט שוין באלד אויפשטיין. זעקס — מאכט גרשון צו די קלייט. צו פיל אויגן פאר אזא עסק טויג זיכער נישט און אזוי ווי אויף צו להכעיס, די אלטע ברכה קומט נישט, ס׳איז דיר נאר אן אנשיקעניש. טייבל זיצט ווי אויף הייסע קוילן, דער ווייזער ווייזט האלב זעקס. זי קוקט דורכן פענצטער, קיין סימן נישט פון דער אלטער. גוואלד, וואס טוט מען? זי וועט עס נישט איבערטראגן און דערצו וויל זי דוקא, אז נאך היינט זאל פריידע קענען גיין שפאצירן. אליין אפטראגן, קען זי די שטוב נישט פארשליסן, רחל שלאפט, גרשון דארף באלד אנקומען — וואס טוט מען? וואס טוט מען?

זי כאפט דאס פעקל אונטערן ארעם און לויפט דערמיט ארויס אין הויף אריין. זי קוקט זיך ארום אומבאהאלפן און פאלט אויף אן המצאה. זי לויפט אוועק הינטער דער קאמער פונעם האלץ, ווארפט אריין דאס פעקל צווישן דער הויכער קראפעווע, פארווארפט עס מיט אנגעריסענעם גראז און קערט זיך אום אין שטוב אריין. דער זייגער איז זעקס, די אלטע ברכה איז אלץ נישטא. רחלע שטייט אויף פון שלאף, דער פעטער גרשון איז געקומען פון דער קלייט, מען זיצט צוזאמען ביי דער טיי — ערשט די אלטע ברכה קלאפט אין טיר:

— טייבל איז נאך אין שטוב? הא, ס׳איז איר אליין? ווי קומט עס, וואס איר זענט נאך נישט אוועקגעגאנגען? איר האט דאך ערגעץ נייטיק געדארפט אוועקגיין.

טייבל פארררייבט דעם שמועס, זי מאכט גאר די אלטע ברכה פאר עוברבטל, זי רעדט שוין גארנישט צו דער זאך. זי הייסט רחלען דערלאנגען טיי דעם גאסט. דער פעטער גרשון פארשטייט נישט, ווי קומט אהער אט די אלטע שמשטע? די מומע טייבל פארפירט מיט איר א שמועס גאנץ געלאסן, צי געדענקט נישט די אלטע ברכה, ווען ס׳איז געשטארבן יענער עלטער־פעטער און דער שוויגערס א מחותנתטע און נאך אזעלכע וויכטיקע פארשוינען...

עס פאַרבינדט זיך אַ שמועס אויף זיבן מייל וועגן פאַרשידענע זכרוי־נות. טייבל הייבט אָן ווערן אומגעדולדיק. זי קען נישט איינזיצן רואיק, זי ווישט זיך אַלע ווײַלע דעם שווייס. פּלוצלינג גיבן אירע אויגן אַ בליץ, זי ווענדט זיך צום מאַן:

— גרשון, גיי נאָר זיי מוחל אַרויס, עפּעס פרעגט זיך דאָרטן נאָך דער בריוונטרעגער אויף דער גאַס, אפשר מיינט ער אונדז.

דער פעטער גרשון הייבט זיך אויף אָן חשק, טוט אָן דעם פּידזשאַק און גייט אַרויס אויף דער גאַס. די מומע טייבל גיט זיך אַ כאַפּ ווי אַן אָפּגעבריטע:

— אוי־וואַ, נאָר פאַרגעסן. רחלע טאָכטער, אַנומלטן האָט דער בריוונ־טרעגער מיר געבראַכט אַ טעלעגראַמע און איך האָב נישט געהאַט קיין קליינגעלט אים באַצאָלן פאַר דער טרחה. גיי, טאָכטער מיינע, טראָג אים אַרויס אַ האַלבן רובל. נאַ דיר, גיך, ער זאָל נישט אַוועקגיין.

ווי רחל האָט נאָר באַוויזן צומאַכן הינטער זיך די טיר, האָט טייבל אַזש אַ טרייסל געטון מיט דער אַלטער ברכהן:

— אַז מען זאָגט אייך אָן פּינף, זאָל נישט זיין זיבן... קוקט זיך איין, איר זעט יענע לאַנגע קאַמער? איר וועט זי דערקענען? געדענקט זשע, איז הינטער איר אין דער קראָפּעווע, מיט גראָז איינגעדעקט, ליגט אַ פּע־קעלע פאַר פריידלען... לאָזט איבער אייערע קשיות אויף אַן אַנדערש מאָל. אַזוי ווי מיין מאַן מיטן מיידל וועלן אַריינגיין, זאָלט איר זיך באַלד געזע־גענען און גיין אַהיים. אַרויסגייענדיק פונעם הויז זאָלט איר זיך מכלו־מרשט אומקערן אין בית־הצניעות אַריין, דאָרט אַרויסבאַקומען דאָס פּע־קעלע און די מינוט זיך דערמיט אָפּטראָגן. נאָר אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן.שאַט! זאָל זיין שטיל, אָט גייען זיי ביידע...

טייבל האָט זיך נישט באַרואיקט, ביז זי האָט, דרייענדיק מיטן לע־פעלע אין גלאָז, נישט אַרויסבאַגלייט די אַלטע ברכה מיט די אויגן. יענע האָט פאַר זיך געטראָגן עפּעס אַ פּעקל און אויסגעזען ווי אין די הויכע חדשים.

אין איינעם אָן אָוונט אין אַ וואָך אַרום, צופעליק זענען געווען אין שטוב אַלע קינדער, עטלעכע חברטעס און אויך דער פאָטער, האָט זיך רחלען אין מיטן דערינען פאַרוואָלט נאָך אַ מאָל אָנמעסטן דאָס קאַשע־מירענע קלייד. אַלץ, וואָס אין שאַפע, האָט זי איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, איין מאָל — ניין! נישטאָ דאָס קלייד! זי האָט שוין געוואָלט אויפהייבן אַ ויצעקו, אַז עס פעלן זאַכן אין שאַפע, האָט זי זיך אָבער גע־טראָפן מיט דער מומע טייבלס אויגן. זי האָט אַ קוק געטון אויף דער מו־טער, די מוטער — אויף איר, קיין דיבורים האָט מען נישט געדאַרפט, אַלץ איז געווען קלאָר ווי אויפן טעלער... רחל האָט פאַרביסן די ליפּן און געמאַכט אַ שווייג.

— צו וואָס טויג נאָך דער סקאַנדאַל מיטן פאָטער?...

דאָס, וואָס האָט אַם מערסטן אויסגעטיילט די מומע טייבל פון דעם

ארומיקן עולם, איז געווען איר שטענדיקע אויפגעלייגטקייט. די שמחה „אָן אַ פאַר וואָס און אָן אַ פאַר ווען" האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעטון פון אָט דער אוסערגעוויינלעכער פרוי. פונעם אויפשטיין ביזן לייגן זיך איז זי געווען מלא־שמחה, ארויסגעשטעלט פאַר דער גאַנצער וועלט אַ פּאָר שטראַלנדיקע אויגן, אַ בליענדיק שמייכעלע. יעדן באַזונדער האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט גייט זי אַוועק איבער דער שטוב מיט אַ טאַנץ און דאַן וועלן מיט איר מיטטאַנצן די בענקלעך פון ארום טיש, די גלעזער פון שאַנק, די פּאָרטרעטן פון די ווענט, די שוואַרצע אָטאָמאַנקע, דער ניקלענער סאַמאָוואַר און דער ווייטער סופיט. אַלץ אין שטוב וואַרט נאָר אויף אַ סיגנאַל פון איר, פון טייבלען.

איר מאַן, דער פעטער גרשון, איז בפרוש ווייניק וואָס אַנטציקט פון דער מידה־טובה, פון זיין טייבלס כסדר זיין האָפערדיק. באַזונדערס רעגט דאָס אים אויף, ווען ער קערט זיך אום פון דער קלייט אַ צעווייצטער פון די „שיינע פּאַרדענוסעס", אַ צעשרויפטער פון די אַלץ וואַקסנדיקע רדיפות אויף דעם „שטיקל קלייטל, אומשטיינס געזאָגט". אויפן האַרצן איז אים געוויינטלעך „גוט אָנגעזאַלצן פון ארום און ארום"... געפינענדיק זיך אין אַזאַ שטימונג, ווען ער פלעגט זיך באַגעגענען מיט זיין פלונית־טעם צעשטראַלטן בליק, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן באַטראַכטן איר שמחת־תורהדיקע צורה און מיט גאַל זי פרעגן:

— פאַר וואָס איז דיר אַזוי גוט און מיר אַזוי שלעכט? איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וואָס ביסטו אַזוי צעפורימט אין מיטן מיטוואָך — שבת־צו־נאַכטס? דו האָסט אפשר אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס?

טייבל פלעגט אים פאַרוואונדערט אָנקוקן:

— און די שמחה פון „שלא עשני גוי" איז ביי דיר אַ קליינע שמחה?

ביי גרשונען פאַרקרימט זיך דאָס פנים אין אַ גרימאַסע, דאָס לינקע האַלבע פנים הייבט אָן נערוועז צו צוקן. מיט אַ גיפטיק שמייכעלע קרימט ער זיך איר איבער:

— שלא עשני גוי... שמן־זיתדיקע צדקנית מיינע...

מיט אַ מאָל גיט ער מיט פאַראַכטונג אַ כראַקע אין איר זייט און גייט אַוועק.

טייבל איז געווען אויסער זיך פון זיין וואָכעדיקייט. דאָס, וואָס דער קאָפּ פון איר באַשערטן ליגט אין גאַנצן ביי דער מטבע, האָט זי פיל געע־זונט געקאָסט. אָבער וואָס מער טייבל איז דערפון געווען געקרענקט, אַלץ מער האָט גרשון חוזק געמאַכט פון איר „כאַפּן מלאכים", פון איר „פליען אין די הימלען", פון איר „האָבן אַ פנים ווי נישט קיין היגע".

ווער שמועסט ערב ימים־נוראים איז גאָר געווען פון דער מומע טייב־לען נישט איבערצוטראָגן. פון דעם איינציקן וואָרט „אלול" האָט עס זי שוין געוואָרפן אין היץ און אין קעלט. מען האָט געזען, אַז דער מענטש לעבט איבער פחדים נוראים. שטייט זי אין קלייט, זיך צערעכנט מיט אַ יידישער קונהטע, רופט זי זי אָפּ אויף אַ זייט:

— כייקע־לעבן, זאָגט מיר, איך בעט אייך, איר האָט שוין היינט עפּעס געטון וועגן תשובה?

יענע איז שוין געווען גרייט אַ חוזק טון פון איר, נאָר דערזעענדיק אויף טייבלס געזיכט, מיט וואָס פאַר אַן ערנסטן טאָן דאָס ווערט געפרעגט, פאַרלירט שוין יענע דעם קוראַזש, ענטפערט עפּעס נישט דייטלעך און גייט אַוועק אַ פאַרטראַכטע.

האַלבע נאַכט. דער הו־הא ביי דער מומע טייבלען אין שטוב ווערט קלענער. די אויסגעגעבענע קינדער צעגייען זיך. רחלע איז שוין דאָ פון דער גאַס מיט אירע חברטעס. דער שטאָב ווערט לידיק. דער פעטער גרשון דרייט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט, גיט פונעם שלאָף אַ בורטשע:

— גאַנצע נעכט איז ליכטיק, אַזוי ווי אין אַ וואָקזאַל... מען קען קיין אויג נישט צוטון, איין מאָל — ניין... אפשר איז שוין צייט צו מאַכן נאַכט, טייבעלע...

רחלע זעצט זיך צו אין נאַכטהעמד איבער אַ שיסל וויינטרויבן און זוכט אויס נאָר די ווייסע, די גרעסטע. די מומע טייבל זיצט אויפן ראַנד פון בעט, דער פאַריק אויף די קני, אין דער האַנט האַלט זי אַ קעמל, נאָר זי קעמט זיך נישט. זי איז עפּעס שטאַרק פאַרטראַכט. רחל, פאַרטיק געוואָרן מיט די וויינטרויבן, גייט צו:

— מאַמע, פאַר וואָס לייגסטו זיך נישט שלאָפן?

— כ׳וועל מיך באַלד לייגן, כ׳קען מיך עפּעס נישט דערמאָנען אַ זאַך...

— אפשר קען איך דיר דערמאָנען, וואָס איז אַזוינס?

— אפשר טאַקע. דו געדענקסט נישט, רחלע, ווו בין איך היינט געווען אין דער פרי נאָכן דאַווענען, איידער כ׳בין געגאַנגען אין קלייט אַריין?

רחלע פאַרטראַכט זיך, נאָר זי קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען.

— צו וואָס דאַרפסטו דאָס אַזוי נייטיק וויסן, דווקא איצט פאַרן שלאָף?

— גיי, ביסט אַ קינד, קוים פרעגסטו אַזוינע זאַכן.

— מיט וואָס זשע בין איך דאָס אַ קינד?

— ווי אַזוי דען? עס זענען היינט עפּעס אַזוינע פראַסטע טעג, וואָס דער מענטש זאָל נישט וויסן פאַרן שלאָפן גיין, ווו ער איז דעם טאָג געווען, וואָס ער האָט פאַר דעם טאָג אויפגעטון?

— אָט דאָס איז אין גאַנצן? און איך האָב געמיינט, כ׳ווייס וואָס...

— אָך, דו ווילדע ציג, ביי דיר איז דאָס גאָר אַ געלעכטער? גיי שלאָפן, גיי! טרינק אויס אַ גלעזל מילך און גיי שלאָפן. לייען קריאת־שמע...

# קאפיטל XXIII

איצט איז די מומע טייבל איינע אליין אין צימער. זי לעשט אויס די די עלעקטריע און עפנט דאָס פענצטער אין גאָרטן אריין.

אין דרויסן איז כמורנע און אַ שטאַרקער ווינט. די לאַנגע קוקורוזע־שטעקנס אין גאָרטן דאַוונען. אין דער ערשטער ריי, ווי מזרח־בעלי־בתים, שטייען רייזיקע סאָניעטשניקעס מיט זייערע געלע קיילעכדיקע פנימער. דער געוויטער שטאַרקט זיך אַלץ מער. אַ בלאַנקנדיקער חלף שניידט זיך זיגזאַגיש אריין אין דער פינצטערניש. דער עולם אין גאָרטן צעשאָקלט זיך שטאַרקער. ערגעץ פון עק הימל הערט מען, ווי מען רוקט איבער מעבל: שווערע קאָמאָדן, אַלטע שאַפעס, אָדער ווי מען וואָלט דאָרט אַרומגעפאָרן מיט אַ וואָגן ליידיקע פעסער.

די מומע טייבל גיט אַ רייב די הענט אין דער וואַנט, מאַכט פרום אַ ברכה און קלערט זיך אירס:

— וואָס זשע הייסט עס, איך וועל זיך טאַקע נישט דערמאָנען, ווו איך בין היינט געווען פאַרן גיין אין מאַרק אריין?

זי שטייט אָנגעשפּאַרט מיטן שטערן אין דער ראָם פון פענצטער, דער רעגן שפּריצט איר גלייך אין פּנים אריין, שטעכט ווי מיט נאָדלען, אָבער זי פילט דאָס נישט. זי איז זייער אומרואיק איבער עפּעס אַנדערש: עס פעלן איר אין היינטיקן סדר־היום גאַנצע צוויי שעה. זי קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען, וווהין האָט זי זיי אַהינגעטון. אַזוי ווי אין דער ערד אַריין. דער געדאַנק דערוויל פאַרבלאָנדזשעט אין אַ זייט:

די מיטלסטע טאָכטער אירע איז היינט געקומען פון אָדעס. נישקשה־דיקע געשעפטן געמאַכט, מען דאַרף ביי איר מאָרגן נעמען עפּעס אַ מנה־יפה אויף צדקה... דער עלטערער זון האָט אויך נעכטן אָפּגעשיקט אַ מענטשן קיין קיעוו נאָך פאַרב און אַ צווייטן שליח קיין מאָסקווע נאָכן שקל־הקודש *. נישקשה, דער „גוטער יאָר" וועט אים נישט נעמען, אויב ער וועט אויסבאָרגן „דעם וואָס איבער אונדז" אַן אוואַנס פון אַ פּאָר הונדערטער. נישקשה, נישקשה, זי וועט אים טאַקע זאָגן כהאי־לישנא:

— צדק לפניו יהלך...

און אַ לאָך אויף דעם געלט האָט זי שוין אויך. שוין עטלעכע טעג, אַז עס לאָזט זי נישט רוען: אין וואָלאָכאָנסק, אַ דאָרף זיבן קילאָמעטער הינטער אַנאַניעוו, איז געשטאָרבן אַ פרוי און איבערגעלאָזט אַ מאַן אַ טשאַכאָטעטשניק מיט פיר פּיצלעך קינדער. דאָס עלטסטע פון זיי איז עלף יאָר אַלט. זיי זענען אַלע געווען ביי דער לויה. דער דלות ליגט זיי אויף די פּנימער. זי האָט אונטערגעהערט, ווי דער אַלמן האָט געזאָגט דעם רב, אַז ער וועט מוזן די קינדער צעשטעלן ביי די גויאישע שכנים,

---

* שקל־הקודש — געמיינט: גאָלדענע מטבעות.

ווייל אַז נישט, דאַרף ער מיט זיי זיך וואַרפן פון דער בריק אין וואַסער אַריין. זי, דער בר־מינן, זי זאָל דאָרט זיין אַ גוטע בעטערין פאַר אירע וויסטע יתומים'לעך, איז געווען די גאַנצע שפּייזערין. מיט אירע צען פינ־גער האָט זי דערנערט דאָס גאַנצע געזינדל. אָבער איצט, אַז זי איז נישטאָ... דער רב, האָט זי דייטלעך געהערט, האָט נאָר אַ טיפן קרעכץ געטון און מער גאָרנישט. זי, טייבלען, האָט דאָס גוט אויפגעקאָכט: אָט דאָס הייסט אַ רב? בקיצור, זי מוז זיך אַליין אַראָפּכאַפּן קיין וואָלאָכאָנסק און טאַקע נישט שפּעטער ווי היינטיקע וואָך. זי וועט אַרויסגיין פון שטאָט און ממה־נפשך: וועט זיך מאַכן אַ פּורל, וועט זי אונטערפאָרן, און טאָ־מער נישט, וועט פון איר גאָרנישט אָפּפאַלן, אויב זי וועט זיך דורכגיין צו פוס אויך... די בעסטע זאַך איז גאָר, ברענגען דאָס געזינדל קיין אַנאַ־ניעוו. וואָס וועלן זיי דאָרטן ליגן אין דאָרף? עס דערמאָנט זיך איר פון ערגעץ: תינוק ישראל שנשבה לבין הגוים... ווו זי האָט געהערט אָדער גע־זען די ווערטער, געדענקט זי נישט, אָבער דאָס איז זיכער, אַז ס'איז אַ בי־טערע משקה, מען דאַרף דערצו נישט דערלאָזן... נאָר קיין אַנאַניעוו, אין אַ יידישן ישוב... אַלאַ, וואָס דען, מיט אַ דירה איז לעצטנס זייער שווער געוואָרן... אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן... וואָס זשע טוט מען טאַקע? מען מוז דאָך פאָרט עפּעס צוטראַכטן... שאַ! אין דעם הייזל, וואָס אַנט־קעגן איר טיר, ווו שלמה מיט יחיאלן האָבן געדונגען אַ חדרל אויף שטעלן אַ סטאַנאָק, איז דאָ נאָך איין היפּש צימערל. אמת, כמעט אַ טונקלס, אָבער אַ הילצערנע פּאָדלאָגע... באמת טאַקע, פאַר וואָס זאָל זי גלייך נישט נעמען די קינדערלעך מיט דעם פאָטער און זיי ברענגען אין דעם צימערל אַריין, און דערנאָך וועט מען שוין זוכן עפּעס לייטישערס...

טייבל גיט זיך אַזש אַ טרייסל פאַר פרייד פון דעם, וואָס זי האָט צו־געטראַכט. ערשט דאָ כאַפּט זי זיך, אַז זי איז כמעט אין גאַנצן נאַס פונעם רעגן, עס גיסט גלייך אויף איר. מיט אַ מאָל גיט אַ שרעקלעכער דונער, זי גיט אַ וויש די שויב און דערמאָנט זיך, אַז אַ ברכה האָט זי שוין געמאַכט. זי כאַפּט אַרויף אויף די אַקסלען אַ כאַלאַט און די געדאַנקען באַהערשן זי ווידער:

— הכלל, ס'איז צוגעטראַכט מיט דעם צימערל — כפתור ופרח, דאָס וועט טאַקע הייסן: אומר ועושה. יאָ, אומבאַדינגט, מאָרגן טאַקע, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, נעמט זי זיך צו איר זון מיט דער טאָכטער. צו דעם שטיקל אַרבעט מוז מען האָבן היפּשע עטלעכע הונדערטערס.

דאָס געדאַנקען־קייטעלע רייסט זיך ביי איר פּלוצלינג איבער און ווען עס באַהעפט זיך צוריק, טרעפט זי אין אַ פרעמד רינגעלע:

שלמה איז שוין דאָ עטלעכע טעג. אפרים־אהרון האָט דאָך אַ מאָל געשריבן, אַז ער וועט זען למען השם מקרב זיין די זאַך. זי האָט זיך אַנומלטן צוגעקוקט פון דער קיך, שלמה איז געזעסן און געגעסן און רחל איז געשטאַנען ביים פענצטער און צוגעקוקט. זי פילט, אַז ס'וועט גאָר־נישט זיין דערפון, איר רחל איז אַ גאָרנישט, אַ פּוסטע פּאַס, דאַקעגן

שלמה איז אַ מענטש אין אַלע הינזיכטן, אַז ס'איז גאָר קיין דמיון נישט. ווען זיי בלייבן אַ מאָל אַליין, איז נישט אַזוי ווי אַ יינגל מיט אַ מיידל: מען זעצט זיך צו, מען שמועסט, מען גייט ערגעץ צוזאַמען, היינט איז דאָך אַזאַ מאָדע, אָן דעם הייבט זיך נישט אָן. אָבער דאָ — ווייס איך וואָס, ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן! אַז ס'איז גאָר קיין דיבורים נישטאָ צווישן זיי... אַזאַ גאָלדן קינד, אַזאַ תכשיט, ווי דער שלמה איז — איי, וואָלטן זיי אַלע געוואָלט דעם שידוך. זי אַליין, טייבל טאָקע, איז שוין גרייט אָפּגעבן צען יאָר פון איר לעבן, אַבי נאָר שלמה זאָל ווערן איר קינד... וואָס קומט אָבער אַרויס? זי פילט, אַז דאָס איז אַ ברכה לבטלה... איר גרשון מיינט, ס'איז אים עפּעס אַ מסחרל אָפּאַרבעטן, ער דרייט זיך אַרום דעם שלמהן, שמעקט אים, לעקט אים... ס'קען אים אַ סך העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס... ס'איז נישט פאַר אונדזערע ציין... אַזאַ תכשיט ווי דאָס שלמהלע האָט די ווערט גאָר, גאָר עפּעס אַנדערש.

— יאָ, זי זאָל נאָר נישט פאַרגעסן, מאָרגן דאַרף מען אומבאַדינגט קויפן אַ פיר, פינף פוד פלוימען אויף מאַכן פּאָווידלע, עס זענען שוין איצט די לעצטע... ביי איר עלטערער טאָכטער איז היינט דאָס איינגע־מאַכטס זייער געראָטן... שאַ, געפּאַקט! ס'איז דאָ די אבידה. זי האָט זיך שוין דערמאָנט, ווו זי איז היינט געווען פאַרן גיין אין קלייט אַריין. טאָקע ביי איר טאָכטער האָט זי דאָך גענומען אַ סלאָיקל איינגעמאַכטס אויף אַריינצוליינן אין דעם פּעקל, וואָס זי האָט אָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין פאַר בערל דעם שוסטערס שנור. פון נאָכן ברית אָן איז זי שוין, „נישט פאַר קיין שום יידישער טאָכטער געדאַכט", דאָס דריטע מאָל אין שפּיטאָל און ס'ווערט איר גאָרנישט בעסער. די דאָקטוירים ווייסן גאָרנישט, וואָס מען טוט דערצו... אויף ברענגען איר עסן האָט זיך איר משפחה שוין אויס־פאַרקויפט ביז אַ פאָדעם, אַז ס'איז אַ רחמנות אַריינצוגיין צו זיי. האָט זי איר היינט אָפּגעטראָגן עסן: אַ פלעשל פּאָרטווייין, אַ סלאָיקל איינגע־מאַכטס, אַ פּאָר מאַראַנצן, אַ טערטל, אָן אָפּגעזאָטן עוף... בקיצור: שטותים און — שוין! טייבל איז אומצופרידן מיט זיך. זי טראַכט מיט פאַראַכטונג צו זיך אַליין:

— ביסט אַ מאַלאָדיעץ, טייבל. כ'האָב מיט דיר געטראָפן. דורכגע־לאָזט אַן אַלולדיקן טאָג מיט גאָלע גאָרנישט. אויף יוצא זיין, צוגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין אַ קוישל עסן — און פאַרטיק... איאָ אַזוי? שוין טאָ־קע דאָ מיט וואָס צו גיין שלאָפן? מיט וואָס צו קומען פאַרן בית־דין־של־מעלה? דו מעגסט זיך איבערנעמען, אַ שיינער מענטש, שלום כמעלני־קערס אַ שוועסטער... אַ בושה און אַ חרפּה... פאַר גאָט און פאַר לייט.

פאַר טאָג. פינף אַ זייגער. דער רעגן גייט נאָך. די הימלען, ווי אַ קווי־טיקע רעדנע. די מומע טייבל קלאַפּט פּאַוואָלינקע אין לאָדן פון דעם הייזל, וואָס שטייט אויפן הויף. איר שטים איז אַזוי לאַשטשענדיק־ווייך. זי בעט זיך ביי שלמהן:

— שלמה, וועסטו מיר עפענען, צי איך זאָל גיין? שלמה! עס גייט

דאָך אויף מיר דער רעגן... טאָמער ווילסטו נישט ענטפערן, טאָ זאָג...

שלמה שפּרינגט אַראָפּ אין די גאַטקעס ווי אַן אָפּגעבריטער. ער פּראַלט אויף דעם לאָדן מיטן פענצטער צוזאַמען:

— וואָס איז, מומע? וואָס האָט געטראָפן?

— גאָרנישט, גאָרנישט, וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

— אודאי האָב איך זיך דערשראָקן. מיר דאַכט זיך, אַז כ׳האָב זיך ערשט געלייגט. פּלוצלינג — עמעצער רעדט מיר איבערן סאַמע אויער.

— איז ווילסטו נאָך, הייסט עס, שטאַרק שלאָפן?

— אַז עס גייט אַ רעגן, שלאָפט זיך אַזוי געשמאַק... אוי, דער קאָפּ איז מיר ווי אָנגעגאָסן מיט בליי... וואָס איז, מומע?

— שלמה, דו דאַרפסט אויף מיר נישט זיין ברוגז, אָבער ס׳איז דאָך סליחות...

אויף שלמהס פאַרשלאָפענעם פנים קריכן אַרויס אַ פּאָר גרויסע גלעזערנע אויגן:

— מומע, וואָס רעדט איר? ס׳איז דאָך נאָך אַזוי פרי?

— וואָס רעדסטו, קינד? נאַ דיר גאָר פרי! דו מיינסט, אַז די וועלט שלאָפט אַזוי ווי מיר? אלול ציטערט אַ פיש אין וואַסער! יידן גייען שוין, יידן לויפן שוין...

— אוי, מומע, איך קען די אויגן נישט עפענען. כאָטש נאָך איין האַלבע שעה כאַפּן אַ דרימל... כ׳וואָלט זיך ממש מחיה געווען.

— נו, אויב דו פאַרשטייסט אַזוי, וועל איך דאָ צוואַרטן און דו שפּאַר זיך נאָך צו אַ ביסל...

שלמה ווערט מיט אַ מאָל וואַכנדיק. דער שלאָף — ווי מיט דער האַנט צוגענומען. ער צעעפנט ברייט די אויגן: די מומע שטייט הינטערן פענצטער, דער רעגן ציבערט אויף איר, און זי — גאָרנישט! מן הסתם דאַרף אַזוי זיין.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז שלמה אַן אָנגעטוענער, אַן אָפּגעוואַשענער און זיי שפּאַנען ביידע איבער די קאַליוזשעס פון די אויסגעשטאַרבענע אַנאַניעווער גאַסן. דער רעגן צעלאָזט זיך שטאַרקער. זיי מאַכן ברייטע טריט. ענדלעך קומען זיי צו דער שול. אויף דער שוואַרצער דעמבענער טיר הענגט אַ גרויסער נאַסער שלאָס. ער הענגט און רייצט זיך מיטן איינעם אייגל:

— אָבער איך בין דאָ פּ אָ ר אייך... אָבער איר וועט ביי מיר שטיין אין דרויסן און פאַרנעצט ווערן... אַ מצוה אויף אייך...

שלמה קוקט זיך אום פאַרלוירן אויף דער מומען. זי ענטפערט אים מיט אַ חנעוודיק שמייכעלע:

— נעם זיך נישט צום האַרצן, כ׳האָב נאָך נעכטן אויף דער נאַכט מיטגענומען מיט זיך —

און זי נעמט אַרויס פונעם קרבן־מנחה אַ ברייטן פלאַטשיקן שליסל. שלמה פרעגט זי מיט אַ לייכטער איראָניע:

— מומעטשקע, עפּעס זעט מען נישט די יידן, וואָס גייען שוין און לויפן שוין.

— וואָס איז עפּעס? און מיר זענען קיין יידן נישט?...

די מומע ענטפערט דאָס מיט אַזאַ תמימות, מיט אַזאַ אומשולד, אַז שלמה פאַרגעסט דעם איבערגעריסענעם שלאָף און וואָלט זי אַרומגעכאַפּט קושן. אין פּאָליש צעשיידן זיי זיך. ער — גייט אַריין אין שול, און זי — הייבט זיך אויף מיט די טרעפּ אין דער ווייבערשער שול אַריין. זי אַליין זעט ער שוין נישט, נאָר איר קול דערטראָגט זיך צו אים:

— שלמה, אַ גוטן טאָג דערוויל. דו זאָלסט האָבן אויסגעבעטן ביים בורא־עולם אַן אמתע סליחה.

שלמה קומט אַריין אין שול. דאָרט איז נאָך האַלב פינצטער, קאַלט און פּוסט. ער באַווייזט נאָך אָפּצוזאָגן האַלב תהילים, ביז עס יאַוועט זיך דער שמש, אַ פאַרשלאָפענער, בייז אויף דער גאַנצער וועלט. שלמהן גיט ער אַ פרעג אונטער דער נאָז:

— איר זענט שוין דאָ פון לאַנג?

— נישט זייער.

— כ׳האָב געמיינט פון נעכטן נאָך...

ער נעמט אָנצינדן ליכט און בורטשעט פאַר זיך:

— נו־נו, נאַ דיר גאָר פאַרטאָגעדיקע סליחות... אַלע יאָרן האָט מען געוווּסט: די ערשטע סליחות — פאַר טאָג, און די איבעריקע — אין דער פרי. איצט האָט מיר גאָט באַשערט אַ גלות־טייבל... אַז ווי אַן אָנשיקעניש, קומט עס נאָר אויס צום שמשס קאָפּ... נאַ דיר גאָר נעכט אויפזיין...

דער רעגן הערט אויף צו ביסלעך. פאַרביי די שויבן שווימען העל־בלויע לאַטעס און איבער זיי יאָגן זיך אין אומאָרדענונג וואַסערדיקע קאַ־לירלאָזע וואָלקנדלעך. דער עולם קלייבט זיך צו ביסלעך צונויף. מען שמועסט: אַז ביי נאַכט איז אַ פּנים געגאַנגען אַ היפּש רעגנדל, אַז דער רעגן איז זייער גוט פאַר דעם ווינטערדיקן פאַרזיי, אַז מען וואָלט געדאַרפט אַריבערטראָגן דאָס סליחות־זאָגן אויף שפּעטער מיט אַ שעה, ס׳איז אומ־מעגלעך זיך אַזוי פרי אויפצוהייבן. שלמה פרעגט, וויפל איז דער זייגער, און באַקומט אַן ענטפער: האַלב זיבן. ס׳איז ביי אים קיין ספק נישט, אַז ווען די מומע האָט אים אויפגעוועקט, איז נאָך קיין גאַנצע פינף נישט געווען. שלמה דאַוונט אָפּ, בייסט איבער, גייט זיך דורך מכח זיינע עסקים, נעמט אָפּ אין פּאָסט בריוו, אויב עס זענען נאָר דאָ. ערשט אַ זייגער צען באַגעגנט ער די מומע גיין פון דער שול: די אויגן אירע לייכטן, דאָס פּנים שיינט — די שכינה רוט אויף איר, אַ הייליקע!

אויף צו מאָרגנס — די זעלבע געשיכטע. די מומע קלאַפּט נישט! חס ושלום, וואָס הייסט, זי וועט גאָר קלאַפּן? טאָמער וויל גאָר יענער נישט אויפשטיין אַזוי פרי? טאָמער איז גאָר ביי יענעם דער פאַרטאָגיקער שלאָף טייער ווי דאָס לעבן? גאָט באַהיט, זי קלאַפּט נישט, זי הוידעט

נאָר דעם לאָדן. דער לאָדן קרעכצט מיט די פאַרזשאַווערטע זאַוויעסעס און זי רעדט, שפּילט מיט איר פידעלע גלייך אין אויער אַריין:

— שלמה, דו קערסט נאָך זיין אויף מיר ברוגז פון נעכטן. כ׳דאַרף זיך טאַקע פאַר דיר אַנטשולדיקן. וואָס דען? אַז ס׳קומט אַ גאַסט, לאָזט מען אים גאָרנישט אויסשלאָפן זיך... שלמה, שטייסטו יאָ אויף? אודאי, וואָס דען. שטיי אויף, שטיי אויף! איבערמאָרגן אויף דער נאַכט איז שוין דער יום־הדין. קום, קום, מען האָט שוין מן הסתם אָפּגעזאָגט גאַנץ סליחות...

שלמה האָט אַן אַנדער ברירה? ער גייט. געקומען צו דער טיר, דאָס זעלבע וואָס נעכטן: דער שלאָס. די מומע פאַרענטפערט זיך מיט אַ שולדיק פּנים:

— אַך, אַ קאָפּ ביי מיר... איך זאָג דיר, אַז מען האָט שוין אָפּגעזאָגט סליחות, ווי קען דאָס זיין, אַז דער שליסל איז גאָר ביי מיר?...

# קאפיטל XXIV

די נאכט פאר „זכור־ברית" * האט זיך שלמה שפעט פארזעסן ביי די קרובים. אומקערנדיק זיך אהיים קלערט ער ביי זיך, וואס וועט ער זיך שוין לייגן, אבי זיך אליין צערייצן? אלץ איינס וועט די מומע אים שוין באלד קומען וועקן. ער גייט ארויף אויף איר גאנעק, וויקלט זיך שטייפער איין אין זיין מאנטל, זעצט זיך צו אויף דער באנק און פארטראכט זיך. אין דרויסן פילט זיך שוין, אז דער זומער גוססט. ס'איז קיל נישט אויף קאטאוועס: אז מען איז לייכט אנגעטון, כאפט מען טאקע א ציטער. דער שליסל פון זיין צימערל קיצלט אים דורך דער קעשענע, שעפטשעט צו אים:

— קום, דו שוטה, עפן אויף די טיר און לייג זיך שלאפן, ס'איז ערשט מן הסתם איינס א זייגער און זי קומט ערשט פינף. און ווידער, זאג איך דורכן לאדן, אז דו ביסט עפעס נישט מיט אלעמען, וועט זי זיך אפטשעפען פון דיר. וואס האט זי עפעס דיך אפגעזוכט פאר א קרבן? פאר וואס וועקט זי נישט איר גרשונען אזוי פרי? פאר וואס גייט זי נישט צו איר זון? אנו, יזאל זי כאטש איין מאל פרווון אויפרייסן יחיאלן פון שלאף, וואלט ער איר דאכט זיך אזוינס אפגעשפילט... און דו ביסט א גוט פערד — רייט מען אויף דיר... פאלג מיך, גיי שלאפן...

פונעם צימער, וואס אויף יענער זייט גאנעקל, דערטראגן זיך טריט. ער דערקענט שוין, וועמענס טריט דאס זענען: דאס איז רחלעס צימער, איר באזונדערע רעזידענץ. מן הסתם האט זי זיך ערשט נישט לאנג אומגעקערט פון טעאטער צי פון דעם קינא. די מומע טייבל וויל דוקא שטארק נישט ליידן, נאך וואס אירס א קינד גייט אום סליחות אין אזעלכע ערטער, נאר די אויסגעגעבענע טעכטער לייגן איין וועלטן און שטעלן זיך תמיד איין פאר איר:

— דו מיינסט, מאמע, ס'איז דיר יענע יארן, ווען מען האט געקענט פארשפארן א קינד אין שטוב, דערצו נאך א מיידל צו לייטן... היינט איז סליחות, מארגן — „עשרת ימי תשובה", אז נישט האסטו דיר „ספירה" אדער די דריי וואכן... מען וועט לאכן פון איר אין גאס...

די טעכטער שרייען איבער די מוטער און רחלע לעבט א גוטן טאג. זי ווייסט נישט פון קיינע זארגן, איז ביי זיך „מיין טייערס", דאס שענסטע און דאס בעסטע קויפט מען איר, פאר איר איז גארנישט צו טייער. ווי אזוי זי זאל נישט אפקאכן, זאגן טאטע־מאמע, אז זיי האבן נאך אזוינס נישט געגעסן... וואס דען, ביי טאג איז דוקא אומעטיק א ביסל, נאך א מאל געדרימלט און ווידער א מאל געדרימלט — אבער וויפל קען א מענטש שלאפן? א קולכל האט זי א שארפס, א גרילצנדיקס ווי א גלעקעלע, זיצט

---

* זכור־ברית — ערב ראש־השנהדיקע סליחות.

זי אין די בייטאָגן ביים פענצטער און זינגט דאָס איינציקע לידעלע, וואָס איז איר געבליבן שטעקן אין זכרון:

אוי־ווי, מאַמע, דער קאָפּ טוט מיר וויי,
שיק מיר נאָך אַ דאָקטער אָדער נאָך צוויי...

דאָס לידל פּלאָנטערט זיך אין שלמהס פאַרשלאָפענעם מח. מיט אַ מאָל פאַרשווינדט פונעם הויף דער ליכטיקער פלעק פון רחלעס פענצטער. זי האָט זיך שוין געלייגט. וואָס דען, שלמה האָט דאָס פריער געוווּסט. זי ווייסט נאָר פון צוויי ארבעטן: אָדער שפּאַצירן, אָדער שלאָפן. זי האָט אים אַנומלט אפילו דערציילט, אַז זי האָט בפירוש אַ מאָל געפּרוּווט לייע־נען אַ ביכל, נאָר עפּעס האַלט זי נישט דערפון. גיי פאַרדול זיך אַ קאָפּ מיט עפּעס אַ מעשה אויף גאַנצע צוויי קילאָ פּאַפּיר... און וואָס גייט עס זי אָן, אין אמת געוועדט, צי קאַרעניגן פּאַרטראָגט ווראָנסקין, צי פאַרקערט די מעשה, ווראָנסקי פאַרטראָגט קאַרענינען? וועמען איז דאָס נייטיק צו וויסן? צי אַ שטייגער, אַז לעווינען איז באַשערט חתונה צו האָבן פאַר קיטין, מוז ער טאַקע איבערוואַרטן אַלע אירע חלומות, מיט שידוכים, מיט בעלער — טפו, אויף אַלע יידישע שונאימס קעפּ! מיט וואָס מענטשן פאַר־נעמען זיך גאַנצע טעג. אַזוי ווי אָט דער שלמה אַ שטייגער, דאַכט זיך, אַ גאַנץ וואַזשנער בחור, וואָס פעלט אים? ווען זשע? ווען נישט אָט די ביכער. אָט דאָס „לייענעכץ” קוילעט אים אָפּ. ער איז אין די ביכער אַזוי אַריינגעטון, אַז ער באַמערקט גאָר קיין מענטשן נישט. אָט איז שוין אַרי־בער אַ וואָך, אַז ער וווינט ביי זיי, חוץ טאַטע־מאַמע און זיי ביידן איז קיינער נישטאָ אין שטוב. אַנו, אַ יינגל זאָל זיך דאָס נעמען אַ ביסל שמו־עסן מיט איר, דערציילן עפּעס, ער ווייסט דאָך אַזוי פיל מעשות פון די ביכלעך, צי גאָר שפּילן אין אַ „פינף־הונדערט־איינס”. וואָס איז? פאַר וואָס עפּעס נישט? איי, די מאַמע? מען קען דאָס מאַכן, בשעת די מאַמע זעט נישט אויך, זי מוז טאַקע פון אַלצדינג וויסן? אָדער גאָר איינלאַדן זי אין קינאָ, אַזוי ווי יחיאל, צי ווי אַנדערע קאַוואַליערן? ניין! האָט ער זיך גאָר צונויפגעקאָמפּאַניעט מיט דער מאַמען און זי דאַרף מער נישט, דו גיב איר נאָר איין פינגער, וועט זי דיך שוין אַריבערשלעפּן מיט די שטיוול אפילו אויך... ניין, ניין, דער שלמה איז טאַקע אַ פנים, נישט קוקנ־דיק אויף זיין גאַנץ לומדות, אַ שטיקל ווילדער און אַ שטיקל מלאך אויך. עס דרייט זיך אַרום אַ מיידל אין שטוב, עס זאָל אים עפּעס אַ ריר טון, ער זאָל אפילו אַ קוק טון אויף איר... און אַזוי פון דער נאַטור איז ער דוקא אַ גאַנץ שיינער, אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, אַ ווייס פנים מיט שוואַר־צע אויגן, שיינע שוואַרצע האָר און איידעלע הענט.

שלמה כאַפּט אַ זעץ אין פוס און שפּרינגט אויף. דאָס האָט די מומע טייבל געעפנט די טיר.

— זע נאָר, דו וואַרטסט שוין גאָר אויף מיר? ביסטו דאָך טאַקע אַן ערלעך קינד. אָט דאָס הייסט שלומס אַן אייניקל... שוין לאַנג וואַרט־סטו דאָ?

— ניין, כ׳בין נישט לאנג ארויסגעגאנגען.
— דו האסט דאכט זיך געדרימלט?
— ע... נארישקייטן... מיטן גאנג וועל איך מיך צעדרעכען *.
זיי לאזן זיך גיין. עס מוז נאך זיין זייער פרי. דער הימל איז טונקל־בלא. הייך, הויך איבערן קאפ שווימט א שמאל רעפטל לבנה מיט א דורכזיכ־טיק רויכל איבערגעצויגן. די שטערן קוקן אראפ שלעפעריק, אן חשק. זייערע טריט הילכן אפ אויפן טראטואר, ווי א ראטע זעלנער וואלטן דא מארשירט. די שטאט איז פארזונקען אין זיסן שלאף. די מומע טייבל אליין דערפילט, אז היינט האט זי א ביסל איבערגעכאפט די מאס. זי גיט שטיל א זאג:
— שלמה, זאג דעם אמת, דו ביסט מיר אודאי א שונא...
— מומע, וואס רעדט איר? וואס הייסט א שונא? פאר וואס?
— פאר וואס, פרעגט ער נאך? פאר דעם, וואס כ׳האב זיך גענומען אויף דיין שלאף און לאז דיך נישט רוען.
— איי, מומע, צו וואס רעדט איר אזעלכע זאכן? א געשעפט א גרוי־סער, אין א צוויי, דריי שעה ארום וועט זיכער טאג ווערן... מער געשלאפן, ווייניקער געשלאפן — וואס איז די נפקה־מינה?
— פאר וואס זאגסטו עפעס, אין דריי שעה ארום? וויפל קלערסטו דען איז דער זייגער?
— איך רעכן, אז ארום דריי. איר האט נישט קיין קוק געטון פארן גיין, מומע?
— ניין, כ׳האב נישט געוואלט וועקן און נישט אנגעצונדן די עלעק־טריע.
— נו, נו, מיר׳ן שוין זען אין שול. מומע, פון דאנען קיין כערסאן קער זיין נישט וויט, איא?
— מיטן צוג אודאי א שעה זיבן... וואס איז דיר עפעס איינגעפאלן פלוצלינג כערסאן?
— כ׳ווייס אליין נישט. מומע, נו, און די קאלאניעס קאלינינדארף אדער סטאלינדארף זענען עפעס וויט פון שטאט?
— אודאי וויט! דו מיינסט, אז דאס זענען דערפער, וואס זענען שייך צו כערסאן טאקע? האסטו א טעות. ס׳איז נאך היפשע עטלעכע שעה פארן פון כערסאן אהינצו.
זיי זענען צוגעקומען צו דער שול, אויפגעשלאסן.
— מומע, קומט אפשר אריין אין דער מאנסבילשער שול, ביז דער עולם וועט זיך אנהייבן צונויפקלייבן. צו וואס טויג אייך דארט זיצן איינע אליין?
— ניין, עס שאדט נישט, כ׳האב וואס צו זאגן. פון נעכטן נאך שול־דיק געבליבן. כ׳וועל נאר א קוק טון, וויפל ס׳איז דער זייגער.

---

* צעדרעכען — צעטרייבן דעם שלאף.

שלמה האָט אויפגעדרייט די עלעקטריע און ביידע האָבן גלייך דער־זען: צוואַנציק מינוט אויף פיר. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט אָן ווערטער און זענען זיך צעגאַנגען. שלמה האָט געעפנט אַ גמרא, זיך געזעצט אויפן באַלעמער, נעענטער צום לאָמפּ, און גענומען לערנען. ער האָט געלערנט געשמאַק, אויפן קול, מיט אַ ניגון. פאַר דער גמרא האָט ער אויסגעגאָסן אין גאַנצן זיין בענקעניש נאָך פּאָלין, נאָך די עלטערן, נאָך מנשהן און נאָך דעם שטעטל.

ער האָט געלערנט פאַרטיפט, נישט געקוקט אין ערגעץ און די מומע טייבל בשעת מעשה האָט זיך אַריבערגעבויגן פון דער ווייבערשער שול און דאָרשטיק געכאַפּט פון דער לופט יעדעס וואָרט זיינס. זי האָט אָפּגע־ווישט אַ טרער און געזאָגט צו זיך:

— ניין, ס'איז נישט פאַר מיין רחלען. דערין בין איך שולדיק. נישט זוכה געווען. מיין שלום איז טאַקע אָן ערלעכער ייד, האָט ער אויסגעבעטן אַזאַ תכשיט אַן אייניקל — אָבער איך? פאַר וואָס קומט מיר אַזאַ גע־הויבענער יונגערמאַן פאַר אַן איידעם? פאַר מיינע שיינע אויגן?

זי האָט געשלונגען אַ טרער נאָך אַ טרער און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון שלמהן.

*

אַ פּאָר טעג נאָך ראש־השנה האָט מען שלמהן אַריינגעטראָגן אַ בריוו פון דער היים, אַ גרויסן גראָבן בריוו. דאָס האָט באַטייט אין צווייען: אי אַז דער טאַטע האָט עפּעס אַנדערש נישט וואָס צו טון אַ חוץ בריוו שרייבן, אי אַז אין אַזאַ מעוברתדיקן פּאַקעט מוז פון דעסט וועגן זיין עפּעס וויכטיקס. דער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט באַשרייבן דאָס שטעטל, ווי אַזוי, חוץ מנשהן מיטן זיידן, איז נישטאָ מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט. דאָס שטעטל איז אויסגעשטאָרבן. ער זעט נישט אין כמעלניק קיין שום אויסזיכט אויף פרנסה. און פאָרן ערגעץ זוכן — ווו זשע נעמט מען אַזוי פיל הוצאות? דינה האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין: קיעוו און קיעוו און נאָר קיעוו. וווהין זאָל ער זי שיקן? זיין אייגענעם פּאַלאַץ האָט ער דאָרט נישט, ווער וועט זי אין קיעוו אַריינלאָזן? ביז עפּעס וואָס, גייט זי דערווייל צוהעלפן מיכאלן ביים סטאַנאָק און פאַרדינט שוין ברוך־השם „וואַסער אויף קאַשע".

„... דו זאָלסט אַ קוק טון אויף איר, וואָלסטו זי זיכער נישט דערקענט. זי האָט פאַר די לעצטע זעקס חדשים, קיין עין־הרע, אַזאַ וואַקס געטון — און אַ ווזקסיקע איז זי דאָך בכלל — אַ פאָלנע כלה־מויד, זאָג איך דיר! מיין מאַמע, איר צו לענגערע יאָר, אַז זי איז געווען אין אירע יאָרן, האָט זי מיך שוין געהאַט. איך האָב געפּרוווט מיט איר אַ רעד טון וועגן אַ כלה ווערן, אין זשיטאָמיר האָב איך געזען עפּעס אַ נישקשהדיק יינגל, עס פאַרשטייט זיך, נישט ווי מיר וואָלט אָנגעשטאַנען, שוין אַ גאַנצער אויפגעקלערטער, נאָר היינטיקע יאָרן איז עפּעס דאָ אויף אויסצוקלייבן?

וואָס זאָל איך טון? כ'וואָלט שוין געקוקט דורך די פינגער... נו, נו, פרעג גאָרנישט!... האָט זי דאָס געעפנט אַ פּיסקעלע אויף מיר: „אָט דאָס האָסטו מיך געהאַלטן פאַרשפּאַרט אַזוי לאַנג אין דעם פאַר־שאָלטענעם כמעלניק?" — דו פאַרשטייסט אַ לשון? איך האָב זי פאַר־שפּאַרט... און ווער האָט מיך פאַרשפּאַרט? אדרבה, כ'וויל אויך וויסן, צו וועמן זאָל אַ י ך טענות האָבן?... מיט איין וואָרט, זי זאָל אפילו וויסן, אַז איר טויט וועט זיין, וועט זי נאָך נישט קוקן אויף קיין יינגלעך... ס'מעג זיין דער רוימישער קרוינפּרינץ — אַז זי קלערט אפילו גישט דער־פון... און צום סוף, נאָכן גאַנצן מענה־לשון, האָט זי ערשט אויסגעלאָזט: „בכלל, וואָס רעדסטו עפּעס צו מיר? שלמה איז דאַכט זיך עלטער פון מיר, צי איך האָב אַ טעות?" — וואָס האָב איך דערויף געקענט ענט־פערן? אין דעם פּרט איז זי דאָך טאַקע גערעכט. ווייל איך דיר טאַקע איצט שרייבן און ווייל ס'איז נאָך אַלץ ימים־טובים, וועסטו מיין בריוו איבערלייענען זיבן מאָל און אים גוט דורכטראַכטן. ס'איז אַצינד: יפה דברת, בזמנו דברת. אַקוראַט ביסטו אַצינד במקום המעשה, זאָלסטו זיך גוט, גוט אָפּגעבן אַ דין וחשבון, ווו דו ביסט אין דער וועלט..."

און דאָ גייט אַוועק אַ הקדמה אויף צוועלף זייטלעך, אַז ער, דער טאַ־טע הייסט עס, איז חרוב ונחרב אָרום און אָרום, כח האָט ער שוין נישט מער פון אַ פּיצל קינד, קוים וואָס ער פּלאָנטערט מיט די פיס. און געלט... ווייסט שלמה אַליין אויך זיין סך־הכל. ביז איבער שמחת־תורה וועט מען נאָך ווי ס'איז נישט איז דערציען און נאָך דעם כאָטש... כ'ווייס אַליין נישט וואָס. און שלמה דאַרף זיך אַליין גוט קענען מיט זיינע חסרונות: ערשטנס, איז ער נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן אינוואַליד אויף דעם רעכטן פוס, דאָס קען מען נישט באַהאַלטן אין קעשענע און קיין מעלה צו קיין שידוך איז דאָס אודאי און אודאי נישט. צווייטנס, איז ער אָרעם, אָרעם ווי דער טויט. היינט איז אַן איבערגעקערטע וועלט, דער חתן דאַרף געבן נדן. היינט איז אַ מנהג, אַז אַ יינגל נעמט אַ מיידל, מוז ער האָבן אויף זיין אייגנס אַ צימער מיט אַלע זיבעצן זאַכן און ער דאַרף נאָך אויסקליידן די כלה און אין שפּאַרקאַסע מוז נאָך אויך בלייבן אַ סכום־הגון אויף דער ערשטער צייט... און ביי אים, ביי שלמהן, הייסט דאָס, שטייט דאָס בלעטל אין סידור אויסגעריסן... ווייטער דאַרף שלמה נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט אין די קלאַסן נישט געלערנט, דאָס איז אויך נישט קיין קליינער חסרון, ווער שמועסט ביי די היינטיקע מיידלעך... דער שפּיץ פון דעם גאַנצן בריוו איז: אַזוי ווי ביים פעטער גרשונען איז דאָ אַזאַ גאָלדן קינד ווי די רחלע, מנשה דערציילט, אַז זי גייט איבער די על־טערע שוועסטער, היינט איז דאָך דער פעטער גרשון נישט קיין אַבי־ווער, עפּעס אַ „בן־הרב" און די מומע טייבל — דעם זיידן שלומס אַ שוועסטער, היינט ליגט מן הסתם אַ שיינער נדן אַוועקגעלייגט פאַר דער מיזינקעס וועגן. קיין אָרעמעלייט זענען זיי קיין מאָל נישט געווען און דער פעטער גרשון מעג זיך נישקשה אויך אַ ביסל צעגאַרטלען, שלמה

איז אויך נישט קיין קטלא־קניא, נישט פון מיסט אָנגעשאַרט. און ווייל ס'איז אַצינד אַ יום־טובדיקער חודש, זאָל שלמה זיך באַמיען מקרב צו זיין די זאַך און אַז זיי וועלן באַקומען פון אים אַ טעלעגראַמע, וועלן זיי, דאָס הייסט ער מיט דער מאַמען, אַרויספאָרן מאַכן אַ „וואָרט". כאָטש דאָס ערשטע דרייערל אויף צו באַצאָלן דעם בעל־עגלה האָט ער נישט. נאָר אויף אַזאַ זאַך וועט זיך שוין אָפּזוכן פון אונטער דער ערד אפילו.

„...מילא, מיר זענען אָרעמעלייט מיט אַ געציילטן ביסן אין מויל אַריין, זיי כאָטש דו אַ נגיד. איך בין נישט אויסן נהנה צו זיין גאָרנישט פון דעם ענין, זאָל מיך גאָט אָפּהיטן, אַז איך זאָל גאָר דאַרפן נעמען ביי אַ קינד, אָבער אַז דיר וועט זיין גוט, איז דאָס אַליין ביי די עלטערן אַ גאַנץ עשרות..."

און נאָך און נאָך, אַלץ וועגן דעם זעלבן ענין, אַ בריוו אויף פינף און צוואַנציק זייטן.

# קאפיטל XXV

שלמה האָט געענדיקט לייענען, אַריינגעלייגט דעם בריוו אין טאַש און איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס אַריין. אין ערשטן קליטל, וואָס ער האָט דער־זען, האָט ער אויסגעטרונקען אַ גלאָז ווייַן, וואָס ער פלעגט קיין מאָל נישט טון. דערנאָך האָט ער אין איין אָטעם אַריינגעגאָסן אין זיך דריי גלאָז סאָדע־וואַסער. די שריפה איז אָבער אַלץ נישט געווען געלאָשן. דאַן האָט ער איינגעשלונגען עטלעכע פּאָרציעס מאָראָזשענע *, שטיקלעכווייז, און ס'האָט אים אַלץ געשטיקט און געוואָרגן. פון דעם בריוו האָט אויף אים אַ בלאָז געטון מיט יענער ווינטערנאַכט ביים גאַנעק, ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ חתן צו ווערן פאַר חיה־דוואָסקעלען. אין שטוב אַריינגיין האָט זיך נישט געוואָלט. ער האָט שפּאַצירט ביז מנחה איינער אַליין, גאַס־איין, גאַס־אויס. ער האָט זיך נייגעריק איינגעהערט אין דעם, וואָס קומט פאָר אין אים. ער האָט דייטלעך געפילט, אַז אַ נייעס, אַ שרעקלעכע נייעס ווערט אין אים געבוירן. דאָס נייעס, דאָס אומדערפאַרענע האָט אים אי געשראָקן, אי געפרייט.

נאָך מעריב האָט ער געקראָגן אַ ליכט, זיך פאַרשפּאַרט אין געדונגע־נעם שטיבעלע און גענומען שרייבן... ווען די טיר אויף דער מומע טייבלס גאַנעק האָט אַ סקריפּע געטון — דאָס איז זי שוין געגאַנגען צו סליחות — האָט ער אַקוראַט געענדיקט דאָס שרייבן און איז אַרויס־געגאַנגען איר אַנטקעגן.

אין זיין בריוו צום פעטער האָט ער אים אַריינגעזאָגט אַלץ, וואָס איז אים געווען אויפן האַרצן. ער האָט אים אויסגערעכנט אַלע פאַלן, ווען דער פעטער האָט אים נאָך חשק געהאַט צו פאַרשלייערן. דערמאָנט ציפ־קען, די טערליצער „רביצין" און בכלל דעם פעטערס התנהגות, דאַמאָלסט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שידוך. פירגעוואָרפן, אַז ביי אים איז אַלע מאָל געווען די הויפּטזאַך, אַבי דער מחותן איז אַ שיינער ייד — איי, דאָס מיידל? דאָס איז אַ גאָטזאַך. ווי גאָט וועט פירן. דער אויספיר איז געווען, אַז דער פעטער קען אים זייער ווינציק. ער, שלמה, איז גאַנץ ווייט פון דעם מין שידוכים, פון וועלכע מען קען אַ נגיד ווערן. ער דאַרף דאָס עשרות אויף ניין און נייַנציק כפּרות. בכלל געלטזאַכן רירן אים נישט אָן אפילו ביי דער לינקער פּיאַטע. אים איז געפעלן פאַלי מולטשינ־סקי, נאָר פון איר טראַכט ער, פון זינט ער האָט איר פנים דערזען. ער פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז דעם טאַטן וועט דער שידוך נישט שמעקן, ס'איז נישט לפי כבודו, אָבער ביי אַזאַ לעבנספראַגע ווי אַ שידוך קען ער זיך דערמיט נישט רעכענען. דאָרט, ווו עס האַנדלט זיך אין צוקלייבן אַ באַגלייטערין אויף אַ וועג פון פופציק יאָר, קען ער זיך רעכענען נאָר מיט

* מאָראָזשענע — אייזקרעם.

זיין איינגן הארץ, מוז ער זיך צוהערן נאָר צו זיין אייגענער נשמה. און זיין הארץ מיט זיין נשמה ווייסן נאָר איין זאַך: פּאָלי יאַנים! זאָל דער טאַטע נאָר נישט מיינען, אַז ער איז כּאָטש וויפל עס איז גענאַרט. אדרבה, ער פאַרשטייט גוט אַלע מניעות, וואָס קענען אַרויסשווימען. ער ווייסט, אַז דאָס מיידל, וואָס ער וויל, איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַנדער סביבה, זי האָט אַן אַנדערן קוק אויפן לעבן. אָבער דאָס אַלץ וועט אים נישט אָפּשרעקן. אַז גאָט וועט אים העלפן און זי וועט זיך געפינען אין זיין רשות, וועט ער שוין קענען אָנצינדן אין איר הארצן אַ ליבע צו זיינע אידעאַלן, צו אַלץ, וואָס איז ביי אים הייליק. ער ווייסט אויך, אַז דאָס מיידל קען דערגרייכן אַ מער גלענצנדיקן שידוך, נעמען אַ מער געלערנטן, אַ מער פאַרמעגלעכן, אָבער דאָס איז קודם־כּל אַ מזל־זאַך. מען האָט שוין געזען אַזעלכע פאַלן, אַז קיין סברא און קיין אויסרעכענונג איז ביי אַזאַ זאַך נישטאָ. דערפאַר קען ער ערשט מסכּים זיין מיט דעם גע־דאַנק, אַז זי וועט אים נישט וועלן, ווען ער וועט שטיין פאַר אַ פאַקט, אַז זי האָט שוין חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן. אָבער איידער דאָס איז געשען, וויל ער זיך גאָר קיין דין־וחשבון נישט אָפּגעבן. אפילו כּל מלכי מזרח ומערב זאָלן אים זאָגן, אַז דאָס איז אַ משוגעת, נישט נעשטויגן, נישט געפלויגן, וועט ער אויף זיי קיין מינדסטע אַכט נישט לייגן. ביים טאַטן, פאַרשטייט ער, איז אַ גרויסע טראַגעדיע דאָס, וואָס זי האָט דאָס לעצטע יאָר אָנגעגעסן זיך מיט טריפות, שבת נישט געהיט, פּסח אפשר חמץ געגעסן און ווער ווייסט, אפשר אפילו יום־כּפּור נישט געפאַסט... ביי אים אָבער, ביי שלמהן, פאַרנעמט דאָס אַלץ קיין מינדסטן אָרט נישט. נישט נאָר דאָס איינע יאָר, זינט זיי זענען פון כמעלניק, נאָר זי זאָל אפילו געווען דאָס טון אַלע אַכצן יאָר, נעמט ער עס אויף זיך. ער האָט אַזוי פיל גיהנם, וועט ער האָבן נאָך אַ ביסל און אַז זי וועט זיין מיט אים, וועט זי זיין אַ יידישע טאָכטער פונקט אַזוי גוט ווי זייער דינה, ווי דינה כאַדראָאָווו און אפשר נאָך אַ ביסל פרומער. צום סוף האָט ער צוגעגעבן, אַז אויב דער טאַטע וויל, אַז ביי אים, ביי שלמהן, זאָל אויף אייביק בלייבן אין הארצן אַ דאַנקבאַר געפיל, זאָל אים דער פאָטער, אָנשטאָט מוסר־בריוולעך, בעסער נעמען ביי אסתר טולטשינסקי פּאָלים פינקטלעכן אדרעס און אים צושיקן. פון אַנאַניעוו איז נישט ווייט קיין בערסאָן, וועט ער צו איר צופאָרן און געוווירן ווערן, צי האָט ער אַ האָפענונג, צי ס'האָט זיך אים פשוט געחלומט אַ גוטער חלום. און זאָל נאָר דער טאַטע קיין יסורים נישט האָבן: טאָמער איז פּאָלי זיין זיווג, וועט ער אין זיי נאָך האָבן פיל נחת. ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. פאַר וואָס זאָל נישט זיין זייער נישט־פּאָרן קיין באַסטאָן אַ השגחה פּרטית? ער, שלמה הייסט דאָס, גלייבט מיט אַלע כּוחות, אַז עס איז אַזוי.

נאָכן איבערבייסן האָט ער נאָך אַ מאָל דורכגעקוקט דעם טאַטנס בריוו, זיין אייגענעם ענטפער און איז געבליבן צופרידן. ער האָט איינגע־פּאַקט זיין בריוו אין אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר, אויפגעשריבן דעם אדרעס

און איז אריינגעגאנגען אין צווייטן צימערל, וווּ יחיאל האָט געאַרבעט אויפן סטאַנאָק.

— יחיאל, איך גיי אין פּאָסט אַריין, אפשר דאַרפסטו דאָרט עפּעס?

— ניין, קיין זאַך דאַרף איך דאָרט נישט.

— נו, אויב אַזוי, גיי איך. דערווייל אַ גוטן.

— שלמה, וואַרט אויף אַ רגעלע...

שלמה האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. יחיאל איז אַראָפּגעגאַנגען פונעם סטאַנאָק, פּאַוואָלינקע זיך אָפּגעטרייסלט פון די פּאָדעם־עקלעך, נישט דרייסט אַ קוק געטון אויף שלמהן און אַראָפּלאָזנדיק די אויגן שטיל געזאָגט:

— שלמה, ווען מיינע געפילן צו דיר דאַרף איך דיר דאַכט זיך נישט דערציילן. מיר לעבן שוין צוזאַמען צען יאָר. צוזאַמען אין חדר געגאַנגען. צוזאַמען זיך געבאָדן גאַנצע זומערטעג. פיל יאָרן צוזאַמען אויף די יאַרידים געפאָרן, פיל מאָל געלעגן זייט ביי זייט, אונטער די ביקסן, בעת מען האָט אונדז געראַבעוועט — כמעט אַלצדינג האָבן מיר איבערגעלעבט ביידע צוזאַמען. קיין מאָל האָב איך נישט געפּרוווט אַריינקריכן צו דיר אין האַרץ, אַ קוק טון, וואָס דאָרטן טוט זיך, כאָטש גאַנץ אָפט פלעגט זיך מיר דאָס אַזוי וועלן טון... איך האָב אַזוי געזאָגט צו זיך: „שלמה איז דאָך אַן אמתער גוטער ברודער און קוים דערציילט ער מיר פון דעסט ווענן עפּעס נישט, איז אַ סימן, אַז איך דאַרף דאָס נישט וויסן". איצט אָבער זענען מיר נאָר צוויי כמעלניקער אין דעם גרויסן פּרעמדן אַנאַניעוו. עס בענקט זיך אַזוי נאָכן טאַטן... נאָך אַלעמען...

יחיאל האָט זיך אָפּגעשטעלט. אין זיינע אויגן האָבן זיך געלויכטן טרערן. אַ פּאָר מינוט זענען אַריבער אין שווייגעניש. כמעט שעפּטשענדיק האָט ער ווייטער געצויגן:

— ס'איז דאָ אפילו נישטאָ פאַר וועמען זיך אויסצורעדן דאָס האַרץ. אַלע זענען דאָ מיט זייערע משפּחות, זאַטע, פריילעכע, קיינער פון זיי ווייס נישט פאַרשטיין, ווי מיך ציט אהיים, אין דעם ליבן, ליבן כמעלניק. נישטאָ דאָ וועמען צו דערציילן ווען דעם חוץ דיר. דו איינער פילסט דאָס, ווייל דו אַליין בענקסט אויך ווי איך... קענן וואָס זשע זאָג איך דאָס אַלץ? אהא: יאָ! קענן דעם, וואָס קיין מאָל האָב איך נישט פּרעטענדירט אויף דיין אָפנהאַרציקייט מיט מיר. ניין — איז ניין. מן הסתם האָב איך נישט די ווערט. נעכטן, אַז דו האָסט באַקומען אַ גרויסן בריוו פון דער היים, האָב איך נאָך אַלץ געהאָפט, אפשר וועסטו פּאַרט געפינען פאַר מעגלעך מיר אים צו ווייזן. איצט זע איך שוין, אַז דו געפינסט נישט פאַר נייטיק צו אַנטפּלעקן פאַר מיר דיינע סודות. רחלע האָט מיר דערציילט, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך ביי דיר געלויכטן, איך פאַרשטיי, אַז דיין ענטפער מוז אויך זיין נישט ווייניק אינטערעסאַנט. אַלזאָ, ווייל איך דיך בעטן איין זאַך: גיב נאָך אַ מאָל אַ קלער, אפשר איז יאָ מעגלעך, אַז דו זאָלסט מיר ווייזן דעם באַקומענעם בריוו און דיין ענטפער. לייענענ־

דיק די בריוו וואָלט איך פאַרבראַכט עטלעכע גליקלעכע שעה, כאָטש אויף וויפל ס'איז נישט איז זיך אַריבערגעטראָגן קיין כמעלניק... אויב עס זע־נען דאָרט נישטאָ קיין געפערלעכע סודות, וואָלט איך דיך זייער געבעטן. איך בין נישט געוווינט צו קליאַנטשען ביי יענעם...

שלמה איז געשטאַנען פאַרגליווערט. פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס יחיאל האָט אָנגעהויבן רעדן, ביזן סוף האָט אים באַהערשט איין און דער זעלבער געדאַנק:

— יאָ, מען דאַרף אים ווייזן ביידע בריוו, אומבאַדינגט ווייזן. איצט איז דער סאַמע ריכטיקער מאָמענט. איך וויל אים נישט נאַרן. בעסער וועלן מיר שפּילן אין אָפענע קאָרטן. ער איז דאָך אויך אַ מאָל געווען נישט גלייכגילטיק צו פאָלין — איז די בעסטע זאַך אַן אָפענער קריג. זאָל ער טאַקע וויסן, ביי וואָס איך האַלט.

ער האָט אויסגעשטרעקט יחיאלן ביידע בריוו:

— נעם! גיי אין פּאַרק אַריין, דאָרט וועסטו אַלץ איבערלייענען, דער־נאָך זאָלסטו אָפּשוקן מיין בריוו אַלס ווערטבאַרן פּאַקעט. גיי, גיי, אויפן סטאַנאָק וועל איך איצט אַרבעטן.

יחיאל האָט אַרומגעכאַפּט שלמהן, שטאַרק צוגעדריקט צו זיין ברוסט און אים לאַנג געקושט. שלמה איז אַרויפגעגאַנגען אויפן סטאַנאָק און יחיאל איז אַוועק אין שטאָטפּאַרק.

שפּעט נאָך מיטאָג איז יחיאל געקומען פון דער שטאָט. אָן ווערטער האָט ער דערלאַנגט שלמהן אַ קוויט אויף דעם פּאַקעט און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

גייענדיק פאַר נאַכט אין שול אַריין זאָגט יחיאל צו שלמהן:

— ס'איז טאַקע נאָר אַ באַשערטע זאַך, זאָג איך דיר, וואָס דו האָסט מיר געוויזן דיין טאַטנס בריוו און דיין ענטפער אויף אים. עס איז דאָך פאַר דיר קיין סוד נישט, אַז אין כמעלניק האָב איך פאַנטאַזירט וועגן פאָלין. אמת, כ'האָב נישט געטראַכט אַזוי ווייט, חתונה האָבן גאָר און אַזוי ווייטער... איך בין לייכטזיניקער צוגעגאַנגען צו דער פראַגע: כ'זע זייער אַ שיין מיידל, גלוסט זיך זיין פון די גליקלעכע, וואָס מיט זיי גייט זי, מיט זיי רעדט זי... כ'וויים? נאָך אַזוינע זאַכן... אָבער אַזאַ פלאַמענ־דיקע ליבע ווי דו האָב איך צו איר קיין מאָל נישט געפילט. זי ווידער, בין איך זיכער, וואָלט אויך פון אונדז ביידן אויסגעקליבן דיך, נישט מיך. דו ביסט פּאָרט אַ געלערנטער, אַן אָנגעלייענטער, אין יידיש צי אין רו־סיש, וואָס איז דען די נפקא־מינה? קולטור, אויף וועלכער שפּראַך עס איז, בלייבט אַלע מאָל קולטור. נאָר אַזוי צי אַנדערש, פון היינטיקן טאָג אָן איז פאָלי פאַר מיר מוקצה. כ'וועל פון איר מער אפילו קיין איין מאָל קיין קלער נישט טון. אויסמיידן אַ באַגעגעניש מיט איר. נאַ, דאָ האָסטו מיין האַנט דערויף....

ביידע האָבן זיך געקוקט אין די אויגן מיט אָפּנהאַרציקייט און דאַנק־באַרקייט.

# קאַפּיטל XXVI

ערב יום־כּפּור איז די מומע טייבל געווען ענלעך מער אויף אַ מלאך איידער אויף אַ מענטשן. אַריינקומענדיק אַ שעה פאַר טאָג צו כּפּרות־שלאָגן, האָט שלמה זי געטראָפן אין אַ ווייס־זיידן קלייד מיט אַ שלעפּ. „ווי צו דער חופּה" — איז שלמהן דורכגעפלויגן אַ געדאַנק. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ לאַנגע געפלאָכטענע קייט, פון וועלכער עס איז אַראָפּגעהאָנגען אַ בראָשקע אין דער פאָרם פון אַ האַרץ. אויף דעם גאָלדענעם האַרצל אין אַ געקינצלט קרענצעלע פון בלוטיקע רובינען האָבן געפינקלט שטראַלנדיקע בריליאַנטן־שטערנדלעך. אויף יעדער האַנט איז געהאַנגען אַ מאַסיווער בראַסלעט. די פינגער, די אויערן — אַלץ איז איינגעטונקען אין צירונג. איר פּנים האָט זיך געלויכטן נישט פון דעם גאָלד, נאָר פון אַן אינערלעכער שיין. מען האָט געזען בחוש, אַז דער מענטש איז איצט גאָר נישט שייך צו דעם עולם. אָפּגעשלאָגן כּפּרות, האָט זי אַ קאָמאַנדעווע געטון, אַז יעדער באַזונדער זאָל אָפּטראָגן זיין כּפּרה צום שוחט! פון דעם בית־השחיטה האָט שוין רחל מיטגענומען אַלע עופות אַהיים און שלמה, דער פעטער און די מומע זענען אַוועק אין שול. ערב יום־כּפּור קיין סליחות במנין זאָגט מען נישט — האָט מען אויף גיך אָפּגעדאַוונט. געקומען אַהיים האָט שלמה צו זיין גרויסן וואונדער שוין געטראָפן די מומע טייבל אין קיך קאָמאַנדעווען. מען האָט דערלאַנגט משקה, פאַרבייסן. די טישן — יומטובדיק געגרייט, די בעטן — יומטובדיק פאַרבעט, און די מומע... די גאַנצע שטוב איז פול געווען מיט דער מומען: טאָ הייסט זי דער יידענע דערלאַנגען צום טיש; טאָ הייסט זי רחלען זיך אָנטון אַ ביסל פּאַסיקער פאַר אַזאַ יום־טוב וויַ ערב יום־כּפּור; טאָ הייסט זי איר גרשונען אַראָפּגיין באַלד נאָכן עסן אין „אָליניע" און דאָרט שטרענג אָנזאָגן, אַז זיינע קערנער זאָל מען נישט קוועטשן ביז נאָכן יום־הקדוש.

— כּדי עס זאָל דיך נישט טראָגן אין דער לופטן. אין אַזאַ הייליקן טאָג דאַרף דער קאָפּ זיין פריי פון אַלע נאַרישקייטן. און פון דאָרט דאַרפסטו גלייך צוגיין אין שפּאַר־קאַסע און באַקומען פון רחלעס קאָנטע אַזוי פיל געלט, וויפל עס איז נייטיק אויף צו באַצאָלן אַלע חובעלעך און אויף צדקה פאַר אַזאַ טאָג.

אויפן קאָמאָד, זעט שלמה, ליגט עפּעס אַ בויגן פּאַפּיר, לעבן אים ליגט אַ בלייפעדער. אַלע מאָל דערמאָנט זיך די מומע אין עפּעס, לויפט צו, שרייבט אָן אַ שורהלע און לויפט ווייטער. שלמה איז נייגעריק אַ קוק צו טון, וואָס שרייבט זי דאָרט, די מומע. ער גייט צו און כאַפּט אַ קוק: אַ גרויסער בויגן פּאַפּיר און אויף אים בלויז נעמען פון מענטשן. דער פאַרשריבענער בויגן מאַכט אַן איינדרוק פון אַ שטר־מכירה, וואָס בעלי־בתים חתמענען ערב פּסח ביים רב צו פאַרקויפן דעם חמץ. צווישן די ערשטע נעמען לייענט שלמה איבער אַ באַקאַנטן נאָמען: „שלמה אפרים־

אחרונים". ער קען בשום אופן נישט פאַלן אויפן שכל, וואָס דאָס צעטל באַטייט.

מען האָט זיך געוואַשן און געזעצט צום טיש. די מומע דערזאָגט אויף איין פּוס דעם „יום" תהילים; זי האָט במטבע פּיינט צו בלייבן שולדיק, וועך שמועסט ערב יום־כפּור. שלמה בייגט זיך אָן צו רחלען און פרעגט ביי איר אויפן אויער:

— וואָס שרייבט דאָרטן דיין מאַמע אַ גאַנצן אינדערפרי?

— ווייס איך... דער מאַמעס מעשות... ס'איז ביי דיר אַ נייעס, אירע חפציות?

— וואָס זשע פאַרט?

— דאָס פאַרצייכנט זי, כדי זי זאָל נישט פאַרגעסן, וועמען זי דאַרף היינט איבערבעטן פאַר אַ גאַנץ יאָר.

— דו זאָגסט דאָס ערנסט?

— אודאי ערנסט. ביי איר איז שוין אַזוי איינגעפירט, אַז ווער אַפילו עס האָט זי באַליידיקט אין משך פון יאָר, גייט זי צו יענעם בעטן מחילה, „טאָמער איז יענער נישט אַזוי דרייסט"...

— און ביי דיר, רחלע, איז דאָס אַ געלעכטער?

— נישט וואָס אַ געלעכטער, נאָר וואָס „צו" איז איבעריק, ניין אפשר?

שלמה האָט גאָרנישט געענטפערט. וואָס איז דאָ מיט איר צו שמועסן? די מומע איז צוגעגאַנגען צום טיש. דער פעטער האָט געטרונקען „לחיים", לעקעך געטיילט. די מומע נעמט אַ חלק לעקעך פון טעלער, לייגט אַוועק פאַר שלמהן און זאָגט מיט אַ זיסן שמייכל:

— נו, שלמה, פון דיר ווילן מיר אָנהייבן. איך גיב דיר לעקעך און ווינטש דיר, דיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער אַ גוט זיס יאָר. מיר זאָלן האָבן אויסגעבעטן דאָס גוטע קוויטל פאַר זיך און פאַר אַלע יידן! און טאָמער האָב איך אין די עטלעכע וואָכן, וואָס דו ביסט ביי אונדז, פאַר דיר עפּעס נישט אַזוי... כ'מיין טאָמער האָסטו פאַראיבל אויף מיר... נו, וואָס קוקסטו מיך אָן ווי אַ נעכטיקער? ס'איז דאָך עפּעס ערב יום־כפּור, דאַרף איין ייד דעם צווייטן מוחל זיין...

— מומע, וואָס רעדט איר? וואָס קען איך האָבן צו אייך, חוץ דאַנק־באַרקייט און התבטלות?

— איי, נאָך וואָס רעדסטו אַזעלכע פּוסטע דיבורים? דו ביסט אַ ייד, אַ תלמיד־חכם, ווערסטו בטל פאַר אַ יידענע פון טייטש־חומש?

— מומע, איר מיינט טאַקע אויף אַן אמת, אַז דער עיקר איז קענען לערנען?

— מילא, בקיצור, יאָ דער עיקר, נישט דער עיקר, היינט איז נישטאָ קיין צייט אויף אויסטענהן זיך, יעדע מינוט איז געציילט. הכלל, דו האָסט צו מיר גאָרנישט, איך האָב צו דיר נישט — קוויט! הייסט עס, מיט איי־

נעם בין איך שוין ברוך־השם פארטיק. נו, איר, אז איר ווילט, קענט איר נאך פארברענגעןביים טיש. אבער איך בענטש.

זי האט אויף גיך אפגעבענטשט, מיטגענומען א רענצעלע לעקעך מיטן צעטל פון די ברוגזע און איז מיט אן אימפעט „אוועק צו דער ארבעט".

שלמה מיט יחיאלן האבן זיך א גאנצן טאג ארומגעפירט איבער די קרובים. אומעטום געווען אנגעלייגטע געסט, געמוזט עסן לעקעך און טרינקען וויין. כאטש ווהין זיי זענען נאר אריינגעגאנגען, איז די שטי־מונג געווען א יומטובדיקע, פון דעסט וועגן האט זיך די צוויי כמעלניקער בחורימלעך שטארק געבענקט נאך זייער שטעטל. אליין נישט באמערקנ־דיק האבן זיי אנגעהויבן פארלאזן די שטאט און האבן שפאצירט לענג־אויס דער טיראספאליער אלייע. דאס איז געווען א בעריאזעווע אלייע, וואס האט זיך אנגעהויבן אין צענטער פון דער שטאט, זיך געצויגן אכט קילאמעטער מחוץ דער שטאט און פארפאלן געווארן אויף טיראספאליער שאסיי. ערגעץ אין עק שטאט האבן זיי זיך באגעגנט מיט דער מומע טייבלען. יענע איז געלאפן א פארשוויצטע, דאס שווארצע אטלאסענע אויבערשטע צעשפיליעט, דאס ווייסע זיידענע קלייד האט קעגן דער זון גע־שניטן די אויגן, דאס גאלד מיט די טייערע שטיינער האבן געווארפן סנא־פעס פונקן אויף אלע זייטן, געשאפן א ליכטיקע ראם צו איר שטענדיק פריש פנים. אנטרעפנדיק זיך „נאז אין נאז" מיט די פלימעניקעס, האט זי זיי פארוואונדערט אנגעקוקט:

— ווי קומט איר גאר אהער, חברה?

שלמה האט באהאלטן א שמייכל:

— מיר האבן געוווסט, אז דא דארפט איר דורכגיין, זענען מיר ארויס־געגאנגען אייך באגעגענען.

די מומע האט זיך א בייזער געטון:

— דו האסט א פנים היינטיקס יאר, קלערסטו, נישט יוצא געווען מצות לצנות, ווילסטו פארריכטן?

— ווי גייען אייערע געשעפטן היינט, מומע?

— א! געלויבט דער אייבערשטער, יידן האבן גאלדענע הערצער, אלע זענען מוחל מיטן גאנצן הארצן.

אויף שלמהס אומשולדיק פנים שוועבט דורך אן איראניש שמייכעלע:

— אלע זענען מוחל, מומעטשקע? אפילו די, וואס דארפן גאר אייך איבערבעטן?

— איך זע, שלמה, אז דו ווילסט זיך היינט מיט מיר צעקריגן, און איך וועל דיר עם דוקא נישט צו ליב טון. דיין לצנות איז צו מיר נישט דערגאנגען און גאט זאל דיר אויך מוחל זיין.

מען איז זיך צעגאנגען. די מומע טייבל האט זיך לויפנדיק צעלאזט עפעס אין א זייטיק געסל, די פאלעס פון דעם אויבערשטן האבן זיך אנ־געבלאזן און ס'האט אויסגעזען, נישט זי גייט, נאר זי שוועבט... א מלאך, אן אמתער מלאך...

און מיט אַ מאָל:

— שלמה... שלמה!... יחיאל!...

זיי דרייען זיך אום, די מומע רופט זיי צו זיך און גייט זיי אַליין אַנט־קעגן. באַגעגנט זיך, רופט זי זיי אָפּ אויף אַ זייט, מען קלעטערט אַריבער איבער אַ צעבראָכענעם פּלויט און זי פאַרענטפערט זיך:

— קינדער, איר ווייסט, נאָך וואָס איך האָב אייך מטריח געווען? היינט איז דאָך אַ מצוה צו עסן, אַקוראַט ווי מאָרגן פאַסטן. דאָ האָט מען מיר אָנגעגעבן אַזוי פיל שטרודלען מיט טאָרטן, ממש עס רייסט מיר אָפּ די הענט. אַנו, אויף גיך, גיט זיך אַ רייב די הענט אין פּלויט און מאַכט: „מזונות"...

— מומע, אין מיטן גאַס? און דערצו האָבן מיר ערשט נישט לאַנג איבערגעכאַפּט.

—ווער פרעגט ביי אייך, ווען איר האָט געגעסן? היינט עסט מען אָן חשבון. נעמט, נעמט, צוליב אייך וועל איך שוין אויך נעמען.

און עטלעכע הענט נעמען אָן דאָס אָפענע קוישל און עס ווערן אין אַ שפּאַס פאַרברענט אַזעלכע געבעקסן, וואָס די חברה־לייט האָבן נאָך אַזוינע אין זייער לעבן נישט פאַרזוכט.

— נו, חברה פּלעצל, גענוג. דאָס דאַרף שוין זיין אויף בייטן זיך. אַ גוטן.

— מומע, נעמט אונדז אויך מיט מיט זיך, מיר ווילן זען ווי אַזוי איר —

— חס ושלום, איר האָט דאָך נישט געזינדיקט, פאַר וואָס זשע קומט דאָס אייך?

— און פאַר וואָס קומט דאָס אייך, מומע? איר האָט דען יאָ גע־זינדיקט?

— שלמה, וואָס טוט זיך דאָס היינט מיט דיר? בלויז לצנות... רחמנא ישמרנו. דיין גליק, וואָס עס איז ערב יום־כפור, ווען נישט, וואָלט איך שוין ברוגז געוואָרן. נו, איך גיי. זאָמט זיך נישט. דריי אַ זייגער הייבט מען אָן שלאָגן מלקות.

די מומע האָט זיך געלאָזט גיין, יחיאל האָט שלמהן אויך גערופן גיין, נאָר שלמה האָט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דער אוועקגייענדי־קער מומע טייבלען, פון איר געשטאַלט, פון איר ענערגישער פיגור.

— דו האָסט עפּעס אַ השגה אין דער מומע טייבלען, יחיאל?

— זייער, זייער אַן ערלעכע יידענע, אַ צדיקת...

שלמה איז שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען.

— וואָס, דו האַלטסט נישט אַזוי? דיר געפעלט זי נישט?

— נישט דאָס, איך טראַכט נאָר, אָט האָסטו ווערטער פאַר דיינע גע־פילן: ערלעכע, צדיקת... אָבער איך האָב נאָר קיין ווערטער נישט. וואָס פאַר אַ טיטל מען זאָל פאַר איר נישט צוקלערן, וועט דאָס נאָך אַלץ נישט זיין דאָס, וואָס זי איז אין אמתן. זי איז... די מומע איז... מיט איין וואָרט,

מיר אַלע, די גאַנצע אַנאַניעווער משפחה האָבן נישט די ווערט דעם שטויב פון אירע פיס... איר מתן בסתר, איר עניוות, איר מילדע שטימע... איר שיחת־חולין... עס איז דען דאָ אויף איר אַ מבין?

אין יחיאלס אויגן יאָוועט זיך אַן אייפערדיק פייערל:

— פון דעסט וועגן רעכן איך, אַז מיין טאַטע שטייט אַ ביסל העכער פון איר, האַ? צי אפשר ניין?

— ביסט אַ שוטה און מער גאָרנישט... דו פרעגסט עפּעס אַזוי נאַריש — יאָ העכער, נישט העכער — גלייך ווי דאָס קען מען אָפּמעסטן מיטן מעטער... און טאָמער ווילסטו שטאַרק, זאָג איך דיר: ניין! דער זיידע שלום שטייט נישט העכער פון איר. אדרבה, זי שטייט העכער פון אים אָן אַ שיעור און אָן ערך. דו ביסט דאַכט זיך באַליידיקט? איאָ? עך, דו שוטה... דו מיינסט אַ פּנים, אַז דו האָסט ליב דיין טאַטן מער פון מיר? נאַרעלע, וואָס וואָלט איך אַצינד נישט אָפּגעגעבן, אַז דער זיידע זאָל מיר אַצינד געבן לעקעך און ווינטשן אַ גוט יאָר?... גלייב מיר, איך האָב אין מיין זיידן מער השגה ווי דו אין דיין טאַטן, איך זאָג דיר קיין שקר נישט. און פון דעסט וועגן חזר איך דיר איבער נאָך אַ מאָל, אַז די מומע טייבל איז הונדערט מאָל מער רבותא פונעם זיידן. וועסטו דאָך פרעגן — פאַר וואָס? טאָ לאָמיר טאַקע פּאַוואָליִנקע אַרומרעדן די זאַך. צייט האָבן מיר גענוג און הונגעריק זענען מיר אויך נישט. איז אָט: מיר'ן נעמען אַ שטייגער דיין טאַטן. ווען עמעצער שטעלט אונדז אַ פראַגע: פון וואַנען שטאַמט זיין ערלעכקייט און זיין פרומקייט? אויף דער פראַגע איז אונדז זייער גרינג צו געבן אַן ענטפער: אין דער יוגנט האָט ער זייער גוט געלערנט, געווען פון די בעסטע יינגלעך אין חדר. ביז דער חתונה אָפּגעלערנט בלי גוזמא האַלב ש"ס, גמרא מיט תוספות, נאָר אַזוי, כדבעי... פון קינדווייז אָן האָט אים זיין פאָטער אָנגעהויבן מיטנעמען מיט זיך אין „הויף" אַריין, צו ר' איציקל סקווירער זכרונו לברכה. פון אַכצן יאָר אָן, זינט ער איז געוואָרן אַ באַלעבעסל פאַר זיך, פלעגט ער שוין איבערזיצן ביים רבין גאַנצע חדשים, חלילה נישט דורכלאָזן קיין „ימים־נוראים". ווי קלערסטו אַ שטייגער? אַזאַ סביבה ווירקט עפּעס צי ניין?.. דו פאַרשטייסט, וואָס עס הייסט, זיין אַ מקורב ביי ר' מאָטעלע טשערנאָבילערס אַ זון? איצט אפילו, אַז זיין ערשטער רבי לעבט שוין נישט און זיין רבינס זון ר' דודל זכרונו לברכה אויך נישט, איז ער אויך נישט אין גאַנצן פאַריתומט, איז ער געוואָרן אַן איינגייער צו ר' וועלוועלע ראַכמעסטריווקער. אַלץ האָט ער נאָך אַ יניקה פון קדושה. לאָמיר אָבער נעמען די מומע טייבל: קיין ש"ס ופוסקים האָט זי נישט געלערנט, אפילו קיין חומש אויך נישט. קיין מקורבת ביי קיין גוטן־יידן איז זי אויך נישט געווען. דערצו, ווייסטו וואָס עס הייסט, כמעט דרייסיק יאָר צו זיין אַ ווייב ביים פעטער גרשון? אַזוי דוקא איז ער אפילו אַ מענטש אַ גאַנץ ערלעכער, אָבער ווי טרוקן, ווי וואָכעדיק! אַז דער רובֿ איז די גאַנצע נשמה, דאָס לעבן הייבט זיך אָן מיט געלט און לאָזט זיך אויס מיט געלט

און טאָמער חלילה אָן דער מטבע, איז ניחא'ר דער טויט... דו קענסט אים אַליין נישט? כ'דאַרף דיר דערציילן? די מומע פאַסט אַזוי צו אים פּאַר אַ פרוי, ווי מיר פּאַסט אַ קאַרדינאַלסקע היטל. ווען נישט דאָס, וואָס ער קלערט ביי זיך, אפשר וועט זיך עפּעס אויספּיקן אַ שידוך ביי מיר מיט רחלען, וואָלט ער מיך דען אפילו אויף דער שוועל אַרויפגעלאָזט, כאָטש איך צאָל פאַר קעסט? אָט אַזאַ מענטש איז דאָס. און דאָך איז די מומע אַדורכגעגאַנגען מיט אים די וועלט און פאַרבליבן אַזוי שיין און געהויבן ווי שלום דודס... שטייט זי דען דערמיט אַליין נישט העכער און הייליקער פון שלום דודס?

יחיאל האָט זיך צעטראָגן אַ ק״אַץ געטון אין דער פּאַטיליצע:

— כ'וויים? אפשר ביסטו גערעכט. נאָר אַז איך דערמאָן זיך אַצינד אין מיין טאַטן, פאַרלויפט מיר דאָס האַרץ מיט בלוט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן קומט מיר אויס נישט זיין פאַר כל־נדרי צום טאַטנס ברכה.

— און ביי מיר — נישט דאָס ערשטע מאָל?

— טאַקע ביי דיר אויך דאָס ערשטע מאָל — איז דיר דען גרינגער פון מיר? אַצינד האָט מיין טאַטע שוין באַלד באַוויזן דאָס גאַנצע שטעטל אַרומצוגיין, נישט דורכלאָזן קיין איינציק הויז, מעג דאָרטן וווינען אַ קאָוואַל אָדער אַ שוסטער, אַ שטריקל־דרייער, אַ פישער, צי אַ בעל־עגלה. מיט אַלעמען איז ער חבר, אַלע זענען אים אַלץ איינע גוטע ברודער...

— דו האָסט אַ קליינעם טעות. בעלי־מלאכות זענען אים נאָך גרע־סערע גוטע פריינד. דאָס נעמט זיך פון דאַנקבאַרקייט, וואָס ער שעמט זיך מיט זיי נישט...

— ...אין יעדער שטוב בעט ער לעקעך און גיט לעקעך און טרינקט „לחיים". טאָמער טרעפט ער אַ שטוב, ווו עס איז נישטאָ קיין משקה, טראָגט ער מיט זיך אַרום זיינס אָן אייגן פלעשל, ווינטשט אָן, בעט, מען זאָל אים מוחל זיין, טאָמער האָט ער פאַר דעם יאָר מיט עפּעס אָנגערירט זייער כבוד, און גיט זיי זיין מחילה... און אַזוי פון שטוב צו שטוב, פון דעם שפּיטאָל ביזן בריק, פון דער באָד ביזן קלויסטער.

— וואָס דערציילסטו מיר, כ'בין אַ פרעמדער? כ'וויים נישט?

— ...זייגער דריי ענדיקט ער די הקפות, קומט ער אין שטוב אַריין, אַ מידער און אַ גליקלעכער. אויף איין פוס עסט ער אָפּ די יומטובדיקע סעודה, כאַפּט זיך אַריין צו דיין טאַטן, צו מנשהן און — מאַרש אין שול אַריין!... זיין ערב יום־כפורדיקע מנחה... דער ערשטער „על־חטא", דאָס אויסציען זיך אויף דער פּאָדלאָגע צו מלקות... זיין וויינען און כליפּען אונטער די רימענס... שפּעטער די סעודה המפסקת... דאָס בענטשן די קינדער און נאָך ליכט־בענטשן — אין מקוה אַריין, דאַן — כל־נדרי. ער האַלט דאָס ספר־תורה אויפן באַלעמער, דעם טלית אַריבערגעוואָרפן אי־בער דעם קאָפּ און דער מחזור איז נאַס פון טרערן. דערנאָך — דאָס אויפ־זיין די נאַכט, דאָס אויסשטיין דעם טאָג אויף די פיס. ניין, ניין! קענסט

דיר זאָגן, וואָס דו ווילסט, נאָר אַזאַ קדוש־עליון ווי מיין טאַטע איז דאַכט זיך אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ...

אַ מינוט צוואַנציק זענען זיי געגאַנגען שטיל, יעדער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען.

— שלמה, איך האָב שיר נישט פאַרגעסן צו פרעגן: דו האָסט נעכטן געגומען אין קוסטאַרן־פאַראיין די נאַפּראַוולעניע * קיין אָדעס?

— ווי דען אַנדערש? כ׳זע, אַז דו האָסט עס אין גאַנצן אַרויסגעלאָזן פונעם קאָפּ.

— אויף וויפל שאַלעכלעך האָסטו געגומען? געדאַרפט געוועזן נע־מען אויף מער ווי אין פריערדיקן מאָל.

— איי, האָב איך דאָס ליב, אַז דו רעדסט גלאַט אין דער וועלט אַריין. די פּלאַן־אָפּטיילונג וועט דען דורכלאָזן אַזאַ נאַפּראַוולעניע, אַז דו פירסט פּרעסן מער שאַלעכלעך ווי דו האָסט אויסצואַרבעטן לויטן פּלאַן און וויפל עס קען אַרויסגיין פון די פעדעם, וואָס דו האָסט באַקומען היינטיקן חודש?

— ס׳קען זיין, ווען דו זאָלסט געוועזן פּרווון אַ ביסל אַ שמיר טון...

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן. אומעטום, מיינסטו, העלפט שמירן. כ׳האָב אַזוי אויך געמוזט אַריינשטעקן דעם סעקרעטאַר אַ פּופּציקער אין דער יד אַריין. ער האָט נישט געוואָלט שטעלן דעם זיגל אויף דער נאַפּראַוולעניע, באַטש גיב אים אַ קרענק. מען דאַרף נישט פאָרן, זאָגט ער, עס פּאָרט פון זיי אַ מענטש נאָכן ערשטן, וועט ער שוין דאָרט אַלץ דערליידיקן. דו פאַרשטייסט? דער שוטה מיינט טאַקע, אַז מען פּאָרט אויף אַן אמת פּרעסן די שאַלעכלעך. וואָרעם ווי שטייט דען אָן די מאָלדאָוואַנעשטעס ** צו טראָגן נישט קיין געפּרעסטע שאַלעכלעך?

— דו ביסט טאַקע אַ מאָלאָדיעץ, שלמה. דו האָסט זייער גלייך געטון, וואָס דו האָסט פאַרשטופּט דאָס מויל אָט דעם כלב שבכל הכלבים... דער סעקרעטאַר, דאָס איז אַ פאַרביסענער הונט, אַז עס טרעפט זעלטן... אַז אומעטום רוקט ער דיר אַריין די נאָז...

— הלמאַי זאָל איך זאָגן, מיט קיין גוט הארץ האָב איך אים נישט געגעבן. ס׳האָט מיך בפירוש שטאַרק געאַרט, וואָס כ׳דאַרף אַרויסוואַרפן אומזיסט און אומנישט אַ פּופּציקער...

— ווערט ער פאַרברענט מיטן פּופּציקער צוזאַמען, מיט אָט די וועד־רימדיקע אונטערשטופּערס איז אַזוי ווי מיט „עלינו״: אַ גאַנץ יאָר שפּיים מען זיך אויס דערביי און, אַז עס קומט ראש־השנה, — בוקט מען זיך... דאַכט זיך אַזוי, וואָס פאַר אַ ווערט האָט ער, און ביי שטעלן אַ זיגל קען ער דיר אַריינרוקן אַ פּלאָקן ווי אַ גרויסער...

---

* נאַפּראַוולעניע — אַ צעטל פון אַ מלוכה־אַנשטאַלט, אויף דורכצופירן סחורה.

** מאָלדאָוואַנעשטעס — מאָלדאַווישע פויערטעס.

— זעסטו דאָך, אַז כ'האָב דאָס אַליין אויך פאַרשטאַנען.

עטלעכע מינוט זענען זיי געגאַנגען שטיל, שלמה האָט פאַרגעזעצט ווי צו זיך רעדנדיק:

— און צו וואָס מוז מען דוקא אַריינשרייבן אַ גרעסערע צאָל שאַלעכלעך? וואָס איז? ערב ראש־השנה האָט זיך דיר דען נישט גוט איינגעגעבן? ווער שמועסט נאָך איצט, אויב פון סמילע וועט מען אַרויסשיקן, אַזוי ווי מיר האָבן געבעטן, 2500 שאַלעכלעך און 1270 שטיק האָבן מיר דאָ ביי זיך, וועלן מיר דאָס מאָל ביידע צופאָרן קיין אָדעס, איינער וועט וואַרטן ביי דער באַגאַזש־קאַמער און דער צווייטער וועט טיילווייז אָפּפירן די שאַלעכלעך אויף דער אכסניה. דער אָרדער * אין פרעס־אַרטעל איז אויף 930 שטיק — וועט מען אַקוראַט פאָרן פיר מאָל...

— דו ביסט שוין פאַרטיק? סמילע שיקט דיר שוין דריטהאַלבן טויזנט שטיק? מען קען נאָך שיקן ווייניקער פון טויזנט און אַז נישט, איז גאָרנישט אויך.

— מילא, וועל איך זיך אויך נישט זעצן וויינען. נאָר מיר דאַכט, אַז דיינע ספקות זענען אומזיסטע. מען האָט מיר אין טעלעפאָן אַזוי צוגעזאָגט... אַז דאַכט זיך, כ'וויים? און ווידער... ניין — דאַרף מען נישט, איז נישט געטאַנצט מיטן בער.

* אָרדער — אַ דאָקומענט פון איין אָרגאַניזאַציע צו דער צווייטער אויף צו באַקומען עפּעס אַ זאַך אָדער אויף אַ באַשטעלונג.

# קאפיטל XXVII

אז שלמה איז געקומען אין שול אריין, האָט ער אויף דער שוועל זיך באַגעגנט מיטן פעטער גרשונען. ער האָט שוין געהאַלטן נאָך מנחה און איז געגאַנגען אַהיים פאַרפאַסטן.

— ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן? די מומע ווייסט שוין גאָרנישט וואָס צו טראַכטן?...

— כ׳האָב זיך עפּעס פאַרהאַלטן אין קאַנטאָר.

— אויסגעזוכט אַ צייט אויף צו גיין אין קאַנטאָר... גיך, שטעל זיך שוין שמונה־עשרה און זאָם זיך נישט, מען וועט אויף דיר וואַרטן...

אַז שלמה איז אַריינגעקומען אין שטוב, איז שוין טאַקע די זון געווען אין די אייבערשטע שויבן. כדי פאַרשפּאָרן אויסצוהערן פון דער מומע אַ פּאַרציע מוסר, האָט שלמה ביים אַריינקומען געמאַכט אַ קרומע מינע. ער האָט נאָך נישט באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל, האָט זי אים שוין אַ פרעג געטון:

— פאַר וואָס אַזוי שפּעט, שלמה?

— כ׳ווייס אַליין נישט, נאָר עפּעס פיל איך זיך נישט מיט אַלעמען...

די מומע איז ווי איבערגעביטן געוואָרן. שלמה האָט געוווסט, מיט וואָס מען קען זי נעמען. זי איז שוין פון אים נישט אָפּגעטראָטן. צי האָט ער נישט קיין היץ? צי שניידט אים נישט אין בויך? צי האָט ער נישט געכאַפּט קיין שטיקל דיניע נאָך אַ טרונק בראָנפן?... שלמה האָט זי באַרואיקט: ס׳וועט מן הסתם באַלד איבערגיין, מען שטאַרבט נישט פון אַזעלכע זאַכן.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש. געגעסן האָט מען שווייגנדיק און אין איילעניש. אָפּגעגעסן, האָט רחלע צוגענומען פון טיש. דער פעטער האָט גענומען אָנטון דעם קיטל מיטן טלית און די מומע, פאַרשפּאַרנדיק זיך אין צווייטן צימער, האָט גענומען זאָגן די תחינה פון ערב יום־כּפּור פאַר ליכט־בענטשן. אויפן שנייווייסן טישטעך האָבן זיך באַוויזן זיבן הויכע שיינע זילבערנע לייכטער, אין יעדן פון זיי אַ גראָב סטעאַרינענע ליכט. די טיר פונעם גאַנעק האָט זיך שטיל געעפנט און דאָס עלטסטע מיידעלע פון דער וואָלאָכאָנסקער משפּחה, וואָס האָט געוווינט מיט שלמהן בשכנות אין דעם קעגנאיבערדיקן הייזל, וואָס אויפן הויף, איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל און נישט דרייסט געזאָגט:

— דער טאַטע האָט געשיקט פרעגן, צי דאַרף ער נישט בענטשן קיין ליכט, אַזוי ווי די מאַמע עליה השלום פלעגט טון?

די מומע טייבל האָט גלייך אָפּגעוואָרפן דאָס קיטל פון דער טיר און איז אַרויסגעגאַנגען פונעם שלאָפצימער. אירע אויגן זענען געווען רויט־פאַרוויינט. זי איז צוגעגאַנגען צום מיידעלע און איר מוטערלעך אַ גלעט געטון איבערן קעפּל:

— און ליכט האָט דען דער טאַטע ?
— איך ווייס נישט.
— גיב זשע אַ שפּרונג און פרעג אים. נאָר איינס און צוויי !
אליין האָט זי דערווייל אויפגעזוכט דאָס שערל.
— גרשון, קיין ליכט איז מער נישטאָ אין שטוב ?
— וואָס איז ביי מיר אַ סקלאַד פון ליכט ? איך ווייס, אַז דו בענטשסט אויף זיבן, האָב איך געקויפט זיבן.
— מילא, עס שאַדט נישט. מען וועט זיך שוין ווי עס איז באַגיין... פייל אויסן בוינן איז דאָס מיידעלע אַריינגעלאָפן אין שטוב :
— דער טאַטע זאָגט, אַז ער האָט נישט, נישט קיין ליכט, נישט קיין שוועבעלעך.
— וואַרט אַ מינוטקעלע.
די מומע האָט אַרויסגענומען די אַריינגעפּראַוועטע ליכט פון די לייכ־טער, אָפּגעשוירן פינף האַלבע, דערלאַנגט זיי דעם מיידעלע מיט אַ שאַכטל שוועבעלעך און צוגעגעבן :
— און זאָלסט זאָגן דעם טאַטן, אַז ס׳איז געבליבן אפשר צוואַנציק מי־נוט צו כל־נדרי.
— גוט, כ׳וועל זאָגן.
פאַרמאַכנדיק די טיר הינטערן מיידעלע האָט זי זיך געווענדט צו שלמהן :
— שלמה, זונעניו, זיי אַזוי פיל גוט און פאַרשניץ פרישע שפּיצן ביי די ליכט.
— אָך, מיטן גרעסטן כבוד ! ביי אונדז אין דער היים איז דאָס שטענ־דיק מיין אַרבעט.
— וועט טאַקע גאָט העלפן, אַז איבער אַ יאָר וועסטו דאָס ווידער טון ביי דיינע עלטערן.
שלמהן האָט אָנגעכאַפּט אַזאַ בענקעניש נאָך די עלטערן, אַז ער האָט געפילט, טאָמער רעדט ער אויס נאָך איין וואָרט, צעוויינט ער זיך. ער האָט זיך פלוצלינג דערפילט זייער עלנט. עס האָט אים צוזאַמענגעקלעמט די ברוסט ווי מיט צוואַנגען, און אינערלעך געוויין האָט אים געטרייסלט, און די אויערן האָט אים געקלונגען :
— אהיים, אהיים, אהיים...
די מומע האָט זיך נאָך געזאַמט עטלעכע מינוט אין שלאָפצימער און פלוצלינג איז זי פון דאָרטן אַרויסגעפלויגן ווי אַ דונער :
— שוועבעלעך !... גיך !... גוואַלד, ס׳איז שפּעט !
די טיר האָט זיך געעפנט, עס זענען אַריינגעקומען אַלע קינדער מיט די אייניקלעך אויף די הענט. שלמה איז דערשראָקן צוגעלאָפן :
— וואָס האָט געטראָפן ?
— דו ביסט נישט דערצויגן געוואָרן אין קיין יידישער שטוב ? —

האָט דער פעטער גרשון געענטפערט אָנשטאָט זיי, — דו ווייסט נישט, אַז פאַרן יום־הדין בענטשן עלטערן זייערע קינדער ?...

— אַ־האַ...

און שלמה האָט זיך דערפילט איבעריק אין שטוב.

די מומע האָט אַראָפּגענומען די הענט פון די אויגן און מיט אַ פייכטן בליק באַקוקט אירע קינדער. ביי דער שנור האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

— אַ גוט יום־טוב !...

— היינט זאָגט מען נישט — האָט זי די מומע געלערנט — היינט זאָגט דער בורא־עולם אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט „אַ גוט יום־טוב און אַ גוט יאָר". נו, זון מיינער, דער טאָג שטייט נישט, גיי באַקום אַ ברכה פון דיינע עלטערן.

דער עלטסטער זון מיטן ווייב און קינדערלעך זענען צוגעגאַנגען צו די עלטערן, אָנגעבויגן די קעפּ. דער פעטער גרשון אין טלית און אין קיטל — פון איין זייט, און די מומע טייבל אין איר וויס־זיידענעם קלייד — פון דער צווייטער האָבן אַרויפגעלייגט די הענט אויף זייערע קעפּ און מיט טרערן אין קול עפּעס געמורמלט. איין קינד נאָכן אַנדערן, יעדער מיט זיין געזינדל, זענען צוגעגאַנגען און מיט אָנגעבויגענע קעפּ מקבל געווען די ברכה פון זייערע עלטערן. שלמה האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער, פאַרביסן די ליפּן און צוגעמאַכט די אויגן. פון ערגעץ ווייט האָט זיך דערטראָגן דעם פעטער גרשונס וויינענדיקע שטימע:

— נו, רחלע טאָכטער...

מיט אַ מאָל שלמה האָט דערפילט, אַז עמעצער שלעפּט אים פאַר דער האַנט. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן: פאַר אים איז געשטאַנען די מומע טייבל:

— וואָס האָסטו זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט ? דו ביסט עפּעס אַ פרעמ־דער ? דו ביסט דאָך מיין שלומס אַ קינד, שטעל זיך צו דער ב־כה, אָט דאָ לעבן רחלען. נישקשה: ס'מעג דיר מקוים ווערן, וואָס דער פעטער מיט דער מומען ווינטשן דיר.

דער פעטער גרשון גיט צו מיט אַ פרום פּנים:

— אויב ער וועט זיין אַ קלוג בחורל, וועט די ברכה טאַקע זיין אַ בשותפותדיקע...

רחלס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ העליש פייער. שלמה האָט שוין חשק געהאַט, אַרויס פון אונטער די הענט. נאָר דאָ האָט זיך אָנגעגע־רופן דער מומע טייבלס פידעלע:

— שטענדיק איז ביי אים גלייך. געפונען אַ צייט אויף צו ר'עדן פון אַזעלכע זאַכן. נו, קינדערלעך, מיינע טייערע, היידאַ, אין שול אַריין! און לאָמיר צוזאַמען אויסבעטן דאָס גוטע, גוטע געבענטשטע יאָר... און משיח זאָל שוין טאַקע קומען. גענוג געוואַרט, שוין טאַקע צייט אויך.

# קאפיטל XXVIII

קומענדיק אהיים פון שול נאכן תענית האט שלמה געטראפן א טע־לעגראמע פון סמילע. מען האט פון זיינעט וועגן אפגעשיקט קיין אדעס 2945 שאלעכלעך. געבעטן, ער זאל נישט שפעטער ווי אין צוויי טעג ארום טעלעגראפירן, צי וויל ער נאך 1800 שטיק? אקוראט אזוי פיל איז נאך דא, מער וועט שוין נישט זיין אזוי גיך. און געלט זאל ער נישט פאר־געסן באלד שיקן.

באלד נאכן אפפאסטן איז שלמה צוגעגאנגען צו יחיאלן און זיי האבן באשלאסן טאקע באלד אויף מארגן פינף אין דער פרי זאלבע־צווייט פארן קיין אדעס. און שלמה האט מסביר געווען זיינע קרובים די סיבה פון דעם יאגעניש באלד נאכן תענית:

— באגאזש, אז מען קויפט אים נישט אויס תיכף ומיד, איז ער נישט זיכער מיטן לעבן.

— שלמה, אונדזערע 1300 שאלעכלעך וועסטו שוין אליין פאר־פאקן און איך וועל שוין באשטעלן אויף פינף פאר טאג א דראזשקע און צופארן מיט איר צו דיין שטוב.

— גוט, יחיאל, ס'איז געמאכט. פארגעס נאר נישט מיטצונעמען דעם שאך: עס איז א וועג פון ניין שעה.

— גוט, כ'וועל נישט פארגעסן. גיי זשע און מאך אלץ פארטיק.

פון אדעס האבן זיך די פיאטיגארסקים אומגעקערט ערב סוכות נאך האלבן טאג. פון דער נסיעה איז ביי זיי געווען די שטימונג זייער א גע־הויבענע. מיט די שאלעכלעך האבן זיי צוגעטראפן אין א גוטער מינוט און טאקע זייער שיין פארדינט. באלד פון דארטן האט יעדער פון זיי אויפגעלייגט מיט דער פאסט צו זיין פאטער א היפשע סומע געלט, מיט א געלגענהייט אריבערגעשיקט קיין סמילע, וויפל עס איז געקומען פאר דער סחורה, און אנגעשריבן, אז זיי קענען ארויסשיקן קיין אדעס, וויפל שאלעכלעך זיי האבן נאר, אפילו פינף טויזנט. טאמער שיקן זיי, זאל מען דערפון באלד מודיע זיין קיין אנאניעוו, כדי מען זאל באוויזן ביי צייטנס אראפנעמען דעם באגאזש, איידער די מלאכי־חבלה ווארפן אויף אים א בייז אויג.

די גומענע רעדער האבן זיך ווייך געקאטשעט איבער אנאניעווער זו־ניקע בולווארן. די פארגעלטע בלעטער האבן מיט גאלד געשפרייט דעם וועג. אויף דער נאכט איז „זמן שמחתנו". אין סוכה איז שוין מן הסתם דער טיש פארשפרייט. אין דער היים, באקומענדיק אזוי פיל געלט, וועלן זיי נישט וויסן פאר פרייד וואס צו טון. און אט איז שוין די באקאנטע גאס, דער מומע טייבלס רעזידענץ. אז מען פארט נישט ארויס פון שטאט, פילט מען גארנישט, ווי איינגעבאקן ס'איז אין הארצן אט דער הויף, אט דער גאנעק, דאס טונקעלע וואלאכאנסקער מיידעלע, וואס שפילט זיך אונ־

טערן פענצטער מיט צוויי קעץ מיט אַ מאָל... אוי, די מומע טייבל! שלמה פילט, אַז ער איז אין איר פאַרליבט. דורך אַלע אברים גייט אים דורך אַן אָנגענעמער ציטער ביים דערמאָנען איר נאָמען. ער קוקט זיך אום אויף יחיאלן, יחיאל אויף אים, בייביידן זענען די הערצער שטאַרק אויפגעלייגט.

אַז מען איז פאַרבייגעפאָרן דאָס קליינע שטיבל, האָט זיך די דראָזשקע אָפּגעשטעלט און שלמה איז אַראָפּגעגאַנגען צו זיך אין צימערל אָפּלייגן די ליידיקע זעק און דעם רעגנמאַנטל. גאַנץ רואיק איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַריינגערוקט דעם שליסל אין שלאָס און געבליבן שטיין אַ פאַרשטיינערטער. אויפן שלאָס איז געהאָנגען אַ זיגל פון טריוואַקס. שלמה האָט פאַרלוירן איבערגעלייענט די אָפּגעקרישלטע דריבנע בוכשטאַבן: דאָס איז געווען אַ זיגל פון דער מיליץ. ער האָט מיט אַ מאָל פאַרלוירן דעם גאַנצן קוראַזש. אַן איבעראַשטער איז ער אַריינגעגאַנגען צו דער מומע טייבלען.

פרעגן וואָס דאָס באַטייט, האָט ער פאַרשפּאָרט — די פראַגע איז אים געווען אָנגעשריבן אויף דעם פּנים.

— האַ, שלמה? ברוך־הבא!... דו קומסט ערשט אָן? דו ווייסט נאָך פון גאָרנישט?

— אָט בין איך דאָך איצט אַריינגעקומען, כדי צו וויסן. וואָס זשע איז אַזוינס געשען, רחלע?

לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז פאַר די דריי טעג, וואָס די פּיאַטיגאָרס־קים זענען נישט הי געווען, זענען אַ סך נייעס געשען. יחיאל איז באַלד געקומען צו לויפן. נישט טויט, נישט לעבעדיק, די מומע איז אויך פון ערגעץ אָנגעקומען און חברה זענען געווואָרן, וואָס דער זיגל באַטייט.

דער קוסטאַרן־פאַראיין פלעגט זיינע מיטלידער געבן פאָדעם אויף דער קאָמערטשעסקע * פּרייז און חוץ דעם נאָך נעמען פון יעדן אויסגע־אַרבעטן שאַלעכל אַ געוויסן שטייער פאַר דעם, וואָס זיי האָבן דאָס רעכט צו אַרעבטן פריי, נישט מורא האָבנדיק פאַרן פין־אַגענט. די פאַרטיקע פּראָדוקציע האָט דער קוסטאַר געמעגט פאַרקויפן די פויערן אויף די יאַ־רידים אומגעשטערט. בנוגע די פּרייזן איז קיין קאָנטראָל נישט געווען און קיין מלוכה־טאַקסע אודאי נישט. פאַר די טעג פון זייער אָפּוועזנהייט האָט מען אין פאַראיין באַקומען אַ שטרענגע דירעקטיוו פון כאַרקאָוו, דער צענטער פון גאַנץ אוקראַינע און במילא פון מאָלדאַוויע אויך, אַז די גאַנצע טעקסטיל־פּראָדוקציע, וואָס די קוסטאַרן־יחידים און קאָאָפּערירטע קוסטאַרן האָבן אַרויסגעלאָזט אין די לעצטע זעקס חדשים, זאָל באַלד אָפּגעשיקט ווערן קיין כאַרקאָוו. אַהין מוזן געבראַכט ווערן אַלע פאַברי־קאַטן און האַלב־פאַבריקאַטן פון גאַנץ אוקראַינע און פון דאָרט וועט מען שוין צעשיקן, וויפל וווהין מען וועט באַדאַרפן. דאָס געלט, וואָס דער

* קאָמערטשעסקע: דער פּרייז פון שוואַרצן מאַרק.

קוסטאַר האָט איינגעצאָלט פאַר דעם פּאָדעם, וועט ער מיט דער צייט באַ־קומען צוריק פון נאַרקאָמפּין, נאָך דעם ווי דער קוסטאַר וועט צושטעלן אַ צייגעניש, פון וואַנען ער האָט דאָס געלט גענומען. וועלכער קוסטאַר עס וועט ברענגען פּראָדוקציע ווייניקער, ווי פון אים קומט לויט דעם חשבון פון דעם רווישטאָף, וואָס ער האָט אין משך פון די זעקס חדשים באַקומען, דאַרף איבערגעגעבן ווערן דעם געריכט לויט דעם אַרטיקל 127 פּאַראַגראַף 5 און 9, און אַרטיקל 97 פּאַראַגראַף 3 — דאָס הייסט: ערשטנס, גנבה פון מלוכהשע זאַכן, און צווייטנס, נישט מער, נישט ווײ־ניקער, ווי ספּעקולאַציע, פאַר וועלכער דער מינדסטער עונש איז פינף יאָר טורמע, און דער גרעסטער — צען יאָר קאָנצלאַגער *.

באַקומענדיק די דירעקטיוו האָט דער פּאַראיין אַרויסגעשיקט זיינע פאָרשטייער צו די קוסטאַרן איבערשרייבן די מזומנע פּראָדוקציע. אויס־הערנדיק דעם ענטפער, אַז די יונגעלייט, וואָס אַרבעטן אין דעם הייזל, זענען אוועקגעפאָרן צו זיך אַהיים איבער אַלע יומים־טובים, האָבן זיי געברענט פאַר כעס, געדראָאַט, אַז אין דעם פאַל מוז מען נאָך צוגעבן אַ דריטן אַרטיקל, פאַר דעם אוועקפאָרן אויף אַ לענגערער נסיעה אָן דעם רשות פון דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער זיי געהערן. מען האָט געבראַכט מיליץ, פאַרחתמעט דעם „צעך" און אָנגעזאָגט די שכנים, אַז ווי נאָר זיי וועלן קומען, זאָל מען זיי איבערגעבן, אַז זיי זאָלן זיך באַלד מעלדן אין קאָנטאָר אריין.

אויסגעהערט דעם באַריכט, זענען זיי געבליבן שטיין ווי געפּלעפט. שלמה מיט יחיאלן האָבן אָן לשון געקוקט איינער אויפן צווייטן. ענדלעך האָט יחיאל נישט אויסגעהאַלטן און מיט אַ ביטערן שמייכל אַ זאָג געטון:

— נ־נ־נו, שלמה, וואָס זאָגסטו דערויף?

— וואָס איז דאָ צו זאָגן? ס'איז גאָרנישט געשען. נישט מער, עס גייט אַ פרישע סדרה: לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך...

— ווי איך זע, נעמסטו זיך ווייניק וואָס צום האַרצן פון דער גאַנ־צער מעשה.

— דעם אמת געזאָגט, בפירוש נישט... שוין צוגעווינט... די וויפלטע פרנסה, הייסט עס, היינטיקעס יאָר? אַ כמעלניקער וועבער, אַן אָר־טילשטשיק, אַן איינפאַר־האַלטער, אַ מוכר־ספרימניק, אַן אַנאַניעווער ווע־בער, אַן אָדעסער סוחר, ערשטע גילדיע... אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות... ס'איז מיין דאגה, וואָס ס'וועט זיין? ווי דער איבערשטער פירט, אַזוי איז גוט, כ'האָב אַ ביסל וויכטיקערס פאַר וואָס צו זאָרגן...

— כדומה, למשל? וואָס קען זיין וויכטיקער פון פרנסה?

— כדומה, למשל, לאָמיר זאָגן, באַקומען אַן ענטפער אויף מיין בריוו

---

* קאָנצענטראַציע־לאַגער.

פון דער היים, איז פאַר מיר, דאַכט זיך, וויכטיקער פון אַלע ווערבערישע גליקן...

— אַן ענט־פער... מהם... נ־יאָ...

די מומע טייבל זעט די גאַנצע זאַך פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט:

— בכלל קינדערלעך, וואָס איז דאָ וועגן דעם לאַנג צו שמועסן? אין עטלעכע שעה אַרום איז יום־טוב, דאָס יידישע פאָלק ווערט אַרומגע־נומען מיט די ענני־הכבוד... עפּעס אַ קליינינקייט!... מען וועט קענען מקיים זיין „לישב בסוכה״. ווו האָט איר נאָך אַ מצוה, וואָס מען זאָל קענען אַריינקריכן אין איר מיט די שטיוול? צי אַזאַ מצוה, אַ שטייגער, ווי לולב, כאָטש קיין אתרוג איז נישטאָ, אָבער די מצוה איז דאָך דאָ...

— גלייבט מיר, מומע, איך שווער אייך, אַז די נייעס האָט מיך נישט איבעררּאַשט אויף אָט־אַזוי־פּיל־אָ — און שלמה ווייזט אַ שפּיץ נאָגל — ווייסט איר, וואָס מיך אַרט יאָ? וואָס הייגטיקן יום־טוב וועט מען זיך דאַרפן וויניקער אַ ביסל אַרומדרייען אין גאַס. געגוג מענטשן קענען מיך און יחיאלן, טויג נישט, אַז מען זאָל אונדז זען.

— דאָס ביסטו בפירוש גערעכט, נו, מילא, וואָס זשע קען דאַרטן זיין? ויעט איר מער אַ ביסל זיצן אין סוכה. אדרבה, אַזוי איז נאָך גלייכער. ווו האָט איר, קינדערלעך, נאָך אַזאַ טייערע מצוה, וואָס פאַר זיצן און גאָרנישט טון גיט מען שוין שכר...

רחלע איז איר אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— איר מיינט אפשר, אַז אונדז איז אַצינד נישט ערגער פון אייך?

שלמה מיט יחיאלן האָבן אין איין קול אויסגעשריגען:

— וואָס איז שוין ווידער פאַר אַ נייעס? באַרעכן, וואָס פאַר דריי טעג טוט זיך אָפּ...

די מומע טייבל האָט פאַרוואָרפן מיט הענט און מיט פּיס:

— נישט איצט, נישט איצט, עס גייט יום־טוב אויף דער וועלט! מען דאַרף אַרויסוואַרפן פונעם קאָפּ אַלע שטותים... גייט בעסער, וואַשט זיך אַרום, גייט אין וואַסער אַריין *, דער טאָג שטייט נישט.

חברה האָבן אָבער דאָס מאָל נישט געוואָלט פאָלגן די מומע. זיי זענען אַוועק מיט רחלען אין צימער און געצווונגען זי דערציילן, וואָס האָט ביי זיי געטראָפן. רחלע האָט אַלץ איבערגעגעבן:

— ביי אונדז איז טאַקע יאָ, ווי מען זאָגט, אַ שטילע שׂרפה, איר פאַרשטייט?...

דעם פעטער גרשונס קלייט האָט געטראָגן אַ נאָמען פון עפּעס אַ מין קאָאָפּעראַטיוו. סחורה האָט ער זיך אַליין געמוזט שאַפן, נאָר פרייזן צום פאַרקויף האָט מען אים געשטעלט פון דער פאַרוואַלטונג. געאַרבעט האָט ער צוזאַמען מיט זיינע קינדער. אויף זיין האַלטן שבת געשלאָסן דאָס געשעפט האָט אים קיינער קיין דעה נישט געזאָגט. פּרנסה האָט ער געהאַט

---

* גיין אין וואַסער אַריין — געמיינט: מקוה.

בהרחבה, ס'האָט געסמאַיעט, ווי זאָגט מען דאָס, אויף ברויט מיט קוילעטש און נאָך אויף טעכטער חתונה צו מאַכן. איצט איז אָנגעקומען אַ פריי־שער צירקוליאַר פאַר די קאָאָפּעראַטיוון. ערשטנס: צומאַכן אַלע קליינע קלייטלעך. איבערלאָזן נאָר גרויסע קלייטן, אוניווערמאַגן *, ווו עס אַרבעטן פופצן, צוואַנציק מענטשן ביים פאַרקויפן. אַזוי, אַז פון אַפּהיטן שבת קען שוין קיין רייד אפילו נישט זיין. צווייטנס: איינקויפן אַליין סחורה טאָר מען נישט. מען דאַרף זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס מען וועט צושיקן פון צענטער לויט דעם פּלאַן. אויף פּראָסט יידיש האָט דאָס געהייסן: ווערן אַ שומר פון ליידיקע פּאָליצעס. דער לעצטער טערמין, וואָס מען האָט געגעבן דעם פעטער גרשונען אויף איבערגעבן די קלייט, איז געווען דער צווייטער טאָג חול־המועד.

רחל איז געווען גערעכט. דער נייער צירקוליאַר האָט געבראַכט פאַר זיי אַ חורבן. זייער הויזגעזינד האָט אַצינד געהאַט צוויי ברירות: זיך אויך אַ וואָרף טון אויף לופטיקע פרנסות און ריזיקירן מיטן לעבן אַלע מינוט און אַלע רגע, אָדער נעמען שטעקנס אין די הענט און פאָרן ערגעץ אַפּריכטן גלות באַגלייך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט אַלע יידן פון זייער שניט.

פון דעסט וועגן, נישט קוקנדיק אויף די וואָלקנס, וואָס רוקן זיך אָן, האָט נאָך די מרה־שחורה אויף דער משפחה קיין שליטה נישט געהאַט און די ערשטע טעג סוכות זענען נאָך געווען זייער פריילעכע. יעדער איינציקער ביי זיך האָט געפילט, אַז ער שטייט פאַר אַנטשיידנדיקע נייעסן אין זיין לעבן, און קיינעם האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן די נייעסן, אַזוי לאַנג, ווי מען מוז נישט. מען האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ איינער דעם צווייטן און אויף גאַרנישט קוקנדיק זיך געמאַכט לוסטיק.

* אוניווערסאַלע מאַגאַזינען.

# קאפיטל XXIX

חול־המועד, באלד ווי נאָר דער פעטער גרשון האָט זיך אויף אייביק געזעגנט מיט דער קליט, האָט זיך אויפגעהויבן א שטורעם ביי דער מומע טייבלען אין שטוב. די מיטלסטע טאָכטער זייערע האָט זיך גע־קליבן דעם ערשטן טאָג נאָך סוכות ארויספאָרן אויף שטענדיק ווינען קיין אָדעס און געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אויך רחלען. זי האָט איינגע־לייגט וועלטן, געטענהט צו דער מוטער און געשריגן:

— ס'איז היינט נישט די יאָרן, וואָס מען באַהאַלט א קינד הינטער דער מאַמעס פאַרטעך ביז צו דער חופה און בפרט א מיידל. דו זעסט דאָך שוין דעם תכלית פון אנאַניעווער פרנסות... וואָס וועט דאָ רחל זיצן? אויף וועמען וועט זי וואַרטן? אויף משיחן? ווער וועט צו איר אהער טרעפן? אזוי ווי מנשה האָט אוועקגעזעצט זיינע שוועסטער טריי־קענען אין כמעלניק? ניין! רחלע מוז פאָרן מיט מיר! זי וועט זיך דאָרט לערנען עפּעס א מלאכה צי גאָר אריינטרעטן אין א שול, זי זאָל נישט זיין אזא מוראדיקער עם־הארץ. אָדער זי וועט זיך גאָר אָפּזוכן א חברה־מאַן, אַליין בעסער איידער זיצן דאָ...

מיטן פעטער גרשונען האָט זי לאַנג נישט געדאַרפט האַרעווען. זיין הסכמה האָט זי גרינג באַקומען. וואָס אמת, איז אמת: ס'איז אודאי נישט היימלעך צו בלייבן עלנט ביי די יאָרן, אָן איין קינד אין שטוב. נאָר וואָס קען ער דערצו העלפן? קענען א גאַנצער וועלט קען מען נישט גיין. מען מוז זיך לאָזן מיטן שטראָם. דאקעגן די מומע האָט געקערט וועלטן, געוויינט און געריסן די האָר אויף זיך:

— וואָס הייסט, גאָר אָפּגעבן א קינד צו דער עבודה־זרה? יאָ, יאָ! ס'איז נישט קיין מליצות, זאָלט איר טאַקע וויסן, אָדעס פאַר רחלען איז עבודה־זרה. דאָרט וועט זי זיכער עסן טרפות. ביי איר שוועסטער טאַקע. יאָ, יאָ! כ'וויל זיך גאָרנישט נאַרן. כ'קען נישט מיינע קינדער, צי וואָס? אודאי איז מיר פון דער עלטערער אויך א ווייטיק אין הארצן, אַז מיינס א קינד זאָל פירן א טריפהנע קיך, נאָר וואָס קען איך העלפן? זי האָט שוין איר אייגן הויזגעזינד, זאָל זי אַליין פאַר זיך טראָגן אחריות. אָבער רחל? וואָס דאַרף זי אין דעם אויסגעלאַסענעם אָדעס? טאָמער האָט זי נאָך שבת נישט געאַרבעט? מיט קיין שקצים נישט ארומגעגאַנגען? וועמען וועט זי דאָרט נעמען? א איוואַן איוואַנאָוויטשן? ניין! אזוי לאַנג, ווי איך האָב נאָך עפּעס אין שטוב צו פאַרקויפן, אפילו דאָס העמד פון זיך, און נאָך דעם גיין וואַשן גרעט ביי יענעם... כל־זמן אויף מיינע אויגן ליגן נאָך נישט קיין שערבלעך, טאָר איך מיין קינד פון זיך נישט אָפּלאָזן, דאַרף איך זען מיט מיינע אויגן, וואָס מיט מיין טאָכטער טוט זיך!

שלמה פלעגט נישט קענען פאַרטראָגן קיין ענלעכע סצענעס און אַנט־לויפן צו די איבעריקע קרובים. אָבער אומעטום איז געווען נישט היימ־

לעבער. ביי יעדן באַזונדער האָט זיך עפּעס איבערגעריסן, עפּעס אַ פּרו־זשינקע געפּלאַצט. ס'איז ווי געהאַנגען אין דער לופט אַ וואָרענונג: היט זיך, דאָס אייז רירט... נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג — און ס'וועט דער־פון קיין סימן נישט בלייבן.

אויף דער משפּחה האָט אַ ווייע געטון מיט כמעלניקער חורבן. אַ פּנים דער גורל פון די צוויי שטעט איז געווען איינער. נישט מער, אַנאַניעוו איז באַשערט געווען מאריך־ימים זיין קעגן כמעלניק אויף אַ גאַנץ יאָר.

הושענא־רבא, אַקוראַט צום קלאַפּן די הושענות, האָט רחל אַריינ־געשיקט מיט איר יינגסטער פּלימעניצע צו שלמהן אין שול אַריין אַ בריוו פון דער היים. שלמה האָט אים אפילו נישט אויפגעעפנט ביז נאָכן עסן. דאָס האַרץ האָט אים האַסטיק געקלאַפּט. די אומרואיקייט האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, נישט ביים טיש, נישט נאָכן טיש:

— וואָס שטייט אין דעם בריוו? צום ערשטן מאָל האָט דער פאָטער ד'ערהערט דעם נאָמען פּאָלי פון זיין זונס מויל. וואָס האָט זיך ביי זיי אין שטוב אָפּגעשפּילט? וואָס האָט די מאַמע געהאַט אויסצושטיין פון דעם טאַטן — איבער זיין בריוו? וואָס האָט מנשה דער רב דערויף גע־זאָגט? וואָס האָט דער זיידע דערויף געזאָגט?

די אַלע פראַגן האָבן אים געגליט דעם מח, געפרעסן דאָס לייב, ער איז אויסגעגאַנגען צו וויסן וואָס גיכער אַן ענטפער אויף זיי. נאָר אַן אומבאַגרייפלעכער פּחד האָט אים אָפּגעהאַלטן פון אויפדעקן די קאָרטן. וואָס מער זיין נייגער האָט זיך געשטאַרקט, אַלץ מער איז אים אַ שאָד געווען געוויר צו ווערן דעם סוד. ווי ער וועט נאָר אויפרייסן דעם קאָנ־ווערט און כאַפּן אַ קוק — פאַרטיק! פאַרפאַלן... צוריקכאַפּן קען מען שוין נישט... אַך, ווי גוט וואָלט געווען, ווען ס'איז מעגלעך געוויר צו ווערן דעם תוכן פון בריוו און דאָך זאָל נאָך עפּעס בלייבן אַ נישט דער־שעפּטס, אַ נישט אויסגעלייענטס...

יחיאל איז אויסער זיך פון שלמהס האַלטן דעם בריוו אין בוזעמטאַש. ער קאָכט זיך און פאַרשטייט נישט, צו וואָס דאָס מאַטערן זיך אַליין?

— שלימזל, דו וועסט היינט אויפעפענען דעם בריוו צי דו ווילסט טאַקע, אַז עס זאָל נאַכט ווערן, כדי מען זאָל שוין נישט טאָרן אויפרייסן?

ביז אַ שעה פאַר מנחה האָט שלמה אויסגעהאַלטן דעם נסיון, דער־נאָך האָט אים דער יצר־הרע גובר געווען און ער האָט אויפגעמאַכט דעם קאָנווערט. אונטערן אַדרעס איז געווען אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות און אונטערגעשטראָכן: פאַר שלמהן, פערזענלעך. שלמה אָבער האָט שוין נישט געהאַט קיין סודות פאַר זיין פעטער. זיי האָבן זיך פאַרשלאָסן ביי רחלען אין צימער און מיט ברענענדיקע אויגן געלייענט:

„...פון דיין צוקערדיקן בריוו בין איך גראָ געוואָרן, דאָס קען איך דיר יאָ שרייבן. טאָמער וועט דיר הנאה טון" — אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער בריוו — „איך האָב נאָר געלייענט און געטראַכט ביי זיך: רבונא דעלמא כולה, וואָס האָב איך פאַרזינדיקט ביי דיר ערגער פון מיין מאַמען?

ווארעם ווען איך זאָל זיין דאָרטן ווו זי, וואָלט איך דאָך פאַרשפּאָרט לייענען אזוינע בריוו, וואָס על־פּי־דין דאַרף מען, הערנדיק אזוינס, קריעה רייסן. מה נאמר ומה נדבר, כדאי געווען האַלטן פאַר דיר די בעסטע מלמדים אין שטאָט, פירן דיך וויפל מאָל צו ר׳ דודל סקווירער, צו ר׳ וועלוועלע ראַכמעסטריוועקער, אַלץ כדאי, אבי דו זאָלסט נאָך דעם קענען כאַסליערע האָבן פאַר יאַנים שיקסע... דו זאָלסט נישט מיינען, אַז איך שרייב מליצה, חס ושלום, אַ שיקסע איז זי, אודאי אַ שיקסע און טאַקע נאָר אַ שיקסע. און פאַרקערט, אדרבה, זיי דו אַ בריה און פּרווו זאָגן, מיט וואָס איז זי נישט קיין שיקסע? אַ מיידל, וואָס ווייסט נישט, וואָס איז אזוינס „מודה־אני" און וואָס איז אזוינס „יזכור", צו וואָס דאַרף מען מצה און וואָס הייסט עפּעס גאָר פאַסטן יום־כפור. גיי רעד מיט אַזאַ נפש וועגן טהרת־משפחה. גיי מאַך אזוינס קלאָר, ווען יאָ און ווען ניין, וואָס מען טאָר נישט און וואָס מען מעג. ווייס איך וואָס, זי וועט דיך גאָר באַשפּייען און וועט זיין בפירוש זייער גערעכט. וואָרעם ווער גייט עס אָנטון אַ נזם זהב באַף חזיר? דאָס קען נאָר איינפאַלן אַזאַ תכשיט, ווי ביי מיר איז אויסגעוואַקסן... איך שטעל מיר נאָר פאָר, ווי אויפן עולם האמת רודערט זיך איבער מיט דיין בשרן זיווג, וואָס דו האָסט דיר צוגעקליבן. דיין הייליקער זיידע, דער בעל־שם־טוב, זעצט זיך מן הסתם „שבעה" נאָכן טייערן אייניקל. דער צווייטער זיידע, דער אַפּטער רב..."

און דאָ גייט אַוועק אַ לאַנג צעטל פון צדיקים, וואָס באַקלאָגן דעם נייעם שידוך.

„...אָט זעסטו, דיין מאַמען מיט די שוועסטערלעך האָסטו דוקא צוגע־טראָפן. זיי זענען שוין פאַרטיקע מחותנים און כ׳בעט דיך זייער, וואָס איז דאָ דאָס חידוש? זיי האָבן פיל בלוט פאַרגאָסן אויף יידישקייט? נעכט אויפגעווען? תעניתים געפּראַוועט?... אָדער צום ביישפּיל, מנשה דער מומע זלאַטעס, מיט זיין קרומען קאָפּ. ער מוז דאָך זאָגן איבערגע־קערט, דאָס איז דאָך ביי אים שוין אַ חזקה. אודאי — זאָגט ער — וואָלט גלייכער געווען, אַז דו זאָלסט בעסער נעמען דיינס גלייכן, נאָר עס איז אויך נישט געפערלעך, אויב דו וועסט נעמען פאָלין... סטייטש — מענה איך — פאַר, וואָס איז נישט געפערלעך? וואָס קען שוין זיין גע־פערלעכער?... ענטפערט ער מיר מיט אַ קאַלטן לונג־און־לעבער, ווי זיין שטייגער איז: פאָלגט מיך, אפרים־אהרון, ס׳איז נישט געפערלעך, באשר בכן, שלמה איז נישט אַזאַ קינד, וואָס וועט זיך לאָזן פירן ביי דער נאָז... וואָס אַרט אים, דעם אַלטן בחור? עס קאָסט אים טייער אין קראָם? ער דאַרף זיך דען מיט איר האַלטן? איך וועל דאָך נאָך דעם זיך מוזן ניאַנטשען מיט איר, ליידן בזיונות פאַר דער גאַנצער וועלט. וואָס גייט אים אָן, דעם קעשעניעווער טעלער־לעקער, דעם קאַבצעדריילע הגדול, דעם „שמח בחלקו" מיטן נאַקעטן „איך בעט איבער דיין כבוד", וואָס אַרט אים, אַ שטייגער, וואָס ביי יענעם גייט דאָס בלוט פונעם האַלדז, אבי ער זאָגט זיך גלייכווערטלעך און בערשטלט זיך די וואָנסעס... זעסטו,

דער זיידע שלום איז טאַקע אַ חכם. ער זאָגט גאָרנישט. ער האָט אָנגע־נומען אַ מויל מיט וואַסער און שווייגט. וויפל איך בין צו אים נישט צוגעשטאַנען — איין מאָל ניין! ער ווייסט נישט וואָס צו זאָגן. נאָר זיין שווייגן הייסט דען נישט גערעדט? ער זעט שוין, ווי עס האַלט מיט דיר, וווהין עס ציט דיך, אין שאול תחתיות אריין, מיינע שונאים, ער זעט שוין... וואָס האָט ער שוין צו זאָגן? און וואָס וועט העלפן זיין זאָגן?... און מיינסטו, איך? וועל זיך דאָס לעבן נעמען? אָבער גאָר: לא מיט אַן אלף! הלמאי זאָל איך זאָגן? איך בין ווייט דערפון, כ'האָב ברוך־השם, חוץ דיר, נאָך פינף קינדער, זאָלן געזונט זיין, זיי דאַרפן נאָך אויך אַ טאַטן... וואָס טוט נאָר אַ ייד, אַז איין קינד גייט ביי אים אַוועק, רחמנא ליצלן? מיינסטו, אַז מען שטאַרבט נאָך? ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן! מען וויינט און מען וויינט, ביז מען וויינט זיך איבער. איך בין שוין נישט בכח צו דערהרגענען זיך פאַר יעדער זאַך באַזונדער. כ'האָב דיך מפקיר געווען, הפקר גמור. גיי וווהין דו ווילסט, טו וואָס דו ווילסט, נעם וועמען דו ווילסט. דו האָסט געהייסן, בין איך געווען ביי אסתר יאַניס, כ'האָב איר אפילו געזאָגט — אַ בושה און חרפה פאַר מיין גרויער באָרד — אַז דו פרעגסט ביי מיר פאַלים אַדרעס. שיין זיך אויסגעהאַנדלט, האַ? דער־לעבט, ברוך־השם, זיך גיין אָנשלאָגן צו דער באַנדערקע פאַר אַ מחותן... נאָר איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז כ'האָב דיך מפקיר געווען. עס איז מיר שוין אַלץ איינס, זאָל זיך טון, וואָס עס וויל זיך... זאָגט זי מיר, אסתר הייסט עס, אַז איר מויד איז שוין נישט אין סטאַלינדאָרף, שוין אַ וואָך צייט, אַז זי איז אין קיעוו ביי איר שוועסטערקינד סאָניע, וואָ־דימיר ווייסבלאַטס ווייב. דו דאַרפסט אים געדענקען פון זוועניגאָראָדקע. זיי וווינען דאָרט, אויף אינסטיטוטסקע־גאַס 16/9. אָט דאָס איז דאָס. ווילסט — פאָר, גיי, האָב חתונה, האָב נישט חתונה, ס'איז מיר שוין אַלץ איינס. וועסטו מיר צושיקן אַ פּאָרציע לעקעך פון דיין חתונה, מהיכא־תיתי, ניין — איז נאָך גלייכער. אָט דאָס האָב איך אָפּגעהאָרעוועט אַ וועלט, געקראָכן פון דער הויט, געוואָלט מיט מיינע קינדער דערלאַנגען דאָס טעלערל פונעם הימל, מיט אַ מאָל האָט זיך פון אַלץ אויסגעלאָזט אַ מייך... פּי־פּו־פּאַ... נישטאָ וואָס צו רעדן, אַ פיינער, זייער אַ פיינער יאַריד... גאָט און לייט וועלן מיר מקנא זיין. אגב, אויב דו פאָרסט טאַקע אַרויס קיין קיעוו, גיב אונדז אַ טעלעגראַמע, וועל איך דיר אַרויסשיקן „צום פאָדערן" אויף דעם גלאַוו־פּאָטשטאַמט* עטלעכע פּאָסילקעס** עסנוואַרג; מען זאָגט, אַז פּוטער לוינט אַהינצו. פּאָסאָליעס באַמבע, בוימל אַ פּושקעלע, אפשר וועלן מיר נאָך עפּעס צוקלערן און דו זאָלסט מיר צוריקשיקן: סטאָליערישן קליי, שוסטערשע טשוועקלעך, טעקסט*** פאַר

---

* גלאַוו־פּאָטשטאַמט — הויפּט־פּאָסט.

** פּאָסילקעס — פּאָסטפּעקלעך.

*** טעקסט — שפּיציקע שוסטערשע אייזערנע שטיפטן.

שוסטערס, דראטווע און סתם קלעצעלעך פאַדעם, ווייסע און שוואַרצע, קיטאַיער טיי, קאַפּע „מאַקקאַ", טואַלעט־זייף, מראַמאָרנע זייף, קעשענע־שפּיגעלעך, נאָר שיינע, פינגערהוטן, נאָדלען; אַט די אַלע זאַכן זענען דאָ שטאַרק בחשיבות. אויב איך זאָל אָנהייבן שיקן צו צוויי פּאָסילקעס אַ וואָך און באַקומען פון דיר אויך צוויי פּאָסילקעס אַ וואָך, וואָלט איך דערפון געהאַט מיין פּרנסה. ווייל דו שטעלסט זיך גאָר נישט פאָר דעם דלות מיט דעם עניות, וואָס ביי אונדז אין שטוב טוט זיך... אין איין וועגס גיב שוין דאָרטן אַ קלער עפּעס וועגן דינהן אויך, זי דערגייט אונדז די יאָרן, ממש אַ נישט־גוטער האָט זיך פאַרקליבן אין איר: נאָר קיעוו, קיעוו און קיעוו. דאַכט זיך, אַז זי קלייבט זיך דיר באַזונדער אָנשרייבן. מנשה האָט געבראַכט פאַר דיר אַ בריוועלע, נאָר ער איז גוזר, אַז קיינער זאָל עס דאָ נישט לייענען. דעם אמת געזאָגט, בין איך דוקא אַ בעלן צו וויסן, וואָס דער דאָזיקער סאָרט פאַרשווין קען דיר שרייבן נאָך אַזאַ גאָלדענעם בריוו, נאָר צוליב דעם זאָל איך עובר זיין אויף אַ „חרם דרבנו גרשון" — דאָס דוקא נישט. כ'וועל איבערשפּאָרן דעם יצר־הרע. די מאַמע גריסט דיר און אַלע קינדערלעך קושן דיך. פון מיר, דיין פאָטער, וואָס ווינטשט דיר, אַז דו זאָלסט זיך נאָך גוט באַטראַכטן, איידער דו גייסט מאַכן אַזאַ ערנסטן... וואָס זאָג איך, ערנסטן? אַזאַ געפערלעך שרעקלעכן שריט. איך מיין נישט אַזוי מיין כבוד, ווי דיין טובה..."

# קאפיטל XXX

אין צימער האָט עטלעכע מינוט געהערשט אַ שטילקייט. שלמה האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף יחיאלן, יחיאל אויף שלמהן, יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט וואָס דייטלעכער אויסטאַפּן, וועגן וואָס טראַכט זיין חבר. מיט אַ מאָל האָט שלמה אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. יחיאל האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט:

— פון וואָס לאַכסטו?

— כ׳ווייס פון וואָס? איך לאַך... אַנו, זיי אַ בריה און לאַך נישט. אַליין פאַרשטייסטו נישט, אַז דעם טאַטן געפעלט דער שידוך נישט ווייניקער ווי דער מאַמען? מען דאַרף נאָר קענען לייענען צווישן די שורות. נו לאָמיר זען, וואָס שרייבט מען ווייטער?

מנשה האָט געשריבן:

„...דאָס לעצטע מאָל, איידער דו גייסט זאָגן פאַלין אַזאַ גרויס וואָרט, וואָרן איך דיך, שלמה, ווי אַ פריינד, ווי אַ ברודער: טו דאָס נישט, ווייל סיי ווי וועט דערפון גאָרנישט ווערן. נאָר אויב אפילו עס וועט געשען אַ נס און זי וועט יאָ מרוצה ווערן, איז דאָס פאַר דיר ווייט-ווייט נישט קיין גליק. דו קענסט זי נישט! ס׳איז אַ קאַלטער שרץ. דו וועסט שטענדיק זיין איר עבד־כנעני און קיין ענטפער אויף דיין הייסער ליבע נישט באַקומען. ניכער וועט זי פון דיר מאַכן ·אַ גוי גמור, איידער דיר וועט זיך איינגעבן מאַכן פון איר אַ כשרע יידענע. שלמה, ליבער, טייערער שלמה! פאַרקויף זיך נישט וואָלוול. אַזעלכע בחורימלעך ווי דו זענען נישטאָ היינט קיין סך, אָבער אַזעלכע מיידלעך ווי זי, — אין די הונדערטער־טויזנטער. אַזאַ נעזל צי אַן אַנדער נעזל, קאַשטאַנען־האָר אָדער ברוינע — דאָס איז אַלץ שטותים. איך זאָג דיר מיינס: כלך לך אצל מינך... זוך דיר נישט פון דער גאַס, ווייל דו אַליין ביסט אויך נישט פון דער גאַס. מיין דינהס מינדסטער פינגער איז טייערער פון יענערס קאָפּ. רחלע דער מומע טייבלס איז אויך לייטישער פון איר. טאָמער האָט זי זיך אַ ביסל ווייניקער אָנגעלייענט מיט ראָמאַנען? איז דאָס נאָך גלייכער פאַר דיר. וועט זי נישט האָבן פון וועמען צו טראַכטן חוץ ווי פון דיר. איך וואָלט זי אודאי גענומען פאַר זיך מיט ביידע הענט, נאָר זי וועט מיך נישט נעמען, איך בין צוויי מאָל אַזוי פיל אַלט ווי זי. אָבער דו? איך גיי דיר נישט זאָגן קיין דעה — דינה אָדער רחל, כאָטש מען מעג דאַכט זיך זאָגן להבדיל, וועלכע פון זיי ס׳איז דיר נעענטער צום האַרצן, יענע — נעם. איך אַגיטיר נישט פאַר קיינעם, נאָר געדענק גוט, אַז ביידע שטייען זיי נעענטער צו דיר פון דער קאָלכאָזניצע דאָרטן... כ׳ווייס, אַז דיין טאַטע איז ספּעציעל געפאָרן צו איר מוטער קיין זווענעגאָראָדקע נאָכן אַדרעס, אָבער דו זיי קליגער פון אים. פאַרנוץ דאָס שטיקל פּאַפּיר און וואַרף עס אַרויס..."

שלמה האָט אוועקגעוואָרפן דאָס בריוול נישט דערלייענט. זיין נשמה איז שוין געווען אין קיעוו, ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין שלעכט וואָרט אויף זיין פּאַלין.

דינה האָט געשריבן, אַז שלמהס בריוו האָט אויפגעריסן די שטוב ווי אַ באָמבע. דער טאַטע קער אים דאָרט גוט אויסזידלען אין בריוו, נאָר שלמה זאָל זיך נישט פאַרלירן, ער זאָל טון נאָר דאָס, וואָס זיין האַרץ זאָגט אים אונטער. ווייטער בעט זי אים, ער זאָל אין קיעוו באַשטעלן אַן אָרט פאַר איר, וווהין זי זאָל קענען פאַרפאָרן. וועד דען, אַז נישט ער? אויף אים איז איר גאַנצע האָפענונג. אַזוי ווי ער וועט זיכער צופאָרן צו דער מאַמעס ברודער, זאָל ער לכתחילה זאָגן, אַז ער איז געקומען צוזאַמען מיט דער שוועסטער.

די מאַמע האָט צוגעשריבן מיט אַ מזל־טוב: זי וואָלט שוין אַ בעלן געווען זען די קינדער, געמיינט: שלמהן מיט פּאַלין...

שלמה האָט ביטער אַ שמייכל געטון:

— נו, ביי דער מאַמען האָב איך שוין געפּועלט. נאָך ביי פּאַלין, און — פאַרטיק.

דעם זעלבן אויפדערנאַכט זענען אַלע אויסגעגעבענע קינדער געקומען צום פעטער אין סוכה אריין. דער פעטער אַליין איז געווען מיד פונעם אויפזיין די הושענה־רבהדיקע נאַכט און איז אוועק שלאָפן. די מומע מיט די קינדער האָבן צום הונדערטסטן מאָל ארומגעשמועסט דעם ענין, צי רחלעס פאָרן קיין אָדעס איז טאַקע אַזוי נייטיק, צי ס'איז נאָר, אַבי דער מאַמען די יאָרן דערגיין.

די הימלען זענען געווען סוכותדיק פאַרוואָלקנט. ס'איז געווען זייער דושנע. די גאַנצע נאַטור האָט געלעכצט נאָך אַ רעגן, נאָך דער־פרישנדיקע עטלעכע טראָפּנס. די ביימער זענען געשטאַנען פאַרטשאַדעטע, פאַר־שטויבטע און נישט גערירט מיט קיין בלעטל. די פלעמלעך פון די יומטוב־דיקע ליכט האָבן געברענט מיט אַ געלן שלעפעררדיקן פייער, קיין ווינטעלע האָט זיי נישט באַוועגט, נישט געשטערט זייער וואַכנדיקן שלאָף. פון דער בייטאָגעדיקער היץ האָט דער הימל שטאַרק געפינטלט מיט די אויגן, אָבער אפילו די מומע טייבל האָט אויף די בליצן קיין ברכה נישט גע־מאַכט. שלמה מיט יחיאלן האָבן זיך אומבאַמערקט ארויסגעגליטשט פון דער סוכה און זענען אוועק אַ ביסל שפּאַצירן אין דער טונקעלער אַלייע. וועגן דעם כמעלניקער בריוו האָבן זיי נאָך קיין צוויי ווערטער נישט אויס־גערעדט און דערפון האָט זיך געפילט אין זייערע באַציאונגען נישט קיין נישט־קלאָרקייט, נישט קיין בייזוויליקייט, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס האָט נישט קיין נאָמען, נאָר פון וועלכן מען באַמיט זיך וואָס גיכער צו באַ־פרייען.

יחיאל האָט צעשטערט די שטילקייט:

— נו, שלמה, וואָס קלערסטו טון?

— ביי דיר איז נאָך אַ פראַגע? דעם ערשטן טאָג נאָך יום־טוב פאָר

איך אם ירצה השם קיין קיעוו. כאַפּט דער רוח דעם קוסטאַרן־פּאַראיין מיט די זינגלען אין איינעם. איך לאָז זיי צו דעם סטאַנאָק מיט דעם גאַנצן קלאַפּערגעציַיג, זאָלן זיי זיך וואַרגן מיט אים, איך בין שוין נישט קיין היגער. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז קיעוו וועט מיר פאַרבייטן כמעלניק... אַנאַניעוו איז זייער אַ פיין שטעטל, אָבער דו זעסט דאָך, דער מלאך המות שמעקט שוין אַהער אויך אַריין... וואָס איז דאָ דאָ צו זיצן? זיין ביי יציאת־נשמה? זאָלן דאָס טון אָרטיקע איינוווינער, מענטשן, וואָס האָבן דאָ נחלות, שווערע נכסים, אָבער מיר? גרים? וואָס האַלט אונדז דאָ? מיט וואָס זענען מיר דאָ פאַרבונדן?...

און נאָך אַ קורצן שווייגן:

— יחיאל, אפשר פאָרסטו אויך קיין קיעוו? ווען מיר פאָרן צו־זאַמען?

— ניין, ברודערקע. איך — נישט! קוים איז פּאָלי אין קיעוו, וויל איך אַהין נישט קומען פריער ווי אין אַ יאָר אַרום... זאָל דיר גאָט העלפן. איך וויל דיר נישט שטיין אין וועג. דו פאַרשטייסט דאָך אַליין: פּאָלין האָב איך אויך אַ מאָל שטאַרק ליב געהאַט. איצט איז זי נאָך אודאי שענער ווי אין כמעלניק. די סאַמע יונגע יאָרן! ווען איך קום קיין קיעוו, קען איך פאַר זיך נישט גאַראַנטירן... איך בין נישט מער ווי אַ בשר־ודם, מיין נשמה איז אויך אַ מבין, וואָס גוט איז. זי ווידער, קען אַ מאָל טרעפן, זאָל גיכער איינשטימען אויף אַ פּראָסטן חברה־מאַן ווי איך, איידער אויף אַזאַ געלערנטן ווי דו. שלמה, נאָר דיך אַליין נישט אָפּ. דיין פרומקייט, דיין לומדות איז ביי איר גאָר, גאָר אַ קליינע גדולה, פאַרקערט, גיכער אַ חסרון. אַז איך זאָל זיך מעלדן אַלס דיין קאָנקורענט, בין איך ווייט דערפון. ווען דו זאָלסט מיר אפילו זיין אַ פרעמדער, וואָלט איך דאָס אויך נישט געטון. מיין איינפאַכע מענטשן־ליבע פאַרווערט מיר דאָס. וויל אין אמתן גערעדט, בין איך דערוויַיל נישט קיין בעלן חתונה צו האָבן. אַזוי זיך אַרומפירן מיט אַ שיין מיידל — דאָס יאָ, אָבער אָן קיינע פליכטן. און כ׳וועל דיר נאָך דערציילן אַ שיינס: אין כמעלניק איז מיר געפעלן געוואָרן פּאָלי, אין טערליצע — מיין קוזינע יהודית, אין אַנאַניעוו — רחלע, נאָר דאָס אַלץ, פאַרשטייט זיך, נישט ערנסט, נאָר אַזוי־זיך, ביזן אוועקפאָרן. איך וועל נישט חתונה האָבן אויף דעם תנאי צו לעבן פון די לופטיקע פרנסות. איך וויל פריער ווערן אַ אינזשיניער אָדער אַ דאָק־טער, וויסן, אַז איך האָב אַ פעסטע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, אַז כ׳האָב דאָס רעכט צו זאָגן מיין געליבטער: קום צו מיר, מיין טייערע, כ׳וועט דיר קיין מאָל גאָרנישט פעלן.

עטלעכע מינוט זענען זיי געגאַנגען שווייגנדיק. יחיאל האָט אומעטיק פאַרגעזעצט:

— באַלד נאָך סוכות וועל איך פאָרן מיט דער מומע טייבלס טאָכטער קיין אָדעס. דאָרטן וועל איך זיך צוזוכן עפּעס אַן אופן פון פרנסה און זיך נעמען לערנען. אין דער היים, ביים טאַטן, איז דאָ מיכאל און ברכה

איז אויך דאָ. איך קען איצט קיינעם נישט באַוואָרענען, כ׳מוז זיך ערנסט פאַרטראַכטן וועגן מיין תכלית. געווען אַרומגעדרייט זיך פּוסט און פּאַס!

אין די צווייטע טעג סוכות איז נאָך די שטימונג ביי דער משפּחה געווען אַ נישקשהדיקע, אָבער זייער אַן אָנגעשטרענגטע. מען האָט נאָך געפּרעגלט קרעפּלעך אין האָניק, געמאַכט פּראַקעס * פון גענדזנס, שמחת־תורה האָט מען געטאַנצט, געפּראַוועט אַ קידוש פאַרן גאַנצן עולם, אָבער די אָנגעצווינגנקייט פון דער לאַגע האָט זיך געלאָזט פילן אויף יעדן שריט און טריט. אפילו די מומע טייבל איז אויך געווען שטאַרק נישט אויפגע־לייגט. זי האָט גוט געפילט, אַז דער חדר צעפאַלט זיך און קיינער קען דערצו נישט העלפן. די מיטלסטע טאָכטער פאָרט אַוועק, רחלע פאָרט אויך, ס׳איז שוין קיין ספק נישט, אַז ס׳וועט איר גאָרנישט העלפן, דאָס איז העכער פון אירע כחות. שלמה פאָרט אַוועק, יחיאל פאָרט אַוועק... אוים מלוכה! אַלע טייערע און ליבע ווערן צעזייט און צעשפּרייט אויף שבעה ימים. ס׳ווערט אומעטיק אויפן האַרצן. און די נשמה אין איר באַהעלטעניש וויינט און קלאָגט...

דער מומע טייבלס טאָכטער און שלמה האָבן זיך באַרימט, אַז דעם ערשטן טאָג נאָך סוכות פאָרן זיי אַוועק. אָבער ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי: דעם ערשטן טאָג. אַז עס קומט צו עפּעס, טוט זיך נישט אַזוי גיך, ווי עס רעדט זיך. שלמה האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע פון סמילע, אַז מען האָט אים אַרויסגעשיקט קיין אָדעס 3600 שאַלעכלעך, זאָל ער זען באַלד זיי אַראָפּנעמען און אויפלייגן דאָס געלט טעלעגראַפיש. יחיאל, דערזעענ־דיק די טעלעגראַמע, איז אַזש אויפגעשפּרונגען פאַר אויפרעגונג:

— גוואַלד! ווי אַזוי וועט מען אַראָפּנעמען דעם באַגאַזש, אַז אין קוסטאַרן־פאַראיין קען מען נישט גיין נאָך קיין פרישער נאַפּראַוולעניע אין פרעס־אַרטעל אַריין. און אַראָפּנעמען די סחורה אָן אַ נאַפּראַוולעניע, הייסט עס, קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט אַריין. וואָס זשע טוט מען דאָ? ווידער, לאָזן די סחורה זייערן אין דער באַגאַזש־קאַמער, איז גלייך ווי אַליין זי אָנצינדן.

שלמה האָט גענומען נישטערן ביי זיך אין פּאָרטפעל און אויסגע־קראַצט פון דאָרטן דעם ערב־יומטובדיקן אָרדער אין פרעס־אַרטעל אַריין. אויף גיך זענען איבערגעמאַכט געוואָרן די דאַטעס און אַלץ איז געוואָרן גלאַט־כשר. פאָרן סאַמע פאָרן איז יחיאל עפּעס נישט געזונט געוואָרן און שלמה האָט באַשלאָסן אַליין צו פאָרן און דורכפירן די שווערע אָפּעראַציע: צו קליינע טיילן אַרויסנעמען די שאַלעכלעך פון באַגאַזש און איבערפירן אויף דער אכסניה, פאַרקויפן און אָפּשיקן דאָס געלט. ס׳איז אודאי שווערלעך פאַר איין מענטשן, אָבער וואַרטן איז געווען געפערלעך.

צוזאַמען מיט שלמהן איז געפאָרן דער מומע טייבלס מיטלסטער איידעם קריגן אַ דירה, כדי ער זאָל האָבן מיט ווייב און קינדער וווהין

* פּראַקעס — וויינזיק פלייש געוויקלט אין קרויט.

צו פּאַרפּאָרן. אָדעס איז נישט אַנאַניעוו. אין אַנאַניעוו, אַז מען קומט צו פֿאָרן, ווערט אפילו פֿון אונטער דער ערד געבוירן אַ דירה, אָבער אין אָדעס קען מען זייער שיין ליגן מיטן ווייב און קינדער אויף דער גאַס, אַבי געזונט.

אין אָדעס זענען שלמהן געגאַנגען די געשעפֿטן זייער שווער. אַרום וואָקזאַל האָט געברענט די ערד. ס'איז ממש געווען אַ סכנה דורכצוגיין צוויי שריט. מיליץ און געפּעאו האָבן געשפּירט אויף יעדן טריט, יעדן דורכגייער אַריינגעקוקט אין די אויגן. אין פֿאַל, אויב עמעצער האָט עפּעס געטראָגן אָדער געפֿירט, אַזוי האָט מען אים באַלד אָפּגעפֿירט אין אַ זייט און בודק געווען: ווער איז ער, ווי קומט ער אַהער און וואָס איז דאָס ביי אים?

שלמה האָט מורא געהאַט, זיך באַנוצן מיט זיין געמלאַכהטן אָרדער און האָט זיך אויף גאָרנישט געקענט באַשליסן. פֿון טיפֿסטן ווינקעלע פֿון זיין נשמה האָט צו אים אַ קול גערעדט:

— שלמה, ריזיקיר נישט נאַריש מיט דיין קאָפּ... פֿאַלי ווינט אויף אינסטיטוטסקע 16/9. די מוטער האָט איר שוין זיכער אָנגעשריבן, אַז שלמה אפרים־אהרונס פֿרעגט זיך נאָך אויף איר. ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז זי דערוואַרט דיך... און דאָ מיט דעם פֿאַרשאָלטענעם באַגאַזש גייסטו זיך איינשטעלן דאָס לעבן... ס'איז אַ שפּיל מיט צען יאָר אַרויסשיקן אויפֿן ווייטן צפֿון... פֿאַלי וועט חתונה האָבן און גליקלעך זיין און דו וועסט פֿאַרפֿאַלן ווערן אין די וויסטע טאַיגעס* ערגעץ... כאַפּט דער רוח די שאַלעכלעך, דאָס לעבן איז בילכער. פֿאָלג מיך, אַדרעסיר איבער די גאַנצע קראָם צוריק קיין סמילע און זאָל זיין דאָס מאָל נישט געטאַנצט מיטן בער...

* טאַיגעס — אורוועלדער.

# קאַפּיטל XXXI

דער קאָפּ האָט שלמהן שיר נישט געפּלאַצט פון טראַכטן און קלערן און צו קיין מסקנא איז ער אַלץ נישט געקומען. ס'איז אים זייער שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פון אַ מזומנעם פאַרדינסט, וועלכן ער דאַרף אַזוי נייטיק האָבן. ביז ער וועט זיך ערשט אין קיעוו זען מיט אַ לעבעדיקן גראָשן, קען נאָך אַ שיין ביסל דויערן. און דאָ איז דער יצר־הרע אַזוי גרויס, ווי אויף צו־להכעיס ליגן די שאַלעכלעך און וואַרטן נאָר, ער זאָל זיך מטריח זיין און זיי קומען אָפּנעמען... מיט אַ לייכטער מאַשין וואָלט מען זיי גרינג און אומבאַמערקט געקענט צושטעלן אויף דער אכסניה פאַר איין און איינציקער שעה. און דאָרטן, די קונים שלאָגן אָפּ די שוועל, גיבן דעם העכסטן פּרייז. ווי אַזוי זשע זאָגט מען זיך טאַקע אָפּ פון אַזאַ פעטן ביסן?... כמעט פיר טויזנט שאַלעכלעך און אין דער היים איז אַזאַ עניות... און עס גייט ווינטער, אַלע זענען נאַקעט און באָרוועס. דינה דאַרף קומען אין אַ גרויסער שטאָט אַריין, ס'איז אַ שאַנד און אַ חרפּה מיט אירע בגדים, אַ מיידל אין אירע יאָרן... אין שטוב איז נישטאָ קיין שיימל האָלץ, נישט קיין קאַרטאָפל, נישט קיין טרוקן באַרל... וואָס מען קען שוין דאָרט געהאָלפן ווערן פון די שוסטערשע טשוועקעס מיט די באָמבע־פּאַטאָליעס... צוריק געשמועסט, מיט וועלכע רעכט זאָל ער איינשטעלן זיינע יונגע יאָרן מיט די בעסטע האָפענונגען? וואָלט כאָטש דאָ יחיאל אויך געווען, וואָלטן זיי זיך שוין ווי עס איז אויסגעעישובט, אַהער אָדער אַהין, אָבער גיי מאַך עפּעס, אַז ער איז דאָ איינער אַליין און קען זיך גאָר קיין עצה נישט געבן...

דעם גאַנצן טאָג האָט ער פאַרבראַכט אין קווענקלענישן, אַזאַ סברא, אַן אַנדער סברא, איין ספק ביטערער פונעם צווייטן און צו קיין באַשלוס פאָרט נישט געקומען. אויף דער נאַכט האָט ער אויפגעזוכט דעם פעטער גרשונס איידעם און איז גאַנץ אומגעריכט געהאָלפן געוואָרן. דאַרף זיך טרעפן אַ מעשה, אַז אין דעם זעלבן טאָג פון זיין קומען האָט יענער זיך באַגעגנט מיט זיינעם אַ חבר, וואָס ציט זיך אַקוראַט אַיבער קיין מאָסקווע. דער חבר האָט געהאַט זייער אַ גוטע און אַ גרויסע דירה אין סאַמע צענטער שטאָט. אין דעם זעלבן טאָג איז די דירה איבערגעגעבן געוואָרן דער אַנאַניעוו'ער משפחה און דעם פעטער גרשונס קינדער זענען אין איין כהרף־עין געוואָרן אָדעסער שטאָט־בעלי־בתים.

ווען שלמה האָט זיך, זיצנדיק ביי אַ גלעזל טיי, פאַרקלאָגט פאַרן קרוב מיט זיין חבר אויף זיין שווערער לאַגע מיט די שאַלעכלעך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דעם זעלבן קאָרידאָר, ווו זיי געפינען זיך, ווינט צופעליק אַן עקספּעדיטאָר פון אַ גרויסער פאַבריק. טאָג־טעגלעך שיקט ער אָפּ און באַקומט צענדליקער אויטאָס מיט רוי־שטאָף און פּראָדוקציע. דעם דאָזיקן עקספּעדיטאָר קען „גאַנץ אָדעס": די גנבים, די פּין־אינספּעקציע, די מיליץ — מיט איין וואָרט: אַלע קסריים! אויף

צומאָרגנס אין דער פרי האָט שלמה אים אָפּגעגעבן דעם קוויט פון באַ־גאַזש און אין עטלעכע שעה אַרום זענען שוין די שאַלעכלעך בשלימות געלעגן אין דער ערשט איבערגענומענער דירה. אין משך פון צוויי טעג האָט שלמה פאַרקויפט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט סחורה און איז אַוועק אויף דער פּאָסט „זיך צערעכענען מיט דער וועלט". ער האָט אויפגע־ליינט דאָס געלט קיין סמילע, דערנאָך האָט ער אָפּגעשיקט צוויי באַזונ־דערע סכומים קיין כמעלניק, דעם זיידן און דעם טאַטן. אָפּגעשיקט אַ היפּשע מטבע דעם רבין שמעיהן. ער איז שוין געווען ווייט אָפּגעגאַנגען פון דער פּאָסט, ווען ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט און זיך אומגע־קערט. איין טעלעגראַמע האָט ער אָפּגעשיקט קיין כמעלניק:

„די טעג פּאָר אַרויס קיעוו, מעגט אַרויסשיקן".

די צווייטע איז געווען צו דער מוטערס ברודער לייזער:

„דערוואַרט מיך מיט דינהן קיעוו".

באַקומענדיק דעם קוויט אויף די טעלעגראַמעס, האָט ער מיט פאַרגע־ניגן אַ טראַכט געטון:

— שוין, פאַרפאַלן! איצט מוז איך שוין פאָרן קיין קיעוו...

אויף דעריבאַסאָווסקע־גאַס האָט ער זיך געטראָפן מיט דעם פעטערס איידעם און האָט אים פאַרשלעפּט אין קליידער־מאַגאַזין. דאָרט האָט ער זיך געקויפט אַ בכבודיקן אַנצוג, אַ שיינעם וואָלענעם זומער־מאַנטל, אַ פּאָר שיך, עטלעכע אויבער־העמדער, אַ שניפּס און נאָזטיכלעך — מעשה התן־בחור. דאַן האָט ער זיך אויסגעקליבן אַ ברוינעם טשעמאָדאַן פון מיטעלער גרייס, איינגעפּאַקט אין אים דעם פריש דעראָרבעטן גאַרדע־ראָב און אַליץ מיטגעגעבן מיטן קרוב אויף זיין קוואַרטיר. אַליין איז ער אַוועק אויפן וואָקזאַל און איז צוגעגאַנגען צו דער קאַסע נאָך אַ ביליעט. די קאַסירשע האָט מעכאַניש אַ פרעג געטון:

— וווהין?

שלמה האָט אויטאָמאַטיש אָנגערופן דעם באַקאַנטן נאָמען:

— קיין אַנאַניעוו.

די קאַסירשע האָט גענומען אויסקלאַפּן דעם קאָמפּאָסטער *, ווען שלמה האָט ווי אויפגעוואַכט און מיט אַ אימפּעט אַריינגעשריגן אין פענצטערל אַריין:

— שטייט, שטייט, נישט אַנאַניעוו, נאָר קיעוו... גלייך קיין קיעוו...

די קאַסירשע האָט אים פאַרווונדערט אָנגעקוקט און אַ שמייכל געטון:

— רעגט אייך אַזוי נישט אויף, יונגערמאַן, איר ווילט קיעוו, וועט זיין קיעוו.

און געבנדיק אים אַ רעשט האָט זי אַ בליק געטון מיט די אויגן און שטיל צוגעגעבן:

---

* קאָמפּאָסטער — דאַטע פון אָפּפאָר.

— איר קערט דאָרט האָבן אַ אינטערעסאַנטע באַגעגעניש. נישט אַזוי? איאָ איך האָב געטראָפן?

שלמה איז רויט געוואָרן, איבערגעלאָזט דאָס קליינגעלט און איז אַרויס אויף דער גאַס.

— ווי שעמסטו זיך נישט? — האָט אים אַן אינערלעך קול געמוסרט — דו פירסט זיך אויף ווי אַ יינגעלע... דו מיינסט, אַז אויב פאַרליבט, מוז מען טאַקע זיין אַזאַ שוטה? פע, ס׳פּאַסט גאָרנישט פאַר דיר... נעם זיך אין די הענט אַריין און זיי אַ מענטש!

דער שוואַרצער ים האָט זיך אָנגעצונדן לענג־אויס דעם ברעג מיט טויזנטער פלעמעלעך. די שיפן אין פּאָרט און אויפן רעיד * זענען איינגעשלאָפן אין אַ דיקן נעפּל. די גרויסע שטאָט אָדעס האָט אָנגעהויבן איר געוויינלעכן בייננאַכטיקן רוישיקן לעבן. אַרום וואָקזאַל האָט געקאָכט און געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. דער אויפטרייסלענדיקער געקלאַנג פון די טראַמווייען, די שאַרפע סאָפּראַנען פון די מאַשין־סירענעס האָבן פאַרטויבט די אויערן. פון די פאַרשלייערטע הויכן האָט זיך געזיפּט אַ שלעפעריק רעגנדל. צו די פּלאַטפאָרמעס האָט דער שטאָטישער האַרמידער זיך דערטראָגן אַ ביסל פאַרדומפּן און הייזעריק, ווי ערגעץ ווייט זאָל דונערן.

דער פּעראָן האָט געגלאַנצט ווי אַ שפּיגל. קיין פאַרשווינען, וואָס זאָלן וואַרטן אויפן צוג, האָט מען כמעט נישט געזען. ווער ס׳איז יאָ געווען, האָט זיך באַהאַלטן אָדער אין די פּילצאָליקע פּאַראַדנעס, אונטער די דעכלעך פון די באַגאַזש־קאַמערן, אַז נישט איז אונטער די אָנגעגלאָזטע דאַשעקעס פון די קיאָסקן, ביר־קלייטלעך און ספּראַוואָטשנעס, וועלכע זענען ווי פליגן געווען אָנגעזעצט אויף די ברייטע פּעראָנען. דער רעגן האָט זיך אַלץ נעשטאַרקט. דער „פּעראָן־שפּיגל" איז שוין געווען באַדעקט מיט היפּשע טינטערלעך און דעם צוג האָט מען נאָך אַלץ נישט דערלאַנגט. פאַרסאַפּעטע לאָקאָמאָטיוון מיט מענטשן־סילועטן אויף די דעכער, אויף די טרעפּלעך האָבן זיך געטראָגן ווי ווילדע שדים, אַהין און אַהער, ווילד אַריינשרייענדיק אין דער נאַסער פינצטערניש אַריין:

— מיר גייען, מיר זענען דאָ, היט זיך די ביינער!...

דאָס אומשולדיקע אָסיענדיקע רעגנדל איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין אַ שלאַקס־רעגן. קעגן די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן זיך געשנירלט גאָלדענע קייטעלעך. פון מאָל צו מאָל האָבן די אַרומשמייענדיקע לאָקאָמאָטיוון אַרויסגעלאָזט פון זיך וואָלקנס פּאַרע, וועלכע האָבן פאַרשלונגען דעם רעגן. ווען אָבער די פּאַרע פלעגט צעגיין, איז ווידער אַרויסגעשוווּמען דער רעגן און מיט זיין וואַקסנדיקן געוויש פאַרהילכט דאָס געקלאַנג מיטן גערודער פונעם געוויינלעכן סטאַנציע־לעבן.

---

* רעיד — אַ געוויסע דיסטאַנץ פון ברעג, ביז וווהין גרויסע שיפן קענען זיך דערנעענטערן צום האַפן.

ענדלעך האָבן זיך — מיט דער פּלייצע אויף פֿאָרנט — צוגערוקט צום ערשטן פֿעראָן אַ צען, פּופּצן אָפּגעצוואָגענע וואַגאָנען, מיט שוואַרצע ברילן אויף די פֿינצטערע אויגן. מענער און פֿרויען מיט אונטערגעגאַרטלטע נאַסע באַלאַכאָנעס * זענען משוגענערווייז אַרומגעלאָפֿן איבערן פֿעראָן מיט איינאָויגיקע לאַמטערנדלעך. צעשוווּמענע שאָטנס האָבן מיט העמערלעך געקלאַפּט אין די רעדער. עמעצער איז געקראָכן אויף די דעכער, שלעפּנדיק מיט זיך אַ לאַנגע וואַסער־שלאַנג. מיטן אָנקומען פֿון די וואַגאָנען האָבן, נישט קוקנדיק אויפֿן גאָס־רעגן, זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן היפּשע גרופּקעלעך פּאַסאַזשירן. זיי זענען אַרויסגעקראָכן פֿון זייערע באַהעלטענישן און ווי דורך אַ כּישוף פֿאַרפּלייצט דעם פֿעראָן. מען האָט זיך געשטעלט אין דער ריי האַרט ביי די וואַגאָנען, זיך מיט גוואַלד געריסן אין די געשלאָסענע טירן אַריין. די קאָנדוקטאָרס האָבן געזידלט, געדראָט מיט מיליץ, אויב עמעצער וועט זיך אַריינרייסן אייגנוויליק, איידער דער לאָקאָמאָטיוו וועט געבן ליכט אין די וואַגאָנען. דער הו־האַ האָט אָפּגערוקט דעם רעגן פֿון די אויגן, ס'האָט אים שוין מער קיינער נישט באַמערקט.

פּלוצלינג האָבן אויפֿגעבליצט אַ הונדערט באַלויכטענע פֿענצטער אין די קאַליוזשעס אויפֿן פֿעראָן. דער רעגן האָט אַלץ נישט געוואָלט אויפֿהערן, נישט געוואָלט פֿאַרלירן די ממשלה אויף דעם פּלאַץ, וווּ ער האָט ביז נאָר וואָס נישט געלאָזט קיין לעבעדיקן נפֿש דורכגיין. ער האָט זיך אויף דאָס ניי צעלאָזט מיט פֿרישע כּוחות, באַפֿאַלן די באַלויכטענע קוואַדראַטן אויף דעם פֿעראָן. דער ווינט האָט געטריבן די פֿאַרזאַמלטע דורכגעווייקטע פֿאַרשוינען פֿון די טירן. דער קאָשמאַר האָט שוין אָבער לאַנג נישט געדויערט. די טירן האָבן זיך געעפֿנט און אין איין כּהרף־עין האָבן זיי אין זיך איינגעשלונגען די פֿאַרשוינען. ס'איז ווידער פּוסט געוואָרן אויפֿן אַספֿאַלט ביי די פֿענצטער, נאָר אין די באַלויכטענע קאַליוזשעס האָבן זיך ריטמיש געהוידעט די לעמפּעלעך און דער ווינט האָט מיט אומגעזעענע פֿינגער געפּויקט אין די שויבן.

דער ווייזער אויפֿן גרויסן ציפֿערבלאַט פּונעם וואָקזאַל־זייגער האָט זיך געשלעפּט אומברחמנותדיק לאַנגזאַם. שלמהן האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז שוין פֿאַריבער אַן אייביקייט, זינט ער זיצט אין וואַגאָן, און דער ווייזער האָט זיך קוים אַ ריר געטון אויף פּופּצן מינוט. פֿון נישט געוווינטקייט צו אַ טשעמאָדאַן האָבן די הענט זייער געשמערצט און אין רוקן האָט געבראָכן. דערפֿאַר איז ער שוין אין וואַגאָן געזעסן ביים פֿענצטער, צעלייגט מעשׂה בעל־הבית, און מיט פֿאַרגעניגן געלאָזט אָפּרוען די איינגעמידטע הענט און פֿיס. דער צוג האָט אַ ציטער געטון, די בופֿערס האָבן זיך צעקלונגען און דער לאַנגער אָדעסער וואָקזאַל האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן מיט זיינע קאַליוזשעס, סקלאַדן און דעפּאָען. די פֿינצטער־

* באַלאַבאָנעס — ברעזענטענע מאַנטלען.

ניש האָט מיט איין שלונג אַריינגעכאַפּט דעם צוג און נאָר אויף קורצע מינוטן פון מאָל צו מאָל א ווייז געטון :

— באַקענט זיך : דאָ האָסטו די מאָלדאָוואַנקע *. אכטונג, באַלד פאָרן מיר פאַרביי די ערשטע און גרעסטע אויף אוקראַינע נייפאַבריק מיט אירע זיבן שטאָקן.

און ווירקלעך, ווי א וווּנדער־פּאַלאַץ איז אַרויסגעשווומען פון דעם הושך די גיגאַנטישע פאַבריק מיט אירע טויזנטער באַלויכטענע פענצ־טער. זי גיט זיך א רייַס מיטן לויפנדיקן צוג און שפּרינגט אָפּ... אויסגע־מיטן דעם „פערעסעפּ *. פאַרביי די פענצטער האָבן טרויעריק דורכשפּאַ־צירט די הויכע ווענט מיט די שוואַכע לעמפּעלעך פון דער באַרימטער אָדעסער טורמע. אין איין אויגנבליק פאַרשווינדט די טורמע ווי א חלום און אָנשטאָט איר וואַקסט אויס פאַר די אויגן דער „געס" **. א פּאָר מינוט פאָרט מען אין דער פינצטער. אין די לינקע פענצטער פון די וואַ־גאָנען פינטלען געלע אייגעלעך פון פאַרשטעטישע לאַמטערנס.

מיט א מאָל האָט זיך געגעבן א רוק אָן די צווייטע אָדעסער פראַכט־סטאַנציע מיט איר הילצערנעם וואָקזאַלכל. לאַנגע הענגענדיקע דעכער — און פון דער רעכטער זייט צוג האָט מאַיעסטעטיש גערוט דער ים. ער האָט אויסגעזעען שוואַרץ, געדיכט און שווייגנדיק. דער צוג האָט זיך מיט יראת־הכבוד גערוקט פאַרביי דעם בייזן, אָנגעכמורעטן אַלמעכ־טיקן אַלטיטשקן. מיט א מאָל האָט זיך דער ים געגעבן א דריי אויס און איז פאַרשוווּנדן פון אויג. דער רעגן האָט אויפגעהערט. שלמה האָט אַראָפּ־געלאָזט דאָס פענצטער. אין קופּע האָט זיך אַריינגעריסן א פייכטע דורכ־נעמענדיקע קעלט. אין גאַנצן אַרום, אויף וויפל דאָס אויג האָט געקענט דערגרייכן, האָבן זיך געצויגן פעלדער, נאַקעטע באַשטאַנעס, איבערגע־פוילטע סטערניעס, נידעריקער נאָך־געוויקס פון פּאַשע. פון אַלע זייטן : פעלדער, פעלדער און פעלדער, אָן איין ליכטעלע, אָן א מינדסטן סימן פון א ישוב.

שלמה האָט נישט געקענט פאַרליידן די פּוסטקייט מיט דער פייכטער קעלט און האָט צוגעמאַכט דאָס פענצטער.

---

* מאָלדאָוואַנקע, פערעסעפּ : נעמען פון פאָרשטעט אין אָדעס.

** געס — ד. ה. שטאָטישע עלעקטראָ־סטאַנציע.

# קאפיטל XXXII

צום ערשטן מאָל, פון זינט ער געפינט זיך אין וואגאָן, האָט שלמה זיך אומגעקוקט אויף זיינע שכנים אין קופּע. פון דעסט וועגן שטייט פּאָר א וועג פון אזוי פיל שעהן.

אין א גאנץ גרויסן וואגאָן זענען בסך־הכל געווען א צען מענטשן און אלע זענען געשלאָפן. דאָס זענען געווען מערסטן טייל אייזנבאַן־ארבע־טער, וואָס קערן זיך אום פון זייער דריי־טאָגיקער וואכטע צו זייערע ווייב און קינדער. דער מאַרשרוט פון דעם דאָזיקן צוג איז אין גאנצן באשטאַנען פון אזעלכע פּופּצן שעה נסיעה. פון אָדעס ביז וואַפּניארקע. די קאָנדוקטאָרן האָבן שוין געקענט די ארבעטער ביי די נעמען, געוווסט, ווו יעדער איינער פון זיי וווינט און ווו ער שטייגט אויס פון צוג. די נאָענטע באַקאַנטשאַפט האָט זיך געלאָזט מערקן אין זייערע באַציאונגען, אין זייער „דוצן" זיך און, מער פון אלץ, אין זייער מנוחהדיקן שלאָף. נישקשה, זיי האָבן געמעגט שלאָפן רואיק. דער קאָנדוקטאָר האָט שוין יעדן אויף זיין סטאַנציע אויפגעוועקט און אים צוגעווונטשן, זיך גוט אויסרוען ביז דער קומענדיקער וואכטע.

שלמה האָט באַטראַכט די שלאָפנדיקע ארבעטער מיט א פארבאָרגע־נער קנאה: זיי זענען געלעגן צעוואָרפן הענט און פיס, ווי איינער רעדט: האָסט עפּעס צו מיר? אפשר נישט ערלעך אָפּגעאַרבעט די וואכטע? אפשר עמעצן באַעולהט אָדער באַליידיקט?... שלמה האָט געטראַכט ביי זיך, ווען מען זאָל נישט מוזן ארבעטן אום שבת, מיט וועלכן פארגע־ניגן וואָלט ער געוואָלט אזוי כשר ארבעטן און קענען קוקן דער גאנצער וועלט דרייסט אין די אויגן ווי אָט די שלאָפנדיקע פּראָלעטאַריער...

דער איינציקער פּאַסאַזשיר אין קופּע חוץ שלמהן איז געווען א מאָל־דאָוואַנקע פון א יאָר פערציק, פינף און פערציק אין א וואַטענעם שווארצן האַלב־סאַק *, אין א ווייסן קליידל מיט א רויטן פאַרטעך. זי איז געזעסן האַלב־איינגעבויגן איבער א מעשן טעפּל, וואָס איז געווען פול מיט יאָדערן פון ארבוזן. זי האָט איין מאָל אפילו נישט געפרוווט אויפהייבן דעם קאָפּ, נישט קיין פינגל געטון מיט קיין אויג. מיט דער גאַנצער נשמה איז זי געווען אריינגעטון אין טעפּל, מען האָט זיך גרינג געקענט משער זיין, אז ביז זי וועט נישט ענדיקן די יאָדערן, מעג זיך אפילו די גאנצע וועלט איבערקערן, גייט עס זי נישט אָן.

חוץ זייביידן איז אין קופּע קיינער נישט געווען. אלע ערטער האָבן געפּוסטעוועט. א קליין חלבן ליכטל האָט איינזאַם געברענט איבער דער טיר און געוואָרפן א בין־השמשותדיקע שיין איבערן וואגאָן. ס'איז שווער געווען צו טרעפן די סיבה, נאָר באַלד ווי מען איז ארויסגעפאָרן פון אָדעס,

---

* האַלב-סאַק — א מין האַלבער פּאַלטאָ.

אזוי האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס עלעקטרישע ליכט. שלמה האָט אויפגע־זוכט דעם קאָנדוקטאָר, יענער האָט געדרימלט אין קאָרידאָר אין א ווינקל.
שלמה האָט אים אָנגערירט ביים ארבל און העפלעך א זאָג געטון:

— אַנטשולדיקט, חבר, כ'האָב צו אייך א ביטע.

— וואָס ווילט איר? זאָגט גיכער.

— איך וויל, איר זאָלט מיך אויפוועקן, טאָמער וועל איך איינשלאָפן.

— וועלכעס אָרט פאַרנעמט איר?

— מיין אָרט איז דאָס פערצנטע און אראָפגיין דארף איך אין אַנאַניעוו.

— אין אַנאַניעוו ערשט? טפו! ביסטו דול צו משוגע? ביז מיר וועלן זיך דערשלעפּן קיין אַנאַניעוו, וועסטו זיך נאָך אליין אויפכאַפּן נישט איין מאָל, נאָר דרייצן מאָל...

שלמה האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק, דעם מאַנטל אונטער־געלייגט צוקאָפּנס און געוואָלט איינשלאָפן. דער שלאָף האָט אָבער צו אים נישט געוואָלט קומען. דאָס ליכטל איבערן קאָפּ האָט געטשאַדעט, דאָס מאָנאָטאָנע קנאַקן מיט די צײנער ביים עסן די יאָדערן, דאָס שווערע בראָפּערן פון די אַרבעטער, אָט די גאַנצע סימפאָניע האָט וויטיקלעך גענאָגט ביי דער נשמה. שלמה האָט ווידער געעפנט דאָס פענצטער. דער הימל האָט אָנגעהויבן לויטערער צו ווערן. ווו נישט ווו האָט א פינטל געטון א שטערנדל, נאָך איינס, נאָך צוויי. העט וויט איבערן סאָמע האָרי־זאָנט איז געהאַנגען א ים פון עלעקטרישן ליכט. אודאי עפּעס א גרויסע שטאָט. שלמה האָט זיך צוריק געלייגט, אָבער בשום אופן נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. ווי מוראַשקעס זענען די געדאַנקען געקראָכן אין קאָפּ אריין, נישט אָנפרעגנדיק זיך, צי וויל ער טראַכטן צי ניין. זיי זענען דאָרטן געוואָרן גאַנצע בעלי־בתים און געפירט א געשפּרעך צווישן זיך:

— ...דער בילעט איז גילטיק דריי מעת־לעת. קענסטו זיך אין אַנאַ־ניעוו, הייסט עס, מער נישט זאַמען ווי דעם מאָרגנדיקן טאָג, העכסטנס נאָך א טאָג. און דאַן — א גוטן טאָג אויף אייביק און אייביק... א שאָד אַזאַ שטאָט, אַזאַ משפחה, אַזאַ מומע טייבל!... און רחלע איז בפירוש א גאַנץ שיינינקע, נאָר עפּעס... עפּעס א... טאַקע אַן עם־הארץ, ווי איר שוועסטער האָט זי אָנגערופן. א יונג מיידל זאָל עס האָבן אין זיך פּאַר א גראָשן פאַנטאַזיע, כאָטש א פונק פון פּאָעזיע — אַז גאָרנישט. קאַשע מיט באָרשטש! אָדער ווי מנשה האָט זיך א מאָל אויסגעדריקט וועגן עפּעס א מיידל: פלייש מיט אויגן — און מער גאָרנישט. נו, און פאָלי, מיינסטו? — ע, פאָלי איז גאָר עפּעס אַנדערש... — וואָס איז אַזוי פאָלי עפּעס אַנדערש? — איי, וואָס גלייכסטו? — און אויב פאָלי איז עפּעס אַנדערש, וואָס האָט דאָס צו דיר? — וואָס הייסט, וואָס ס'האָט צו מיר? איך האָב זי דאָך... — א־הא, דו האָסט זי... כ'האָב שיר נישט פאַרגעסן, אַז דו האָסט זי... בכלל מוז איך דיר זאָגן, פאַרשטיי איך דיך נישט... דו פירסט זיך אויף די לעצטע צייט ווי א פאָלנער חתן־בחור... וואָס איז די מעשה? ווייל דו האָסט צעפּויקט אויף דער גאַנצער וועלט, אַז פאָלי איז

דיר געפעלן ?... דער עיקר, הייסט עס, אַבי דו האָסט זי אויסגעקליבן, ווער שמועסט, אַז די מאַמע מיט די קינדער זענען אויך מסכּים, איז דאָך שוין אוודאי אַלץ אגיל ואשמח. איי, פּאָלים הסכּמה ? דאָס איז שוין אַ קלייני־קייט, דאָס וועט צווישן טאָג און נאַכט געבוירן ווערן... אַזוי, דאַכט זיך, רעכנסטו ? האַ ? איצט זאָג זשע מיר שטילערהייט, אַז קיינער זאָל נישט הערן : וואָס איז די מעשה, וואָס דו ביסט עפּעס אַזוי געוואָרן זיכער ביי זיך ? דו ווייסט נישט וואָס ? ווי נאָר דער ליכטיקער פּרינץ שלמה אפרים־אהרונס וועט זיך באַווייזן אין קיעוו, אַזוי וועט פּאָלי טולטשינסקי די מינוט זיך וואַרפן אים אויפן האַלדז... דו האָסט עפּעס אַזוינס פון איר געזען ? אַזאַ נאָענטקייט ? אַזאַ ליבע ? וואָס ס'איז נישט איז אַזוינס, וואָס גיט דיר דאָס רעכט אויף אַזעלכע האָפענונגען ? וואָס ? אדרבה, זאָג, לאָמיך אויך הערן ! האַ ? אפשר האָסטו בדעה דאָס, וואָס זי האָט אַ מאָל געשפּילט מיט דיר אין שאַך ? נו, פרעג איך דיך, ווי שעמסטו זיך נישט אַזוינס צו רעדן ? ביי היינטוועלטיקע מיידלעך שפּילט אַ ראָל מאַכן מיט אַ פרעמדן מענטשן אַ פּאַרטיע שאַך ? און אַ טאַנץ גיין ? און אין טעאַטער גיין ? און דערפאַר גאָר רעכנסטו, זאָל זי שוין מוזן דעם מענטשן נעמען פאַר אַ חתן ? דאָס איז דאָך לעכערלעך... צי אַ שטייגער, דו ווילסט דאָך מן הסתם אָנ־ווייזן דערויף, וואָס זי האָט זיך מיט דיר דאַמאָלסט געזעגנט ביי דער האַנט ? איאַ ? אויסגעכאַפּט ביי דיר פונעם מויל ? ווי דען ? איך זאָל נאָך נישט פאַלן אויף דיינע געדאַנקען ? נו, לאָמיר אָקאָרשט צעגלידערן דעם פּאַקט און אים באַטראַכטן : אַ מיידל, וואָס מיינט, אַז זי פאָרט שוין קיין אַמעריקע, און איז, פאַרשטייט זיך, אויפגעלייגט ביז גאָר, איר פאָטער שרייבט אויך אָן, אַז מיט שלום דודס קינדער זאָל מען זיך געזעגענען פאַרן אָפּפאָרן. און דאָ קומט אַריין אַ בחורל, וואָס זי פּילט, אַז איר אָפּפאָרן וועט אים געננג צער פאַרשאַפן, און ס'קומט אָן אויף איר אַ גוטע מינוט און זי גיט דעם בחורל אַ טרייסל די האַנט. פרעג איך דיך, נישט מער, וואָס ? וואָס איז פון דעם אַלעמען געדרונגען ? אפשר, אַז זי האָט אים ליב ? אפשר, אַז ער געפעלט איר ? גאָרנישט איז דערפון נישט געדרונגען ! פּשוט, ביי דעם מיידל איז אַזאַ ים מיט גליק, האָט זי זיך מרחם געווען אויף אָן אומ־גליקלעך־איינגעליבטן און אים אויך געשענקט אַ טראָפּנדל, אַ טיפּה מן הים : נאַ דיר, קוויק זיך... נעמסטו דאָס איינציקע טראָפּנדל און ווילסט מאַכן דערפון אַ גאַנצן ים. טרומייטערסט אין אַלע עקן וועלט : שיפן, קומט אַהער !... אויף מיר קענט איר שווימען !... פּאָלי האָט מיר איין מאָל דער־לאַנגט די האַנט !... איך פאַרבעט אייך אַלע אויף תנאים !... נו, זאָג אַליין, וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס ? דו האָסט שוין מודיע געווען אייער שטוב, עס קלינגט שוין, מן הסתם, מיט דעם נייעם גאַנץ כמעלניק, עס ווייסן שוין יחיאל, אסתר און האָט שוין אוודאי פּאָלין אויך מודיע געווען, עס קלינגען אַלע טעלעפאָנען : מזל־טוב, שלמה וויל פּאָלין ! ס'קאָצל קומט, אַ גדולה אויף דער באָבען. ער וויל שוין, געלויבט איז גאָט. און זי ? זי האָט דאָך אויך עפּעס אַ שטיקל דעה ? זי איז דאָך אויך עפּעס אַ

מחותנתטע אויף דער חתונה צו גיין? צי אפשר קען מען זיך באגיין אָן איר הסכמה?

און דער נישט־גוטער, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אים, טראָגט אים אונטער איין סצענע נאָך דער צווייטער, איינע ביטערער פון דער אַנדערער. ער ווייזט אים, ווי פאַלי האָט אים קיין מאָל אפילו באַמערקן נישט געוואָלט. אין כמעלניק פלעגט זי זיך קוים אָ נויג טון אויף זיין באַגריסונג. אין זווענינאָראָדקע — קיין מאָל מיט אים קיין צוויי ווערטער נישט אויסגערעדט. שטענדיק געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ ווי אויף אַ קליינשטעטלדיק כניאָקל... אַז עמעצער פלעגט לויבן זיינע קענטעענישן אין איר קעגנוואַרט, פלעגט זי דאָס אויסהערן מיט אַזאַ חוזקל... וואָס זאָגט ער גאָר: מיט אַ חוזקל? מיט פאַראַכטונג, מיט שנאה... היינט, וואָס זשע טאַקע איז מיט אים פלוצלינג די גדולה? אויף וואָס קוקנדיק, מיינט ער, וועט זי אַצינד בייטן איר באַציאונג צו אים? וואָס איז דען אַזעלכעס געשען? טאָמער דאָס, וואָס זי איז אָרעם געוואָרן? נו, און ער איז אַ נגיד? טאָמער האָט ער שוין אַ העמד אויפן לייב? אָדער אַן אַנצוג אַ נייעם? אָבער פון אירעט וועגן וואָס האָט ער? צו וואָס דאַרף זי אים? און בכלל, צו וואָס דאַרף זי געלט? זי וועט זיך איינאָרדענען אויף אַ שטעלע, לעבן פון איר געהאַלט און וואָס נאָך דאַרף זי? וואָס דען, אַ כלה ווערן? האָט זי נאָך געגונג צייט!... זי וועט זיך ערשט באַקענען מיט אַ וועלט, זי וועט אָנקומען אין אַ לערן־אַנשטאַלט צי אויף אַ בכבודיקער אַרבעט — אומעטום וועלן די שענסטע און די בעסטע יונגעלייט זוכן איר געפעלן צו ווערן. אַזוינע שיינהייטן זענען נישט שכיח אַלע מאָל. דעם גרעסטן פּראָפעסאָר, דעם מעכטיקסטן דירעקטאָר פון אַ קאָמבינאַט און וועמען נישט, וועמען קען זי נישט אָנשטיין פאַר קיין ווייבעלע? וועלכער מאַנסביל וועט נישט קיין חשק האָבן אָפּרייסן פון בוים אַזאַ עפּעלע? אָבער דו, שלמה, ווער ביסטו? וואָס שטעלסטו מיט זיך פאָר אַזעלכעס? וואָס האָט זי אין דיר? אין וואָס באַשטייט דיין אויטאָריטעט? אויף וואָס קוקנדיק שטעלסטו ארויס דיין קאַנדידאַטור אַלס חתן?

שלמה נעמט אַרויס דעם בילעט פון דעם בוזעמטאַש און ביי דעם שוואַכן שיין פון דעם צאַנקנדיקן ליכטל קוקט ער זיך איין אין דעם שפּיציקן וואָרט „קיעוו". אַליין נישט וויסנדיק צוליב וואָס, חזרט ער דאָס וואָרט אין דער שטיל פאַר זיך. מיט אַ מאָל פאַלט אים איין אַ געדאַנק, אַז דער נאָמען קיעוו באַשטייט אויך פון צוויי קלאַנגען: „קי" און „עוו", אַקוראַט ווי „פאַ" און „לי".

פון דעם נישט שלאָפן די נאַכט איז אים דער קאָפּ שווער, ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. ער קען בשום אופן נישט תופס זיין, וואָס איז דאָ די המצאה און וואָס איז דאָ דאָס גליק, אויב פאַלי און קיעוו קלינגען ענלעך.

ער דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, פון אַנטשלאָפן ווערן קען שוין קיין רייד נישט זיין. ער פילט זיך זייער צעבראָכן, די שטימונג

איז ביי אים זייער אַ געשלאָגענע. אין דער מינוט איז ער גלייכגילטיק צו ביידע, ערשט נישט לאַנג כשופּדיקע נעמען, אי צו פּאָלין, אי צו קיעוו. איצט איז אים טייער אַנאַניעוו, די מומע טייבל, איצט ציט אים קיין כמעלניק. דאָרט איז מנשה. און נאָך מער לעבצט זיין נשמה — „אַהין"... ווייט, ווייט פון דאַנען, דורך בערג און טאָלן, דורך ימים און טייכן, דורך אייביקע זאַמדן און מדבריות ליגט אַ גאָלדענער וועג אין אַ גאָלדן לאַנד אַריין... אַך! אַרץ אבות! אַרץ מולדת! נאָך וואָס האָסטו זיך אַזוי ווייט פּאַרקליבן? נאָך וואָס אַזוי טיף באַהאַלטן?...

אַ שווערע נאַכט האָט שלמה איבערגעלעבט פּאַרנדיק פון אָדעס קיין אַנאַניעוו. דער געדאַנק וועגן קיעוו, וואָס האָט אים אַזוי באַגייסטערט אַהין צו וועגס, האָט ביי אים אַצינד פּאַרלוירן דעם גאַנצן חן. נישט די נאַר וואָס פּאַרדינטע עטלעכע רובל, נישט דער געדאַנק וועגן דער פּאַר־שטייענדיקער באַגעגעניש מיט פּאָלין, נישט דאָס טרייסטן זיך דערמיט, אַז אין דער היים וועט מען אויפגעריכט ווערן מיט דעם געלט, וואָס ער האָט אָפּגעשיקט — קיין זאַך האָט נישט געקענט אים אומקערן דעם גלייכ־געוויכט. זיין שטענדיקע לוסטיקייט, זיינע שטענדיקע ליבעס־געפילן צו יעדן מענטשן, צו יעדן באַשעפעניש. אַלץ איז אים פּאַרשטערט, אַלץ איז אים געוואָרן נמאס ומאוס. אין קאָפּ האָט זיך דורכגעטראָגן אַ פּאַרשייטער געדאַנק: בפירוש, איידער אַזאַ לעבן, איז בעסער דער טויט. וועמענס איז ע ר און ו ו ע ר איז זיינער? פון די, ביי וועלכע ער איז טייער, איז ער פּאַרפּרעמדט. די, וואָס זענען ביי אים טייער, ווילן אים אפילו נישט קע־נען... דאָס האַרץ ווערט צעריסן אויף שטיקער, יעדן באַזונדער אַ ברעקל... איז דען נישט גלייכער דער טויט? טאָקע נישט קיין היימלעכע זאַך, אָבער כאָטש אַן ענדגילטיקע.

# קאפיטל XXXIII

פאַרנדיק אויף דער דראָזשקע איבער אַנאַניעווער גאַסן, האָט שלמה ערשט דערפילט, ווי איינגעבאַקן ס'איז ביי אים אין האַרצן דאָס אַנאַניעוו, ווי אייגן די שטאָט איז אים געוואָרן פאַר די עטלעכע וואָכן, וואָס ער וווינט דאָרט. יעדע גאַס, יעדעס הויז, יעדער בוים האָבן אים דערמאָנט אין גליקלעך פאַרבראַכטע שעהן. אים איז איצט אַ שאָד געווען, וואָס ער מוז פאַרלאָזן אָט די גוטע, גוטע שטאָט, אָט די טייערע קרובים, אָט די אומפאַרגלייכלעכע מומע טייבל, אָבער קיין אַנדער ברירה האָט ער שוין נישט. פאָרן מוז ער שוין, דער קיעווער בילעט האָט אים געבריט דאָס לייב דורך אַלע קליידער.

אָנקומענדיק האָט שלמה צופעליק געטראָפן די גאַנצע משפחה ביי דער מומע טייבלען אין שטוב: יחיאלן, אַלע טעכטער און אייניקלעך פון די שוועסטערקינדער. ער האָט זיי מיט אַלע איינצלהייטן דערציילט, ווי ער האָט זיך פון אָנהייב קיין עצה נישט געקענט געבן, ווי אַזוי אַראָפּנעמען דעם באַגאַזש און צום סוף האָט אים גאָט געהאָלפן אַזוי אומגעריכט און ער האָט גלענצנדיק דורכגעפירט די אָפּעראַציע מיט די שאַלעכלעך. ווען ער האָט אָנגערופן די מומע געלט, וויפל אים מיט יחיאלן איז דאָס מאָל געבליבן ריינער פאַרדינסט, איז דער פעטער גרשון אַזש אויפגעשפּרונגען:

— אויף מיין וואָרט, אַ גאָלדענע פרנסה... מען דאַרף זיין אַ משוגע־נער, אַוועקצווואַרפן אַזאַ שטיקל ברויט און פאָרן אין דער וועלט אַריין זוכן גליקן.

יחיאל האָט זיך שמייכלענדיק געווענדט צו שלמהן:

— אפשר, אויף אַן אמת טאַקע, וואָלטן מיר זיך נאָך דערווייל אין ערגעץ נישט צעפאָרן. מיר וועלן צולאָזן דעם קוסטאַרן־פאַראיין דעם פאַר־זיגלטן „צעך" און אַליין וועלן מיר האַנדלען מיט שאַלעכלעך. באַציען זיי פון סמילע, פון טשערקאַס, פון באָסלאָוו און אָפּזעצן די סחורה אין אָדעס. אָדעס קען פאַרדייען, וויפל מיר זאָלן נאָר האָבן. מיר וועלן אָפּשמועסן מיט דעם עקספּעדיטאָר, אַז ער זאָל שטענדיק אַראָפּנעמען דעם באַגאַזש, איז שוין ווידער אָן סכנות. צי דער מסחר וועט לאַנג אָנהאַלטן צי ניין, הייגט קען מען נישט באַוואָרענען קיין וועלט. היינט דרייט זיך, איז גוט. וואָס שפּעטער וועט זיין, וועלן מיר דאַמאָלסט זען... האַ, וואָס זאָגסטו? די וועלט זאָגט דאָך: מען גיסט נישט אויס קיין אומריינע וואַסער, ביז מען נעמט נישט אָן קיין ריינע...

שלמה איז געשטאַנען אַ מידער. מיט אַ בלאַסן שמייכל אויף די ליפּן, האָט ער אויסגעהערט יחיאלס רייד און אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעמטאַש דעם בילעט ביז קיעוו און אים אַוועקגע־לייגט אויפן טיש. אַ שווערער מלאך איז דורכגעפלויגן אין צימער. אין דער טויטער שטילקייט האָט יעדן געקלונגען אין די אויערן:

— דאָס איז דער ערשטער בילעט פון אונדזער משפּחה און ווער וועט נעמען דעם לעצטן? און וויפל וועט נאָך ביז דאַן געדויערן?...

די גזירה פון צעזייט און צעשפּרייט ווערן איבער דער גרויסער וועלט, די גזירה פון עלנט און פּאַריטומטקייט איבער דער אַנאַניעווער משפּחה איז שוין, אַ פּנים, געווען נישט אומצוקערן. דער גורל פון אַלע יידן, וועלכע האָבן געצויגן זייער יניקה פון קרעמערייַ, האָט אויך זיי נישט אויסגעמיטן. נישטאָ קיין מיוחסים, נישט ביי גאָט, נישט ביי דער ראַטנ־מאַכט.

ביי דער טיי האָט זיך שלמה אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז ער רעכנט נאָך דעם זעלבן טאָג מיטן ביינאַכטיקן צוג אַוועקצופאָרן. די מומע און די קינדער האָבן אים דערויף נאָר געענטפערט מיט אַ קוק. נאָר אין זייער קוק איז געווען אַן אויסדרוק פון אומבאַהאָלפנקייט, אויסגעמישט מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט. שלמה האָט באַלד אויפן אָרט זיך פאַרריכט:

— צוריקגעשמועסט, אויב דער בילעט איז גילטיק נאָך איין טאָג, האָב איך אודאי צייט. כ'וויים שוין, מיינט איר, נאָך וואָס כ'יאָג זיך?...

דער טאָג און דער מאָרגנדיקער זענען ביי שלמהן איבערגעפלויגן ווי אַ חלום. מען האָט פון זיינעט וועגן געפּראַוועט וועטשערעס, גוטע מיטאָגן. געבעטן אים, ער זאָל נישט פאַרגעסן דעם „זיי געזונט", אָפּט שרייבן, אַרויסרופן צו זיך, אויב ס'וועט זיין כדאי.

צען ביי נאַכט האָט מען געשיקט אויף דער בירזשע * נאָך אַ דראָזשקע. באַגלייטן אים צו דער באַן איז געפאָרן „האַלב אַנאַניעוו". פון דער מומע טייבלס שטוב אַליין זענען געפאָרן: די מומע, איר עלטערער זון און רחלע. יחיאל מיט די קוזינעס און קוזינקעס זענען געפאָרן אַ חוץ, אויף צוויי דראָזשקעס.

אויפן וואָקזאַל איז גראָד קאַליע געווען דאָס עלעקטרישע ליכט און עס האָבן געברענט אויפן פּעראָן פּשוטע קעראָסינענע בליצלאָמפּן. די האַלב־טונקלקייט האָט נאָך טרויעריקער געמאַכט די אַזוי אויך טרויעריקע שיידונג. יחיאל האָט דער ערשטער דערלאַנגט שלמהן די האַנט:

— פאָר געזונט, ברודערקע, גאָט זאָל דיך מצליח זיין אין אַלץ, צו וואָס דיין האַרץ גלוסט. דאָס ווינטש איך דיר פונעם גאַנצן האַרצן. און אַצינד לאָמיר זיך צעקושן.

לאַנג זענען דער פעטער מיטן פלימעניק געשטאַנען אַרומגענומען. יע־דער פון זיי האָט געפילט, אַז עס שטייט זיי ביידן נישט פאָר צו לעקן האָניק, נישט דעם — אין קיעוו, נישט יענעם — אין אָדעס. שלמה האָט פעסט צוגעדריקט יחיאלן צום האַרצן און שטיל געזאָגט:

— דער זיידע זאָל אונדז זיין געזונט...

און יחיאל נאָך שטילער:

— דער ענין מיט פאָלין זאָל זיך דיר גרינג איינגעבן.

---

* דער זאַמלפּלאַץ פון די פורמאַנעס.

ביידע האָבן פאַרשטיקט אַ כליפּע געטון, זיך נאָך אַ מאָל אַרומגע־כאַפּט און יחיאל האָט זיך אָפּגעקערט.

שלמה האָט האַרציק געזעגנט אַלע באַגלייטערס און באַגלייטערינס. דער דעזשורנע האָט געגעבן צוויי קלונג. די מומע טייבל האָט אים אָפּ־געפירט אויף אַ זייט:

— שלמהלע, קינד מיינס... וואָס איז דען די נפקא־מינה און אַז מיין ברודערס קינד... כ׳וויל דיר זאָגן... ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָמער באַ־טראַכסטו זיך וועגן... דאָס, וואָס זי פאַרט קיין אָדעס, איז נאָך דערוויי־ל אַ בוידעם... און אפילו אויב יאָ, איז וואָס?... איז טאָמער — שרייב אָן... די ברירה בלייבט ביי דיר, כאָטש גרשון... ער איז אַ שוטה... אין אַזעלכע ענינים האָט ער אויך אין זינען האָנאָר... איך זאָג דיר און אַזוי איז דאָס... שרייב אָן, פאַר דיר וועט קיין מאָל נישט זיין צו שפּעט... נו, פאָר גע־זונט... אַזוי צי אַזוי, ביסטו ביי מיר פאַררעכנט ווי אַן אייגן קינד... ס׳קען פון דיר אַרויס אַ גרויסער ייד... אַזוי ווי דיין זיידע שלום... גיב נאָר גוט אַכטונג, אַז די גרויסע שטאָט זאָל דיך נישט קאַליע מאַכן... פאָר, פאָר גע־זונט, גיך, דער צוג רירט...

שלמה איז נישט געווען ביכולת אפילו איין וואָרט צו ענטפערן. דער צוג איז לייכט אָפּגעשוווּמען פון דער פּלאַטפאָרמע. די קעראָסינענע לאָמפּן האָבן נישט געגעבן די מעגלעכקייט זיך דייטלעך איינצוקוקן אין די פּני־מער. אַלץ, וואָס ער האָט געקענט באַמערקן, איז נאָר געווען: פיל ווייסע טיכעלעך, ווי טויבן, פלאַטערנדיקע אויפן האַלב־טונקעלן פּעראָן.

אין וואַגאָן איז געווען אַ געדראַנג, שטאַרק אָנגערויכערט, נאָר גענוג ליכטיק. שלמהן האָט זיך איצט וועגן גאָרנישט געוואָלט טראַכטן און באַ־זונדערס וועגן אַנאַניעוו. דער מומע טייבלס שטילער געפּליסטער האָט אים נאָך געקלונגען אין די אויערן. ער האָט געזוכט, זיך צו באַפרייען פון די לעצטע איינדרוקן. ער האָט אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל אַ ביכל, איז אַרויפגעקראָכן אויף דער דריטער פּאָליצע, נאָענט צום לעמפּל, און האָט זיך אין גאַנצן איינגעטונקען אין אַ פרעמדער וועלט, אין פרעמדע איבער־לעבענישן. דער קאָפּ האָט שרעקלעך געשמערצט — פונעם נישט שלאָפן, פונעם רויך, פונעם שטאַרקן געשטאַנק, וואָס איז אין דער הויך געווען נאָך געפערלעכער. וועגן כאַפּן אַ דרימל איז אפילו נישט געווען וואָס צו טראַכטן. פון צייט צו צייט פלעגט ער פאַרקוועטשן די אויגן און זאָגן צו זיך:

— שלמה, דו פאָרסט קיין קיעוו, אָבער לחלוטין נישט אין דעם קיעוו, אין וועלכן דו ביסט שוין אַזוי פיל מאָל געפאָרן. דאָס איז גאָר אַן אַנדער קיעוו, אַנדערע צילן שטעלסטו פאַר זיך, אַנדערע מיני נסיונות שטייען דיר פאָר און גאָר אַ באַזונדערע סיעתא דשמיא דאַרפסטו האָבן...

אין דער פרי האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אין פאַסטאָוו.

כאָטש די סטאַנציע געפינט זיך נאָך זעכציק קילאָמעטער פאַר קיעוו, דאָך שטעלט זי מיט זיך פאָר אַ וויטן פאָרפּאָסטן פאַר דער גיגאַנטישער

שטאָט. זייער פיל קיעווער איינוווינער אַרבעטן דעם טאָג אין פּאַסטאָוו און אויף ביי נאַכט פאָרן זיי אַהיים. דער צוג האָט געריירט און ס'האָבן זיך אַ יאָג געטון פאַר די פענצטער: דערפלעך, פאַריתומטע דאַטשעס, פאַרשי־דענע סקלאַדן, אַרומגעגרויזעטע מיט שטעכלדראָט, מיליטערישע שטעטלעך, אַוויאַ־באַזעס און אומענדלעכע קאַגאַטן*. ענדלעך האָט זיך אויפן פאָן פון אָסיענדיקן פרימאָרגן אויסגעשניטן דער פּראָפיל פון אַלטן, אַלטן קיעוו. דער זעלבער קיעוו, אין וועלכן עס לעבט אַצינד אַ מיידל מיט גאָלדענע האָר, גרויסע שיינע אויגן, אַ ווייכע מעלאָדישע שטימע און אַ ליכטיק, ליכ־טיק פנים ווי די זון אין תמוז.

פון דעם מיידל איז אָפּהענגיק, צי קיעוו וועט אים פאַרבייטן כמעלניק, ווערן ביי אים באַליבט און טייער אָדער קיעוו זאָל זיך פאַרוואַנדלען פאַר אים אין אַ גיהנם, אין אַ כף־הקלע און ער זאָל אַלע יאָרן פאַרשעלטן די שעה, וואָס ער איז געקומען אַהין.

מיט שרעק און מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט ער געקוקט אויף די טויזנ־טער הויכע קוימענס, אויף די פּילשטאָקיקע מויערן. אַלץ האָט אויסגעזען פרעמד און פיינטלעך. פון דעם גאַנצן אַרום האָט געווייעט מיט טרויער און אומעט. און שלמה האָט אין האַרצן מתפלל געווען:

— רבונו־של־עולם! העלף מיר, איך זאָל נישט פאַרלוירן ווערן אין אָט דעם גרויסן געווירבל, אין אָט דעם מיליאָניקן קאָכיקן גיהנם. גיב אַכטונג אויף מיינע טריט, איך זאָל זיך נישט אויסגליטשן.

ע נ ד ע פ ו ן ע ר ש ט ן ט י י ל.

* קאַגאַטן — ספּעציעלע סקלאַדן פאַר ערדפּרוכטן.

# קאפיטל XXXIV

פונעם צוג איז שלמה צוגעפאָרן צו זיין פעטער לייזער. ער האָט אפילו א טראַכט געטון וועגן אברהם שאַרפּשטיין, נאָר ער האָט אָבער באַלד אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק איבער עטלעכע טעמים. ערשטנס איז דאָרט אַן ענגשאַפט און ביי לייזערן איז כמעט לייִדיק. צווייטנס, איז די אַלטע מעשה מיטן עסן: גיי דינג זיך מיט יענעם צוויי מאָל אין טאָג און דערצו קומט ער דאָך איצט נישט אויף א טאָג און נישט אויף א חודש, נאָר אויף שטענדיק... דערפאַר, די גאָלדינס ווייסן שוין, אַז ער איז נישט טועם ביי זיי, וועלן זיי נישט אַריינקוקן אין זיין טאָפּ אַריין.

אין שטוב האָט ער געטראָפן דאָס פּאָרפאָלק מיט די פּאָרטפעלן אין די הענט גרייט צום אַוועקגיין. דערזען שלמהן מיטן טשעמאָדאַן האָבן זיי זיך א וואָרף געטון צו אים:

— אָך, א מין גאַסט, מיטן טשעמאָדאַן, מאָלאָדיעץ!... וואָס דען, האָבן פעטערס אין שטאָט און שטיין ביי א פרעמדן... דאָס איז דאָך א סקאַנדאַל! פון וואַנען קומסטו אָן? פון דער היים?

— ניין, פון אַנאַניעוו... וואָס איז? איר האָט נישט באַקומען מיין טעלעגראַמע פון אַדעס?

— קיין שום טעלעגראַמעס האָבן מיר אפילו פאַר די אויגן נישט געזען. מן הסתם וועט זי אָנקומען צו דיין אַוועקפאָרן...

— אָ!... איר רעדט שוין וועגן מיין אַוועקפאָרן? איך וועל אייך דאָ זיכער נמאס ווערן... איך בין געקומען דאָס מאָל אויף צו ווערן א קיעווער תושב...

— אין א גוטער שעה. און וואָס דו זאָגסט: נמאס, איז דאָס א בלבול אויף אונדז, דו וועסט אונדז קיין מאָל נישט נמאס ווערן.

— און איך בין נישט אויף לאַנג אַליין... צו מיר קומט —

— א כלה?...

— אפשר וועט א מאָל זיין א כלה אויך, דערווייל ערשט א שוועסטער. מיין דינה קומט אויך די טעג זיך איינאָרדענען.

— אָך, מיטן גרעסטן כבוד... פּלאַץ איז דאָ גענוג... נאָר מיט א שטעלע קריגן איז געוואָרן זייער שווער. פון נאָך דער ראַסקולאַטשעוואַניע אָן האָט זיך די גאַנצע פּראָווינץ א וואָרף געטון אין דער גרויסער שטאָט אַריין. ממש א מבול פון מענטשן!...

— איז דאָך דאָס זעלבע מיט מיר אַליין אויך. איך וועל דאָך אויך זוכן א שטעלע. אומעטום האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזט.

— ע, נישט געזאָרגט. דו ביסט דאָך עפּעס א ייד, וואָס גלייבט אין השגחה. אויב איר האָט פאַרטראַכט קיעוו, איז אייך מן הסתם אָנגעצייכנט דאָ צו זיין... נו, שלמהלע, דו אַנטשולדיק אונדז, מיר וועלן שוין אַזוי אויך פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט אויף א מינוט פופצן. עסן נעם דיר אין

שאפּע. אונטערן שפּיגל הענגט אַ שליסל; טאָמער גייסטו אַוועק, פאַרשליס די טיר און נעם דעם שליסל מיט זיך, מיר האָבן באַזונדערע שליסלען. אויף דער נאַכט וועלן מיר ברייטער אַרומרעדן אייער ענין. און דערווייל — לעבעדיק און פריילעך, אַלץ וועט גוט זיין... אַ בחורל פון צוואַנציק יאָר טאָר נישט טרויעריק זיין.

— הלמאי זאָל איך זאָגן? איך טראַכט אפילו נישט טרויעריק זיין. גייט, גייט, ס'איז שוין שפּעט...

— אַ גוטן טאָג, צום ווידערזען.

— צום ווידערזען.

דער פראַנצויזישער שלאָס האָט אָנגענעם אַ קלונג געטון און שלמה איז פאַרבליבן איין מענטש אויף דער גאַנצער וווינונג.

ער איז זיך עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען איבערן צימער. נישט ווּסנדיק צוליב וואָס, האָט ער אַ טאַפּ געטון די קאָלדרע אויפן בעט, אַ גלעט געטון דעם ניקל פון טשייניק, דאַן האָט ער גענוי באַטראַכט דאָס אָפּגעריבענע בילד אין דער אַ מאָל אָפּגעזילבערטער ראַם: געדיכטער וואַלד. אומבאַמערקט, אין גראָז — אַ שמאָל שטעגעלע. ארויף, אַרויף, אויפן בערגל, זעט זיך אַרויס אַ וועכטערביידל מיט אַ רויטן בלעכענעם קוימען אונטער אַ ברייטן דאַשעק. שלמה נעמט צו די אויגן פונעם בילד און דערזעט זיך אין שפּיגל. עטוואָס דערשטוינט דערנענטערט ער זיך צום צווייטן בחורל, וואָס גייט אים אַקעגן פון גלאָז אַרויס... דאָס איז אַ שטאַלטנער חנעוודיקער ברונעט, הויך געוואַקסן, שיין אַנטוויקלט, מיט אויגן קויל־שוואַרצע, ערנסטע, פאַרטראַכטע, נאָר מיט אַ פריילעך פייערל אין דער טיף. פון אונטער דעם נייעם היטל שטאַרצט אַרויס אַ געדיכטער שוואַרצער קאָפּ האָר. אויף די ווייסע באַקן שפּילן ראָזע פלעמעלעך, די ברעמען—געדיכטע, שאַרף פאַרשפּיצט. די נאָז אַ דינע, נישט קיין לאַנגע, די ליפּן קליינינקע, פרישע. דער אַלגעמיינער איינדרוק פון דעם פנים איז ווי פון אַן אַנטשלאָסן־ענערגישן מענטשן, וועלכער האָט שוין פיל געזען אין זיין לעבן און וועלכן עס איז שווער מיט וואָס עס איז נישט איז איבערראַשן...

שלמה שטייט אַ פאַרטראַכטער און באַקוקט זיך אין שפּיגל. ער פאַרקלערט ערשט אַ שמייכל צו טון און יענץ בחורל שמייכלט שוין. ער פאַרטראַכט זיך וועגן אַ טרויעריקער זאַך און יענעמס פנים איז שוין פאַרוואָלקנט. נאָך עטלעכע מינוט שפּיגלען זיך. שטרעקט שלמה אויס די האַנט:

— שלום־עליכם, שלמה אפרים־אהרונס, האָסט געוואָלט ווערן אַ קיעווער, האָסטו געפּועלט, אָט ביסטו שוין אַ קיעווער... און בפירוש, אַ גאַנץ געהויבענער יונגערמאַן — אַזש אויפן פינפטן שטאָק, און איצט — וואָס ווייטער?...

שלמה כאַפּט זיך, אַז ער „מאַכט זיך נאַריש", און גייט צו צום פענצטער. דאָס פענצטער איז נישט פאַרקלעפּט, נאָר פאַרשאָטן מיט זעגעכץ. ער גיט אַ דריי דעם שרויף און דער „דרויסן" גיט אים אַ פליוך אין פנים. פאָרט אַ גרויסע שטאָט... נישטאָ דער פחד פאַר דער קעלט...

דער הימל איז צעריסן אויף שטיקער, פון צווישן די לעבער קוקט אַרויס אַ פּראָווינצטע זון. אויב מען גיט אויף איר אַ קוק, לויפן אָן טרערן אומגעבעטן. אויפן בולוואַר שעווטשענקאָ, וואָס נעמט זיין אָנהייב אַקעגן דעם געעפנטן פענצטער, ליגט אַ דינער שיכט קויטיקער שניי אויף די אַרומגעשווירענע ביימלעך. אַ פּנים, דער ערשטער און דער לעצטער. שלמה בייגט זיך אַריבער פונעם פענצטער און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ באַקאַנט בילד: בעסאַראַבקער רינאָק, אַ גרויסע געמויערטע שטיינ מיט אַ גלעזערנעם דאַך. אויפן שפּיץ נאָז פון דער אומגעלומפּערטער געביידע הענגט אַ גרויסער זייגער מיט ליכטיקע פיר ציפערבלאַטן, נאָר מערסטן טייל שטייט ער, דער זייגער, און די אויסגעפּוצטע ציפערן שטעקן אַרויס דעם דורכגייער אַ לאַנגע צונג: אַנו, טרעפט אומיסטן, איך בין איצט מיט אַ האַרץ, צי מיין האַרץ רוט זיך אָפּ ביים זייגערמאַכער אין שאַפע?

אונטערן סאַמע פענצטער איז דער אָנהייב פון די טראַמוויי־ליניעס 7 און 22. 7 — צום זאַוואָד „באָלשעוויק” און צו די אינדוסטריעלע און מאַשינבוי־אינסטיטוטן, און 22 — צום וואָקזאַל. אַקעגן, איבער דער גאַס, איז דער אָנהייב פון אַנדערע צוויי ליניעס. 18 — אויף פּעטשערסק און 27 — אויף טעליטשקע. אויטאָבוסן גייען פון דאַנען אויף פּאָדאָל און אויף דעמיעווקע. אין דעם ראַיאָן געפינען זיך די גרעסטע אַפּטייקן, די גרעסטע גאַסטראָנאָמישע מאַגאַזינען, די גרעסטע אוניווערמאַגן און קיעווער טאָרגן. בעסאַראַבקע איז דער מאָגן פון דעם ריזיקן קיעוו. דאָ קאָכט זיך אַ קיילעכדיקער מעת־לעת. שלמה פאַרלירט ביסלעכווייז זיין גוטע שטימונג, אַ נאָגנדיקער געפיל פרעגט ביי אים:

— נו, דו האָסט זיך געיאָגט קיין קיעוו, אָט ביסטו שוין געקומען. שוין אַ קוק געטון אויפן בעסעראַבקער שטייענדיקן זייגער. אָבער ווער ביסטו דאָ? ווער קען דיך און וועמענס ביסטו? אַנאַניעוו האָט דיר נישט געשמעקט? שאַלעכלעך — נמאס געוואָרן? רחלע — ווייניק שיין? איי, שלמה, שלמה... ביז ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אַ קינד?

ער האָט מיט די פינף פינגער אַ קעם געטון דעם „טשוב”, זיך אָפּגעטרעסלט פון די אומעטיקע רעיונות און פאַרשלאָסן דאָס פענצטער. אין קופּעטשעסקע־שול האָבן אים באַקאַנטע געגעבן „שלום”, געפרעגט אויפן פאָטער און וואָס טוט ער אין קיעוו... אין דער היים האָט ער איבערגעביסן מיט אַנאַניעווער „העלדזלעך”, זיך ווידער באַטראַכט אין שפּיגל, פאַרריכט דעם שניפּס, צוגעבערשטלט די צעשויבערטע ברעמען און מיט אַ שווער געמיט פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר. ער איז געגאַנגען איבער קרעשטשאַטיק. די צענטראַלע גאַס אין קיעוו האָט גדלותדיק באַטראַכט דאָס פרעמדע בחורל מיט די ברענענדיקע אייגעלעך. די גרויסע וויטרינע־שויבן האָבן הוזקדיק געשמייכלט:

— קום אַהער, וווהין לויפסטו? דאָס גליק, וואָס וואַרט אויף דיר, וועסטו נישט אָנווערן... דו מיינסט, אַז פּאָלי איז דיר דינה כּאָדאָראָוו, רחלע? ס'איז די זעלבע פּאָלי וואָס אַ מאָל... דו גייסט טאַקע? ניי, נאָר

עס רייסט אונדז דאָס האַרץ אויף דיר... פיל גליקלעכער וואָלט געווען, אַז דו זאָלסט אין גאַנצן נישט גיין... ווילסטו נישט הערן? נו, נו, גיי... דו וועסט אונדז דערמאָנען...

שלמה האָט געוווּסט, אַז פּאָלי איז פּאָלי, ער האָט קיין שום אילוזיעס נישט געבויט בנוגע איר קבלת־פּנים. ער האָט גוט געדענקט איר קאַלטע באַציאונג צו אים, איר גאָרנישט זאָגנדיקן קוק. האָט ער אָבער צוריק געטראַכט: ווער ווייסט? אַ יאָר נאָך כמעלניק... אַ יאָר אויס פּרינצעסין... געלעבט פון „אייגענער פּראַצע"... אפשר האָט דאָס זי געענדערט? פּאָרט אָן אַ פּאָטער... איינע אַליין אין אַ גרויסער שטאָט...

שלמה האָט גוט געוווּסט דעם שאָדן, וואָס ער האָט פון יאַנים נישט זיין ביי דער זייט. נאָר טיילווייז האָט אים געטרייסט, וואָס זי געפינט זיך ביי די ווייסבלאַטס. דעם וולאַדימיר ווייסבלאַט האָט שלמה גוט געקענט פון זוועניגאָראָדקע. דאָס איז געווען אַ היינטוועלטיקער יונגערמאַן, לחלוטין נישט שייך צו קיין יידישקייט, נאָר אַן עכט ליטישער מענטש. אויף זיין לעבן האָט ער נישט געהאַט קיין מינדסטן שייכות צו מסחרים. פון דער ערשטער מינוט אָן נאָך דער רעוואָלוציע האָט ער שטענדיק „געדינט". קיין קיעוו האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט פון די ערשטע און ליט ווי מען פלעגט דערציילן, האָט ער געהאַט די „שענסטע" דירה אין קיעוו און אַ „פעטע" שטעלע. אין דער פּאַרטיי איז ער אַריין, נישט ווייל ער האָט צו איר עפּעס געפילט — אים האָבן אַזעלכע פּראָבלעמען נישט אינטערעסירט — נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל „אַנדערש קען מען נישט"... מחמת ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער, האָט מען פון אים קיין פיל צדקה נישט געקענט פאָדערן, אָבער קליינע נדבהלעך האָט ער שטענדיק אָקעגנגעטראָגן מיט אַ גוט האַרץ. אַזוי ער, אַזוי זיין ווייב סאָניע, אָדער סאָפּיאַ גריגאָריעוונאַ. זי איז געווען יאַנים שוועסטערס אַ טאָכטער, אַ קליינינקע, אַ שייניקע, נישט קיין נאָר און נישט קיין פילאָסאָפין. זי איז געווען אַ קליינע מלומדת און האָט געוווּסט פון דעם. זי האָט געשעצט אין איר מאַן זיין סטאַבילקייט און איז געווען אים אָן אַ מאָס געטריי.

# קאַפּיטל XXXV

די אינסטיטוטסקע־גאַס איז געווען אין צווייטן עק קרעשטשאַטיק, אַקעגן דער געוועזענער דומע *, באַרג־אַרויף. דאָס איז געווען מקדמונים אַ פּריצישע גאַס. אויף איר האָבן זיך געפֿונען די סאַמע פּרעכטיקסטע „אָסאָבניאַקלעך" ** אין שטאָט. חוץ דעם איז אויף דער גאַס געווען די — גערימטע מיט איר אַרכיטעקטור — „מלוכה־באַנק", די קאָלעגיע און דאָס פּרעזידיום פֿון דער געפּעאו, באַהאַלטן הינטער געדיכטע אַלייען פֿון קאַשטאַנען־ביימער. געווען דאָרט אויך דער אינסטיטוט פֿאַר עקספּערימענטאַלער מעדיצין און דער אָרטאָפּעדישער אינסטיטוט. נאָר נישט קוקנדיק אויף די אַלע בכבודיקע און קלינגענדיקע אינסטיטוציעס איז דאָך גינצבורגס פֿיל־שטאָקיק הויז געווען דער גרעסטער וווּנדער און דער עמבלעם פֿון דער גאַס. אין שול, יידן צווישן זיך, האָבן זי פּשוט גערופֿן: גינצבורגס גאַס. דער שוואַרצער בלישטשענדיקער גראַניט, די ביזאַנטישע קופּאָלן, די גע־דיכטע קאָלאָנאַדע און די טויזנטער פֿענצטער און פֿענצטערלעך האָבן גע־מאַכט אויף אַ פֿרישן מענטשן אַ שטאַרקן איינדרוק. פֿרעגן עמעצן אויף גינצבורגס הויז האָט מען נישט געדאַרפֿט. ווי נאָר מען האָט געשטעלט אַ פֿוס אויף דער גאַס, איז שוין אָט דער ריזיקער שטיינקאַסטן געהאַנגען איבערן קאָפּ, ווי דער ריזיקער עלברוס הענגט איבער די כוטאָרעס, וואָס האָבן זיך צעוואָרפֿן ביי אים צופֿיסנס.

די זעקסטע וווינונג האָט זיך געפֿונען אין דער צווייטער פּאַראַדנע אין בעל־עטאַזש ***. אויף שלמהס קלונג האָט אים באַלד געעפֿנט אַ פֿרוי, וועלכע ער האָט אין דער האַלב־טונקלקייט פֿונעם קאָרידאָר נישט דערקענט.

— אַנטשולדיקט, דאַכט זיך, דאָ וווינט ווייסבלאַט?

— ווייסבלאַט? איך בין ווייסבלאַט.

— איר זענט ווייסבלאַט? אַך, יאָ, סאָניע! פֿון דער גאַס, אַז מען קומט אַריין, איז דאָ אַזוי טונקל, אַז כ'האָב אייך נישט גלייך דערקענט.

— און איך האָב אייך נאָך איצט אויך נישט דערקענט, ווער איר זענט... עפּעס זעט איר מיר אַפֿילו אויס צו זיין קענטלעך, אָבער ווער?... ערנוואָרט...

— שוין זשע דערקענט איר נישט אפֿרים־אהרונס יינגל?...

— אַך, שלמה!... נו, נו, אַ קאָפּ ביי מיר... איך קוק און קוק און עס פֿאַלט מיר גאָרנישט איין אַזאַ פּראָסטער שכל, אַז דאָס איז שלמה. זענט איר געקומען, הייסט עס. זייער גלייך!... צו פֿאָלין... זייער פֿיין... אָבער וואָס האָט איר זיך ערשט איצט דערמאָנט? יענע זיצט איבער גאַנצע טעג

* דומע — דער פּאַרלאַמענט אין צאַרישן רוסלאַנד.

** אָסאָבניאַק — אַ באַזונדער געבויט פּריציש מויערל.

*** בעל־עטאַזש — אַ האַלבער שטאָק, צווישן פּאַרטער און ערשטן שטאָק.

איבערן ביכל, האָט נישט מיט וועמען צו גיין ערגעץ... און איר... אַ יונגער מענטש דאַרף זיין רירעוודיק...

— איך קום ערשט היינט אָן קיין קיעוו, מיט עטלעכע שעה צוריק...

— אַך, אויב אַזוי, אַנטשולדיקט... נעם איך מיין פאָרוואורף צוריק. יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? אָבער וואָס זשע שטייט איר גאָר עפּעס אין קאָרידאָר? קומט אין שטוב אריין... פּאָלי וועט זיך אַזוי דערפרייען... גייט אומיסטן אריין דער ערשטער... זי וועט אייך באַלד דערקענען? מען דאַרף נישט אָנקלאַפּן.

די מאַסיווע טיר איז געווען נישט פעסט צוגעמאַכט און שלמה האָט זי שטיל געעפנט. איין טריט האָט ער געמאַכט און זיך אָפּגעשטעלט. אין גאַנצן עטלעכע טריט פון דער טיר איז געזעסן פּאָלי.

אויפן שרייבטיש, ווו עס איז געלעגן איר ביכל, האָט — הגם ס'איז געווען אין מיטן טאָג — געברענט אַ לאָמפּ אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור. אין גרינעם אָפּשיין האָט פּאָלים פּנים אויסגעזען פיל עלטער ווי צוריק מיט זעקס, זיבן חדשים, נאָר נאָך צאַרטער, חנעוודיקער און רואיק־געלאַסן. שלמה איז שיר נישט אומגעפאַלן פאַר איבעררּאַשונג. דאָס איז נישט יענע פּאָלי, נאָר נאָך הונדערט מאָל כשופדיקער און רייצנדיקער. זי האָט גע־טראָגן אַ פּראָסט טונקל קלייד און אויסגעפּוצטע, נאָר היפּשלעך געטראָגענע טופל. די ענדערונג אין איר טואַלעט איז שווער געווען צו באַמערקן. אַלץ, וואָס איז געקומען מיט איר אין באַרירונג, האָט אין ליכטיקן גלאַנץ פון איר שיינענדיק פּנים באַקומען אַן אויסזען פון גינגאָלד. דער קאָפּ אירער איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף דער לינקער האַנט, אירע האָר זענען געווען צעשאָטן אויף די אַקסלען און האָבן עטוואָס פאַרשטעלט די אויערן. אויף די ליפּן האָט געפלאַטערט אַ ראָזע שמייכל ווי ביי אַ פיצל קינד אין שלאָף. שלמהן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז נאָר אַ דמיון: ווען ער מאַכט אַ מינדסטע באַוועגונג, אַזוי פאַרשווינדט דער גאַנצער פּאַלאַץ צוזאַמען מיט דער פאַרכישופטער בת־מלכה און ער בלייבט צוריק עלנט אין דער וויסטע, צווישן שאַקאַלן און רויב־פייגל.

עטלעכע סעקונדן איז ער אַזוי געשטאַנען פאַרגאַפט, נאָר באַלד האָט אים דער געדאַנק אונטערגעזאָגט, אַז עס איז נישט העפלעך פאַר סאָניען, וואָס שטייט הינטער זיינע פּלייצעס. ער האָט דערוואַכט און געמאַכט אַ שריט פאָרויס. פּאָלי האָט זיך אומגעקוקט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך טובל געווען אין אירע בלויע.

— פּאָליאַ!...

— סאָלאָמאָן!...

אָן לשון זענען זיי געשטאַנען אין מיטן צימער, זיך האַלטנדיק פאַר די הענט. יעדער פון זיי האָט געוואָלט איבערלייענען אין צווייטנס אויגן, וואָס דאָרט איז אָנגעשריבן וועגן אים... סאָניע האָט אומגעדולדיק אַ געשריי געטון:

— אָן עק! צעקושט זיך שוין, וואָס שטייט איר ווי די האָזן?

בײדע זענען רויט געוואָרן און האָבן אָפּגעלאָזט די הענט. סאָניע, מיט פּאַרדרוס אויף זיך:

— כ'האָב געמיינט, אַז איך וועל פאַרריכטן, צום סוף האָב איך נאָך קאַליע געמאַכט...

פּאָלי וויל איבערפירן דעם שמועס אויף אַן אַנדערער זאַך. זי הייבט אויף אירע אויגן אויף שלמהן און לאָזט זיי באַלד ווידער אַראָפּ. ווי שעמט ער זיך נישט, אין דער קעגנוואַרט פון אַ פרעמדער פרוי אַזוי צו קוקן אויף איר?

— שלמה, איר זענט שוין לאַנג אין קיעוו?

— אויב דער זייגער גייט ריכטיק, בין איך שוין גאַנצע זעקס שעה אַ קיעווער.

— ערשט היינט, הייסט עס? זענט איר געווען ביי אונדז אין שטוב אויך?

— איך קום נישט פון דער היים, די לעצטע צייט האָב איך געלעבט אין אַנאַניעוו און גלייך פון דאָרט בין איך געקומען אַהער...

— אַזוי גאָר? האָט איר אונדזערע גאָר נישט געזען אפילו?

— קומט אויס, אַז ניין.

— און וואָס מאַכט איר אַליין?

— ווי איר זעט, איך לעב און שוין... און איר אַליין ווי אַזוי?

— אַזוי... איר זעט דאָך...

אירע ווייעס האָבן אומגערן אַ ציטער געטון און ביי שלמהן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אינעווייניק. אַזאַ טאָן פון איר — איז ביי אים געווען אַ נייעס. דאָס האָט אי געאַרט, אי געפרייט. פּאָלי האָט אויף זיין געזיכט גע־לייענט די געדאַנקען און זיך געקאָרטשעט אונטער זיין דורכדרינגענדיקן קוק. עפּעס איז געווען אַן איבערמענטשלעכע קראַפט אין זיינע אויגן. פון דעם מענטשן איז אוממעגלעך עפּעס צו פאַרבאָרגן, ער זעט דעם צווייטן אויף דורך און דורך...

פון דער לאַנגער פּויזע האָט זי געראַטעוועט סאָפיאַ גריגאָריעוונאַ:

— פּאָלי, ווו ביסטו געוואַקסן געוואָרן? געסט נעמט מען אויף שטייענדיק?

— ביי אייך אין שטוב האָט איר געדאַרפט בעטן זיצן. זיצט, שלמה!...

— זעסטו, דאָס ביסטו גערעכט. טאָקע מיין שולד... שלמה, טיי וועט איר טרינקען?

— פאַר מיין גיין צו אייך האָב איך געגעסן און געטרונקען.

— ס'איז אַפילו אַ געניצעוועטער תירוץ, נאָר אויב איר ווילט נישט, דאַרף מען נישט. איך בין טאָקע פויל צו מאַכן אויך... איר ווייסט, שלמה, ווען איר זאָגט מיר נישט, ווער איר זענט, וואָלט איך אייך נאָך איצט אויך נישט דערקענט.

— פאַר וואָס זשע? אַזוי לאַנג איז שוין דען, זינט איר האָט מיך געזען?

— ס'איז שוין טאקע לאנג אויך. ווער איז פריער אוועקגעפארן פון זוועניגאראדקע — מיר קיין קיעוו, צי איר קיין כמעלניק?
— איך געדענק נישט, ווער פריער...
— יעדנפאלס, א יאר פינף קער שוין זיין... נאר עס זענען דא מענטשן, וואס פינף יאר זעען זיך אויף זיי גארנישט אן... און איר... בשום אופן וואלט איך אייך נישט דערקענט... איר זענט דאך דאן נאך גאר א קינד געוועזן... דער מאמעס יינגעלע.
שלמה, לאכנדיק:
— כ'בין נאך עד־היום מיין מאמעס יינגעלע.
— ע, זאגט דאס נישט... איצט זענט איר א מאנסביל... א פולקאר־מענער מאנספערזאן... און דעם אמת זאגנדיק, נישט קיין מיאוסער...
— נו, דאס זאגט איר שוין, כדי עס זאל זיין צום גראם...
— דווקא נישט. איך האב פיינט איבערצוטרייבן, נאר וועגן אייך האב איך נאך נישט דערזאגט...
— איי, סאפיא גריגאריעוונא, איר מאכט מיר רויט דאס בלוט. עפעס פאנטאזירט איר היינט... זאגט מיר בעסער אזא זאך: יאני מיט דער משפחה זענען דאך אוועקגעפארן פון זוועניגאראדקע א יאר פאר אונדז
— ווי אזוי זשע האט איר פאלין דערקענט?
— פאלין? ווער זאגט אייך טאקע, אז איך האב זי דערקענט? ס'איז זי דען מעגלעך צו דערקענען, קיין עין־הרע?
— אין דעם בין איך מיט אייך מסכים, אז איר פאנטאזירט נישט...
— ניין, אן געלעכטער, איר האט זי דאך שוין אויך א שטיקל צייט נישט געזען — ווי אזוי געפינט איר זי?
— קיין אויספירלעכן ראפארט וועגן דעם, אין איר קעגנווארט, קען איך אייך נישט אפגעבן. נאר מיר דאכט, אז ווען עמעצער דערציילט גינצבורגן דארטן, ווער עס וווינט היינט אין זיין הויז, וואלט ער אויפ־געשטאנען תחית־המתים, אויך כאפן א קוק אויף דעם וווּנדער...
סאניע גיט א פליעסק מיט די הענט:
— בראוואָ, סאלאמאן, בראוואָ!... אט דאס זענען דיבורים!... אט אזוי פארשטיי איך...
פאלי, מיט א מכלומרשטן בייזער אויפן פנים:
—איר האט שוין נישט וואס צו טון, האט איר זיך גענומען רעדן פון מיר.
שלמה מיט אן אומשולדיקן שמייכל:
— פאלינא יאקאוונא, אז אויף מיין גאס איז געווען די שרפה, האט איר געשוויגן...
אלע לאכן. פאלי, נאך א מינוט שווייגן:
— שלמה, איר ווילט זיך נישט דורכגיין א ביסל? כ'בין נאך היינט אין דרויסן נישט געווען.
— מיט פארגעניגן... עס שיט דארט א שנייעלע, איך האב אזוי ליב

די ערשטע שנייעלעך, זיי זענען ווי אַ קינד, ווען עס הייבט זיך אָן לער־נען גיין... זיי גייען און וואַגן נישט... גייען און וואַגן נישט...

סאָניע פאַרוווּנדערט:

— איר זענט, דאַכט זיך, גאָר אַ שטיקל פּאָעט, שלמה...

פּאָלי ברענגט די האָר אין אָרדענונג און קוקנדיק אין שפּיגל זאָגט זי:

— איר זענט ערשט געוויר געוואָרן? שלמה איז ביי אונדז אַ פּאָעט פון שטעג־דיק...

שלמהן דאַכט זיך, אַז מלאכים זינגען אים אין די אויערן. עס האָט פּאָלי געזאָגט: „שלמה איז ביי אונדז"? ווי איז דאָס מעגלעך? פאַר וואָס קומט אים אַזאַ גליק? און גייענדיק אַהער איז ער געווען אַזוי פּעסימיסטיש געשטימט.

מיט אַ מאָל דערמאָנט ער זיך:

— סאָניאַ, שוין אַזוי לאַנג, אַז מיר רעדן, און איך האָב אפילו פאַרגעסן צו פרעגן אויף וואָלאָדימירן. וואָס טוט ער עפּעס?

— גאַנץ גוט, אַ דאַנק פאַר פרעגן.

— וווּ אַרבעט ער היינט?

— אין קיעוואָרג, דירעקטאָר פון דער באַזע.

— און עס סטאַיעט?...

— וואָס פרעגסטו? אָן אונדזער שאָדן אויף דיר געזאָגט געוואָרן...

— אויב ווינטשן זיך, זענען שוין דאָ בילעכערע זאַכן אין מענטשנס לעבן...

— וואָס, למשל, איז בילעכער פון פרנסה?

שלמה זיצט פאַרטראַכט, הערט נישט איר פראַגע. סאָניע טאָרקעט אים:

— וואָס זשע שווייגט איר?

— איר זאָגט עפּעס? האַ, וואָס איז בילעכער? כ'ווייס אויך נישט. ס'האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט. נישט ביי מיר, ביים פּאָעט...

שלמה זעט אין שפּיגל, ווי פּאָלי פּודערט זיך פון יענער זייט שאַפע. ער טראַכט: נאָך וואָס טוט זי דאָס? צו אַזאַ פּנימל דאַרף מען נאָך פאַרפּוצן? דאָס מאַכט נאָר קאַליע... פּאָלי באַמערקט אין טאַשנשפּי־געלע, ווי שלמה באַטראַכט זי אין גרויסן שפּיגל. אויף אַ סעקונדע באַ־געגענען זיך זייערע אויגן דורך די שפּיגלען. זי ווערט רויט און באַהאַלט די פּודרע אין רידיקיול. זי נעמט אַרויס די קאָלאָשן פון אונטערן בעט, נאָר סאָניע גיט זיך אַ כאַפּ:

— פּאָלי, דו גייסט שוין? עס איז פריער...

— איך בין נישט הונגעריק, סאָניטשקאַ...

— וואָס הייסט, דו ביסט נישט הונגעריק? פון אין דער פרי אָן, אַז דו האָסט גאָר נישט געגעסן... נאַ דיר גאָר נישט הונגעריק...

— סאָניע, ערנוואָרט, אַז כ'בין נישט הונגעריק, פאַר וואָס גלייבט איר מיר נישט?

— פאַר וואָס ? ווייל איך פיל אין זיך... דו שעמסט זיך אפשר פאַר שלמהן ? דו שעם זיך נישט !... שלמה איז אַ היימישער מענטש און האָט ערשט אָפּגעגעסן, וועט ער ביי דיר נישט אויסכאַפּן... נעם, נעם דיר פון דער פּליטע... איך וועל שוין עסן, ווען וולאַדימיר וועט קומען...

פּאָלי בייט זיך אין געזיכט, זי זאָגט מיט אַ געבעט:

— סאָניטשקאַ, אָבער אַז איך וויל נישט עסן, איר מעגט מיר גלייבן...

— פּאָלי, איך קען דאָך דיך... אפשר ווילסטו מיר איינשפּאָרן אַן אָנבייסן ? שלמה, זאָגט איר שוין... אייך וועט זי אפשר גיכער פאָלגן.

אין שלמהן איז פאַרקאָכט דאָס האַרץ: ווען האָט מען מיט פּאָלין גערעדט פון אַזוינע זאַכן ?... און אין דער הויך זאָגט ער:

— וואָס איז זי, אַ קליינינקע ? אויב עס הונגערט זי, וועט זי זיכער עסן...

פּאָלי, מיט טרערן אין די אויגן:

— אָבער אַז איך וויל נישט, וויפל מאָל דאַרף איך זאָגן ?

פּאָלי כאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער און זוכט איר קאַשנע * אין צווייטן צימער. שלמה, כדי סאָניע זאָל מער נישט דערמאָנען וועגן עסן, פרעגט ביי איר:

— סאָניע, איר האָט דאָך אַ יינגעלע ?

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, מיר פאַר זיין קעפּעלע...

— וווּ זשע איז ער ?

— ער איז נאָך נישטאָ פון דער שול, ער גייט אויף דער צווייטער סמענע **. זאָגט מיר, שלמה, איר האָט דאָך נישט מורא אויסצוזאָגן, איר זענט דאָך נישט קיין מיידל: וויפל זענט איר אַלט ?

— גלייך ווי מיידלעך, הייסט עס, האָבן אַלע מורא פאַרן אמת... וויפל איך בין אַלט ? זומער וועל איך ווערן צוואַנציק יאָר אַלט.

זי קוקט אויף אים, פירט איבער דעם בליק אויף פּאָלין און צוריק אויף אים.

— אפילו נישט קיין צוואַנציק יאָר ? און איך האָב געמיינט... און מיר האָט זיך געדאַכט... הם... נאָך אַ ביסל צו יונג... אויף איינע פינף יאָר...

שלמה פאַרשטייט נישט:

— וועגן וואָס רעדט איר ? ווער איז צו יונג ?

סאָניע ענטפערט צעטראָגן:

— ניין, גאָרנישט... ס'האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט... איך בין אויך אַ שטיקל פּאַטעסע, אַז מען דאַרף...

פּאָלי טוט שוין אָן די הענטשקעס. שלמה באַקוקט איר פראַסט שעוויאָטן פּאַלטאָכל און טראַכט: נישטאָ יענץ פּעלצעלע... יענץ קובאַנ־

---

* קאַשנע — אַ האַלדזטיכל.

** סמענע — נאָכמיטאָגדיקע לימודים.

קעלע... אַלץ פּאַרפּאַקט געווען אין יענע אומגליקלעכע טשעמאָדאַנעס, צי אפשר גאָר ביי ציטנס פּאַרקויפט? ווער פירט מיט זיך פּעלצן קיין אמעריקע?

פּאָלי שטויסט זיך אָן, וועגן וואָס שלמה טראַכט, און שלאָגט אים איבער:

— איך בין פּאַרטיק, קומט, שלמה, איר גייט?

# קאפיטל XXXVI

אויף דער גאס האט דאס שנייעלע אויפגעהערט. די זון האט זיך געשאמפערט מיט די כמארעס. אויף א ווײלע האט זי זיך באוויזן א נע־בעכדיקע, א צעפליקטע. זי האט נישט באוויזן ארויסצוקריכן אין גאנצן, ווי מען האט אויף איר ארויפגעווארפן א פרישן פעלץ. און ווידער האט מען ערגעץ געפליקט פוך פון קאטשקעס. די טראטוארן זענען געווען שווארץ און פייכט, דעם פוך האבן די דורכגייער מיטגענומען אויף די מלבושים...

פאלי האט ארויסגעקרעכצט:

— אך, אט די סאניע...

שלמה האט צוגעדריקט איר ארעם:

— פאלי, איר דארפט מיר גארנישט זאגן... איך פיל אלץ נישט ווייניקער פון אייך... מיר דאכט זיך, אז איר קענט מיר גלייבן...

— יא... איך האב געזען, ווי איר האט אויף אלץ רעאגירט... איר מיינט, זי איז א שלעכטע?

— חס ושלום... וואס איז, איך קען נישט סאניען? נאר ס'איז נישט גוט אין אייערע יארן גיין צו א פרעמדן טיש...

— איר פארמולירט עס פראסט און שארף... אזוי איז דאס...

— און אייך איז נאך דערמיט געלונגען, וואס וולאדימיר איז א סאלידער מענטש...

— וואס הייסט? איך פארשטיי נישט...

— עס וואלט נאך געפאסט, אז דער באלעבאסטע זאל זיך נעמען דאכטן, אז דער גאסט געפעלט דעם מאן אירן בעסער פאר איר אליין. ביי אזא פאל ווערט גאר א גן־עדן אין שטוב און גראד ביי אייך, מיט אייער אויסזען, האט דאס אויף זיכער געקענט טרעפן...

— איך וואלט, דאכט זיך, אנטלאפן א בארוועסע אויפן פראסט... נאר לאמיר מער דערפון נישט רעדן... דאס איז דאך נאר א צייטווייל־קער דורכגאנג. מיט וואס קען איך זיך דערווייל העלפן?...

זיי האבן זיך פארנומען אין פוסטן, פארשנייטן „פראלעטארישן גארטן". אלע בענק זענען געווען מיט שניי באשאטן און זיי האבן לאנג־זאם געשפאנט און געשוויגן.

— שלמה, איר מיינט, אז איך האב נישט געוווסט, אז איר וועט קומען? איך האב געוווסט...

שלמה, העכסט פארוואונדערט:

— ווי אזוי האט איר געקענט אזא זאך וויסן?

— די מאמע האט מיר געשריבן, אז אפרים־אהרון, אייער פאטער מיין איך, האט געפרעגט אויף מיין אדרעס, האב איך פארשטאנען, אז דאס איז פאר אייערט וועגן...

— פּאָליאַ... און ווי אַזוי האָב איך געקענט נישט פרעגן ?...

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס הייסט, ווי אַזוי האָט איר געקענט ?

זיי זענען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, איינגעגעסן זיך מיט די אויגן. שלמה האָט זי לייכט גענומען אונטערן אָרעם און פּוסטריט זיך געלאָזט איבער דעם אויסגעשטאָרבענעם פּאַרק.

— פּאָלי, קוקט נישט אויף מיר אַזוי שרעקלעך... דאָס האַרץ פאַר־לויפט מיר מיט בלוט, ווען איך פיל אויף זיך אייער אומבּרחמנותדיקן בליק.

— אָבער איך הייב דאָך נישט אָן צו פאַרשטיין, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך...

— דאָ האַנדלט זיך דערין, אַז אָן אייך איז מיין לעבן גאָרנישט ווערט. דער איינציקער לייכטטורעם, פון וועלכן מיין לעבן ווערט באַ־שטראַלט, איז אייער פּערזאָן... און דאָס איז נישט קיין פּלוידעריי. דאָס געפיל ברענט אין מיר שוין אַכט, ניין יאָר, זינט איך האָב אייך פאַר מיינע אויגן דערזען... איר זענט נאָך דאַן גאָר אַ קליינינקע געווען, אַ פּיצעלע מיידעלע, מיט רויטע סטענגעלעך אין די צעפּעלעך. שוין פון דאַמאָלסט אָן האָב איך פאַרלוירן מיין שלאָף... זינט דאַמאָלסט באַגלייטן מיך אייערע אויגן ביי טאָג און ביי נאַכט... אפילו ווען איר זענט אָפּגע־פאָרן פון כמעלניק... אפילו בשעת איר האָט זיך מיט מיר געזעגנט אָפּ־פאָרנדיק קיין אַמעריקע... איך האָב געפילט, אַז איך טאָר נישט קוקן ניכטער אויף דער זאַך, צי האָב איך האָפענונגען, צי ניין; ווייל דער „ניין" וואָלט געווען אַ טויטקלאַפּ פאַר מיר... היינט, אַז איך האָב אייך דערזען זיצן אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט און לייענען, האָב איך דער־פילט, אַז ביזן טויט וועל איך קיין אַנדערן נאָמען נישט נעמען אויף דער צונג, חוץ פּאָלי... קיין אַנדער פּנים נישט קענען אָנקוקן, חוץ אייערס. און פון אייך איז געווענדט מיר דאָס צו דערלויבן...

פּאָלי איז געווען בלייך. זי האָט ווייך באַפרייט איר האַנט פון זיינער:

— שלמה, איך האָב זיך אין לעבן נישט פאָרגעשטעלט, אַז איר זאָלט זיין פעאיק אַזעלכע רייד צו ברענגען פאַרן מויל און אַז מיר וועט אויסקומען זיי צו הערן פון אייך... דאָס איז פאַר מיר אַזוי אומגעריכט, אַזאַ סורפּריז, אַז איך קען באמת נישט צונויפשטעלן קיין צוויי ווערטער, כדי אייך צו ענטפערן...

— פּאָלי, טוט מיר אַ טובה און ענטפערט מיר נישט...

— אָבער ווי אַזוי דאַרף איך פאַרשטיין אייערע רייד: ווי אַן אָפּי־ציעלן פאָרשלאַג ?

— פּאָלי, טייערע פּאָלי... אָפיציעלע דערקלערונג... אָפיציעלער פאָר־שלאַג... דאָס איז אַלץ אַזוי טרוקן, אַזוי שאַבלאָן... דאָס אַלץ שפּיגלט נישט אָפּ אין דער מינדסטער מאָס דעם שייטער, וואָס איר האָט אָנגע־צונדן אין מיין האַרצן. איר פרעגט, צי מיינע רייד טראָגן אַן ערנסטן כאַראַקטער ? אודאי אַן ערנסטן ! וואָס דען, איך שפּאַס מיט אייך ?

גליבט מיר, איך ווייס מיין באַשטאַנד גוט... איך בין נאָך נישט איינגע־אָרדנט. מיין עקאָנאָמישע לאַגע באַשטייט נאָך דערוויל פון גאָלע לופט־פּרנסות. איך קען נאָך ביים היינטיקן טאָג נישט זאָגן: „פּאָלי, קום חתונה האָבן״... איך האָב נאָך נישט קיין היים, איך בין ערשט געקומען אַהער צו זי אויפצובויען. אייך אַליין ליגט נאָך נישט דער קאָפּ צו אַזעלכע זאַכן... אַז מען האָט דעם טאַטן אין שאַכטע און די מאַמע אין אַ פרעמ־דער קיך, קען נישט גיין אין קאָפּ אַריין גלייך חתונה האָבן... דאָס אַלץ ווייס איך זייער, זייער גוט... איך ווייס אָבער אויך נאָך עפּעס... אַז דאָס אַלץ וועט זיך מיט דער צייט, מיט גאָטס הילף, בייטן, אַלץ וועט זיך אויספורעמען. ביסלעכווייז, גרינג אָדער שווער, ס'וועט זיך איינרעגולירן. די פראַגע פון אַ כלה ווערן וועט אויפהערן צו זיין בלויז אַ פאַנטאַזיע, נאָר אַ נאָענטע זאַך, אַן אַקטועלע. און אויף דאַמאָלסט, ווייל איך, זאָלט איר געדענקען, אַז ביי שלמה אפרים־אהרונס קיניגט איר אין האַרצן שוין זייער לאַנג. ביי דעם מענטשן וואָלט קיין זאַך נישט צו שווער געווען צוליב אייך. ער וואָלט גערעכנט פאַר אַ גליק אָפּגעבן זיין לעבן פאַר אייך און שטאַרבן מיט אייער נאָמען אויף די ליפּן... איך האָב פיל גע־לייענט, ראָמאַנען אַלערליי. איך באַשטעטיק אייך ווי אַ דריטע פּערזאָן, אַז דעם שלמהס געפילן צו אייך זענען אפילו נישט קיין ליבע אָדער ליידנשאַפט, ניין! עפּעס ענלעכס טרעפט זייער זעלטן. דאָס איז פאַר־געטערונג, דאָס איז פאַנאַטיזם, דאָס איז גרייטקייט דינען יענעם מענטשן ביז אין טויט אַריין, נישט זוכנדיק דערביי קיין מינדסטן נוצן פאַר זיך. און אויף וויפל מיר איז באַקאַנט די וועלט, זאָג איך אייך אויף זיכער: ביי קיינעם וועט איר אַזעלכע געפילן נישט טרעפן... איינעם וועט אימ־פּאָנירן פאַר דער געזעלשאַפט צו האָבן אַזאַ שיין ווייבל ווי איר; אַ צווייטן וועט געפעלן ווערן אייער שיין פּנימל, אַ דריטן, — איך ווייס וואָס נאָך דאַרטן, אָבער אַז די נשמות זאָלן זיך ליב האָבן... ביי מיר זענט איר די נשמה פון מיין נשמה... דאָס ליכט פון מיינע אויגן... די לופט, מיט וועלכער איך אָטעם... איר שווייגט... דאָס איז נישט קיין גוטער סימן...

— איך שווייג, ווייל איר רעדט... אייך איבערשלאָגן האָב איך נישט געוואָלט... ס'איז מיר זייער אָנגענעם צו הערן... מיט אַזאַ טערענאַדע מעג מען זיך שוין איבערנעמען... אָבער זאָגט מיר אַזאַ זאַך: ווען איר זאָגט נאָך, אַז איך זאָל אייער דערקלערונג פאַרגעדענקען אויף דאַמאָלסט, ווען ס'וועט האַלטן דערביי, דאָס פאַרשטיי איך נאָך און איך וועל דאָס זיכער טון. אָבער איר וועט מיר דאָך האַלטן אין איין דערמאָנען וועגן דעם אַלע מאָל, ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען, נישט אַזוי? וואָס זשע פאַר אַ טעם האָט דאָס?

— פּאָלי, אויב אייך איז אָט די טעמע אַזוי נישט צום האַרצן, זאָג איך אייך צו אַזוי גיך זיך נישט אומקערן צו איר. אָבער היינט, אַז מיר האָבן שוין אָנגערירט אָט די אַזוי וויכטיקע פראַגע פאַר מיר, ווייל איך הערן פון אייך עטלעכע ווערטער. רעכנט זיך נישט מיט מיר... זאָגט,

וואָס אייער האַרץ זאָגט אײַך אונטער. דער שענסטער ליגן איז דער אמת...

— שלמה, איר באַליידיקט מיך, אויב איר קלערט, אַז איך קען אײַך ענטפערן נישט דעם גאַנצן אמת... פאַר וואָס זאָל איך דאָס טון? וואָס צווינגט מיך דערצו? איך בין דאָך נאָך דערוויי׳ל אומאָפּהענגיק...

זיי האָבן זיך דערקליבן צו דער עקסטער אַלייע. דער דניעפּר איז געלעגן אין דער נידער אַזן אָנגעברוגזטער, מיט ווײַסע קוטשערן אויף זײַן טונקעלער ליסענע. אויף יענעם ברעג האָבן זיך עלנט געוואַלגערט איינזאַמע הילצערנע געביידעס פון דער ערשטער סלאָבאָדקע. ביי אַ גרויסער נישט געהובלעוועטער דאַמבע זענען געשטאַנען צוגעשלאָסן אויף דינע קייטעלעך עטלעכע צענדליק איבערגעקערטע גרינע שיפלעך מיט שמאָלע נעזער. אויף איינעם פון די שיפלעך האָט אַ פרוי געוואַשן גרעט אין אַ מולטער און לעבן איר האָט זיך געשפּילט אין זאַמד אַ ייִנגעלע.

# קאפיטל XXXVII

שלמה האָט זיך אומגעקוקט אויף פּאָלין און אינסטינקטיוו האָט זיך פּאָלי אויך אומגעקוקט אויף אים.

— אָך, יאָ... איך האָב אייך נאָך נישט געענטפערט... איר האָט געפרעגט מיין מיינונג וועגן דעם אַלעמען, וואָס איר האָט מיר אַנטפּלעקט... יאָ... נו, פון וואָס זאָל איך אָנהייבן?... וועגן מיין איצטיקער לאַגע האָט איר דאָך אַליין גוט געזאָגט, ווי מיר איז איצט צום פּנים אפילו רעדן פון אַזוינע זאַכן. וואָס דען, וועגן אַ מאָל? וועלן מיר דאַמאָלסט זען... דערווייל בין איך ערשט נישט לאַנג געוואָרן אַכצן יאָר... כ׳בין נאָך אַ קינד... אַז מען ווערט עלטער, ווערט מען קליגער... אַזוי דאַכט זיך, זאָגט מען?...

די שטילקייט האָט געפאָדערט פון איר מער אָפּנהאַרציקייט... זי האָט איבערגעטראַכט פון איין פּוס אויף דעם צווייטן און שטיל געזאָגט:

— און וועגן מיינע געפילן צו אייך... מיר דאַכט, אַז איר זענט אויף מיר מער מבין ווי איך אַליין אויף זיך... מיר זענען צוזאַמען אויסגעוואַקסן, מיין טאַטע איז פאַר אייך שטאָל און אייזן... מער, וויפל איר שטעלט זיך פאָר... נו, און...

זי הייבט אויף אַ שעמעוודיקן קוק אויף אים און כאַפּט באַלד צו די אויגן.

— נו, מיטן אויסזען געפעלט איר מיר, שוין פון לאַנג... און אייער ערנסטקייט שעץ איך אויך זייער... איר זענט אין גאַנצן מיט איין יאָר עלטער פון מיר און איך פיל מיך ווי אַ קינד קעגן אייך... איר האָט שוין פיל דורכגעמאַכט און דאָס איז לייכט צו באַמערקן אין די שטריכן פון אייער פּנים... דאָס אַלץ איז זייער גוט... און איר וועט זיך אַרויפאַרבעטן עקאָנאָמיש אויך... עס איז ביי מיר קיין ספק נישט... איר זענט אַ פעאיקער און האָט חן ביי מענטשן... נאָר צוויי שטערונגען זע איך גרויסע...

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט שלמה געשפּירט נאָך אירע ליפּן.

— די ערשטע שטערונג איז: וואָס איר האָט נישט קיין הויכע בילדונג... מיר דאַכט... איך בין זיכער... איך וויל... אַז מיין פריינד, דער, וואָס איך וועל אים זאָגן „דו״, זאָל האָבן הויכע בילדונג... און איר ווייסט? ס׳איז זייער טרויעריק, וואָס אַזאַ אויסערגעוויינלעך טאַלאַנטירטער מענטש ווי איר זאָל דאַרפן אַרבעטן פיזיש אָדער האַנדלען... איר וואָלט זייער הויך געשטיגן מיט אייער קאָפּ...

שלמה האָט פאַרביסן אַ ליפּ:

— און די צווייטע שטערונג אין וואָס באַשטייט?

— איר זענט רעליגיעז...

— און איר זענט אַנטי־רעליגיעז?

— איך ווייס נישט, אויב אַנטי, אָבער אַלנפאַלס... איך פיל נישט

דערצו קיין מינדסטע סימפּאַטיע... און ביי אייך, ווייס איך, איז דאָס אַזוי טייער...

— הערט, פּאָלי... דאָס איז די ריכטיקסטע פּרוּוו... וועט איר ליב האָבן מיך, וועט איר ליב באַקומען אויך מיינע אידייען, טאָמער וועט איר נישט קענען פאַרטראָגן די רעליגיע, איז אַ באַווייז, אַז אייערע געפילן צו מיר זענען נישט רייף, שוואַך... דאָס איז ווי צוויי מאָל צוויי...

פּאָלי האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן אַ גליענדיקן בליק:

— איר ווייסט, שלמה, וואָס מיר געפעלט אין אייך מער פון אַלץ? אייער טאָן, מיט וועלכן איר רעדט. פון אייערע רייד ווייעט מיט אַזאַ אַנטשלאָסנקייט, מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס ווערט אַזש שרעקלעך־אָנגענעם, וואָס אַ מענטש מיט אַזאַ מעכטיקן גייסט איז אין דיר פאַרליבט... איר הערט, שלמה, איך זאָג אייך נביאות, אַז פון אייך וועט מיט דער צייט ווערן אַ העלד...

— פּאָלי, ליבע מיינע, דאָס איז געווענדט אין אייך... טאָמער וועט איר נישט ווערן קיין פּאָלי פּיאַטיגאָרסקי, ווערט פונעם גרויסן העלד — שטויב...

פּאָלי לאַכט פאַרשעמט:

— מען האָט שוין געהערט... מען האָט שוין געהערט... אָבער נאָך נישט אַזוי גיך...

שלמה לאָזט אַראָפּ די אויגן און גיט אַ זיפץ:

— אָט דאָ דאַרף איך שווייגן. וואָס קען איך דען זאָגן?...

אין פּאָלים אויגן גיט אַ פינקל אַ פאַרשייט פּייערל:

— זאָגט מיר, שלמה, ווען איר דאַרפט אויסקלייבן צווישן אייער ליבע צו מיר און צווישן אייער גלויבן, וואָס וואָלט איר — ?

שלמה ווערט בלאַס פאַר אויפרעגונג:

— חברטע טולטשינסקאַיאַ, אייער פראַגע איז שרעקלעך נישט קיין קלוגע! איך בעט אייך, נעמט זי צוריק, איר מוזט דאָס טון...

פּאָלי כאַפּט אָן זיין האַנט:

— גערעכט, שלמה, גערעכט... נאַרישערס פון מיין פראַגע איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן... אַנטשולדיקט מיר... זייט מיר מוחל...

— גוט, פּאָלי, איר האָט נישט געפרעגט... ביי מיר איז היינט אַ גליק־לעכער טאָג... די גמרא זאָגט, אַז אין שלעכטע סימנים דאַרף מען נישט גלייבן, אָבער אין גוטע — יאָ. דעם ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען קיין קיעוו בין איך געוואויר געוואָרן, אַז מיינע יסורים וועגן אייך זענען געווען אומבאַגרינדעט...

— און איר האָט שטאַרקע יסורים געהאַט?

— אָ, פּאָלי, שטאַרקע!... איך האָב מורא געהאַט צו ווערן אָפּגע־שטויסן...

— ע, שלמה, אויב אַזוי, האָב איך זיך אין אייך גענאַרט... אַלע האַלטן אייך פאַר אַזאַ חכם און אַ מענטשן־קענער און צום סוף האָט

איר געקענט אזא טעות האָבן אין מיר און טראַכטן, אז איך בין צו אייך גלייכגילטיק... פון היינט אָן וועל איך אייך פאַרטסרן פאַר דער גאַנצער וועלט, אז איר זענט אוים מבין...

— פאַלי, פון דעם, וואָס איך בין אוים מבין אין דעם פאַל, בין איך זייער גליקלעך, אָבער אין דעם זענט איר שולדיק... קיין מינדסטן רמז דערויף האָב איך פון אייך קיין מאָל נישט באַמערקט.

— שלמה, עס קען זיין, אז איר זענט גערעכט, נאָר ווייסט איר וואָס? לאָמיר איצט מער דערפון נישט רעדן... אויפן ערשטן מאָל וועט זיין גענוג, האַ?

— מסכים, פאַליטשקע, מסכים... נאָר איין פראַגע נאָך... אפשר דער־לויבט איר מיר אין אָנדענק פון היינטיקן טאָג צו זיין מיט אייך אויף „דו" און דאָס זעלבע פאַרקערט?

— שלמה, איר דאַרפט אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן פאַר מיין אָפּזאָגן אייך... איר פאַרשטייט אַליין... נישט מחמת עס שטייט מיר נישט אָן, צי איך האַלט דאָס פאַר אַן אומכבוד פאַר זיך... איר פאַרשטייט דאָך... אָבער דאָס וואָלט אַרויסגערופן נישט געוווּנטשענע סברות ביי לייטן... ווער שמועסט, טאָמער יאָווען זיך נאָך אהער כמעלניקער, וואָס וועלן זיי שוין טראַכטן? בין איך אפשר נישט גערעכט, האַ?

— גערעכט צי נישט גערעכט, איך נעם מיין פאַרשלאָג צוריק... נו, דערציילט, וויפל צייט זענט איר שוין אין קיעוו?

— שוין באַלד דריי וואָכן...

— און איר גייט די גאַנצע צייט נישט אַרוים אין ערגעץ?

— כמעט אז נישט... נאָר צו די טולטשינסקים, אויף דער נאַכט אַ מאָל...

— צו וועמען?

— צו די טולטשינסקים... האַ, איך האָב גאָר פאַרגעסן, אז איר ווייסט נאָך גאָר נישט...

— אודאי ווייס איך גאָר נישט...

— אהער קיין קיעוו איז מגלגל געוואָרן מיין טאַטנס אַ קוזין, אויך אַ טולטשינסקי. אַ קאָמוניסט פון אַכצנטן יאָר, איצט איז ער דאָ רעדאַקטאָר פון דער אָבלאַסט־צייטונג * „סאָוויעטסקאַיאַ אוקראַינאַ". ער האָט אַ פרוי מיט קינדער און וווינט אין „קאָנטינענטאַל" ** אויף ניקאָלאַיעווסקע־גאַס.

— אין אַ האָטעל גאָר?

— איז וואָס זשע האָט איר מורא, אז ער האָט אַ שלעכטע דירה? אַ־אַ! דאַכט זיך, נאָך אַ בעסערע פון סאָניעס... דריי צימערן אויפן צווייטן שטאָק, מיט אַ באַזונדער באָדצימער, מיטן שענסטן מעבל, מיט באַשפּייזונג פון

* אָבלאַסט־צייטונג — געגנט־צייטונג.

** „קאָנטינענטאַל" — דער נאָמען פון בעסטן האָטעל אין קיעוו.

דער גרויסער קיך... נישקשה, אויף אונדזער מלוכה קענט איר זיך פאַרלאָזן... אירע רעדאַקטאָרן באַוואָרנט זי נישט שלעכט...

— אַז אַנדער ברירה האָב איך? איך מוז זיך שוין פאַרלאָזן... גייט איר אַ מאָל מיט זיי אין טעאַטער, אין קינאָ?

— אַ פּאָר מאָל בין איך געווען.

— און דער טאַטע איז נאָך אַלץ אין שאַכטע?

— דערווייל, יאָ... אַז איך וועל זיך איינאָרדענען, וועלן מיר אַ טראַכט טון...

— עס טוט זיך עפּעס וועגן אַ שטעלע פאַר אייך?

— יאָ... מען זאָגט מיר צו אַ שטעלע פון אַ בוכהאַלטער אָדער אַן אַנדער מין בוכהאַלטערישע אַרבעט...

— דאָס האָט איר זיך אויסגעלערנט אין דער קאָלאָניע?

— יאָ, אין קאָלאָניע. אין „מ.ט.ס." * האָב איך געאַרבעט די גאַנצע צייט מיט דער פען... אָנהייבנדיק פון אַ דיעלאָוואָד ** ביז אַ פאַרטרעטערין פון הויפּט־בוכהאַלטער...

— קומט דאָך אויס, אַז איר זענט אַ גאַנץ פּעאיקע...

— פאַר וואָס זשע עפּעס: „קומט דאָך אויס"?

— איך האָב אייך דערמיט באַליידיקט? פּאָליטשקע, ליבינקע, איר זענט מיר טייער, אפילו ווען איר קענט נישט איינטונקען קיין האַנט אין קאַלט וואַסער... מיינע געפילן זענען אַ סך ווייטער אַוועק פון אַזעלכע זאַכן, צי איר זענט יאָ אַ בוכהאַלטער צי נישט קיין בוכהאַלטער. „קומט דאָך אויס" האָב איך געזאָגט דערפאַר, ווייל איר האָט דאָך אויף אייער לעבן נישט געפּרוווט גאָרנישט טון... קיין שום פליכט אויף זיך נישט געהאַט... נו, און בכלל, וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָרט געווען?

— וואָס פאַר אַ לעבן? קיין קאָמפּאַניעס האָב איך זיך נישט געזוכט... אָפּגעאַרבעט מיינע שעה'ן, האָב איך זיך פאַרקליבן אין גאָרטן אריין, מיטן בוך, און דאָס איז עס. די געזעלשאַפט איז דאָרטן אַ גראָבע, אַ דאָרפישע, שוין צו אַ פּראָלעטאַרישע... נו, די לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען נישקשהדיקע, איך האָב נאָך דער מאַמען געשיקט פאַרן זומער דריי פּעק־לעך און דעם טאַטן איינס. און וואָס האָט איר געטון די גאַנצע צייט?

— איך האָב איבערגעלעבט אַ פיל, פילפאַרביקן זומער, טייער לעבן מיינס. עטלעכע שעה נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך דאַמאָלסט געזעגנט ביי די הענט, איר געדענקט?... בין איך דערנאָך באַלד געוויר געוואָרן, אַז איר פאָרט צום פעטער קיין באַסטאָן... וואָס זאָל איך אייך דערציילן?... ווייס איך, אַזעלכע זאַכן גיבן זיך נישט איבער... נו, ווי אַזוי איך האָב געלעבט, פרעגט איר? איך בין ארומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, האַלב אוקראַינע אויסגעמאָסטן... ספרים געקויפט... ביכער געלייענט... געלט

* מ.ט.ס. — ראשי תיבות פון מאַשין־טראַקטאָר־סטאַנציע.

** דיעלאָוואָד — ענינים־פירער, געמיינט: סעקרעטאַר.

פארדינט אַ סך, געשיקט אַהיים... מיין רבין שמעיהן... און דער עיקר: באוויינט מיין אַמעריקאַנער געליבטע... אויף דער פור פאַרנדיק האָט מיר קיינער נישט געשטערט... די זון האָט זיך נישט געמישט... די שטערנדלעך האָבן נאָך מיטגעפילט... דאָס פאַרלירן אייך האָט נאָך שטאַרקער דערוועקט אין מיר דעם ווילן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. אייער אָרט אין מיין הארצן האָט פאַרפלייצט דער ירדן... נאָך דעם האָט דער מסחר מיט ספרים גע־פלאַצט, אַזוי ווי עס פלאַצן אין רוסלאַנד אַלע מסחרים. עס איז ווידער שלעכט געוואָרן... דאָס ביסל געלט, וואָס איך מיטן טאַטן האָבן אָפּגע־שפּאָרט, האָבן מיר געמוזט צולייגן צו די ספרים און מיר זענען ווידער פאַרבליבן ריין, אַזוי ווי נאָך ליסענקער וואַלד... דאַמאָלסט איז פּונקט אונטערגעקומען אַנאַניעוו. אַ וואַרעמע געטרייע משפחה, מיט גוטע גע־שעפטן. נאָר מיכאַלן איז באַשערט געווען די מצוה און ער האָט, גאָרנישט מיינענדיק דערביי, מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די אַמעריקאַנערין איז נאָך דערוויל אין רוסלאַנד און אָנשטאָט אַ באַסטאַנער האָב איך דערהאַלטן אַ קיעווער אַדרעס... איך רעכן, אַז איר פאַרשטייט אַליין, מיט וואָס פאַר אַ הארץ דער טאַטע האָט מיר געשיקט אייער אַדרעס... איר זענט שוין נישט קיין קליינינקע און קענט זיך דאָס פאַרשטעלן... די פּאָסט האָט זיך נעבעך געמוזט פירן אַהין און צוריק מיט שווערע פּאַקעטן... אָבער ווי איר זעט, האָט זיך די דינאַסטיע אונטערגעגעבן... פון יענעם טאָג אָן האָט ביי מיר אַלץ פאַרלוירן דעם חן... סיי אַנאַניעוו, סיי די געשעפטן און אפילו — ווי שלעכט עס זאָל נישט זיין פון מיין זייט — די איבערגעגעבענע משפּחה... פאַר מיינע אויגן האָט געשוועבט אַ נאָמען פון קורצע צוויי קלאַנגען „פאַ" און „לי"... און מער האָט שוין גאָרנישט עקזיסטירט פאַר מיר... דאַן האָב איך אַלץ ליקווידירט און אָט בין איך דאָ... און גאָט האָט מיר געהאָלפן. איר שטייט צו מיר מיטן פּנים, נישט מיטן רוקן. נישט אַזוי?...

זי האָט אים דערלאַנגט איר האַנט,ביידע האָבן זיך לאַנג אָנגעקוקט מיט ליבנדיקע אויגן און זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטאָט אַריין.

# קאפיטל XXXVIII

אויף קיראָווא־גאַס, פאַרקוועטשט צווישן אַ היטל־מאַכעריי און אַ ביכער־מאַגאַזין, איז געווען אַ קאַפעהויז און זיי זענען אַריינגעגאַנגען עפּעס איבערכאַפּן. אין מעניו * איז געווען: ביפשטעקס, געבראָטנס, ווייניק פלייש. אין בופעט: אַלערליי מינים קאַלבאַס און פּאַשטעטן. פאַלי האָט זיך פאַרקרימט און אַ שלעפּ געטון שלמהן פאַר אַן אַרבל:

— איי, קומט, וואָס גלוסט זיך אייך?

— פאַלי, וואָס פראַוועט איר פאַר אַ קאַפּריזן? איר האָט דאָך טאַקע נישט געגעסן פון פרימאָרגן אָן.

— גיי איך דאָך אַהיים, וועל איך עסן...

— ע, ווען איר גייט אַהיים און ווען ביים טיש וואַרט אויף אייך אייער טאַטע... גלייבט מיר, פאַלי, ס'איז מיר שווער אָנצורופן אַ נאָמען פון אַ מענטשן, צו וועמען איך בין אַזוי שטאַרק צוגעבונדן ווי צו אייער פאָטער... אוי... מען דאַרף זיין דער גרויסער מבין אויף אים... אַזעלכע נשמות לאָזט דער אייבערשטער אַראָפּ אויף דעם עולם אַ מאָל אין אַ יובל... יאָ! טאָמער איז מיר קאַרג, וואָס איר אַליין האַלט מיך אין געפאַנגענשאַפט, ציט מיך נאָך אייער טאַטע אויך ווי אַ מאַגנעט... נו, שאַ, שאַ... איך בעט טויזנט מאָל מחילה... כ'האָב פאַרגעסן מיין וואָרט, פאַרגעסן... מער אַזאַ רציחה וועט שוין נישט געשען...

ביידע האָבן זיך צעלאַכט און פאַרנומען דאָס עקסטע טישל אין צימער־ווינקל. אויפן פענצטער דערנעבן איז געשטאַנען אַ גרויסער פיקוס ** מיט פיל פאַרגעלטע בלעטער. אויפן טישל איז געווען אויסגעשניטן מיט אַ גאָל־מעסערל: „ביי וואַניען און ביי וואַריען איז איין נשמה". שלמה האָט אָנגעוויזן פאַלין אויף דער אויפשריפט:

— דאָס טישל האָט שוין אַזאַ מזל...

זי האָט דראָענדיק צוגעטוליעט איר ראָזע פינגערל צו איר שפּיץ נאָז און זיך צעלאַכט. דער ראַדיאָ־אויפנעמער אויף דער טיר האָט אָנגענעם אויסגעצויגן:

„עס איז געווען אַ מאָל אַ פּאַסטעכל... אַ פּאַסטעכל...

„האָט ער געהאַט אָן איין און איינציק שעפעלע...

דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך באַגעגנט מיט די אויגן און אַ הייסער שטראָם האָט מיט איין כליופּע אַ שווענק געטון ביידע אומשולדיקע הערצער. ביי שלמהן האָבן זיך פּאָר גליק באַוויזן טרערן אין די אויגן. מען האָט זיי דערלאַנגט געבעקס, האַרטע אייער, מאַנדאַרינען און טיי. געגעסן האָט מען שטיל און נאָר בגנבה באַטראַכט איינער דעם אַנדערן. עס האָט

---

* אַ צעטל פון מאכלים.

** פיקוס — אַזאַ ליליע אין אַ וואַזאָן.

זיך זיי ביידן נישט געגלייבט, אז נאָך אזוי פיל יאָרן ווייטע באַקאַנטשאַפט און קאַלטע באַציאונגען איז מיט אַ מאָל פאַר עטלעכע שעה׳ן אויסגעוואַקסן אַ בריק צווישן זייערע נשמות. שלמה האָט זי לייכט אַנגערירט:

— פאָלי, נעמט ביי מיר הונדערט רובל, כדי איר זאָלט נישט דאַרפן זיין אָפּהענגיק פון סאָניעס —

— אַ דאַנק, איך דאַרף נישט...

— איר טוט נישט גלייך, וואָס איר זאָגט מיר אָפּ. אַ יונגער מענטש דאַרף זיין פריי אין אַ רובל.

— ווער זאָגט אייך, אז כ׳בין נישט פריי? קליינגעלט האָב איך ביי זיך און קיין גרויס געלט דאַרף איך נישט... עס גייט ביי מיר גאָרנישט אָוועק...

— פאָלי, אייער ענטפער פּאַסט פאַר אַ לחלוטין פרעמדן מענטשן... צי קען איך טאַקע נישט האָבן די האָפענונג, אז איר זאָלט אין מיר זען אַ מער נאָענטן מענטשן? אויב נישט קיין ליבהאָבער, אָבער אַ פריינד, אַן איבערגעגעבענעם ביז גאָר...

— שלמה, איך שווער אייך ביי וואָס איר ווילט, אז אין דער איצטיקער שעה זענט איר מיר דער נאָענטסטער מענטש אין קיעוו... איר קענט מיך נאָך פון די גוטע יאָרן... ווען קליידער, שענערע, ווי איך טראָג איצט, פלעגן מיר אָוועקשענקען...

איר קול האָט זיך פּאַרדעכטיק איבערגעריסן, נאָר באַלד האָט זי זיך גענומען אין די הענט אַריין און פאָרגעזעצט שוין רואיקער:

— חוץ דעם, וואָס ביי מיר איז טייער, וואָס איר פילט צו מיר — און איך בין זייער שטאָלץ, וואָס אזאַ געלערנטער מענטש ווי איר און אזאַ געשטעלטער קען אזוי אַנטציקט זיין פון מיר. איר זאָלט נישט מיינען, אז ביי אַ מיידל זענען וואָלוול אזעלכע וואַרעמע רייד, אזאַ פלאַמענדיקע דערקלערונג... נאָר חוץ דעם אַלעמען זע איך אין אייער פּערזאָן מיין קינדהייט... טרעפּל נאָך טרעפּל, ביז צום היינטיקן טאָג. חוץ דעם פאַרבייט איר מיר איצט דעם טאַטן. וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, דאַכט זיך מיר, אז ער וואָלט אויך דאָס זעלבע געזאָגט. איך בין זיכער, ווען ער ווייסט, אז איר האָט מיך אויפגעזוכט... אין שאַכטע וואָלט ער געטאַנצט... אויב איר מיינט, אז איר זענט ביי מיר נישט טייער, האָט איר אַ גרויסן טעות, ווייל עס איז נישט אזוי... ווייט, ווייט נישט אזוי... וואָס ווייגט איר, שלמה? ווי שעמט איר זיך נישט? איר זענט דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש און דאָ איז פול מיט באַזוכערס...

שלמה האָט זיך צעצאָלט מיטן קעלנער און זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. פאָלי האָט געוואָלט צעשטערן זיין שווייגן און רואיק פאָרגעזעצט:

— קעגן דעם, וואָס איר זאָגט: געלט... צו וואָס דאַרף איך געלט? איך וועל מיר גיין עסן אין סטאָלאָווע? ווויינענדיק ביי די ווייסבלאַטס איז דאָך דאָס אַן אבסורד! דאַן דאַרף איך זיך אין גאַנצן פאַרנעמען פון זייער שטוב. אזאַ בזיון וועלן זיי נישט פאַרטראָגן און פאַר וואָס קומט דאָס

זיי? זיי זענען גאַנץ פיינע מענטשן און עס זעט זיך ביי זיי נישט אָן, צי מען גייט צום טיש מער מיט אַ מענטשן צי ווייניקער מיט אַ מענטשן... איז אויף וואָס זשע דאַרף איך געלט? טאָמער גיי איך ערגעץ מיט די טולטשינסקיס, קאָסט זיי בילעטן קיין געלט נישט. און אויף נאַשערייען אין די אַנטראַקטן איז ביים רעדאַקטאָר שטענדיק פולע טאַשן מיט געלט...

— נו, מילאַ, ניין איז נישט. וואָס קען איך העלפן?

נאָך אַ לאַנגער פּויזע זאָגט שלמה:

— איר ווייסט, פּאָלי, ווען איר ווילט מיך הערן, וואָלט איר געשריבן אוורמען, אַז ער זאָל קומען אַהערצו. די גליקן, וואָס ער האָט דאָרטן, וועט ער דאָ אויך נישט אָנווערן. אַבי מען פּועלט שוין ביי זיך אונטער־צושטעלן אַ פּלייצע, געפינען זיך אומעטום בעלנים אויף איר. און איר וועט דערוויל נישט זיין איינזאַם... אַ קליינינקייט, אַ ברודער! וואָס קען שוין זיין געענטערס?... וואָס דען, אַן אכסניה? אויב ער וועט נישט קענען זיין ביי די ווייסבלאַטס און נישט ביי דער צווייטער קוזינע... איר האָט, דאַכט זיך, אין קיעוו נאָך אַ קוזינע?

— יאָ, אַ ווייטערע אַ ביסל, נאָר אויך אַ קוזינע... אויף ליוואַשאָווסקע־גאַס וווינט זי...

— ווו איז דאָס — ליוואַשאָווסקע? נישט ערגעץ אויף פּעטשערסק?

— אָנהייב פּעטשערסק, נישט ווייט פון דעם אינפעקציע־שפּיטאָל.

— אויב ביי יענער וועט ער אויך נישט קענען זיין, וועט ער זיין מיט מיר צוזאַמען ביי מיין פּעטער...

— פון אוורמען ווייס איך נישט, צי עס איז גליך... ער איז היינט דער איינציקער מאַנסביל אין שטוב... אי ניומאַ, אי סאָנקע קריכן דער מאַמען אויפן קאָפּ, נאָר פאַר אוורמען האָט מען נאָך אַ ביסל מורא... און גלאַט... נאָך עלנטער זיי מאַכן...

— פּאָלי, איך האָב טאַקע אַזוי געמיינט: אָנהייבן מיט אוורמען און ענדיקן מיט אַלע אייערע... אין דער גרויסער שטאָט זוכט מען גיכער אָפּ אַ באַשעפטיקונג. נאָר מילאַ, וואָס וועלן מיר פאַרלויפן פאַר די כלי־זמר... די צייט וועט שוין ווייזן...

די מיר האָט זיי שוין דאָס מאָל געעפנט וולאַדימיר. דערזען שלמהן האָט ער אים גוט־ברודעריש דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

— הא, שלמה אפרים־אהרונס, שלום־עליכם!...

— עליכם־שלום, חבר ווייסבלאַט, וואָס מאַכט איר גוטס?

— גאַנץ גוט, מען מאַכט זיך אַ לעבן. און איר וואָס טוט?

— פון ווען אָן בין איך אייך געוואָרן אַ „איר”?

— ווי אַזוי דען, איך זע פאַר זיך אַ דערוואַקסענעם מענטשן און פּלוצלינג נאָר „דו”?... איז וואָס טוט איר אין קיעוו?

— איך בין געקומען אַהער, ווי נאַפּאָלעאָן האָט געזאָגט: אָנקוקן און באַזיגן...

— מיט וועלכן געווער ווילסטו באַזיגן?

— מיט אַ שאַרפֿן, שאַרפֿן געווער...
— דהיינו?
— מיט בטחון.
— האָסטו מורא געהאַט, אַז איין מאָל „שאַרף" וועט קאַרג זיין, האָסטו נאָך גערדאַרפֿט זאָגן: שאַרפֿן, שאַרפֿן...
— צוויי מאָל שאַרף איז נישט צו פֿיל און צוועלף מאָל שאַרף איז אויך צו ווייניק... איך גלייב ערנסט, אַז אין אַ יאָר צוויי אַרום וועל איך זיך פֿילן אין קיעוו אַזוי פֿעסט אויפֿן פּלאַץ ווי איר היינט צו טאָג, כאָטש איך האָב נישט קיין רויט ביכעלע...
— ווי אַזוי זשע, קלעסטו, זאָל דאָס געשען?
— אַז ס'וועט געשען, קלער איך, אָבער ווי אַזוי, דאָס ווייסט מען „דאָרט"...
שלמה האָט אַ וואָרף געטון מיט דער האַנט אַרויף. סאָניע האָט זיך אַריינגעמישט:
— וואָס האָט איר זיך אָפּגעזוכט פֿאַר אַ שמועס?... שלמה, ווו זענט איר געווען? אין קינאָ?
שלמה רויט ווערנדיק:
— ניין...
— פֿאַר וואָס זשע: ניין?
שלמה האָט צעטראָגן געשוויגן.
— וואָס זשע פֿאַר אַ קאַוואַליער זענט איר? קומט צו אַ מיידל און לאַדט זי אַפֿילו נישט איין אין קינאָ?
פֿאָלי טוט לאַנג אויס די הענטשקעס. די פֿאַרב שפּילט איר אין די באַקן און זי הייבט די אויגן נישט אויף. שלמהן גייט איבער אַ דערקוויקנדיקער ציטער איבערן לייב:
— אַך, ווי אין דער גרויסער שטאָט איז אַלץ פּראָסט... קאַוואַליער... קינאָ... און באמת טאַקע, ער האָט דאָך געקענט זי פֿאַרבעטן אין קינאָ.
וואָלאָדימיר גיט בגנבה אַ ווינק צו סאָניען און יענע הייבט זיך אויף פֿון בענקל:
— שלמה, איר גייט אויך עסן מיט פֿאָלין? זעצט זיך צום טיש.
— אַ גרויסן דאַנק. נאָר איך, ווי איר ווייסט —
— האָט אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען פֿאַרן גיין אַהער?
שלמה לאַכט.
— דאָס איז אויך אמת. נאָר געמיינט האָב איך דאָס מאָל עפּעס אַנדערש.
— וואָס עפּעס אַנדערש?
— גיט אומיסטן אַ קוק: וואָלאָדימיר שמייכלט, וואָס איר שטויסט זיך נישט אָן, פֿאַר וואָס איך וויל נישט עסן.
— ע ר מעג לאַכן און א י ך ווייס טאַקע נישט...

— מילא, אַז איר ווייסט נישט, מוז איך אייך זאָגן. ווי פּאַלט אייך איין, אַז איך וועל עסן פון אייער קיך?

— אַך, אָט דאָס מיינט איר? און איר קלערט אין קיעוו אויספירן כשרם?

— היינטיקן טאָג קלער איך דערווייל נישט אַנדערש און מאָרגן — וועט גאָט זאָרגן...

וולאַדימיר רופט זיך אָן:

— און מאָרגן וועט ווידער זיין: היינטיקן טאָג קלער איך דערווייל נישט...

שלמה מיט וולאַדימירן צעלאַכן זיך הויך אויפן קול. פּאָלי קוקט אומ־באַהאָלפן אויף שלמהן. זי ווינקט אים, אַז זי איז אויך נישט הונגעריק, וואָס זאָל זי טון? נאָר שלמהס קוק ענטפערט איר: בעסער שווייגן און זיך נישט איינרייסן מיט סאָניען...

# קאפיטל XXXIX

צום טיש ווערט דערלאַנגט אַ שמעקנדיק עסיגפלייש, די איינגעברווינטע שטיקלעך פלייש באַזונדער אויף אַן אַלומינענער פאַן. שלמה ווערט בלאַס. נישט קוקנדיק זעט ער, ווי פּאָלי דערלאַנגט אין מויל אַריין דאָס טריפנ־דיקע חזיר־פלייש און עסט און קייעט... שלמה פילט, עס עקלט אים, אָט־אָט גיט ער אַ פליוך איבער דער גאַנצער שטוב... מיט אַ מאָל גיט עס אים אַ טראַג אויף פון דער סאָפע, אומגעפרעגט רייסט ער אויף דאָס דעקל פון דער פּיאַנינע און אין עסצימער ברויזט אויף די שטורמישע מעלאָדיע פון ימים־נוראים'דיקן נוסח:

„אתה זוכר מעשי עולם"...

פּאָלי כראָמטשעט מיט די ציין אַ האַרט שטיקל און די פּיאַנינע וויינט אַלץ שטאַרקער; דער גאַנצער צימער וויגט זיך אין יאָמער:

„אתה זוכר את כל המפעל"...

די בעלי־בתים פאַרשטייען גאָרנישט, וואָס דאָ קומט פאָר, פאַר וואָס עפּעס פלוצלינג ראש־השנהדיקס און נאָך מיט אַזאַ ליאַרעם? שלמה פילט, אַז דער קנויל עקל איז אים שוין אין האַלדז... ער וואָרגט, ער שטיקט. און פּאָלי דאַרטן האַלט אין אויסזויגן אַ מאַרכביינדל און זייגע אָנגעשפּיצטע אויערן הערן דייטלעך, ווי אירע ליפּן זויגן און קוויקן זיך. ער מאַכט אַ פרישן אָנגריף אויפן אינסטרומענט און עס בושעוועט אַרום אים אַ צעשטורעמטער ים. הויכע פעלזן פאַלן מיט רעש אין אָפּגרונט. דעם גאַנצן חלל פילט אָן אַ יאָמער פון פאַרבלאָנדזשעטע פייגל און שלמהס וויינענדיק קול בעט זיך:

„כי זכר כל היצורים לפניך בא, מעשי איש ופקודתו"...

שלמה פילט, אַז פּאָלי, דאַרטן, וואָרגט זיך מיטן ביסן פון זיין קאַנ־צערט. פּאָלי, ביים טיש, פילט, אַז שלמהן פעלט אַ מינוט צו חלשות פון איר עסיגפלייש, נאָר ביידע הערן נישט אויף: זי דערעסט דעם רעשט, דער־קייעט די ביינדלעך און שלמה גיסט אויס די נשמה פאַר גאָט:

„כי זכר כל המעשים לפניך בא"...

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ פון טעלער און אַ קלינגען פון לעפל־גאָפּל. די קלאַווישן לאָזן נאָך אַרויס אַ טיפן קרעכץ און אַלץ ווערט אַנטשוויגן. דאָס ערשטע, וואָס שלמה האָט דערזען אויפהייבנדיק זיך פון בענקל, איז געווען פּאָלים פנים אין שפּיגל. עס איז געווען רויט, נערוועז און פיינט־לעך. שלמהן האָט אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ:

— שוין זשע אָט דעם מיידל האָב איך היינט צוגעזאָגט מיין נשמה?...

וולאַדימיר האָט זיך אָנגערופן:

— איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז איר, אָדער זאָל זיין, דו ביסט אַזאַ גוטער פּיאַניסט... נאָר איין זאַך: צו פיל האַרץ לייגסטו אַריין אין

דעם שפּילן. גיב אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל, אַ שענערן לייגט מען אין קבר אַריין...

פּאָלי האָט אַ קוק געטון שלמהן גלייך אין די אויגן און געענטפערט וולאַדימירן מיט אַן ערנסטן טאָן:

— לייכטע מוזיק קען מען לייכט שפּילן, אָבער אַ שווערע סימפאָניע, אַ באַלערנענדיקע, מוז מען שפּילן אַזוי אינטענסיוו און דונערנדיק ווי ער איצט.

נישט וולאַדימיר און נישט סאָניע האָבן נישט צעקייעט פּאָלים יאָדער. סאָניע קען נישט פאַרשטיין איין זאַך:

— אַז מען וויל אַ באַרישניע צושפּילן צום עסן, קלייבט מען אויס אַ חזניש שטיקל? נישט געקענט צוקלייבן עפּעס אַ שיינעם ראָמאַנס?

פּאָלי, מיט אַ גוטמוטיק־גיפטיק שמייכעלע:

— און אפשר קען ער גאָרנישט קיין ראָמאַנסן? צי אפשר טאָר מען גאָרנישט שפּילן נישט קיין יידישע מוזיק? אַלץ, מיינט איר, ווייסט איר שוין?

שלמה האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ שפּאָטישן קוק פון די פיס ביז די אויערן. נישט אויסרעדנדיק צו קיינעם קיין וואָרט האָט ער ווידער אָפּ־געוואָרפן דאָס דעקל פון דער פּיאַנינע. אין צימער האָבן זיך אומגעריכט דערהערט די טרויעריקע קלאַנגען פון דעם אוקראַינישן פאָלקסליד:

Вiют, вiтры вiют
Аж дерева гнутся,
О, як болить, мое сердце,
А слезы лются...*

אַ קלונג פון טעלעפאָן האָט איבערגעריסן די האַרצקלעמענדיקע מע־לאָדיע. פּאָלי איז צוגעגאַנגען, אַראָפּגענומען דאָס טרייבל:

— איך הער, רעדט העכער דאָרטן, מען הערט נישט... חבר, וואָס ווילט איר? דאָס איז אַ פּריוואַטע וווינונג, יאָ, אַ וווינונג... ריכטיק, וויס־בלאַטס וווינונג. וועמען דאַרפט איר, אים צי זי, וועמען? פּאָלין? דאָס בין איך... דאָס בין איך, זאָג איך, איך אַליין בין ביים טעלעפאָן. ווער זענט איר? אַך, מאַרוסיאַ... טפו, טשאָרט!...** איך האָב דיין קול נישט דער־קענט, און דו מיינס אויך נישט... יאָ, יאָ, מאַרוסינקאַ, איך בין אין דער היים... אין ערגעץ קלייב איך זיך נישט גיין... קום, פאַר וואָס נישט? פּאָ־זשאַלויסטאַ, פּאָזשאַלויסטאַ...

* ברומען, ווינטן ברומען,
אַזש ביימער בייגן זיך,
אָ, ווי עס ווייטיקט מיין האַרץ
און טרערן גיסן זיך...

** טשאָרט — טייוול.

אויפגעהאנגען דאס טרייבל האט זי אויף זיך געטראפן שלמהס פרעגנ־דיקן בליק. זי האט קאקעטיש א טרייסל געטון מיט אירע גאלדענע גע־פלעשלטע לאקן :

— איך האב אייך, דאכט־זיך, פארגעסן זאגן, אז איך האב א חברטע אויך, א שטיקל קרובה, איינע א מארוסיא. זי וווינט אויך אין „קאנטינענ־טאל".

פון „קאנטינענטאל" אין הויף אריין פון גינצבורגס הויז פירט א הענ־געדיקע בריק. די גאסן ניקאלאיעווסקע און אינסטיטוטסקע שטייען פלייצע צו פלייצע. עס זענען נישט פאריבער קיין צען מינוט, ווי אין פאראדנע האט זיך צעקלונקען דאס גלעקל. פאלי האט דורכגעלאזט פאר זיך דעם גאסט און נאך דעם, ווי יענע האט זיך געגריסט מיט די בעלי־בתים, האט זי צו־געפירט דאס מיידל צו שלמהן :

— זיי באקאנט, מארוסיא. דער מענטש איז פון מיין שטעטל...

— מארוסיא...

— שלמה...

שלמה האט דערפילט א קאלט שווייסיק שטיקל האנט אין זיינער און שלאנגישע צוויי גרינע אייגעלעך אונטער שיטערע ברעמען, וואס ציען זיך פון איין אויער ביזן צווייטן. דאס מיידל האט חוצפהדיק באַ־טראכט זיינע עטוואס לענגערע פיאות, זיין פארלוירנקייט פון איר אומפאר־שעמטן קוק און זיך גלאט אין דער וועלט אריין צעלאכט. זעענדיק, אז אלע קוקן זי אן פארוואונדערט, האט זי זיך דעמאנסטראטיוו אויסגעדרייט, צוגעגאנגען צו דער טיר און גאליק אויסגעשפיגן.

אלע אין צימער זענען אויפגעציטערט געווארן. פאלי האט א צעטומל־טע אויף גיך עפעס א שרייב געטון אויף דער שויב. שלמה דערפילט מיט אלע זיינע חושים, אז ער האט דאס קאנטינענטאלע מיידל שרעקלעך פיינט, אז פון דער מינוט אן איז ער איר א פארביסענער שונא... זי האט זיך דערווייל גענומען שושקען מיט פאלין און ער האט זי געקענט פריי באַ־טראכטן. דאס איז געווען א משונה־דארע פרוי, העכער פון מיטעלער וווקס. געהאט העל־פלאקסענע האר, אונטערגעשוירן ווי א מאנסביל. א געלבלעך מאט פנים, א שארפע שפיציקע נאז. אויף דער אייבערשטער ליפ א געדיכט קישעלע פון פיצעלעך געלינקע הערעלעך. פרעמדע ציין. א בייטשל גרויסע ביינערנע קרעלן. בלוט־רויטער מאניקיור. זי איז געווען געקליידט שווארץ, וואס גיט צו איר פיגור אן אינקוויזיטארישן אויסזען... אלט — א יאר פינף, זעקס און צוואנציק.

אין עטלעכע מינוט ארום איז פאלי אנגעטון און מארוסיא פארנעמט זי מיט זיך. אנטועענדיק די קאלאשן ווענדט זיך פאלי צו שלמהן :

— מארגן וועל איך אין דער היים נישט זיין... איבערמארגן קענט איר קומען. אדער קלינגט אן : 762149. איר בלייבט דא ?

— ניין, איך גיי אויך, ס'איז שוין טאקע שפעט...

וולאדימיר זעצט אים אוועק צוריק :

— זיץ נאָך אַ ביסל, וואָס יאָגסטו זיך? איך האָב נאָך מיט דיר קיין צוויי ווערטער נישט אויסגערעדט...

נאָך זייער אַוועקגיין האָט זיך דער שמועס עפּעס נישט געקלעפּט. סיי די פּראַגעס, סיי די ענטפערס האָבן אויסגעזען ווי פון צעלולאָיד... ענדלעך האָט שלמה נישט אויסגעהאַלטן און מיט אַ צעוויטיקט קול געפרעגט:

— ווער איז די מאַרוסיאַ?

— ווייסט זי דער רוח!... יאַני האָט דאָ אַן אייגן שוועסטערקינד. אַ קאָמוניסט פון אכצנטן יאָר. איצט רעדאַקטאָר פון „סאָוויעטסקאַיאַ אוקראַינאַ". איז זי זיין ווייבס אַ ווייטע פּלימעניצע, שטאַרק נישט קיין סימפּאַטישע פּרוי... אַ מויד, וואָס איז שוין געווען אין אַלע סטאַדיעס... דו פאַרשטייסט דאָך, ווען יאַני וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער איר נישט דערלויבט מיט אַזאַ אויסוווּרף זיך צו חברן. זי קען פון איר אַ לייט מאַכן, נאַר גיי רעד... איך האָב איר אפילו געפּרוווט זאָגן וועגן דעם, האָט זי זיך צעוויינט: קאַרג בין איך דאָ עלנט?... האָב איך זיך באַקלערט: זי קען נאָך מיינען, אַז ווייל זי וווינט ביי מיר, וויל איך איר אַ דעה זאָגן. סאָניע האָט אויך אָנגעהויבן טענהן: „וואָס איז דיין עסק? זי איז אַ דערוואַקסענער מענטש. איר געפעלט זי, זאָל זי זיך מיט איר חברן". — אדרבה, שלמה, שלעפּ זי אַרויס... פאַלי איז אַ קראַסאַוויצע... און אַ לייטיש קינד... אויב דו פאַרמאָגסט מיט וואָס צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, וועל איך זען, אַז דו זאָלסט זי דערגרייכן. האַ?

שלמה גיט אַ מרוקע אונטער דער נאָז:

— אַזעלכע זאַכן זוכט מען נישט פאַר געלט...

שלמה גייט צוריק אהיים טריט ביי טריט. אין די אויערן קלינגט אים זיין טאַטנס וואָרענונג: אודאי אַ שיקסע און נאָר טאָקע אַ שיקסע...

דאָס ווערעמל פילט זיך נישט אים פאַרצולייענען מנשהס לעצטן בריוו, וואָרט ביי וואָרט, מיטן גאַנצן טראָפּ:

„...איידער דו גייסט זאָגן פאַלין אַזאַ גרויס וואָרט, וואָרן איך דיך, אַז אויב אפילו זי וועט מרוצה ווערן, איז דאָס פאַר דיר נישט קיין גליק... עס איז אַ קאַלטער שרץ... דו וועסט שטענדיק זיין איר עבד־כנעני און קיין ענטפער אויף דיין הייסער ליבע נישט באַקומען... גיכער וועט זי פון דיר מאַכן אַ גוי־גמור, איידער דו פון איר אַ כשרע יידענע..."

שלמה ווישט אָפּ דעם שטערן. ער וויל פאַרטרייבן אָט די ביטערע נבואה. אויף די גאַסן צינדן זיך לאָמפּן, דער הימל ווערט ריין אויסגעקערט. עס ווערט פראָסטיק. ביי די טירן פון די קינאָס שטייען רווישיקע רעדלעך. עס הערן זיך אָנשטעקנדיקע געלעכטערס, אַ פאַרשייט קוויטשען און ווידער געלעכטערס, פרייע, ווי דער ווינט אין פעלד. אפשר איז פאַלי דאָרטן?... עס לויפן פאַרביי הונדערטער אויטאָס. עס קוקן אַרויס גליקלעכע פּנימער דורך די שויבן — אפשר איז זי דאָרטן? אַ קשיא אויף אַ רעדאַקטאָר?

דאָס ווערעמל האָט נאָך נישט געענדיקט די מגילה:

„...שלמה, ליבער טייערער שלמה!... פארקויף זיך נישט וואָלוול! אזעלכע יינגלעך ווי דו זענען נישטאָ היינט קיין סך און אזעלכע מיידלעך ווי זי אין די הונדערטער־טויזנטער... זוך דיר נישט פון דער גאַס, ווייל דו אַליין ביסט אויך נישט פון דער גאַס. מיין דינהם מינדסטער פינגער איז טייערער פון יענערס קאָפּ...

דער ליפּט אַרבעט נישט און שלמה הייבט זיך אויף אַ מידער אויף דעם פינפטן שטאָק. דער געדאַנק אַרבעט שווער און איינגעגעסן:

— וולאַדימיר זאָגט, דאָס וואָס עס איז. ביי זייער איצטיקן חורבן איז אַקוראַט די ריכטיקע צייט אַ שמיר צו טון. אז מען שמירט, פאָרט מען... און בפירוש, ווען איך פאַרמאָג נאָר... איז דאָס די בעסטע דערקלערונג. דאָס וואָלט זי גלייך דערפילט... פונקט ווי דעם עסיגפליש... און איך פאַרמאָג דוקא אויך... צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר, וואָס ליגן ביי מיר אין דער היים פאַרקלעפּט אין די ביכער, וואָלטן געסטאַיעט אויף אַלצדינג... אי יאַנין אַרויסנעמען, אי די משפחה, אי אַ דירה זיי קריגן...

פלוצלינג גיט ער אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּער:

— וואָס? אָנרירן פונעם ארץ־ישראל־פאָנד? ער האָט ביי די ספרים געהאָרעוועט ווי אַן אייזל, אַליין געטון אַלע שווערע אַרבעטן, זעלטן ווען ער האָט זיך געשאַפט מיט עמעצן. נישט פאַרגינען אויף זיך אויסגעבן קיין איין איבעריקע קאָפּיקע. נישט קוקנדיק אויף דעם וויסטן עניות, וואָס איז אין דער היים, נישט אויסגעזאָגט די עלטערן פון זיין פאַרבאָרגענעם אוצר. וואָס איז? ער האָט אָנגעקליבן צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר אויפן פאַל, ווען עס וועט זיך שאַפן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. זאָל ער אַצינד זיך אָפּזאָגן פון דעם טרוים, כדי, אז פאַלי וועט קומען פון מאַרו־סיאַן, זאָל זי טרעפן אַ וואַרעמע היים... ניין, ער טאָר נישט מקריב זיין זיין גאָלדענע האָפענונג פאַר אַ מיידל פון „קאָנטינענטאַל"...

שלמה לייגט אַריין דאָס פנים אין די דלאָניעס און קרעכצט אַרויס:

— אַך, רבונו של עולם! איך האָב זיך געיאָגט קיין קיעוו, אָט בין איך שוין דאָ... ווער איז מיינער און וועמענס בין איך?

# קאפיטל XL

אין עטלעכע טעג ארום האט שלמה באקומען א בריוו פון דער היים:

„... דער קאפ איז אזוי פריטשמעליעט, אז איך ווייס נישט פון וואס אנצוהייבן... דער דלות אין שטוב איז אזוי גרויס, אז דו קענסט זיך גאר־נישט פארשטעלן. שטעל דיר פאר: יונה — אדער ער גייט אין גאנצן נישט ארויס פון דער שטוב, אדער, אז ער שפארט זיך שוין איין, איז מיט א שאלעכל אויפן קאפ ווי א מיידעלע. איך פארמאג נישט אים צו קויפן קיין היטעלע. אז נישט, דארף קאסטן מלאכה־געלט פיר, פינף רובל—ווו זאל איך זיי נעמען? און דאס פאראיאריקע איז קליין אויף אים. א קינד וואקסט אונטער... צי, למשל, שיינדעלע גייט שוין אין שול. האט מען אלע קינדער געבראכט פון זוועניגאראדקע צעראטענע פארטפעלטשיקעס. דו מיינסט, עפעס רעכטס? גארנישט מיט נישט, ארויסגעווארפן דאס געלט... אבער א מאדע!... ס'איז איר א בזיון. זי האט אפגעוויינט א גאנצע נאכט... סטייטש, מיט וואס איז זי ערגער פון אלע קינדער? אלע האבן און זי נישט... ווו זאל איך איר נעמען, אז כ'האב פארט נישט... גיין גנבענען פאר א פארטפעל וועגן בין איך, דאכט זיך, נישט מחויב, ווי זאגסטו? גלייב מיר, זון מיינער... יענע וואך איז למזל געווען ביי יצחקן די בר־מצוה. מילא, דערפון איז דאך אפגערעדט, האב איך קיין סעודה נישט געפראוועט. פון וואנען זאל איך דאס נעמען? אבער אין שול — לעקעך און בראנפן? ס'איז דאך אן עגמת־נפש פארן קינד... פון זיך רעד איך שוין נישט... דו געדענקסט דיין בר־מצוה אין זוועניגאראדקער גרויסן בית־מדרש? ווייס איך, עס איז נאר א וויטיק — און מער גארנישט!... האט די מאמע אפגע־באקן עטלעכע צענדליק רעטשענע פלעצעלעך און ביי חיים־יודל דעם היקע־וואטע האב איך גענומען צוויי פלעשלעך עפלקוואס — און דאס איז געווען די סעודת בר־מצוה... דינה שלאפט שוין אין שלייער... זי זיצט אויף שפילקעס און ציילט די מינוטן, אז זי זאל שוין פטור ווערן פון דער וויסטע... הערסטו, ס'איז טאקע א וויסטע... נישט נאר פאר א יונג מיידל, נאר אפילו פאר אן עלטערן מענטשן. טאקע נאר אזא ווילדער מענטש ווי מנשה קען זאגן, אז ס'איז דא אויך גוט. נאר אליין איז ער אויך פארוואקסן ווי א בער און טריקנט גלייך מיט אלעמען. ער האט געהאט א גאסט די טעג, האט ער געהאט. שפרה פון טערליצע איז אים געקומען מבקר־חולה זיין: צי ער האט זיך נאך נישט באטראכט... ס'איז איר שוין נמאס צוווארטן. האט זי גאלדע אנגענומען פאר די אקסלען און ארויסגעווארפן פון די טרעפ. האט שפרה געווארפן א שטיין דורכן פענצטער און געטראפן דער מומע זלאטע אין פוס. מילא, וואס קלערסטו, ס'איז געווען פריילעך אין שטעטל... נעכטן האב איך דיר אויפגעלייגט א פעקעלע „צום פאדערן". פינף קילא באמבע־פאסאליעס, זעקס פונטלעך פוטער, א שטיקל — א פונט. טאמער פעלט צו דער וואג, איז נישט מיין שולד, איך האב נישט ארויפגע־

נומען. און צוויי עופות. די קישקעס האָט די מאַמע אַרויסגענומען און אָפּגעגאָסן, כדי זיי זאָלן נישט עובר ווערן. אודאי קען מען שיקן מער און גוטע טרוקענע באַרן קען מען שיקן, דאָ קאָסט דאָס מין סחורה וואָלוול. און אַ גענדזל אַ גוטס איז אויך אַן ענין און בוימל אַ באַנקעלע איז אודאי אַן ענין. וואָס זשע קומט אַרויס, אַז עס איז נישטאָ קיין פּעטי־מעטי * ... אָן געלט קען מען נאָר אַרויסשטעקן די צונג און כאַפּן לופט... דאָס געלט אויף דעם פּעקעלע האָב איך געליגן אויף אַ וואָך ביי ישראל־עוזר דעם קברות־ייד. דו מעגסט מיר מקנא זיין אויף מיין שטיקעווען די חיונה... קיין גיהנם קען מיר שוין נישט שרעקלעך זיין... מיכאל קלאַפּט שאַלעכלעך, ברכה — אירע קוויטן, און דער טאַטע — דעם תהילים אַ גאַנצן טאָג. מען לעבט, ווי עס איז נישט איז... מיכאל וויינט ווי אַ קליין קינד, אַזוי בענקט ער קיין אַנאַניעוו, כאָטש יחיאל שרייבט, אַז דאָרט איז שוין אויך דאָס שמאַלץ אויסגערונען און דער גרוב געבליבן... פון פייגע צימעס האָט מען אין אַנאַניעוו באַקומען אַ בריוו, שרייבט יחיאל. שרייבט זי, אַז אין ארץ־ישראל האָט זיך דאָס לעבן פיל פאַרבעסערט, איר לעבט זיך שטאַרק גוט... פון מיר דערמאָנט זי נישט אַ וואָרט... כאַפּט זי דער רוח... ס'איז אַ פאַסקודסטווע !... עס טוט מיר באַנג, וואָס איך האָב דאַמאָלסט אויך אַזוי געקניט פאַר איר. דינה פאָרט נאָך דערווייל נישט... ערשטנס, האָב איך נאָך נישט אויף הוצאות פאַר אירעט וועגן. צווייטנס, וויל איך, אַז דו זאָלסט צושיקן וויפל געלט דו האָסט אָדער דו זאָלסט לייען ערגעץ — יעדער איינער וועט דיר לייען — און לייג עס אויף טעלעגראַפיש, וועל איך צונויפקויפן אַ היפּש ביסל סחורה, כדי מען זאָל טאַקע עפּעס קענען פאַרדינען נישקשהדיק. ווי לאַנג קען מען אַזוי האַלטן אין איין דאַרן ? פון דער מאַמען פאַלן אַראָפּ אַלע קליידלעך און אויף וואָס טאַקע זאָלן זיי זיך האַלטן ? אַז זי איז הויט און ביין... יענע וואָך האָט אין זוועניגאָראָדקע חתונה געהאַט ציפּע ירחמיאל דעם רבס... ער האָט נעבעך אומגליקן מיט איר... זי האָט זיך פאַרליאָפּעט אין אַ קאָמסאָמאָליעץ, אַ באָנדער־יונג, און די חתונה האָט שוין געמוזט זיין... ער איז עפּעס ברוגז אויף מיר. פאַר וואָס, ווייס איך נישט. כ'האָב אים געשריבן אַ מזל־טוב, האָט ער מיר אפילו נישט געענטפערט. נאָר מילא, אָט די צרות זאָלן מיר בלייבן... פיל ערגער איז מיר, וואָס דינהס שיכלעך לאָזן דורך. ווי אַזוי שיקט מען זי אין מיטן ווינטער מיט לעכערדיקע שיך ?... שרייב, צי האָסטו זיך געזען מיט יאַנים מויד ? וואָס טוט זי דאָרט ? די מוטער אירע אין זוועניגאָראָדקע ווערט אויסגעריסן גאָר, גאָר אויף אַ געהויבענעם אופן... זי האָט שוין פאַרגעסן די צוויי מילן... זי איז געוואָרן, אַז זי האָט ברויט צו זעט פאַר די קינדער... דער זיידע בעט, אפשר קענסטו אים קריגן אַ בינטל ציצית. דאָ קריגט מען עס נישט. און טאַקע שיינדעלען אַ פאָרטפעלטשיק, טאָמער קאָסט דאָרטן נאָך ביליקער ?... באַזונדער דאַרף מען נישט, נאָר אַז דו וועסט עפּעס שיקן, לייג

---

* אויפן קרעמעריש זשאַרגאָן — געלט.

דאָס אויך אַריין... ביי דעם אַפּטייקער איז געווען עפּעס אַ חבר פון אומאַן, האָט ער דורכגעקוקט דיינע דריי קאַסטנס ביכער און געוואָלט באַצאָלן פאַר דער גאַנצער ביבליאָטעק מי יודע וויפל, אָבער איך ווייס דאָך, אַז ביי דיר די ביכער... בקיצור, איך האָב אפילו נישט געוואָלט רעדן מיט אים... די מאַמע האָט געכאַפּט, פאַרשלאָסן די קאַסטנס און אפילו לייענען עפּעס אים אויך נישט געוואָלט געבן... וויפל איך האָב זיך ביי איר געבעטן: „וואָס אַרט דיך? ס'איז דאָך אַן ענין פון זה נהנה וזה לא חסר?" — איין מאָל גיין, כאָטש טו איר עפּעס: „שלמה וועט קומען, וועט ער געבן, וועמען ער וועט וועלן און וואָס ער וועט וועלן, מיר האָבן נישט קיין רעכט... ס'איז נישט אונדזערס, ס'איז זיינס"... נו, גענוג געשריבן... גאָלע פּוסטע מעשות... פאַרגעס זשע נישט באַלד שיקן געלט און נישט וואַרטנדיק אויף דינהן אויפליינגן אַ פּעקל אויף דער מאַמעס נאָמען: סטאָליערישן קליי, זייף, נאָדלען, טעקסט פאַר שוסטערס, דעם זיידן ציצית, קלעצעלעך פּאָדעם, פּערל-מוטערנע קנעפּלעך צו וועש. אויב עס איז צו קריגן: פּאַסיקלעך צו הויזן און קאָלירט פּאַפּיר. שיקסעס קויפן דאָס אויף עפּעס. און אַ פּאַרטפּעלטשיקל, אויב ביליק... און מיר — אַ רצועה אַ נייע צום של-ראש פון רבינו-תם'ס תפילין. מיינע, די אַלטע, איז שוין אין צוויי ערטער צוגענייט. נאָר דער עיקר — סטאָליאַרסקן קליי. דאָס איז דאָס בעסטע אַרטיקל. זיי געזונט, אַלע גריסן דיר און קושן דיך און בענקען נאָך דיר... היינטיקס יאָר איז דער ערשטער חנוכה אויף דיין לעבן, נישט זיין ביים טאַטנס חנוכה-ליכטלעך... נעם זיך אין די הענט אַריין און זיי אַ מענטש... מעשיך יקרבוך, מעשיך ירחיקוך... אַ גרוס ר' אברהם שאַרפּשטיין עם בני ביתו. צי האָט ער שוין געפּטרט דעם רעוומאַטיזם נאָך דער טורמע? אַ גרוס דיינע שיינע פּעטע-רוקעס. דערמאָן זיי, אַז צום זעקסטן ליכטל האָבן זיי יאָרצייט נאָך זייער מוטער. זיי מעגן גיין זאָגן קדיש. ס'וועט פון זיי גאָרנישט אָפּפאַלן. כאָטש איך דאַוון פאַרן עמוד און זאָג קדיש, נאָר עס איז נישט דאָס, וואָס אַ זון. דינה וועט צופאָרן אין קיעוו צו דוד זוואָניצקע. דער פעטער מוזי האָט שוין וועגן דעם אַהינצו געשריבן. זי וועט זיי עפּעס צוהעלפן אין דער באַלע-באַטישקייט און מען וועט זי דערפאַר באַלד צושרייבן. דאָרט איז זייער רואיק און גראָם. חוץ וואָס די זוואָניצקעס זענען פון דור-דורות לייטישע מענטשן און אונדזערע פריינט... זיי געזונט און זיי אַן ערלעכער ייד, ווייל דאָס איז דער עיקר, אביך אפרים-אהרון..."

דער בריוו פאַלט אַרויס פון זיינע הענט. ער וואַרפט אַריין דעם קאָפּ אין קישן און פרעגט זיך אַליין:

— זאָג מיר, שלמה, צי ביסטו צופעליק נישט קיין פאַרברעכער?... ביי דיר ליגן צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר און אין שטוב גייט מען אויס פאַר אַ שטיקל ברויט... האַ? וואָס איז? מחמת דו האָסט זיך איינגעחזרט אַ לידל: ארץ-ישראל!... דו רעדסט זיך אַליין איין באָבע-מעשות, אויפן הימל אַ יאַריד און דיינע סאַמע נאָענטסטע מענטשן אויף דער וועלט גייען דאָרטן איין... מען צאַנקט ווי די ליכט... און בכלל, ווער זאָגט דיר דען,

אַז ראַטעווען דעם אייגענעם נפש איז בילעכער ווי אַרויסהעלפן אַ גאַנצער משפחה? ווו שטייט עס? אויף וואָס קוקנדיק האָסטו אַזוי באַשלאָסן? פאַר וואָס זאָלן מיר נישט זאָגן פאַרקערט?... אפילו ווען דו שטייסט שוין ביי דער שיף, וואָס פירט דיך פאַר דיינע צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר גלייך קיין חיפה, און די טאַטע־מאַמע מיט די קינדערלעך שטרעקן אויס זייערע הענט און בעטן: „העלף אונדז בעסער", — ביסטו מחויב אָפּגעבן דאָס געלט זיי און נישט פאָרן... ווער שמועסט, אַז דערווייל איז דאָס פאָרע־ניש מיט קאָטשערעס אויפן וואַסער געשריבן... קיינער פאָרט נישט און ס'איז נישט מעגלעך צו פאָרן... היינט לאָזסטו נאָך אַזוי גיך נישט איבער דיין „קאָנטינענטאַלע" מציאה... מיך וועסטו נישט אָפּנאַרן... איך פאַרשטיי אַלץ זייער גוט...

שלמה פאַרקוועטשט דעם קאָפּ אין די דלאָניעס:

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? צעטרענצלען די בלוטיקע עטלעכע דאָלאַר, אַ ביסל אין שטוב אַריין, אַ ביסל די טולטשינסקיס, און ציון — אויס? פאַר־פאַלן? ניין, ער וועט דאָס נישט טון... ער טאָר דאָס נישט טון... נאָך היינט וועט ער אָפּשיקן זיין גאַנץ געלט אַהיים, ער וועט נאָך לייען אויך און שיקן. און פּעקלעך שיקן. אַנדערע באַקומען און זיי דאָ פאַרקויפן. נישקשה, גאָט וועט העלפן. מען טאָר נישט צעשטערן די לעצטע האָפענונג. אָן דעם געדאַנק וועגן ציון איז אים נמאס דאָס לעבן אויף דער וועלט. נאָר נישט פאַרלירן זיך...

# קאפיטל XLI

פאריבער א וואָך. דינה איז געקומען צו פאָרן מיט א גאנצן טראַנספּאָרט פּראָוויזיע. זיי ביידע האָבן אַלץ ליקווידירט, היפּשלעך פאַרדינט און אָפּגע־שיקט אהיים פּעקלעך. געוווינט האָט דינה טאָקע ביי די זוואָניצקיס, אויף מאַלאַ־וואַסילקאָווסקע־גאַס 27 אויפן צווייטן שטאָק. די זוואָניצקעס זענען געווען דעם פעטער מוזיס גליד־געשוועסטערקינדער. געוועזענע נבירים, אָן קיינעם, אַלע קינדער צעזייט איבערן לאַנד: דאָקטוירים, אינזשיניערן, אַרכיטעקטאָרן. ביידע זענען געווען איבער די זיבעציקער. פריצישע און קרענקלעכע מענטשלעך. דינהן האָבן זיי צוגעשריבן צו זיך ווי א פּלימע־ניצע. געשטעלט פאַר איר אין עסצימער א דאַטשנע בעטל און דערלויבט איר אָפּקאָכן עפּעס פאַר זיך אויפן פּרימוס. דערפאַר האָט דינה געהאַט אַן עול אויף זיך אַלע פּרימאָרגן אויפצושטיין פאַר די בעלי־בתים, אויסוואַשן די פּאָדלאָגעס, צושטעלן טיי, אַריינגעמען פון מאַגאַזין ברויט, קויפן ביי דער פּויערטע מילך, פּוטער, א שווענק טון א פּאָר „שטיקלעך", א האַנטעכל, א טישטעכל, א טיכעלע — און נאָך אַזעלכע שטוביקע מלאכות. די בעלי־בתים זענען געווען א ביסל קאַלטע, א ביסל פאַרבלאָזענע, אָבער אין תוך אַריין — גאַנץ פיינע מענטשן...

באַלד נאָך דינהס אָנקומען האָט שלמה זי אויסגענוצט אַלס מיטהעל־פערין אין מאַרק און צו טראָגן די קראָם איבער די הייזער. זי פּלעגט אים נאָכטראָגן דאָס קוישל סחורה און ער פּלעגט זיך שטעלן אויפן מאַרק. שלמה האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז פאַר א מיידל איז דאָס קיין תכלית נישט. דאָס וואַרטן אין די קאָרידאָרן דערנידעריקט זי, דאָס נאָכטראָגן אין מאַרק אַריין מאַכט זי נערוועז און קראַנק. ער האָט זיך דאַן א וואָרף געטון זי איינצואָרדענען אויף אַן אַרבעט. לאָזאַר האָט אָנגעקלונגען, וואָלאָדיאַ האָט איבערגעשמועסט און זי איז סוף כל סוף אָנגעקומען גלייכצייטיק אין וועבער־פאַראיין אַרבעטן — און אין טעקסטיל־ראַבפאַק * לערנען.

פון דעם טאָג אָן איז אויף שלמהן געפאַלן דער גאַנצער עול פון אָפּ־נעמען פּעקלעך, פאַרקויפן זיי, צונויפמאָנען חובות, איינקויפן שטאַרק דע־פיציטנע אַרטיקלען, צונויפזוכן זיי איבער אַלע מערקלעך, איינפּאַקן און אָפּשיקן... ער האָט נישט געהאַט נישט קיין טאָג, נישט קיין נאַכט. נאָר דאָס סאַמע דערדריקנדיקסטע איז געווען: אויספאַרקויפן דאָס צוגעשיקטע. „באַזעס" האָט שלמה געהאַט צווייי, ביי לייזערן און ביי זוואָניצקען. פּלעגט ער באַלד נאָכן דאַווענען זיך דורכגיין מיט די קאָשיקעס איבער די באַזעס, אָנלייגן אין זיי עופות, פּוטער, פּאַסאָליעס, האָניק, בוימל און געטרוקנטע באָרן. ער האָט שוין געהאַט זיינע הייזער, ווו ער איז געווען אַן „איינגייער".

אין דער ערשטער שטוב, וווהין ער האָט זיך אין יענעם פרימאָרגן גע־

---

* ראשי תיבות פון אַרבעטער־פאַקולטעט. א צוגרייטונגס־שול.

לאָזט גיין, האָט ער געוווסט, דאַרף מען אין פּאַראַדנע נישט קלינגען. איין מאָל האָט ער לאַנג און עקשנותדיק געקלונגען אין יענער טיר אַריין, האָט זיך דאַמאָלסט די באַלעבאָסטע אַרויסגעוואָרפן אויף אים מיט אַ מענה־לשון, גאָרנישט ווי עס פּאַסט פאַר אַ קיעווער דאַמע:

— וואָס האָט איר זיך צעקלונגען, וואָס? איך האָב נאָר געמיינט, אַז מען קלינגט אויף אַ שרפה... נו, נו, מען זאָל נאָר באַהיט ווערן פון אָט די קליינשטעטלדיקע שנאָרערס... און פאַרקערט, טרעפן טרעפן זיי דווקא נאָר אין דער פּאַראַדנע טיר... די שלעפּערס זענען אַ פּנים נישט וואָלוול ביי זיך... וואָס דען, ווי לוינט זיי צו גיין דורך דער הינטערשטער טיר? שטייט עפּעס אָן דעם טאַטן זייערן? וואָס אַרט זיי, אַ שטייגער, אַז די קינדער זיצן דאָרטן אין זאָל ביי די „אוראָקן" * און דרייען זיך אויס די וויאַזעם **. ס'איז אים אַ גרויסע נפקא־מינה, צי מיין דוסינקע האָט זיך היינטיקע נאַכט געלייגט, צי אפשר איז זי געזעסן אַ גאַנצע נאַכט איבער דער פּאָלים־עקזאַמיע...

אַזוי רעדט זי אַלץ צו די שכנות פונעם בשותפותדיקן קאָרידאָר און מיט אַ מאָל גיט זי זיך אַ דריי אויס אויפן קאָרעק און שיסט אויס גלייך שלמהן אין פּנים אַריין:

— איר ווייסט, ר' ייד, און טאָמער ווייסט איר נישט, וויל איך טאַקע, אַז איר זאָלט פון איצט אָן וויסן: איין אות, וואָס מיינע קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין, וואָלטן אויסגעהזרט, ווען איר קלינגט נישט אַזוי, איז ביי מיר טייערער פון אייער גאַנצער קראָם מיט אייך אין איינעם... און טאָמער שטייט אייך נישט אָן צו גיין דורך דער הינטערשטער טיר, בין איך אייך מוחל די קראָם אייערע און מען בעט אייך נישט צו קומען...

שלמה וואָלט אודאי מסכים געווען נישט צו קומען, ער האָט אָבער געציילטע קונהטעס, יעדע פון זיי איז ביי אים ציטערדיק און ער גייט שוין זינט יענעם ברוך־הבא דורך דער הינטערשטער טיר.

אין יענעם אינדערפרי האָט ער באַזונדערס לאַנג געקלאַפּט. מיט די קולאַקעס, מיט די שטיוול און אפילו מיט אַ שטיין... אין קיך האָבן גע־זשומעט די פּרימוסן, די צימערן זענען ווייט, די טירן — מאַסיווע, כאָטש שריי חי־וקים! ער האָט זיך שוין געלאָזט גיין צו דער פּאַראַדנע, נאָר זיך דערמאָנט אין „קליינשטעטלדיקן שנאָרער" און זיך אומגעקערט צו די הינ־טערשטע טרעפּ. ענדלעך האָט מען דאָס זעצן מיטן שטיין פאַרט דערהערט... אים האָט אַריינגעלאָזט עפּעס אַ פאַרשלאָפן מיידל מיט אַ זויערער צורה, מיט צעשויבערטע האָר, מיט אַ קורץ קליידעלע, פון וועלכן עס האָבן אַרויס־געשטעקט ווייסע שפּיציקלעך. אַ ווײַלע האָט זי אים אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע חלבנע אויגן. נאָך דעם האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און צו שלמהן האָט זיך דערטראָגן אַ צעקראָכענער מיאוקע:

---

* לימודים.

** דער נערוון־קנופּ.

— מאַ־מע, גיי, דאָרט איז געקומען דער ייד פון די הינער!...

פון אַן אָפענער טיר דערטראָגט זיך אַ כריפּענדיק קוויטשיקל:

— וואָס רעדסטו? אַזוי פרי? באַרעכן נאָר, ס'איז נאָך נישט רעכט טאָג געוואָרן און דער רוח טראָגט זיי שוין אַרום...

נאָך דעם איז אַלץ שטיל געוואָרן, נאָר די פּרימוסן האָבן געזונגען זייער נודנעם ניגון. דורך די פענצטער האָט אַריינגעשיינט אַ געפרוירענע ווינטערדיקע זון... ערגעץ האָבן זיך מענטשן געשליטלט צוליב פאַרגעניגן און זיך געוואָרפן מיט סניעזשקעס *. שלמה איז אַ דערשלאָגענער געזעסן אויף אַ שפּיץ בענקל, די קאָשיקעס צווישן די פיס, ווי ער זאָל מורא האָבן, מען זאָל זיי ביי אים נישט צוכאַפּן, און געוואַרט... שכנות זענען כסדר אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען, איינע — צום פּרימוס, די אַנדערע — נאָך וואַסער. אַלע האָבן נייגעריק באַקוקט דעם „פעטער", געפרעגט, מיט וואָס איז ער היינט רייך, אויסגעפרעגט פּרייזן, געשמוצערט מיט די ליפּן פונעם יקרות און אַוועקגעגאַנגען. ענדלעך איז גדלותדיק אַרויסגעשווומען די „קוואַדראַטנע" קונהטע. די בראָדאַווקע אויף דער אייבערשטער ליפּ איז נאָך געווען איינגעריכט אין סמעטענע, די אייגעלעך האָבן זיך געבאָדן אין שמאַלץ און די גרויע האָר זענען געווען פאַרדרייט אין אַ קובלעק. זי האָט נאָך געהאַלטן אין דערקייען אַ ביסן:

— אַ גוט־מאָרגן אייך, פעטער, איך זע נאָך אייער מידקייט, אַז איר האָט שוין היינט געמוזט אַרומגיין אַ האַלבע שטאָט... נו, מהיכא־תיתי, זאָל אייך גאָט העלפן. איר זענט קיין עין־הרע אַ רירעוודיק יידל... עס לאָזט אייך נישט שלאָפן... נו, מהיכא־תיתי, זאָל אייך גאָט העלפן... ווייזט, וואָס האָט איר דאָרט?... עופות?... נו, פון אָפּגעגאָסענע עופות ווייסט איר דאָך, אַז איך האַלט נישט... כ'האָב ליב פריש, צאַפּלדיק, אַז אין מויל זאָל זיך דאָס נאָך וואַרפן... נו, און וואָס איז דאָס ביי אייך — באַרן? נאַ דיר גאָר באַרן! אויף קאַליע מאַכן דעם מאָגן... ס'איז ביי מיר אַזוי אויך קאַליט ** פון דעסט וועגן, ווייזט נאָר, ווייזט... די קינדער, זאָלן לעבן און געזונט זיין, האָבן זיי דוקא יאָ ליב... פע!... וואָס איז דאָס פאַר אַ באַרן ביי אייך? ווי שעמט איר זיך נישט צו ברענגען אַזוינס אין אַ יידישער שטוב? ס'איז דאָך האַלב שטיינער, האַלב קוילן... ווייס איך, אַט וועל איך אייך אומיסטן ווייזן, האָט מען מיר נעכטן געבראַכט באַרן מיט פלוימען, אויך אַזאַ ווי איר, אויך אַ סוחר... איר מעגט אומיסטן זען... פאַר אַ ציקאַ־וועסט... וועט איר כאָטש וויסן אויף אַ צווייטן מאָל... נאַט, קוקט... איר מעגט פאַרזוכן... איך זשאַלעווע נישט... ס'איז, איר טרייסלט זיך איבער אַ באַרל און מיך אַרט נישט, איר קענט אפילו נעמען אַ גאַנצע אויך... איר ווילט נישט פאַרזוכן? ס'איז ביי אייך אַ פאַרדרוס, וואָס ביי יענעם איז שענערע סחורה? לערנט זיך, לערנט זיך... אַט אַזעלכע!... נאָר אַט אַזעלכע דאַרף מען פירן אין אַ גרויסער שטאָט אַריין... גרויסע, פליישיקע, גע־

* שניי-קוגלען. ** קאַליט — אַ מאָגן-קראַנקייט.

קנייטשמע! וואָס אַז מען בייסט זיי איין... איר זעט כאָטש? האָניק!...
אמתער האָניק רינט פון זיי... איר מעגט אָפּבייסן אַ שטיקל...

זי בייסט אָפּ אַ שטיקל פון אַ באַר און דערלאַנגט זי שלמהן:

— נעמט פון דער אַנדערער זייט... איר ווילט נישט? איר מיאוסט זיך פון מיין מויל? אַ סוחר טאָר זיך נישט מיאוסן... נישט אין איין טאָג לערנט מען זיך אויס די תורה... נאָך אַ חודש... נאָך אַ יאָר... וואָס דען האָט איר געמיינט? הקיצור, וואָס נאָך האָט איר דאַרט? וואָס איז דאָס ביי אייך אין באַנקעלע? ווייַן? אַך, בוימל... קיין בוימל דאַרף איך נישט... פּראָווינציעלע בוימלען גיבן אָפּ מיט... מיט... מיט מיאַטע * אָדער מיט פּוילער דיניע... פע... די קינדער, זאָלן לעבן און געזונט זיין, ווילן אַלצדינג אויף פּוטער... אַפילו אַ הינטערשט פערטעלע עוף אויף פּוטער איז ביי זיי דאָס לעבן מיטן חיות... זאָג איך זיי דוקא, איר מיינט, איך זאָג זיי נישט?... זיי זאָלן מיר אַזוי וואַקסן אָן יסורים, ווי איך זאָג זיי: „קינדערלעך... פלייש אויף פּוטער?... ס'איז עפּעס אַ ביסל נישט —". זאָגן זיי מיר, מיינע קעצע־לעך: „מאַמע, דו עסט נישט, טאָ מיש זיך נישט... מיר ווייסן בעסער, וואָס גוט איז". — מיר — פאַר זייערע קעפּעלעך... איז פּוטער האָט איר יאָ? פאַרהאַלט מיך נישט. איך האָב נאָך טויזנט אַרבעטן. איר מיינט אויף אָן אמת, אַז מער האָב איך נישט וואָס צו טון, נאָר שטיין און אויסהערן אייערע דרשות, איאָ אַזוי?... אָט דאָס איז אייער פּוטער? ווייזט נאָך אַ שטיקל!... אָן אַנדער שטיקל!... נאָך אָן אַנדערס ווייזט!... ווייזט צו עטלעכע מיט אַ מאָל, וואָס ווייזט איר עפּעס צו איינציקע? וואָס? איר האָט מער נישט? אין גאַנצן אָט די פינף שטיקלעך? וואָס זשע איז די מעשה, וואָס אַזוי וויניק?... הערט זשע: מיט דער פּוטער איז אַזוי די מעשה... פּוטער דאַרף איך און פּוטער וועל איך קויפן, ווייל ביי מיר אָן פּוטער הייבט זיך נישט אָן... די קינדער זאָלן געזונט — יאָ, וואָס זשע האָב איך געוואָלט זאָגן? נאָר אייער פּוטער געפעלט מיר נישט... איך זאָג אייך נישט אויף איר קיין שלעכטס, נאָר פאַר מיר איז דאָס נישט קיין אַרטיקל... מען קען נישט זאָגן, אַז זי שטינקט, מען קען אָבער אויך נישט זאָגן, אַז זי שמעקט... און איך האָב ליב, אַז איך דערלאַנג צום טיש אַ שטיקל פּוטער, זאָל דאָס פאַרשמעקן די שטוב... אַז די קינדער, זאָלן לעבן און געזונט זיין, זאָל אַזש אָנהייבן צו קיצלען אין די נאָזלעכער און זיי זאָלן אַראָפּ פון די בעטן... ניין, ניין, מיין ליבער ייִד, איך קען זי נישט נעמען, איך טאָר זי נישט נעמען! איר אַליין פאַרשטייט דאָס אַזוי גוט ווי איך... וואָס זשע נאָך האָט איר? האָניק? דערווייל האָב איך נאָך... טאַקע אייערער. אויך נישט פון די אַנטיקן... נאָר פאַרפאַלן! צוריק וועל איך אים אייך נישט געבן... וואָס נאָך ליגט ביי אייך דאָרטן? פאַסאָליעס? פאַסאָליעס דאַרף איך דוקא. בינדט נאָר אויף, זייט מוחל, לאָמיך אַ קוק טון...

זי גיט אַ פליעסק מיט די הענט:

---

* מיאַטע — אַזאַ שמעקנדיק גראָז.

— אָט דאָס, זאָגט איר, הייסט באָמבע? גוואַלד, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן... נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן... לאָזט, לאָמיך אייך כאָטש אויס־מאָלן, ווי אַזוי אמתע באָמבעס זעען אויס. ערשטנס, מוזן זיי זיין בייכיק, פול, און אייערע זענען גאָר פלאַטשיק, מאָגער ווי אויסגערונענע ווייספּע־לעך... צווייטנס, דאַרפן זיי זיין ווייס ווי געפּאַלענער שניי, נישט אַזוי „קרעמאָווע" ווי אייערע... היינט, דאָס פּיפּקעלע... דער בעסטער סימן איז דאָס פּיפּקעלע... אין דער מיט, אויף דער סאַמע שאַרף, מוז זיין אַ פּיצינ־קעלע פּיפּקעלע. אַ געלם, צי אַ גרינס, ס'איז נישט קיין נפקא־מינה, נאָר עס מוז זיין... אָן דעם איז דאָס נישט קיין באָמבע. און ווי באַלד נישט באָמבע, צעקאָכן זיי זיך שווין נישט אַזוי גיך און זענען נישט אַזוי זיס... ס'איז מיר אַ חידוש אויף אייך, דאַכט זיך, אַזאַ קלוגער ייד ווי איר און קיין עין־הרע אַ בריה, קערט איבער אַ וועלט, זאָל אייך גאָט העלפן, פאַר וואָס נישט? נאָר וואָס איר ווייסט נישט אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז ביי פּאַסאָליעס זענען די סימנים די פּוכקעקייט, דאָס ווייסקייט און דער עיקר טאַקע דאָס פּיפּקעלע... אָן דעם פּיפּקעלע זאָלט איר זיי אפילו אין די הענט נישט נעמען... נו, וואָס נאָך האָט איר דאַרטן? ווייזט גיכער, איך האָב נאָך טויזנט אַרבעטן... מער גאָרנישט? וואָס איז די מעשה? עפּעס היינט אַ שוואַכער אַסאָרטי־מענט ביי אייך... הקיצור, אָט דאָס איז עס... מאַכן מיר היינט גאָרנישט... מילא... אַלע וואָך קען מען טאַקע מאַכן? מיר'ן נאָך מאַכן... דער עיקר איז, אַז גאָט זאָל געבן דאָס לעבן מיטן געזונט... נו, האָט זשע מיר אַ גוטן און זייט מצליח... איר זענט קיין עין הרע אַ בריה... מחיכא תיתי, זאָל אייך גאָט העלפן, פאַר וואָס נישט?...

שלמהס ליפּן זענען בלאָ ווי מילץ. ער פרעגט שטיל:

— נו, און די עטלעכע רובל פון דעם לעצטן מאָל... גיט איר מיר אויך נישט?

דער „קוואַדראַט" גיט זיך אַ פּאַטש איבער די קליידלעך:

— וואָס ברענט ביי אייך אַזוי? עס שטייט נאָך אין גאַנצן אייער קראָם... טאָמער ווילט איר, קען איך זי אייך ווייזן... טאָמער ווילט איר גאָר שטאַרק, קען איך זי אייך אומקערן אויך... מען קריגט די מציאות אין מיטן האַלבער נאַכט, מיט פאַרמאַכטע אויגן... נאַ דיר גאָר אַ יאָגעניש... וואָס האָט איר מורא? מען וועט ביי אייך נישט אויסכאַפּן... אין ערגעץ וועט מען נישט אַנטלויפן מיט אייערע עטלעכע שמאַרדאָווענצעס... פאַר אַ יאָרן ווינטער פלעגט אַ ייד צו מיר „אַריינקומען", אויך אַזאַ ווי איר, ערגעץ פון אייערע מקומות טאַקע... פלעגט ער חדשים־לאַנג מיר וואַרטן דאָס געלט... קיין מאָל נישט דערמאָנען אפילו... נאָר אין איין קול: נעמט, באַלעבאָסטינקע... אויף קיין געלט פרעג איך נישט, אַבי נעמט... וואָס דען האָט איר געמיינט? אָט אַזוי אָ? אַ שטוב דאַרף מען איינפירן... איך האָב אויך אַ מאָל געהאַט אַ קלייט, ווייס איך... און אַז איר וועט זיין אַזאַ חכם, וועל איך זיך צערעכענען מיט אייך און אויפהערן „נעמען" ביי אייך אין גאַנצן...

פונעם טונקעלן קאָרידאָר דערטראָגט זיך דער באַקאַנטער מיאוקע:
— מאַ־מע, טשעפּע זיך שוין אָפּ פון דעם יידן. אַז דו פּאַקסט זיך צו אים אין די הענט אריין, פאַרגעסטו גאָר אין אַלעמען...
די פאַרשוווּמענע אייגעלעך שמעלצן זיך פון פאַרגעניגן:
— איך גיי, איך גיי, טייבעלע מיינס, די מינוט גיי איך...
און צו שלמהן:
— איר מיינט, זי איז נישט גערעכט? מיר פּאַר איר קאָפּ... אַז איר קומט, נעמט איר ביי מיר שטענדיק צו אַ מאָסע צייט. גייט שוין, גייט, וועל איך צושליסן די טיר... די פּרימוסן זשומען אַזוי, אַז מען זאָל אַרויסטראָגן די גאַנצע קיך, וועט מען נישט הערן... פּאַוואָליע פון די טרעפּ, ס'איז גליטשיק, האַלט זיך צו ביי די שטאַכעטן...

# קאפיטל XLII

אויף דער גאס באמיט זיך שלמה נישט צו טראכטן. נאר נישט טראכטן... ער קוקט, ווי דווארניקעס רייניקן דעם שניי. ווי מען לאדט אויס קארטאפל אין א קעלער אריין. ווי עס טראגן זיך פאלירטע שליטעלעך, איבערגעדעקט מיט האריקע בערנפעלן. אויטאס יאגן איבער טראמווייען, יענע קלינגען אן אויפהער. שלמה קוקט אלץ גלייכגילטיק צו. נאר נישט טראכטן! נאר אן קאמענטארן! אזוי ווי עס פירט זיך, אזוי דארף זיין, ווארעם ווען עס זאל דארפן אנדערש זיין, וואלט דאך אנדערש געווען.

אויף דער דריטער גאס האט ער אויך „א שטוב". דארט מעג מען שוין יא קלינגען אין פאראדנע. ער באווייזט נישט א דריי טון דאס גלעקל, ווי די טיר פראלט זיך אויף און דאס טעכטערל לייגט צו דעם פינגער צום מויל:

— ש־ש־ש... קלינגט נישט, ווי גאט איז אייך ליב...

דאס איז א סטודענטקע פון די הויכע קורסן. א שיין מיידל און זייער אן איבערגעגעבן קינד. זי ווייזט אן שלמהן אויף א בענקל אין קארידאר:

— רעדט נישט הויך, חבר, איך בעט אייך, די מאמע איז נישט לאנג איינגעשלאפן...ווארט אונטער א ביסל, אפשר וועט זי זיך אויפכאפן...

שלמה פרעגט שעפטשענדיק:

— איר זאגט דאך אליין, אז זי איז ערשט איינגעשלאפן, וואס זשע זאגט איר גאר — אויפכאפן?

— עס רעדט זיך אזוי, ערשט... ביז זייגער צוועלף האט זי זיך גע־דרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, נישט געקענט קיין אויג צוטון... זי איז שטארק נישט געזונט...

— וואס איז איר?

— זי האט א כראנישע קראנקייט, נאר נעכטן איז געווען זייער שלעכט...

— א הויכע טעמפעראטור?

— וואס פרעגט איר, זי האט געהאט פארן שלאף 37 מיט 2 צענטל און איר נארמאלע טעמפעראטור איז אלע מאל 36 מיט 4 צענטל... ווארט איר, הייסט עס? און איך גיי צו מיינע טשערטיאזשן *... אנטשולדיקט, חבר...

שלמה אנטשולדיקט זי און זעצט זיך אויפן בענקל. אין קארידאר איז היימיש־טונקל. אויף דער טיר פון קלאזעט ברענט א רויט לעמפעלע און דערפון דאכט זיך, אז די זון זעצט זיך ערגעץ. שלמה זיצט און טראכט:

— אוועקגיין ערגעץ אנדערש, וועל איך שוין דא נישט באוויזן צו זיין. איך דארף נאך אין פאסט... און אויף קאריניאווקע נאך טשוועקעס...

---

* טשערטיאזשן — צייכענונגען, געמיינט: אינזשיניערישע פלענער.

און אויף סאַלאַמינקע צופירן צוויי פונט פוטער... און אויף שוליאַוואָקע האָט איינער געבעטן אַ ליטער בוימל... און וואָס וועט זיין מיט די עופות?... זיי וועלן זיך אָנהייבן פילן... סיידן אויפן מאַרק זיי אַרויסטראָגן... און דער ווינטערטאָג איז אַזוי קליין... איידער מען רירט זיך, ווערט נאַכט... און פונקט אָט די באַלעבאָסטע נעמט שטענדיק אַן עוף... ווי אַזוי גייט מען אַוועק? ניין, ער וועט שוין בעסער אויסוואַרטן... זי קען דאָך נישט שלאָפן ביז האַלבן טאָג... צי זי קען אפשר יאָ? דערבאַרעם זיך, גאָט אין הימל...

די טיר פון דעם זאַל עפנט זיך אויף שטיל ווי אַ חלום. אויף די שפּיץ פינגער גייט צו די סטודענטקע צו שלמהן און זאָגט קוים מיטן אויער צו כאַפּן:

— די מאַמע שלאָפט, דאַנקען גאָט...

שלמה גיט אַ גלאַנץ מיט די אויגן צום הימל:

— געלויבט דער אייבערשטער...

— חבר, איך האָב צו אייך אַ ביטע. איך מוז אויף עטלעכע מינוט אַריינלויפן צו אַ חברטע... אָט דאָ אַנטקעגן... אויף צוויי מינוט... נאָר אין קאָנספּעקט אַ קוק טון... ס'איז נישטאָ קיינער אין שטוב... זיצט איר דאָ!... טאָמער קומט עמעצער, לאָזט נישט אַריין קיינעם, ביז איך וועל קומען... איך — איינס און צוויי, גוט?

— פאַר וואָס זאָל זיין — נישט גוט?

שלמה הערט, ווי זי פליט גרינג אַראָפּ פון די שטיגן און אַלץ ווערט שטיל — שטיל... די „זון" האַלט אין איין זעצן זיך און דער זייגער אין זאַל רייצט זיך מיט אים:

— דיר אויף צו להכעיס: טיק־טאַק... דיר אויף צעפּיקעניש: טיק־טאַק... דו וועסט דאָ אונטערנעכטיקן אויפן בענקל: טיק־טאַק...

שלמה דערמאָנט זיך, אַז באַלד קומט שוין דאָס מיידל אויף צוריק, און ער הייבט זיך שטיל אויף, גייט צו אויף די שפּיץ פינגער צום שלאָפצימער און עפנט שטיל די טיר. אין צימער דרינגט נישט אַריין קיין איין שטראַל פון דער טאָגשיין. ביי דער שיין פון נאַכטלעמפּל זעט ער די באַלעבאָסטע שלאָפן. אין די פולע באַקן שפּילן פלעמלעך. דער געפּאַלדעוועטער גוידער באַוועגט זיך ווי אַן אומרו, אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ. ער מאַכט שטיל צו די טיר.

— ניין, זי קלערט אַפילו נישט זיך אויפצוכאַפּן און איך מוז, ווי אין לעבן, פאַרקויפן אַן עוף... און באַלד קומט שוין דאָס מיידל...

ער עפנט שטיל אויף די פאַראַדנע טיר און קלינגט מיט אַלע כוחות... דאָס גלעקעלע צערייסט די וווינונג. פון שלאָפצימער דערטראָגט זיך אַן אומדייטלעכער געשריי. דאָס גלעקעלע קלינגט נאָך עטלעכע סעקונדן, דאַן פאַרמאַכט זיך די טיר אָן אַ מינדסטן סקריפּ און עס ווערט שטיל און רואיק. פון שלאָפצימער דערטראָגט זיך ווידער אַן אומרואיק קול:

— פאַניטשקע... פאַניוסיאַ... ווו איז פאַני? ווער קלינגט דאָס אַזוי געפערלעך? ס'איז דאָ עמעצער אין שטוב?...

שלמהס קאָפּ באַווייזט זיך אין דער טיר פון שלאָפצימער:

— איר האָט עפּעס געזאָגט?

— ווער קלינגט דאָס אַזוי געפערלעך?

— כ׳ווייס נישט... אייער מיידל איז אַרויסגעגאַנגען און געהייסן קיינעם נישט אַריינלאָזן...

— אָט גיי איך שוין, וועל איך זען, ווער עס איז דאָרט... קערט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, וועל איך נעמען אויף זיך דעם שלאָפראָק...

פון יענער זייט טיר איז קיינער נישטאָ. די בעל־הביתטע קאָכט זיך:

— ס׳איז גאָרנישט איבערצוטראָגן פון די ווייסע־חברהניקעס... העכער פון אונדז מיט דריי שטאָק וווינט אַ גויע, האָט זי אַ יינגעלע, מעגן אים נאָר די פינגערלעך אָפּדאַרן... ווען ער גייט דורך, איז ביי אים אַ קרן אָנ־קלינגען און אַנטלויפן... אַז עס קומט גאָר אויף אים נישט קיין מיתה משונה... איך וועל שוין אַרויפשיקן אַהין מיין פּאַניטשקען, וועט זי אים שוין געבן אַ שוואַרץ יאָר... נו, נו, אַזאַ אָנשיקעניש... וווהין איז זי געגאַנ־גען, ווייסט איר נישט?

— פאַר וואָס ווייס איך נישט? צו דער חברטע נאָך אַ קאָנספּעקט.

— און איר וואַרט שוין דאָ לאַנג?

— כ׳בין ערשט אַריינגעגאַנגען. טאַקע עטלעכע מינוט... וואָס איז אייך? אייער מיידל זאָגט, אַז איר זענט עפּעס נישט געזונט?...

— איך האָב, נישט פאַר אייך גערעדט, אישיאַס... נאָר דאָס איז אַ חוץ... איצט בין איך, נישט פאַר קיין שום יידן גערעדט, געפאַלן אויף די קרייזשעס... די קליבעס טוען מיר וויי... און אָט־אָ־דאָ־אָ... אין די סאַמע דוכן איז ווי עמעצער זאָל דאָרט זיצן און זויגן... אַ גאַנצן טאָג אַזוי... נאָר מסתמא וועט גאָט העלפן... מיין מאַמע האָט געהאַט פּונקט דאָס זעלבע און די באָבע אויך... איר האָט עפּעס געבראַכט?

— יאָ...

— איך בין אָבער נישט ביי געלט... און אָן געלט, ווייסט איר דאָך, האָב איך פיינט צו נעמען... איך האָב נישט ליב, אַז עמעצער ווערט מיין קרעדיטאָר.

— עס מאַכט נישט... עס מאַכט נישט... איך נייטיק זיך היינט גראָד נישט אין קיין געלט... איר קענט נעמען אַלץ, וואָס אייער האַרץ גלוסט...

— מילא, אַז אַנדער ברירה האָב איך מיט אייך? ווייזט שוין, וואָס האָט איר דאָרט? סמאָליענסקער גרויפּן האָט איר נישט?

— גראָד דאָס מאָל — נישט... פּאַסאָליעס האָב איך...

— וועלכע? פלאַטשונעס?

— ניין, באָמבע...

— פע... באָמבע גאָר... ווער נוצט דאָס אַזאַ גראָב מאכל, ווי באָמבע־פּאַסאָליעס? ביי מיר, אויב פּאַסאָליעס, איז נאָר פלאַטשונעס... איר ווייסט נישט, וואָס מען מיינט — פלאַטשונעס? גרויסע אַזעלכע, פלאַטשיקע, מיט געבלאָזענער שאָלעכץ... וואָס דען, באָמבע גאָר?

עס קומט אָן פּאַניטשקע. זי טוט זיך אַ וואָרף צו דער מוטער:

— מאַ־מע... איך בין דאָך ערשט אַרויסגעגאַנגען... ווער האָט דיך אויפגעוועקט?

— דו פרעגסט נאָך? וואַנקעלע, זאָל לאַנג ליגן, האָט דאָך שוין ווידער געקלונגען... גיי איצט נישט... וואַרט... פּאָר נאַכט, אַז דער פּאָטער וועט זיין אין דער היים, וועלן מיר ביידע אַרויפגיין צו זיי... גיי, טאָכטער, גיי אין שטוב אַריין, איך קום באַלד אַריין... איז קיין גרויפּן האָט איר נישט?... וואָס דען האָט איר נאָך עפּעס אַזעלכעס? האָניק? ביי אונדז האַלט מען נישט פון דעם מאכל... עס שאַדט צו די ציין... יאָ, יאָ... שמייכלט נישט. דאָס איז נישט איך זאָג אַזוי, דאָקטוירים זאָגן אַזוי... עס פאַרגייט אין די ציין, עס כאַפּט זיך אויף דאָס ווערעמל און דער צאָן איז קאַפּוט... איר זענט אַ יונגער מענטש, היט אייך... פרעמדע ציין איז נישט שיין... אוי, מיינע דיכן!... אַז עס גיט אַ שטאָך, איז דאָס היות נישט זיכער... וואָס זשע נאָך האָט איר דאָרט? בוימל? בוימל האָב איך נאָך, נישט לאַנג ביי אייך אַ גאַנצן ליטער גענומען... וואָס נאָך? עופות? איי־איי־איי!... ערשט נעכטן פאַר נאַכט, ביי אַ לאָמפּ שוין, האָט מען מיר אַריינגעטראָגן קעלבערן פליישׁ... אַ שאָד, אַ שאָד... און ווי אויף צו להכעיס, אַזוינע שיינע עופות... געלע... מיט אַ פלוסטערל... אַך־אַך־אַך!... באַרעכן נאָר, אַזוינע יונגיטשקע און פרישינקע... וואָס קומט אַרויס, אַז איך האָב שוין פלייש... גיי וויים, אַז ביי אייך וועלן זיין אַזעלכע שיינע עופות... באַלד, באַלד, פּאַניטשקע... וואָס ברענט דאָרט ביי דיר דער טייך? באַלד, האָב איך געזאָגט, שריי נישט... באַלד קום איך, גרייט דערווייל צום טיש... איז וואָס זשע האָט איר נאָך? באַרן? גרויסער גאָט! דער מענטש ווייסט גאָרנישט, וואָס די גרויסע שטאָט דאַרף... ווער גייט זיך דאָס אָנ־שטאָפּן דעם בויך מיט באַרן? אויף מיין לעבן!... דאָס איז אַ גויאישער מאכל... אַ ייד האָט ליב אַ פּערעשקעלע... און אַז מען צעקנאַקט דאָס קערל, זאָל זיין אַ צווייעגדיקער יאָדער... אַ קישמישל, אי דאָס בפירוש שוואַר־צער... און צוליב ווייניגקייט, נישט קיין סך, טאַקע נאָר עטלעכע פראַנ־צויזישע פלוימען... און אַהער נאָך אַ פראַשעק וואַניליע, אָט דאָס הייסט אַ קאָמפּאָטל! ס'איז דאָך עפּעס קיעוו... וואָס דען, באַרן? אפשר גאָר אוגערקעס?... איז מער האָט איר גאָרנישט? פּוטער? אַנו, ווייזט נאָר?

זי רוקט אַריין דאָס נעזל, דערנאָך קאָלופּעט זי אָפּ מיטן שפּיץ נאָגל אַ שטיקעלע, שיקט אַרויס איר צונג נאָך דעם, צעשמירט עס אויפן גומען און פּאַסמאַקעוועט. זי קוקט אויף שלמהן מיט אַ פאַרגליווערטן קוק, מאַכט אַ טיפּזיניקע מינע און קוועטשט אַרויס:

— מ־נע... נישקשה... נישט איי־איי־איי... נאָר מען קען זי נוצן... וויפל האָט איר אין דעם שטיקל? אַ פונט? אַ גאַנץ פונט?... ע... צו פיל פאַר מיר! אַ ביסל האָב איך נאָך... ווען נוצט מען דען פּוטער? נאָר צום איבער־בייסן... איך וואָלט גענומען הונדערט גראַם. איר קענט מיר געבן אַ פערטל

פון דעם שטיקל ? מיט אַ פּאָדעם קען מען צעשניידן, איין מאָל אויף דער העלפט און נאָך אַ מאָל אויף דער העלפט, הא ?

שלמה איז נישט בכח צו ענטפערן. ער שאָקלט נאָר מיטן קאָפּ אין דער ברייט: ניין... ער קען נישט געבן קיין פּערטל... שניידן קען ער נישט...

— נו, מילא, ניין איז ניין... מסתמא ווילט איר, נאָר איר קענט נישט... כ'פאַרשטיי דען נישט ? אין גאַנצן איז אודאי גלייכער צו פאַר־קויפן איידער ברעקלען... מכח די עופות איז מיר אַזאַ שאָד... באַלד, באַלד, פּאַניטשקע, באַלד גיי איך... אַזאַ איבערגעגעבן קינד האָט איר נאָך נישט געזען... אַ מאַמע איז נישט שכיח אַזוי... פון דעסט וועגן כאַפּט זיך אַריין, ווען איר האָט עפּעס... היינט האָט איר נישט געטראָפן, מאָרגן קענט איר יאָ טרעפן... אַזוי איז דאָס...

פון יענער זייט טיר שפּאַרט זיך שלמה אָנמעכטיק אָן אין דער וואַנט און שעפּטשעט:

— רבונא דעלמא כולה... ס'וועט זיך נאָך עפּעס בייטן ? צי מיר איז שוין אַזוי באַשערט אַרומקריכן מיט די קאָשיקעס ביז אין טויט אַריין ?...

# קאפיטל XLIII

אין א שטיקל צייט ארום האָט שלמה א מאך געטון מיט דער האַנט אויף די שטוביקע גבירנטעס און זיך א וואָרף געטון מיט אַלע זיינע סחורות אויפן מאַרק. אמת טאַקע, דער מאַרק האָט זיך זיינע חסרונות, אין א שטוב איז א סך לייטישער, דערפאַר אָבער נעמט די שטוב צו טעג מיט יאָרן. דערנאָך דאָס ארומלויפן חובות צונויפמאַנען... אמת, אין מאַרק לאָזט מען ביליקער, דערפאַר אָבער איז דאָרט איינס און צוויי. א רענדל ארויף, א רענדל אראָפּ — פּטור געוואָרן. אויף קיינעם ווארט מען נישט, קיינער לייענט נישט קיין לעקציעס: דאָס איז בעסער, יענץ איז בעסער. אין מאַרק איז קורצע דיבורים: אָט דאָס האָב איך און דאָס פאַרקויף איך. געפעלט דיר — קויף, ניין — קענסטו דיר גיין ווייטער... דערפאַר אָבער זענען דאָ אַנדערע חסרונות: אין מאַרק דאַרף מען צאָלן אַלע טאָג פאַרן אָרט. אין מאַרק טאָר מען מיט זיך קיין סך סחורה נישט מיטנעמען, די פינ-אינספּעקציע קען אונטערכאַפּן; גנבים כאַפּן פון די הענט; צוריקגעשמועסט אָבער, איז אויף א מאַרק נישט שייך קיין נשאר... גענומען ווייניקער א רובל — און אראָפּ פונעם מאַרק... עס געפינט זיך שטענדיק א קונה... ס'איז עפּעס פריילעכער אויף דער נשמה...

איין מאָל האָט דער פאָטער אים אָנגעשריבן, ער זאָל אים צושיקן פּריוואַטע אדרעסן, אויף וועלכע ער זאָל קענען שיקן די פּעקלעך, ווייל דער נאַטשאַלניק פון דער פּאָסט האָט אים שוין עטלעכע מאָל געפרעגט: פּיאַטיגאָרסקי, וואָס איז די מעשה, וואָס איר שיקט נאָר צום פאָדערן? מען קען דאָך מיינען, אַז דאָס שיקט איר פּראָדוקטן אויף ספּעקולאַציע...

צו די פעטערס האָט שלמה נישט געקענט אדרעסירן איבער צוויי טעמים: ערשטנס, פּאַסט זיי נישט די גאַנצע מעשה... עס זענען דאָ הונ- דערט אויגן אויף יעדן שריט... ליזען האָבן שוין אַזוי אויך עטלעכע שכנים געזאָגט, אַז איר קרוב האָט מען געזען אויפן מאַרק מיט פוטער... האָט זי זיי געענטפערט, אַז מן הסתם האָט מען אים צוגעשיקט פון דער היים צו פיל אָדער עס איז קאַליע געוואָרן, דערפאַר פאַרקויפט ער... עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נאָר א תירוץ פאַר דעם ליכטבענטשן, אָבער וואָס קען מען קליגערס צוטראַכטן?... היינט, אַז עס וועלן נאָך אָנהייבן גיין פּעקלעך אויף זייער נאָמען... חוץ דעם זענען זיי קיין מאָל נישטאָ אין דער היים. וועט מען ברענגען עטלעכע מאָל דאָס זעלבע פּעקל, מאַכן סקאַנדאַלן, אויפהייבן דעם קאָרידאָר מיט שכנים — ניין, אַהין טויג נישט... צו די זוואָניצקעס טויג אויך נישט... דאָס פּעקל טראָגט מען נישט ארײַן אין שטוב אריין, דער וואָגן שטייט אויף דער גאַס... און מען דאַרף אראָפּגיין עס נעמען... ווי זשע איז דאָס מעגלעך? יענע זענען צוויי עלטערע מענטשן, גייען זעלטן אראָפּ אויף דער גאַס. און א פּעקל וועגט פון אַכט ביז צען קילאָ — ניין, אַהין טויג אויך נישט...

שלמה איז אוועק אויף סאלאמינקע צו ר׳ אברהם שארפשטיין און אויסגעשפּירט א גינסטיקע מינוט:

— ר׳ אברהם, איך דארף, אז איר זאלט מיך רעקאמענדירן אין עט־לעכע לייטישע הייזער אין צענטער שטאט, וואס איך זאל קענען אויף זייערע אדרעסן באקומען פּעקלעך.

— זאג מיר, תכשיט מיינער, דו ווינסט טאקע ביי יענע אפּיקורסים?

— וואס קען איך העלפן?

— אבער סטייטש, ווי מעג מען דאס?

— גלייבט מיר, ר׳ אברהם, עס לבן גרתי...

— רעד מיר איין... רעד מיר איין... און פאר וואס געפעלט דיר ביי מיר נישט?

— ר׳ אברהם, פאר וואס ענטפערט איר מיר נישט אויף מיין פּראַ־גע? עס גייט מיר ווי אין לעבן...

— וויפל דארפסטו אדרעסן?

— א פינף, זעקס...

— קענסטו שרייבן מיינעם, האסטו שוין איינעם, און וועסט צוגיין טאקע אויף אונדזער ענגעלס־גאס, נומער 9 וווינונג 11, דארט וווינט מיינער א ידיד, ר׳ ברוך־גד מילגראד, וועסטו אים זאגן אין מיין נאמען — האסטו שוין צוויי. ווייטער, אויף פּושקינסקע־גאס 8, אין פאדוואל, וווינט א שניידער, א לייטישער מענטש, אדלער, ר׳ אברהם אדלער. מיר וועט ער נישט אפּזאגן. האסטו שוין דריי. ווייטער וועסטו צוגיין אויף באסיינע 1 וווינונג 7, דאס איז לעבן בעסאראבקער רינאק, וווינט דארט איינע א פרוי גאלדע רובינשטיין, וועט זי דיר אויך דערלויבן צו שיקן אויף איר נאמען. נו, און ווער נאך? שא! ביי די פייגנבוימס ביסטו גע־ווען? ניין? בכלל קענסטו זיי נישט? א חכם א זון!... צו די פעטער־לעך ווייסט ער דווקא און טאמער עפּעס רעכטס — דאס נישט!... דאס איז א העכסט פיינע שטוב מיט ערלעכע קינדער, קיין וועלוועלעך זענען דארט נישטא און קיין סאליסטקעס אויך נישט און אפילו קיין סטו־דענטקעס אויך נישט, כאטש מיידלעך האבן זיי דריי... גיי אריין... דו מעגסט בכלל א מאל אהין ארייננגיין... וואס דיר קען שאטן, מעג מיר שאטן... דארטן קענסטו האבן צוויי אדרעסן מיט א מאל... דער על־טערער זון וווינט באזונדער. טאקע אין דעם זעלבן הויף, נאר באזונדער... האסטו דיר שוין זעקס אדרעסן... וואס זשע נאך ווילסטו?

— איך וויל אייך בעטן אנשרייבן צו יעדן באזונדער עטלעכע ווער־טער. יענער קען דאך מיך נישט... און אויף א פרעמדן, ווייסט איר דאך, קוקט מען מיט א חשד...

— מען קוקט נישט מיט קיין חשד, ס׳איז נישט אזוי, ווי דו מאכסט עס. נאר גארנישט, דו ווילסט ברייוועלעך, כ׳וועל דיר נישט זשאלעווען אנשרייבן אויך... עס קאסט מיך טייער? פּאפּיר האב איך ערגעץ. אפשר האסטו א בליישטיפט?

צו די פייגנבוימס איז שלמה אריינגעגאנגען נאָך מעריב. קאַראַוואַ־יעוווסקע־גאַס רופט מען אין קיעוו די „לאַנגע גאַס", נישט מחמת זי האָט הונדערט עטלעכע און זיבעציק נומערן, עס זענען דאָ אַ ביסל לענגערע גאַסן אין קיעוו, נאָר אַ פּנים ווייל זי ציט זיך גלייך־גלייך, פונעם סטאַ־דיאָן ביז יעווו־באַז. בלאָנדזשען אויף איר איז אוממעגלעך, ווייל זי נויגט זיך נישט אָפּ אין ערגעץ אויף קיין טריט, נאָר גלייך און גלייך און גלייך. די דאָזיקע גאַס רעכנט זיך פאַר איינע פון די סאַמע צענטראַלע אין שטאָט. פון איר איז נישט ווייט אויף יעווו־באַז, צום וואָקזאַל, אויף באַל־שאַיאַ־וואַסילקאָווסקאַיאַ, אויף קרעשטשאַטיק, אויף וולאַדימירסקע, אויף לענינאַ — הכלל, גאַנץ קיעוו רינגלט זי אַרום... אויף איר קורסירן די טראַמווייען 1, 7, 8, 9, 10, חוץ A און B. אויף דער גאַס, אין סאַמע צענטער, הויז נומער 67 וווינונג 1, האָבן געוווינט די פייגנבוימס.

געעפנט האָט שלמהן אַ יונג מיידל, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע, נישט קיין הויכע, מיט גראָבע שוואַרצע צעפּ און גוטע, גרויסע מאַנדל־אויגן. שלמה האָט זיך אַנטשולדיקט:

— דאַכט זיך, דאָ וווינט ר' אברהם פייגנבוים?

— יאָ, דאָ... קומט אַריין.

אין זאַל איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש מיט אַ ווייס־פּינקלענדיקן טישטעך פאַרשפּרייט. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ שיינער סערוויס טיי־געשיר, פון פאַר מנחה אַ פּנים. צוויי גרויסע שאַפעס ספרים האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָ וווינען נישט קיין עמי־הארצים. די מעבלירונג איז געווען ווי ביי אַ מיטל־פאַרמעגלעכן מענטשן, נאָר יעדע זאַך האָט געצוי־בערט מיט איר שיינקייט און זויבערקייט. שלמהן איז אַקעגנגעגאַנגען אַן עלטערע פרוי, אַ פּנים די באַלעבאָסטע. זי האָט זיך העפלעך פאַרנויגט:

— איר דאַרפט צו מיין מאַן?

— יאָ, איך דאַרף צו ר' אברהמען.

— זיצט, ער וועט באַלד קומען, ער איז נאָך נישטאָ פון מעריב.

— ער דאַוונט דען נישט אין קופּעטשעסקע?

— יאָ, אין קופּעטשעסקע.

— גיי איך דאָך פון דאָרטן, מען האָט שוין אָפּגעדאַוונט מעריב.

די פרוי האָט מוטערלעך אַ שמייכל געטון:

— מוז מען זאָגן, אַז נישט אַלע דאַווענען גלייך. נישט אַזוי?

און זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַזאַ פריינדלעך געלעכטערל, אַז שלמהן האָט זיך געגומען דאַכטן, אַז די פרוי קען ער שוין פון זייער לאַנג און די שטוב קען ער פון זייער לאַנג און איז גאָר געקומען צו זיך אַהיים... די שוואַרצינקע האָט געלייענט אַן „איזוועסטיע" און זיך נישט געמישט אין שמועס אַריין. די מוטער האָט זיך געווענדט צו איר:

— טאַני, גיב דעם חבר טיי און פאַרנעם זיך מיט זיי, איך דאַרף אין קיך אַריין... און איר, אַנטשולדיקט מיר, חבר...

די מוטער איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר און טאַני האָט זיך אָנ־גערופן:

— איר האָט געהערט, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט? איך גיב אייך טיי...

— אַ דאַנק, נאָר איך וויל נישט קיין טיי...

— איך האָב נישט ליב, אַז מען זאָגט זיך אָפּ...

שלמה האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איר זענט נישט קיין היגער, דאָס זעט מען באַלד... איאַ אַזוי?

— איר האָט געטראָפן, נאָר מיט וואָס זעט מען דאָס באַלד?

— איר זענט אַ שעמעוודיקער און קיין גרויסשטאָטישער וועט נישט אַראָפּלאָזן די אויגן... נאָר עס שאַדט נישט... די תורה לערנט מען זיך אויס זייער גרינג... צי קען מען וויסן, פון וואַנען איר זענט?

— אומאַן אָדער זוועניגאָראָדקע האָט איר אַ מאָל געהערט?

— ווי דען? וואָס פרעגט איר?

— בין איך פון אַ שטעטעלע לעבן זוועניגאָראָדקע.

— זענט איר שוין לאַנג אין קיעוו?

— כמעט פון באַלד נאָך די ימים־טובים...

— איר האָט דאָ עמעצן, באַקאַנטע, אייגענע?

— איך האָב דאָ אַ שוועסטער, אַ ייִנגערע פון מיר...

— וווינט איר מיט איר צוזאַמען?

— עס גייט אַ מאָל אַוועק אַ גאַנצע וואָך און איך זע זי נישט פאַר די אויגן.

— פאַר וואָס זשע עפּעס?

— ווייל זעקס פאַר טאָג גייט זי אַוועק צו דער אַרבעט אין פאַבריק און צען ביי נאַכט קומט זי ערשט פונעם ראַבפאַק...

— הייסט עס, ביי איר שבת איז שוין —

— אויף שבת בייט זי זיך מיט דער וואַכטע און לערנען גייט זי אָן די ביכער...

— און עסן — אין סטאָלאָווע?

— זי האָט נאָך נישט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער סטאָלאָווע... זי נעמט מיט אויפן טאָג צוויי רעפטלעך ברויט מיט פּאָווידלע, דאָרט קויפט זי זיך אַ גלאָז טיי און דערמיט לעבט זי אָפּ די וואָך... נאָר שבת פאַרוועלן מיר צוזאַמען...

— ווי רופט מען אייך, חבר?

— שלמה.

— און אייער שוועסטער?

— דינה.

— חבר שלמה, דערלויבט מיר אייך אַ דריק טון די האַנט פאַר אייער דינהן... נאָך איידער איך קען זי, איז זי שוין ביי מיר טייער און ליב ווי אַן אייגענע שוועסטער.

שלמה נעמט אַריין אין זיין ברייטער דלאָניע טאַניס צאַרט העגטעלע ·און ביידע דערפילן אַן אומגעהייערע צוציאונגס־קראַפט איינער צום צווייטן. טאַני זעצט זיך צוריק אויף איר אָרט און דער שמועס גייט ווייטער:

— און אַ חוץ דער שוועסטער האָט איר דאָ קיינעם נישט?

— אַזוי צו זאָגן, ניין... כ'האָב אַ פּאָר פעטערס מיט מומעס, נאָר איך בין מיט זיי פון דער ווייטנס... כאָטש ביים עלטערן פון זיי שטיי איך איין...

— פאַר וואָס זשע זענט איר פון דער ווייטנס מיט זיי?

— ווייל יענע זענען אפיקורסים־גמורים, קאָמוניסטן־פאַנאַטיקער...

— ווי אַזוי זשע מישט איר זיך מיט זייערע כלים?

— טאַקע נאָר אויף נעגל־וואַסער... קיין גלאָז טיי ריר איך נישט אָן ביי זיי.

— וואָס דען טוט איר?

— דאָס זעלבע וואָס מיין דינה... מען עסט כאַלוואַ, פּאָווידלע, הע־רינג און אַ מאָל נאָר טרוקן ברויט... אָבער נאָר ביז שבת: אויף שבת קאָכט זי עפּעס אָפּ.

— עס מוז זיין זייער שווער גאַנצע וואָכן זיך באַגיין אָן געקעכטס?

— שווער, צי גרינג, קיין אַנדער אויסוועג איז דאָך לעת עתה נישטאָ.

— און וועמען קענט איר בכלל אין שטאָט?

— חוץ איינעם ר' אברהם שאַרפשטיין פון סאַלאָמינקע קען איך קיי־נעם נישט.

— אברהם שאַרפשטיין איז מיין פאָטערס אַ חבר. אונדזער משפחה האָט אויך אַ מאָל געוווינט אויף סאַלאָמינקע. איך געדענק דאָס שוין כמעט נישט. איז די שאַרפשטיינס, הייסט עס קענט איר יאָ?

— מען קען זאָגן, זייער גוט... דאָס האָט ר' אברהם טאַקע מיך גע־שיקט אַהער...

— האָט איר שוין, הייסט עס, צוויי אברהמס... מיין פאָטער הייסט דאָך אויך אברהם...

— אין דעם בין איך שוין נישט שולדיק...

— קיינער מאַכט אייך נישט שולדיק... זאָגט זשע, און וואָס טוט איר אַליין אין קיעוו?

— איך באַוואָרן קיעוו מיט עסנוואַרג... פון דער היים שיקט מען מיר צו און איך פאַרקויף דאָס אויף די מערק.

— נו, און ס'איז עפּעס יאָ — ?

— ס'איז בפירוש נישט... ס'איז נישט קיין אופן פון לעבן אַזוי, נישט קיין תכלית, אָבער וואָס זשע קען איך העלפן?

— פאַר וואָס זשע זאָלט איר אייך עפּעס נישט אָפּזוכן קיין מער אָנשטענדיקע זאַך? אַן אַרבעט אַזעלכע, צי איך ווייס וואָס נאָך?

— פון מיר זענען אַפּהענגיק מיין טאַטע־מאַמע מיט פיר קינדערלעך, חוץ מיר מיט מיין שוועסטער. אויב איך זאָל אַוועקוואַרפן דאָ דעם מאַרק, איידער איך האָב עפּעס בעסערס, דאַרפן זיי דאָרט חלילה אויסגיין פון הונגער...

טאַני האָט אַן איידל האַרץ. זי פאַרליידט נישט אַזעלכע שרעקלעכע רייד ווי „אויסגיין". שלמה זעט ביי איר טרערן אין די אויגן און איז איר אין האַרצן דאַנקבאַר פאַר זיי. זי פרעגט שטיל:

— מיט וויפל זענט איר עלטער פון דער רעוואָלוציע?

— מיט זיבן יאָר.

— איז לערנען יידיש, דאַרף מען פאַרשטיין, האָט איר שוין גאָר־נישט באַוויזן?

— עפּעס וואָס האָב איך נאָך יאָ באַוויזן...

— און אַלגעמיינע בילדונג האָט איר אויך עפּעס?

— געלערנט האָב איך גאָרנישט, נאָר געלייענט... אַלערליי ליטע־ראַטור.

# קאפיטל XLIV

די מומער עפנט און לאזט אריין בײדע עלטערע שוועסטער. בײדע האבן מאנים הײך, נישט העכער, נישט נידעריקער, זײ זענען נאר פולער א ביסל און נישט קײן שווארצע. די עלטערע, פערל, איז א ליכטיקע און זײער א שײנע. די מיטעלע, מלכה, איז עטוואס א ברוינע, דאס פנים א מאטאווע, האט קלוגע אויגן און אינטעליגענטע מאניערן. בײדע האבן זיך פרײנטלעך פארגויגט פארן גאסט און זיך אנגעגאסן טײ. שלמה האט ארויסגענומען א ספר פון שראנק און זיך נישט צוגעהערט, וועגן וואס בײם טיש רעדט זיך. אין אן ערך פון א האלבער שעה ארום האט זיך ווידער דאס גלעקל צעקלונגען. מאני איז אויפגעשפרונגען:

— אט דאס גײט דער טאטע, איך דערקען זײן קלונג...

עס איז ארײנגעקומען א ייד פון א יאר דרײ, פיר און פופציק, מיטעלער וווקס, א ווײס אײדל פנימל און א שײנע, פרי גרא־געווארענע בארד. די אויגן לײכטן מיט א פרום־גוטמוטיק פײערל, וואס דערוואַרעמט יענעם בײ דער נשמה. שלמהן האבן זיך תיכף ומיד דערמאנט זײן זיידנס שלומס אויגן, נאך אין די גוטע יארן. הינטער אים זענען געגאנגען זײנע בײדע זין. דער עלטערער, זעליק, אן אויסגעגעבענער, דער צווייטער, ניסן, אין שלמהס יארן, א בחורל. אלע האבן שלמהן געגעבן שלום און אים געבעטן נעענטער צום טיש. שלמה האט ארויסגענומען שארפשטײנס צעטעלע און עס דערלאנגט דעם פאטער. יענער האט איבערגעלײענט די ערשטע עטלעכע ווערטער און אוועקגעלײגט דאס צעטעלע אויפן טיש:

— הא, דאס זענט איר דער שלמה? אײער פאטער רופט מען ר' אפרים —

— ר' אפרים־אהרון...

— יא, יא... איך האב מיך הײנט צופעליק באגעגנט מיט אברהם שארפשטײן, האט ער מיר דערצײלט אײער בקשה... איר קענט שיקן אויף אונדזער אדרעס כאטש יעדן טאג א פעקל, אבי איר זאלט עפעס האבן דערפון.

— א גרויסן, גרויסן דאנק אײך, ר' אברהם...

— נאך צוויי מאל א גרויסן. איר ווייסט נישט, אז פאר קײן גמילות־חסד דאנקט מען נישט. ווער שמועסט, אז איך האב נאך, לעת עתה, פאר אײך גארנישט געטון...

— וואס הייסט גארנישט? איך שרייב מארגן שוין אוועק אײער אדרעס.

— אבער משיח קען דאך נאך קומען, אײדער איך וועל דערהאלטן אפילו אײן פעקל פאר אײך...

— פון משיחן רעדט מען נישט. אז מיר וועלן פון אים רעדן, וועט ער אומיסטן נישט קומען...

— פאר וואס זשע?

— ווײל: אין בן־דוד בא, אלא בהסח הדעת...

אלע בײם טיש שמײכלען, ר' אברהם כאפט זיך:

— יאָ, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, אברהם שאַרפשטיין האָט מיר דער־ציילט, אַז איר האָט סמיכה אויף איסור־והיתר...

טאַני באַטראַכט שלמהן אויף דאָס ניי, ער מיידט אויס איר קוק און ענטפערט דעם פאָטער:

— דאָס האָט ער חוזק געמאַכט... נו, איך וועל גיין... אַ גוטע נאַכט.

— שטייט, וווהין גייט איר? איר עסט מיט אונדז וועטשערע, אָט רופט זעליק נאָר אַריין זיין ווייבל, גייען מיר עסן... טוט זיך אויס...

— ניין ,אַ דאַנק אייך, איך וויל נישט עסן... איך בין נישט הונגעריק.

טאַני נעמט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּ און דערפון פלאַמט ביי שלמהן אַ באַק. ר׳ אברהם איז נישט צופרידן מיטן תירוץ:

— וואָס הייסט, איר זענט נישט הונגעריק? ווען און ווו האָט איר געגעסן?

טאַני שפּרינגט צו, נעמט אַרום דעם פאָטער אַרום האַלדז:

— טאַטע, וואָס הערסטו אים? ער האָט מיר אַליין פריער דערציילט, אַז אַ גאַנצע וואָך קומט נישט קיין לעפל געקעכטס אין זיין מויל...

שלמה האָט פאַרלוירן געשמייכלט:

— אייער טאָכטער וואַקסט אַ שטיקל מסור...

— צוליב אַ מצוה מעג מען אַ מאָל מסרן אויך... אַן עק! טוט אויס דעם פּאַלטאָ און קומט זיך וואַשן.

— ר׳ אברהם, זייט נישט בייז אויף מיר, נאָר איך האַלט נישט פון זיין עמעצנס אַן אורח... אַזאַ משוגעת...

— אָבער קיין כפוי־טובה דאַרפט איר דאָך אויך נישט זיין. מיר ווילן אייך אַ טובה טון און באַקומען פּעקלעך פאַר אייערט וועגן, טוט איר אונדז אויך אַ טובה און עסט מיט אונדז וועטשערע. אגב, וועלן מיר טאַקע שמועסן אַ יידיש וואָרט.

וואָס האָט שלמה געהאַט אויף דעם צו ענטפערן? ער האָט אויסגעטון דעם פּאַלטאָ און איז זיך געגאַנגען אין קיך אַריין וואַשן. אין קאָרידאָר, פון אַ זייטיקער טיר, האָט ער געטראָפן אַרויסגיין טאַנין מיט אַ פּאָלו־מיסאָק * אָנגעשניטן ברויט. זי האָט זיך שטיל אַ רייץ געטון:

— אַ־האַ!... איר האָט זיך אַריינגעפּאַקט...

שלמה האָט איר געדראָט מיטן פינגער ביי דער נאָז:

— וואַרט, וואַרט... כ׳וועל אייך אָפּדינען... כ׳בין אויך אַ גוט קינד...

בשעתן עסן זענען אָנגעקומען נאָך געסט. עס זענען געווען אַזעלכע יונגעלייט, וואָס שלמה האָט זיי באַמערקט אין קופּעטשעסקע־שול. נאָר איין בחורל מיט אַ שוועסטער פון פּאָדאָל, זיי האָט שלמה געזען צום ערשטן מאָל. דאָס בחורל איז געווען אַ הויכער, נישט קיין שיינער, נאָר זייער אַ סימפּאַטישער. די אויגן זיינע האָבן געשטראַמט מיט שכל און מיט לעבנס־לוסטיקייט. זיין האַלטונג מיט די פייגנבוימס איז געווען אַ פרייע ווי אַ בן־בית. ניסן פייגנבוים האָט שלמהן אויפן אויער געזאָגט, אַז דאָס

* פּאָלומיסאָק — אַ לענגלעכער, פלאַכער טעלער.

איז זיינער א חבר פון דער ישיבה — שמעון קלאָדניצקי. ביים טיש האָט מען געשמועסט פון לערנען. שלמה האָט זיך באמית בלייבן אין שאָטן, נישט ווענדן אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. האָט אָבער דער בעל־הבית דאָס נישט דערלאָזט, ער האָט זיך געווענדט צו שלמהן מיט א גאַנצער דרשה:

— אָט וואָס, שלמה: ערשטנס וויל איך דיך נישט „אירצן", איך האָב קינדער פיל עלטערע פון דיר, נישט נאָר זעליק, זעליק איז אויך עלטער, נאָר כ'האָב נאָך א טאָכטער אין פוילן. נאָך אין יאָר 1923 איז זי אוועק אהין. חוץ דעם דאַרפסטו ווערן ביי מיר אין שטוב א היימישער מענטש, אזוי ווי אַלע יידישע יונגעלייט אין קיעוו. קאַראַוואַיעווסקע 67, דאָס איז קליין־יבנה. דאָ טרעפסטו אַלע מאָל מיט וועמען אָפּצולערנען א בלאַט גמרא, זיך אָפּנהאַרציק דורכשמועסן און טאָמער חלילה עפּעס א צרהלע, זענען מיינע קינדער, זאָלן געזונט זיין, שטענדיק גרייט יענעם צו העלפן, ביי טאָג און ביי נאַכט. ביי אונדז איז נישטאָ צו פרי אָדער צו שפּעט. קענסט קומען פינף פאַר טאָג און קענסט קומען צוויי ביי נאַכט, מיר זענען גאָרנישט קיין פּריצים. טאָמער דאַרפסטו אויסוואַשן א פּאָרל וועש, וואַרף עס אריין אין באַליע, וועט זיך דאָס וואַשן צוזאַמען מיט אונדזערן. טאָמער איז דיר שפּעט צו גיין אויף דער אכסניה, קלאַפּ אָן, וועט מען דיר אויסבעטן און דו קענסט זיך גלייך לייגן שלאָפן. טאָמער דער־פילסטו זיך חלילה עפּעס נישט וואָזשנע, קלער נישט לאַנג, קום לייג זיך אנידער, מען וועט דיר מעסטן די היץ, באַנקעס שטעלן, אויסשמירן און אַלע איבעריקע זיבן און זיבעציק שעלעמויזן, וואָס מען מיינט, אַז זיי העלפן עפּעס... דו דאַרפסט וויסן, אַז מיינע עלטערע צוויי מיידלעך זענען מעדיטש־קעס, קוסטאַרנע דאָקטוירים. נאָר די מיזינקע איז שוין א שטוביקע, האָט נישט קיין וואַכטעס, האָט נישט קיין ווייסן כאַלאַט און בעבעט נישט אויף לאַ־טיין. הקיצור, פאַר א הקדמה וועט שוין זיין גענוג. דו וועסט אָפּטער אריינקומען, וועסטו דאָס איבעריקע אַליין געוווירן ווערן. נאָר איצט וויל איך דיר זאָגן אָן אַנדער זאַך. איך זע, די גאַנצע צייט ביים טיש האַלטסטו זיך עפּעס פון דער ווייטנס. מען רעדט פון לערנען, מישסטו זיך נישט אריין, גלייך ווי פאַר דיר איז דאָס תרגום־לשון. וויל איך דיר זאָגן, אַז דאָ איז נישט דאָס פּאַסיקע אָרט צו פּראַווען עניוות. עס איז א קידוש השם צו ווייזן דאָ, וואָס דו קענסט, און איך בין זיכער, אַז דו קענסט אפשר בעסער פון אונדז אַלע דאָ ביים טיש. וועסטו דאָך מיך פרעגן, וואָס איז דער קידוש השם? וועל איך דיר זאָגן! דו קוקסט אָן אָט די חברה? ניין, זעליק נישט. ער האָט קיין ישיבה פאַר די אויגן נישט געזען, נאָר ביי א מלמד האָט ער געלערנט. טאַקע א סאַלאָמינקער מלמד, א האָרנאָסטאָפּעליער חסיד. אָבער דאָס קליינוואַרג, איך מיין, מיין ניסן, אָט דער שמעון פּאָדאָלער, זיי האָבן שוין געלערנט אין ליטווישע ישי־בות, ביז ערשט נישט לאַנג. איך זאָג ליטווישע, אָבער איך מיין ליובאַ־וויטשער: אין כאַרקאָוו, נעוויל, וויטעבסק, קרעמענטשוג. אין די גרע־סערע מתיבתות, ווי: קוטאַאיס, לענינגראַד, קורסק האָבן זיי שוין נישט

באַוויזן צו זיין. אַזוינע שנעקלעך האָט מען אַהין נישט גענומען. מילא, איך בין דיר נישט אויסן, וואָס זיי קענען יאָ און וואָס זיי קענען נישט, מסתמא קענען זיי עפּעס. נאָר דער עיקר, דאָס האָט מען זיי דאָרט שטאַרק, שטאַרק אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, אַז אַ פּוילישער ייד קען נאָר חק זאָגן און „תיקון" טרינקען. אַ פּוילישער ייד, דאָס מיינט מען דיך אויך, און אַלע פון די מערב־געגנטן פון אוקראַינע. ווער שמועסט, אַ חסידישער יונגער־מאַן, איז דאָך שוין אָפּגערעדט, אַז ער טרינקט „לחיים" אויף ספּירט און נאָר אויף אַ טיי־גלאָז, וואָרעם וואָס מער, איז געזונטער. די פּיאות נעצט ער שטענדיק, כדי מען זאָל מיינען, אַז ער קומט ערשט פון דער מקוה. אַ טייטש־וואָרט אין חומש איז פאַר אים אַ מדרש־פּליאה. דער רבי דאַרף דאַוונען און לערנען און ער, דער חסיד, מעג שכורן און טאַנצן, וויפל זיין האַרץ גלוסט, אויף דעם רבינס קאָנטאָ... דער רבי האָט ברייטע פּליי־צעס... אָט מיט דעם שולחן־ערוך זענען זיי געקומען פון וויטעבסקער ישיבה. אָבער מיר, עלטערע מענטשן, ווייסן דאָך דעם אמת, אַז עס איז נישט אַזוי. אַז ביי פּוילישע יידן זענען געווען גאונים־אדירים און אמתע עובדי־ד'. איז וויל איך טאַקע, אַז דו זאָלסט זיי ווייזן, אַז זיי האָבן זיך נישט מיט וואָס איבערצונעמען. וואָרעם דו ביסט דאָך אי אַ פּוילישער, אי אַ חסידישער, איז טאָמער שווייגסטו אַ גאַנצן אויפדערנאַכט, וועלן זיי דאָך טאַקע מיינען, אַז זיי זענען גערעכט... זאָג עפּעס, זאָג עפּעס...

— ר' אברהם, אויף מיר מעגן זיי מיינען, עס וועט זיי דערפאַר גאָר־נישט קומען. וואָס דען, אויף די גאונים, וואָס איר האָט דאָ דערמאָנט, בין איך נישט מחויב זיך פאַר זיי איינשטעלן... און עס וועט ביי מיר נישט סטאַיען קיין פּולווער אויך...

— דאָס וועלן מיר שפּעטער זען... דערווייל זאָג עפּעס... וואָס פאַר אַ לאָזן זיך בעטן אַזוי לאַנג? ס'איז דאָך נישט וועטשערע־עסן...

— מילא, וואָס זאָל איך טון מיט אייך? קיין בעל־דרשן בין איך נישט... הייזט אהער עטלעכע גמרות... חבר שמעון, איר שטייט נעענטער פון אַלע, נעמט אַרויס פון שראַנק עטלעכע מסכתות...

— וועלכע?

— וועלכע עס איז נישט איז...

— אָבער פון וועלכן סדר?

— אָן אַ סדר...

די פרויען האָבן געמוזט פאַרנעמען פון טיש דאָס גאַנצע געשיר, עס זענען געפלויגן ספרים איבער ספרים, טורים'ס, רמב"מס און ירושלמים...

ווען מען האָט דערלאַנגט דאָס צווייטע געריכט, האָט שלמה זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. אַלע אָנגעווענדיקע האָבן אים דורכגענומען מיט די אויגן. מער האָט מען שוין נישט געשמועסט פון לערנען, מען האָט געוווסט, וואָס מען באַטייט קענען אָט דעם שוואַרצינקן בחורל, וואָס איז פול מיט תורה און וואָס לאָזט שעמעוודיק איבער האַלב אין טעלער פון דעם, וואָס מען דערלאַנגט אים.

# קאפיטל XLV

טאני האָט שטיל איינגערוימט דער מוטער אויפן אויער:

— ווען נישט איך כאַפּ אים ביים וואָרט, וואָלט ער טאַקע געווען אוועקגעגאַנגען, אָט דער שלמה...

— איז דאָך טאַקע זייער גוט, וואָס דו האָסט אים געמסרט...

— ער האָט דאָ אַ שוועסטער, דינה, דאַכט זיך, רופט מען זי, דאַרף מען זי אַהער פאַרשלעפּן... אַ פרום קינד און מסתמא אויך נישט קיין פּראָסטינקע...

פרוי פייגנבוים פרעגט ביי שלמהן:

— טאַני זאָגט מיר, אַז איר האָט דאָ אויך אַ שוועסטער.

— יאָ, איך האָב אַ שוועסטער.

— פאַר וואָס זשע האָט איר זי אויך נישט מיטגעבראַכט?

— איך האָב זיך אויך נישט מיטגעבראַכט. ס'האָט ר' אברהם מיך פאַרהאַלטן. איך האָב נאָר געוואָלט אָפּגעבן שאַרפשטיינס צעטעלע און הערן אַן ענטפער. און חוץ דעם איז זי שטאַרק פאַרנומען אַ גאַנצע וואָך.

— הערט זשע, חבר שלמה, אויף שבת זאָלט איר קומען צו אונדז מיט דער שוועסטער. דאָ דאַוונט אַ מנין, מיין זעליק גאַרגלט זיך פאַרן עמוד. עס קומען פיל יונגעלייט און בחורים. מיט איין וואָרט, עס באַקומט זיך גאַנץ פיין. איר וועט זיך אַ ביסל באַקענען מיט דער קיעווער יידישער וועלט און טאַקע זי מיט אייך אויך... פאַר וואָס זאָל אַזאַ בחורל ווי איר פאַרפאַלן ווערן אויף די מערק פון הינער און פּוטער? אפשר וועט מען צוזאַמען עפּעס צוקלערן אַ מער אינטערעסאַנטע באַשעפטיקונג. כ'בין אייך ערוב, אַז אייך וועט קיין מאָל נישט באַנג טון, נאָך וואָס איר האָט זיך באַפריינדעט מיט אונדזער שטוב. איר זענט נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער... ס'איז נאָך נישט געווען אַזאַ פאַל, אַז אַ יידישער מענטש זאָל קומען קיין קיעוו אויף אַ לענגערער צייט און נישט אַריינ־קומען צו אונדז אין שטוב אַריין... איז דאָס אָפּגעשמועסט?

— פרוי פייגנבוים, איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פאַר אייער גאַסט־פריינדלעכקייט... איך זאָג נישט יאָ און איך זאָג נישט ניין... עס איז נישט אין גאַנצן אין מיר געוועגדט... מיין דינה האָט אויך אַ דעה. די שבתים ביי זיך פּראַוועט מיר פּונקט ווי אין דער היים ביים טאַטנס טיש, אַ האָר נישט געמינערט. מיט אַלע זמירות, מיט אַלע וואָלעכלעך. און ביי אַ פרעמדן טיש... איר ווייסט נישט?

— אדרבה, וואָס רעדט איר, שלמה? איר קענט זינגען? מיר האָבן זייער ליב נגינה, דאָס איז אונדזער שוואַך אָרט... פרעגט ביי שאַרפּ־שטיינס עלטער מיידל, אַלע אָפּערע־שטיקלעך מוז זי אונדז איבערזינגען... איך בין אייך מבטיח, אַז איר וועט אייך פילן אַזוי ווי אין דער היים... גלייבט מיר...

— איך גלייב אייך גערן, נאַר...

— וואָס נאָך פאַר אַ „נאַר"?

— ס'וועלן זיין נאָך מניעות...

— וועלכע מניעות?

— ס'איז מיר נישט באַקוועם פון אַלץ צו רעדן. ביי אייך וועט דאָס זיין אַ געלעכטער און ביי מיר —

— נו זאָגט שוין, זאָגט שוין וואָס? מיר זענען מעדיקער... איך אויך... פאַר אונדז טאָרן קיינע סודות נישט זיין, אַלץ אויפן טיש, נו!...

— איר וועט נישט וועלן, אַז מיר זאָלן מיט זיך ברענגען אונדזערס און מיר — קיין אורחים ווילן נישט זיין... ס'איז נאַר איצטער... צוליב אייער שוואַרצער...

— נו, ווי שעמט איר אייך נישט צו רעדן וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן...

— ביי וועמען דאָס זענען נאַרישקייטן און ביי וועמען — נישט...

— איר האָט מורא אונדז אָנרירן?... קיין נגידים זענען מיר נישט, קיין קאַפּיטאַלן קלייבן מיר נישט, אָבער דער טיש איז ביי אונדז זאַט מיט אַלעם גוטן.

— זאָל אייך גאָט העלפן כפל־כפלים, וועט זיין תורה וגדולה במקום אחד. אָבער צו מיר האָט דאָס נישט... דאָס איז מיין פּרינציפּ...

— נו גוט, מיר'ן נעמען ביי אייך איין עוף פון אַ פּעקל, וואָס מיר וועלן באַקומען פאַר אייך, און איר וועט אונדז רעכענען דעם פּרייז, וואָס עס קאָסט אייך. איז שוין גוט?

— בקיצור... מיר'ן שוין זען... און אויב מיר וועלן קומען צו אייך נאָכן עסן, טויג נישט? איין זאַך קען איך אייך זאָגן, נישט אַלס קאָמפּלי־מענט, איך זאָג קיין מאָל נישט דאָס, וואָס איך האַלט נישט דערביי, אַזוי אַז מיר קענט איר גלייבן: די דאָזיקע פּאָר שעה, וואָס איך געפין זיך ביי אייך, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין געקומען אַהיים, צו טאַטע־מאַמע... פון אייער שטוב ווייעט מיט היימלעכקייט און מיט אהבת־אחים... דאָס איז דער עיקר, און צי מיר וועלן קומען שבת צום טיש צי נאָכן טיש, דאָס איז מינדער וויכטיק... מען קען נישט אַלץ מיט אַ מאָל...

זעליק דערציילט דעם פאָטער:

— היינט איז ביי מיר אין קאָנטאָר געווען דער פּאָרזיצער פון אונדזער לעבעדינער פּיליע, געבראַכט דובליקאַטן און עקספּאַנאַטן פון זייער אייגענער פּראָדוקציע. נישט דאָס בין איך אויסן... דערציילט ער מיר, וואָס ר' יאַנקל פרידמאַן אַרבעט איבער מעשים אין דעם לעבעדין... פּחדים, זאָג איך דיר... איך האָב דיר שוין דערציילט איין מאָל, אַז דער לעבעדינער שטאָטראַט האָט באַשלאָסן צו פאַרמויערן די איינציקע מקוה, וואָס געפינט זיך אין דער קאָמוּ־נאַלער באָד, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס דאָ געטון אין דער קאַראַוואַיעוווסקער באָד. האָט ר' יאַנקל טעלעגראַפירט צו קאַלינינען, אַז די רעליגיעזע גע־

מיינדע בעט איבערצולאָזן די מקוה אלס דעם גרונטשטיין פון רעליגיעזער דינסט. האָט דער פּרעזידיום פון „ציק״ * געענטפערט:

Власть на местах!

בקיצור, מען האָט זי פאַרמויערט. דאַן האָט ר׳ יאַנקל צונויפגערופן אַן אסיפה פון דער גאַנצער שטאָט אין שול אריין און געמאָלדן, אַז מען מוז תיכף ומיד זיך שטעלן בויען אַן אַנדערע מקוה. אַ שטאָט טאָר נישט זיין אָן אַ מקוה אפילו קיין איין טאָג. מען האָט באַלד ארויסגערופן אַן אינזשיניער, ער האָט באַרעכנט דעם מינימאַלן מאַסשטאַב פון אַ מקוה, וויפל מאַטעריאַלן מען דאַרף האָבן און וויפל דאָס דאַרף אָפּקאָסטן, אַז מען וועט אַלץ איינקויפן אויפן שוואַרצן רינאָק. ער האָט באַרעכנט די קאָסטן פון פּריוואַטע אַרבעטסהענט און ס׳האָט זיך באַקומען אַ קיילעכ־דיקע סומע: זעקס טויזנט רובל! איז געוואָרן אַ טומל: ווו פאַרמאָגט לעבעדיין אַזאַ גוואַלדיק פאַרמעגן? זעקס טויזנטער זענען נישט קיין שפּילעכל. ווען די מלוכה וועט געוויר ווערן, אַז אויף אַ מקוה געפינט זיך אַזאַ סומע, וועט מען צוטראַכטן עפּעס אַ פרישע „סאַמאָאָבלאָזשעניע״ און דערקוועטשן דאָס שטעטל. מיט איין וואָרט: מען איז זיך צעגאַנגען מיט גאָרנישט... אויף מאָרגן אין דער פרי זענען בעלי־בתים, ווי ביים רבס שטוב שטייט אַ וואָגן און מען לייגט אויף פּעקלעך מיט באַלעבאַ־טישקייט. איז מען זיך צונויפגעלאָפן צום רב:

— וואָס באַטייט עס?

— וואָס דאַרף דאָס באַטייטן? איך פאָר מיר אַוועק פון דאַנען...

— וואָס הייסט, איר פאָרט אַוועק? פאַר וואָס?

— פאַר גאָרנישט... אין אַ שטאָט, ווו עס וועלן געבוירן ווערן בני־הנדה, וויל איך נישט וווינען. אָן מיר איז גאָרנישט, ידי מסולקת...

— איז וואָרפט מען אַוועק אַ שטוב, מיט אַ חזקה, מיט אַן איינגע־זעסן אָרט?...

— וואָס זאָרגט איר אייך פאַר מיר? איך וועל קלייבן שמאַטעס אָדער זיין אַ סטאָראָזש *** ערגעץ. מיין שטיקל ברויט וועל איך מיר ווי ס׳איז נישט איז נאָך אויסזוכן און איך וויל נישט וווינען אין אַ שטאָט, ווו עס ברענט אַזאַ שריפה...

— אָבער מיר וועלן נאָך זען... מיר׳ן זיך פאַרזאַמלען...

— אין קיינע פאַרזאַמלונגען גלייב איך מער נישט...

— וואָס דען זאָלן מיר טון, כדי איר זאָלט נישט אַוועקפאָרן?

---

* ציק — ראשי־תיבות פון: צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט, הייסט — העכסטער ראַט פון פאַרבאַנד.

** די מאַכט איז אויף די ערטער! געמיינט: מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן די באַשלוסן פון די אָרטיקע מלוכה־אָרגאַנען.

*** וועכטער.

— געלט צונויפטראָגן. איך דער ערשטער גיב צוויי הונדערט רובל און איר אַלע ברענגט דאָס איבעריקע...

— אָבער נישט יעדער איז אויף דער מינוט פריי אין געלט...

— שוה־כסף!... איך וועל שוין געפינען, ווער עס זאָל אונטער אַ משכון אויסלייגן די מזומנים...

און דער פאַרזיצער פון אונדזער פיליע דערציילט מיר, אַז מען האָט אָנגעהויבן צונויפטראָגן צום רב אין שטוב אַריין: געלט, זייגערס, זיל־בערנע לײַכטער, טייערע קליידער, פאַרט־סיגאַרן און אַנדערע משכנות... די סומע, וואָס מען האָט אויסגעליגן אויף די חפצים, האָט באַטראָפן אַכט טויזנט פינף הונדערט רובל. דער רב אַליין האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. דער אינזשיניער פלעגט נאָר צוקומען צוויי מאָל אין טאָג און הרב פרידמאַן פלעגט נישט אָפּטרעטן פון דאָרטן פון פאַר טאָג ביז ביי נאַכט. ער האָט נאָך געקויפט צוויי צינערנע וואַנעס, אַריינגעצויגן עלעק־טרישע באַלײַכטונג — בקיצור, מען האָט געמאַכט אַ לוקסוסאָווע מקוה, נאָך אַ בעסערע, ווי ס'איז געווען פריער. און דערפאַר האָט דער רב צוגעזאָגט די באַלעבאָטים צו בלייבן אין לעבעדין, וויפל אים איז באַשערט צו לעבן. די גאַנצע געשיכטע פון אויפשטעלן די מקוה האָט פון אָנהייב ביז סוף בסך־הכל געדויערט צוועלף טעג... אַ העלד, אָט דער פרידמאַן! וואָס זאָגסטו, טאַטע?

— וואָס פאַר אַ רבותא דערציילסטו דאָ? ר' יאַנקל פרידמאַן איז היינט דער שענסטער רב אין אוקראַינע... ווער פאַרמאָגט זיין מוט, זיין פאַרשטאַנד און זיין חן אפילו ביי דער מלוכה, ביי יידן — רעדט מען נישט. ווער קען זיך גלייכן צו אים?

שלמה איז פאַראינטערעסירט:

— פון וואַנען, זאָגט איר, איז ער, אָט דער רב?

— פון לעבעדין איר האָט קיין מאָל נישט געהערט לעבעדין?

— ניין, קיין מאָל נישט געהערט...

— אַז מען פאָרט פון קיעוו קיין כאַרקאָוו, פאָרט מען דורך לעבעדין, נישט ווייט פון דאַנען... לעבעדין, ראָמאַדאַן, פּאָלטאַווע...

— פון פּאָלטאַווע האָב איך געלייענט...

טאַני, מיט אַ געלעכטער:

— אודאי פּושקינס „פּאָלטאַווער שלאַכט" און אין טעאַטער „נאַ־טאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ".

שלמה פינטלט מיט די אויגן:

— נו יאָ, אין דעם ערך... ס'איז ווייט פון אונדזערע מקומות. האָב איך טאַקע נישט געהערט...

ר' אברהם גיט אים צו פאַרשטיין:

— אַז מען פאָרט צו דער „נאַטאַלקע־פּאָלטאַווקע", טפו, איך מיין, צו דעם פּאָלטאַווע, איז דאָ אַ שטעטל לעבעדין, אַ גאַנץ היפּשע שטאָט. איז דאָרט דאָ אַ רב, ר' יעקב פרידמאַן, איז כדאי אים צו קענען. מען מעג

פאָרן ממדינת הים, נאָר צו זען אזא מענטשן. אזעלכעם איז זעלטן צו טרעפן! עפּעס הערט מען נישט פון נאָך אזא פּערזענלעכקייט! זיין בחורל איז דאָ ערשט נישט לאַנג געווען, משה פרידמאַן, איר האָט אים נישט באַמערקט אין קופּעטשעסקע? ווי געשיקט זיך?

— איך האָב אים געקענט זען און נישט וויסן, וועמען איך זע. איך האָב אייך אויך געזען און נישט געוווסט, אז דאָס זענט איר — איר און אז מיר וועלן א מאָל זיצן ביי איין טיש... זאָגט מיר, ר׳ אברהם, זענען זיי טאקע ריזשינער אייניקלעך, די פרידמאַנס, צי דאָס דוקא נישט?

— א פראַגע!... אודאי אייניקלעך פון ר׳ ישראלצי ריזשינער ז״ל... נאָר קענן וואָס פרעגסטו דאָס?

— קענן גאָרנישט... ביי אונדז אין דער משפחה איז שוין אזא קרענק, טאָמער דערמאָנט מען איינע פון די באַרימטע פאַמיליע־נעמען, אזוי מוזן מיר פרעגן, צי מען שטאַמט טאקע פונעם גרויסן מקור... ס׳איז טאקע א נאַרישקייט... וואָס דען מיינט איר?

— שטאַמט איר אויך עפּעס פון די גרויסע מקורים?

— מען זאָגט, אז פונעם גרעסטן...

— אינטערעסאַנט, ווער איז ביי אייך דער גרעסטער?

— ביי מיר גאָר? וואָס פאַר א דעה האָב איך? יידן זאָגן, אז דער בעש״ט הייסט דער גרעסטער יחוס...

— איז אייער פאָטער, הייסט עס —

— נישט דער פאָטער, די מאַמע מיינע איז א בעלשמסקע אייניקל פון אכטן דור.

אין שטוב איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל. די פייגנבוימס זענען נישט שייך געווען צו קיין חסידות און ממילא האָבן זיי נישט געקענט איינגיין דער־רויף, אז דער בעש״ט איז דער גרעסטער יחוס ביי יידן. זעליק האָט איינ־געזען, אז עס שטייט פאָר א „בלוטיקע שלאַכט" און זיך אָנגערופן:

— עס פאַרשטייט זיך, אז דער גרעסטער יחוס בלייבט אַלע מאָל יחוס עצמו... כ׳האָב א מאָל געהערט א גלייך וואָרט, אז יחוס איז געגליכן צו אן איבערבעט. אז מען לייגט אריין אין איר א מענטשן, ווערט אים נאָך וואַרעמער, אָבער אז מען לייגט אריין אין איר א שטיין... בלייבט דער שטיין א שטיין און דאָס איבערבעט? דאָס איבערבעט ווערט נאָך א מאָל צעריסן אויך... איאָ, עס איז א געלונגענער משל?

*שלמה, צופרידן פון דעם בשלומדיקן אויסגאַנג:*

— זייער א געלונגענער. בכלל זענען היינטיקע אייניקלעך גאָרנישט שייך צו די הייליקע זיידעס, סיידן אפשר הרב פרידמאַן... ווייס איך נישט... איך האָב געוואָלט פרעגן ביי אייערע שוועסטער, זיי האָבן, דאַכט זיך, געענדיקט עפּעס א מעדיצינישע שול און ארבעטן לויט זייער פראַ־פעסיע.

*די טעכטער שמייכלען:*

— איר קענט מיינען אן אינסטיטוט? ניין... אזוי, א ביסל אויף לעק־

ציעס, אַ ביסל אין דער היים... העכער פון אַ פעלדשערסקע ראַנג האָבן מיר זיך נישט דערדינט...

— דאָס איז נישט וויכטיק... אָבער איך זע, אַז איר זענט אין יידישן אויך באַהאַוונט...

— אין יידישן? פון וואַנען נעמט איר עס?

— בעת מען האָט דאָ פריער גערעדט פון לערנען, האָט איר אויך אַריינגעשטעלט עטלעכע ווערטער, פון וועלכע איך האָב געזען, אַז דער שמועס איז אייך נישט אין גאַנצן פרעמד...

פערל גיט אַ שמייכל צו מלכהן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס? נישט פרעמד... ער וואָלט געדאַרפט זיך דורכשמועסן מיט רייזלען, וואָלט ער נאָך דעם גערעדט: פרעמד צי נישט פרעמד...

— ווער זשע איז זי דאָס, די ר׳ רייזל?

— די ר׳ רייזל איז אַ שרעקלעכע למדנית, באמת אַ גאוניש קעפּל. זי קען פיל ספרים בוכשטעבלעך אויף אויסנווייניק...

— שוין אַן עלטערע פרוי?

— גאָר אַן אַלטע... זי קען שוין אודאי אַלט זיין גאַנצע אַכצן יאָר, אויב נישט מער...

— אַזוי גאָר? פון וואַנען שטאַמט זי?

— ווער ס׳איז געווען איר עלטער-עלטער-עלטער-זיידע, איז אונדז נישט באַקאַנט, נאָר ביי היינטיקן טאָג שטייט זי אין ביים פּאָלטאַווער רב פאַר אַ טאָכטער.

— אין דעם זעלבן פּאָלטאַווע וואָס לעבן כאַרקאָוו?

— אין דעם זעלבן... אין נאַטאַלקעס פּאָלטאַווע... אַ רבניש בת־יחידקעלע... אַ געפּעסטעט מיידעלע און אַ גרויסע קענערין אין יידיש. אין רוסיש אויך, נאָר שוין נישט אַזוי... אין רוסיש זענען שוין דאָ גרעסערע פון איר...

— אינטערעסאַנט... ווער זשע, פון דעסט וועגן, האָט זיך דאָס אַוועק־געלייגט מאַכן פון איר אַ ברוריה בת ר׳ חנינא בן תרדיון נאָך דער אָקטאָ־בער־רעוואָלוציע?

— עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע געטרייע הענט, וואָס אַרט אייך?...

— איר הערט, ר׳ אברהם, קעגן דעם, וואָס איר זאָגט אויפן לעבעדי־גער רב, אַז אַזעלכעס איז נישט שכיח... נישט חלילה, ווייל איך וויל פאַר־קלענערן זיינע פאַרדינסטן. חלילה וחס... ער איז זיכער אַ גרויסער מענטש און איך האָב גרויס רעספּעקט פאַר אים הינטער די אויגן, כאָטש איך קען אים נישט. איך וויל אייך דאָ נאָר זאָגן, אַז עס טרעפן יאָ אַזעלכע רבנים־העלדן, וואָס קיינער ווייסט אפילו נישט פון זיי. מיין טאַטע האָט אַ שוועסטערקינד, אַ תלמיד פון קעשעניעווער ישיבה, אַן אויסגעצייכנטער יונגערמאַן, איז ער רב אין אונדזער שטעטל.

שלמה האָט דערציילט דעם צופאַל מיטן נאָצמען אין כמעלניקער בית־מדרש. אַלע זענען געווען דערשיטערט. ביי טאָנין האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן:

— פאַר וואָס זשע ווערט טאַקע אַזאַ מענטש פאַרפאַלן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל? ער קען אויך נישט קומען קיין קיעוו, ווו עס געפינט זיך אַ גרויסע קהילה יידן?

שלמה האָט גוטמוטיק אַ שמייכל געטון:

— פרוי פייגנבוים, אייער מיזינקעלע איז אַ פרעסערין אויף יידישע יונגעלייט... מיט מיר, הייסט עס, איז זי שוין פאַרטיק, איך בין שוין געקומען. איצט בלייבט נאָר די פראַגע, פאַר וואָס איז ער אויך נישט געקומען? עס קומט זיך נישט אַזוי גרינג, פריילין טאָני... ער האָט אַ קראַנקע מוטער מיט צוויי שוועסטער... איך, צום ביישפיל, האָב דאָ פעטערס, האָב איך געהאַט וווהין צו פאָרפאָרן, אָבער ער האָט נישט קיין פעטערס... מיר מוז אָנשטיין זיך אַרומצודרייען אין מאַרק מיט פוטער, מיט עופות, אָבער ער קען דאָס נישט טון... ער וואָלט אודאי געקומען. פאַר וואָס זאָל ער נישט וועלן קומען? די פרנסה, די גרויסע, וואָס ער מאַכט דאָרטן? דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס זיינע שוועסטער האָבן דאָרט פון זייער לעבן? זיצן פאַרשפּאַרט אין שטוב ווי די מאָנאַשקעס... איך האָף טאַקע צו גאָט, אַז ווען איך וועל זיך דאָ איינאָרדענען ווי עס געהער צו זיין און וועל קענען פאָדערן אונדזער משפחה אהער, זאָל איך פאַר איין וועגס שוין אַרויסנעמען זיי אויך, די כאַדאַראָווס... זיי וואָלטן דאָ זיכער אויפגעריכט געוואָרן...

— כאַדאַראָוו איז דעם שוועסטערקינדס פאַמיליע־נאָמען?

— יאָ, כאַדאַראָוו... מנשה כאַדאַראָוו...

נאָכן בענטשן האָט דער זייגער געוויזן די ערשטע שעה נאָך האַלבער נאַכט. ר׳ אברהם האָט זיך געווענדט צו די קלאַדניצקים און צו שלמהן:

— וווהין וועט איר זיך שלעפּן אַזוי שפּעט?... נעכטיקט דאָ און מיר וועלן נאָך אַ ביסל פאַרברענגען...

שלמהן און שמעונען האָט מען אויסגעבעט מיט ניסנען אין איין צימער און שמעונס שוועסטערל האָבן די שוועסטער פייגנבוים פאַרנומען מיט זיך אין זייער שלאָפצימער.

אוועקגייענדיק אין דער פרי פון זייער שטוב האָט שלמהן געפילט, אַז די שטוב וועט אים טיילווייז פאַרבייטן כמעלניק, דאָס גלותדיקע פאָטערלאַנד.

# קאַפּיטל XLVI

פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס שלמה איז געקומען קיין אַנאַניעוו און שפּעטער קיין קיעוו, האָט ער ביי זיך געמאַכט אַ מנהג צו שיקן זיין רבין שמעיהן אויף חוהלעס נאָמען דרייסיק רובל אַלע ראש־חודש. ס'האָט גע־מעגט דונערן און בליצן, האָט ער נישט געשפּעטיקט אויף קיין טאָג. פֿאַר חנוכה האָט מען פֿאַר זיינעט וועגן אַריינגעטראָגן, אויף בולוואַר שעוו־טשענקאָ 7, צו לאַזאַרן אַ בריוו. דער רבי שמעיה האָט געשריבן:

„צו מיין הויכגעשעצטן תּלמיד און איבערגעגעבן קינד, שלמה יחי'.

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן זע איך אַ תּלמיד, וואָס לערנט שוין ביי מיר נישט פֿינף, זעקס יאָר און האָט מיך נאָך אין זינען מיט געלט שיקן... און איך מוז דיר שרייבן, אַז די דרייסיקערס קומען גוט, גוט צו נוץ... חוהלע האָט זיך אויסגעלערנט מיר מאַכן אַזאַ „ווזוואַר" פֿון קליוקווע * אָדער קיסיעל, ווי זי רופֿט דאָס, עס איך דאָס אַלע טאָג אַ שיסעלע און עס בלייבט נאָך פֿאַר מיין חנהן אויך. זי איז שוין אין דער היים און גייט שוין אַרום צו ביסלעך, אָבער טון קען זי נאָך גאָרנישט. נאָך שוואַך... איז אויף דעם ווזוואַר סטאַיען דיינע דרייסיק רובל אַ חודש. דערפֿון איז ביי מיר דער מאָגן געשטעלט און דער שלונג אויך בעסער. עס פֿלעגט מיך ברענען אין האַלדז, פּחדים נוראים... און היינט, אַזוי ווי מיט דער האַנט צוגענומען! אַלץ פֿון דעם קיסיעל, צי „ווזוואַר", ווי מיר רופֿן דאָס, איך מיט חנהן... יענע וואָך בין איך אויף דיר שטאַרק בייז געווען פֿאַרן וואַרעמען פֿאָרל גרעט, וואָס דו האָסט מיר איבערגעגעבן מיט גדליה דעם בעקערס פּלימעניצע. וואָס הייסט, דו ברענגסט זיך אַזוי אוים? אויף אַזאַ זאַך האָסטו שוין געדאַרפֿט פֿרעגן ביים טאַטן... כ'האָב נאָר געטענהט, אַז איך וועל דאָס אָפּשיקן קיין כמעלניק צו דיינע עלטערן. האָט עס אָבער דערווייל בתּי חנה אַרויפֿגעצויגן אויף מיינע אַלטע ביינער און איך מוז מיך מודה זיין, אַז אין דעם איז טאַקע פֿיל וואַרעמער... אַזוי ווי אַן איבערבעט. אַזוי זאָל טאַקע גאָט דערוואַרעמען דיין נשמה, ווי דו האָסט מיך מחיה געווען. עס פֿלעגט מיר טרייסלען אַ צאָן אין אַ צאָן, אַזוי ווי מיט אַ לעפֿעלע אין גלאָז — און היינט, שוין נאָר די ליפּן... די ציין הערט מען שוין נישט... איך זאָג דיר, מיט מיין קו־הבריאות איז טאַקע דעם אייבערשטנס נסים. אַזוי לאַנג, ווי איך האָב געהאַלטן דאָס קנעלונג, בין איך געווען געזונט אַן אייזן! וואָס איז, דו געדענקסט נישט? איך פֿלעג נאָך דערלאַנגען אַ ייִנגל, האָט ער זיך לאַנג געהאַלטן ביי דער באַק. און ווי נאָר איך האָב צוגעמאַכט דאָס חדר — דאָס הייסט, נישט איך האָב דאָס חדר צוגעמאַכט, נאָר דאָס חדר האָט מיך צוגעמאַכט — איז פֿון דאַמאָלסט אָן זענען ביי מיר אָפּגענומען געוואָרן אַלע אברים. אַזוי ווי

---

* ווזוואַר פֿון קליוקווע — אַ מין קאָמפּאָט.

אַ מצות־מאַשין, אַז מען נעמט אַרויס ביי איר די וואַלצן... דרייען דרייט זי זיך נאָך, אָבער אויפטון טוט זי שוין גאָרנישט אויף... אַזוי, אַזוי, מיין קינד... אַז קיינער דאַרף שוין נישט מיין תורה, האָב איך שוין נישט צוליב וואָס צו לעבן אויף דער וועלט... און אפשר מיינסטו? ווען איך האָב מיט וועמען, וואָלט איך נאָך היינט אויך געלערנט... אָט אַזוי אָ... מיט מיינע לעצטע כחות וואָלט איך נאָך אַריינגעבלאָזן יידישע ווערטער, יידישע געפילן אין קינדערס הערצעלעך אַריין... נאָר וואָס קומט אַרויס, קינד מיינס, קיינער געטרויט מיר זיי שוין נישט, אָט די קינדערשע הערצעלעך... דו וועסט מיר גלייבן? איך האָב שוין גאָר, דאַכט זיך, פאַרגעסן, ווי אַזוי אַ קינד זעט אויס... אין ערגעץ גיי איך נישט אַראָפּ, קיינעם זע איך נישט... און עס ציט אַזוי צו דעם קליינוואַרג... סכנות נפשות, זאָג איך דיר... אַזוי פיל צענדליקער יאָרן געטאָגט מיט זיי און גענעכטיקט... ס'איז מיר אַ בזיון צו דערציילן... נאָר פאַר דיר איז עפּעס שייך אַ בזיון? ווי פאַר אַן אייגן קינד, נאָך בעסער... וואָס זשע וויל איך דיר זאָגן? יאָ... בעת עס איז קיינער נישטאָ אין שטוב, מאַך איך מיך נאַריש. איך מאַך נאָך אַ קינדעריש קולכל, איך לערן מיט זיך אַליין: „וידבר — און ער האָט גערעדט, ד׳ — גאָט, אל — צו, משה — צו משהן, לאמר — אַזוי צו זאָגן...“ איך זאָג צו זיך אַליין: אַכציק שוואַרצע יאָר אויף דיר, דו גוי־אישער קאָפּ!... נאָר דו ווייסט? עס באַקומט זיך עפּעס אָן זאַלץ. עס האָט קיין שום טעם נישט. מען דאַרף קינדערלעך... אוי קינדערלעך!... לעבעדיקע קינדערלעך, מיט רינענדיקע נעזעלעך, מיט בליאַסקענדיקע אייגעלעך, איינגעריכטע הענטעלעך, מיט נאַקעטע פּיפּקעלעך!... מיט זיי לערנט זיך גאָר אַנדערש... צאן קדשים... אַך, שלמה, שלמה!... איך פּיל, אַז מען רופט מיך שוין אַהין־אַהין... און דאָרט וועט מען פאַרקאַטשען די הייזעלעך און מחילה אַריינשמיצלען... אַזוי ווי איך דיר אַ מאָל, דו געדענקסט? נאָר דאַמאָלסט בין איך נישט שולדיק געווען... איך בין געווען אַ שכיר־יום... וואָס דיין טאַטע האָט געהייסן, האָב איך געמוזט אויספירן... אַ פאַרדונגענער מענטש איז נישט ביי זיך אין די הענט... יעדעס מאָל, בעת איך שרייב דיר, דאַכט זיך מיר: שוין, דאָס איז שוין דער לעצטער בריוו!... צום סוף: ניין... פון אויבן כאַפּט מען זיך נישט... כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול... מען האָט צייט... נו, ס'וועט זיין גענוג שרייבן. איך בין אויף דיר גוזר זיך מער נישט אויסברענגען אויף רייכע מתנות. דו האָסט נאָך נישט ביד... זעסטו, דאָס ביסל „ווזוואַר“, דאָס מוז איך שוין דווקא יאָ... שוין צוגעווינט... זיי געזונט, מיין תלמיד. די גרויסע שטאָט האָט פיל גריבער און שטרויכלונגען, היט זיך, דו זאָלסט נישט אַריינפאַלן און זיך נישט אויסגליטשן. דער זכות פון דיינע הייליקע זיידעס זאָל דיר ביישטיין ביי יעדן נסיון. מיין חנה און חוהלע גריסן דיר גאָר פריינטלעך. אַז דו שרייבסט אַ מאָל דעם טאַטן, דעם זיידן, שרייב זיי אָן אַ גרוס פון מיין נאָמען, ווער ווייסט, צי איך וועל זיי נאָך ווען עס איז זען... לעב אין פרידן. דיין רבי שמעיה פּאָקוטילאָווער.“

די צייט איז געגאַנגען און פאַלי האָט נאָך אַלץ קיין שטעלע נישט געהאַט. דער רעדאַקטאָר איז טאַקע געווען רעדאַקטאָר, וולאַדימיר איז אַלץ געווען פאַרוואַלטער פון באַזע און פאַלי איז אַלץ געווען אַרבעטסלאָז. איר קליינגעלט האָט זיך אויסגעלאָזט; נעמען ביי שלמהן — האָט זי נישט געוואָלט, ביי די קוזינקעס — אודאי און אודאי נישט... זי האָט שוין אַליין נאָכגעזוכט עפּעס אַ פּאַסיקע אַרבעט פאַר זיך, אפילו אַ פּיזישע, נאָר ס'האָט זיך נישט געמאַכט קיין רעכטס. זי האָט זיך דערפרעגט ביי שלמהן, ווי אַזוי ער מאַכט פּרנסה, דאַן האָט זי אַנטליגן ביי דער רע־דאַקטאָרשע הונדערט רובל, אָפּגעשיקט דער מוטער און באַקומען פון איר אַ פּעקל הינער און פּוטער. די הינער האָט זי צעטיילט צווישן די קרובהטעס און מיט דער פּוטער איז זי אַרויסגעגאַנגען אויף בעסאַראַבקער רינאָק.

ווען שלמה האָט זי דערזען מיטן קוישל פּוטער און מיט אַ פונט אין די הענט, האָט אים אַ שטאָך געטון ביז דער זיבעטער ריפּ. באַזונדערס האָט אים געאַרט איר שפיכות־דמים. ווען עס עפנט זיך אַ גרוב, וואָלט ער מיט פאַרגעניגן אַריינגעשפּרונגען אַהינצו, אַבי נישט צו צוזען איר צער מיט איר בושה, ווי דאָס גאַנצע בלוט האָט איר אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין. נאָר קיין גרוב האָט זיך גראָד נישט געוואָלט עפענען און ער איז צוגעגאַנגען צו איר:

— פאַלי, פון ווען אָן?

— פון היינט, פון ערשט.

— איך ווינטש אייך גרעסערע דערפאָלגן.

— איך ווינטש אייך אויך דאָס זעלבע...

— די מאַמע האָט צוגעשיקט?

— יאָ.

— איר האָט געליגן געלט און געשיקט?

— ווער האָט אייך דערציילט?

— ווער דאַרף מיר דערציילן? איך פאַרשטיי אַליין נישט?

— יאָ, ביי דער רעדאַקטאָרשע געליגן הונדערט רובל...

— וויפל זשע פּוטער האָט מען אייך צוגעשיקט?

— עלף פונט.

— נו?

— דריי האָבן צוגענומען די קרובהטעס, די רעדאַקטאָרשע און ביידע קוזינקעס, און מיט אַכט פונט בין איך אַרויסגעגאַנגען אַהערצו...

— איר האָט אַרויסגעטראָגן אַלע אַכט מיט איין מאָל?

— יאָ, איז וואָס זשע איז?

— איז וואָס דאַרף זיין? ס'איז איינגעשטעלט!...

— פאַר וועמען איינגעשטעלט?

— פאַר יעדן. אַ מיליציאָנער קען אָנלויפן... אַן אַגענטל פון דער פּינ־אינספּעקציע און גלאַט אָט די גאַסן־יונגען...

— אוי, שלמה... איר מאַכט עס שרעקלעכער ווי עס איז... איך שטיי ערשט אַ האַלבע שעה, האָב איך שוין צוויי פונט פאַרקויפט...

— נו, גאַנץ פאַרשטענדלעך... ביי אייך וועט מען גיכער קויפן ווי ביי אַ צווייטן...

— פאַר וואָס עפּעס, גיכער?

— ווייל אין אייערע הענט זעט אויס די פּוטער ראָזע...

— וואָס הייסט ראָזע? איך פאַרשטיי נישט...

און פּלוצלינג האָט זי זיך געכאַפּט, וואָס ער מיינט דערמיט. זי איז רויט געוואָרן און פאַרשעמט געפרעגט:

— זאָגט מיר נאָר, שלמה, ווו האָט איר זיך אויסגעלערנט מאַכן קאָמפּלימענטן?

— פּאַלינאַ יאַקאָוונאַ, קיין בלבולים מאַכן אויף מיר וועל איך נישט דערלאָזן...

ביידע האָבן זיך צעלאַכט און שלמה מיט זיין הון איז אָפּגעגאַנגען אַ ביסל. ער האָט זיך נישט באַוויזן אַ קער צו טון, ווי הינטער זיינע פּלייצעס האָט זיך דערהערט אַ האַרצרייסנדיקער קוויטש. פּאָלי איז געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט, מען האָט ביי איר אַרויסגעריסן דאָס קוישל מיט די פינף פונט פּוטער. זי האָט יאָמערלעך געוויינט און געקוקט פאַרלוירן אין אַלע זייטן. שלמה איז צוגעלאָפן, אָנגעכאַפּט זי ביי ביידע הענט:

— פּאָלי, טייערע, איר צערייסט מיר דאָס האַרץ אויף שטיקלעך... וויינט נישט אַזוי...

— וואָס רעדט איר, שלמה, אַזאַ שאָדן...

— כאַפּט זיי דער רוח, אַ שיינע ריינע כפרה...

— און דאָ בין איך נאָך אַזאַ נאַר און ליג נעכטן אויף טעלעגראַפיש צו דער מאַמען פרישע צוויי הונדערט רובל... זי וועט געוויס ווידער עפּעס צושיקן און איך ציטער שוין אפילו זיך באַווייזן אויף דעם פאַרשאָלטענעם פּלאַץ...

— גוט, גוט ,פּאָליטשקע, אַז עס וועט אָנקומען, וועל איך שוין אַליין פאַרקויפן. צו מיר האָבן זיי קיין שליטה נישט. און טאָמער יאָ, וועל איך אייך אויך נישט גיין דערציילן...

פּאָלי איז געווען אַזוי אַנטציקט פון שלמהס איידלקייט, אַז זי האָט אפילו נישט באַנומען דעם זין פון זיינע לעצטע עטלעכע ווערטער. זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און געבעטן זי אַ ביסל אונטערפירן.

# קאפיטל XLVII

אין איינעם א טאג האט שלמה געטראפן פאלין שרייבן א בריוו אהיים און געפרעגט ביי איר:

— אפשר מעג איך אויך ארײַנלייגן א שטיקל בריוו צו אייער מאמען?

— פאר וואס זאלט איר נישט מעגן?

שלמה האט אנגעשריבן:

„געערטע פריינדין אסתר טולטשינסקע! איך פארגעם גריסן פון אייער לעבן דארטן, איך קוק מיך צו צו פאלים לעבן דא און ראט אייך אנטשלאסן: פארט אריבער קיין קיעוו! איר קענט צופארן צו איינער פון אייערע ביידע קוזינקעס און אפילו צו יאנים קוזין, דעם רעדאקטאר, מחילה... ס׳איז נישט קיין גוואלד... זיי וווינען טאקע אין די גרויסע פא־לאצן, נאר יאני האט א מאל גרעסערן הכנסת־אורחים געפראוועט, פיל־פיל גרעסערן... איך פארזיכער אייך, אז הענט, וואס האבן זיך שוין אויס־געלערנט צו ארבעטן אין א קיך, פלייצעס, וואס האבן זיך שוין צוגע־וווינט צו טראגן זעקלעך מעל און צוקער, וועלן שוין אין קיעוו נישט פארפאלן ווערן... איר קענט נאר אויסשפילן, ווייל פארשפילן האט איר נישט וואס... ביסלעכווייז וואלט איר געקומען צו א דירה, צו לייטישע שטעלעס און מיט דער צייט וואלט יאני אויך געהאט וווהין צו קומען. אויף מיין פאראנטווארטלעכקייט: נעמט דאס שטעקל מיטן פעקל און קומט צו פארן. פאלי זעט זייער שיין אויס... פארשטייט זיך, נישט ווי אין במעלניק, נאר פיל שענער... מען לאזט זי די גאס נישט דורכגיין... ביי אייער רעדאקטאר, אין האטעל דארטן, האלט זיך אויף עמעצנס א ממזרת, העסלעך ווי דער טויט, ס׳איז מיאוס א שטיקל ברויט פאר איר אויפצו־עסן, אפילו זי איז אויך אויף פאלין א מבין, לאזט זי נישט איבער אליין אויף קיין רגע אזוי ווי א בר־מינן להבדיל... ווען איר קומט שוין מיט אייער קאפעליע, וואלט איר דער מארוסיאן פארשפארט א שווערע אר־בעט... און איך האף, אז פאלין אויך... נו, ביי מיר איז קיין נייעס נישטא, זייט געזונט, אייער פריינט — שלמה".

פאלי האט איבערגעלייענט שלמהס בריוול און זיך צעלאכט:

— א הארץ פילט א הארץ. איר זענט א פאר מיט מארוסיאן, ערנוואָרט...

זיצנדיק איין מאל אין קינא מיט פאלין פרעגט ער זי:

— וואס זשע טוט איר פון דעסט וועגן אין „קאנטינענטאל", ווען איר בלייבט נעכטיקן?

— מען פארברענגט...

— ווי אזוי זשע פארברענגט מען ביי די הויכגעשטעלטע לייט? דער־ציילט, עס איז מיר זייער אינטערעסאנט... א מענטש דארף אלץ וויסן...

— וואס איז דא צו דערציילן? נו גוט, כ׳וועל דערציילן... אין דעם טאג, וואס אויף דער נאכט שטעלט מען ערגעץ א גוטע פרעמיערע, קומט מארוסיא און שלעפט מיך אוועק פון ביי טאג אן. וויפל איך בעט מיך

ביי איר: „מאַרוסיאַ, איך דאַרף גיין אָפּנעמען אַ פּעקל אויף דער פּאָסט... די עופות וועלן קאַליע ווערן... כ'וועל קומען שפּעטער"... זי הערט אפילו נישט, וואָס איך רעד צו איר, זי נעמט מיך פאַר דער האַנט און שלעפּט מיך אַרויס. צום אָנבייסן קומט אַ מאָל „ער" אַליין אויך און אַז נישט, עסן מיר אַליין אָפּ, אַ מאָל ביי זיך און אַ מאָל אונטן אין רעסטאָראַן. דאָרט זענען שטענדיק דאָ פריילעכע קאָמפּאַניעס, דאָס רוב — אויסלענדער. יענע, פאַרקערט, האַלטן זיך רואיק, סטאַטעטשנע... נאָר עס זענען דאָ אָט די ליטענאַנטנלעך... קאַפּיטאַנטשיקעס, נאַכאַלן * און מער גאָרנישט... קיין איינס נישט קיין רעכטס... און מאַרוסיאַ קריכט דווקא צו זיי... פע!... בעת עס קומט אויס צו עסן אין אַ באַזונדער נומער מיט אַזוינע „כלעסטן"**, איז ביי מאַרוסיאַן נישטאָ קיין טענות... איינס, צוויי באַקענט זי זיך איבער מיט אַלע און עסט שוין מיט יענעמס גאָפּל ביי אים אויף די קני... מיט איין וואָרט, דער מיטאָג איז נישט ווייער אינטערעסאַנט... ווי פאַר וועמען... אפשר עמעצן אַנדערש וואָלט ער יאָ געפעלן, מיר איז דאָס נישט צום האַרצן... סיידן די מוזיק אַ מאָל... זייער גוטע מוזיק דאָרטן... נאָכן מיטאָג כאַפּן מיר אַ „דזשים" *** אויף עטלעכע שעה, ווייל די נאַכט, ווייסן מיר, וועלן מיר שוין נישט שלאָפן... אויפגעשטאַנען, זיך אַרומגעוואַשן, הייבט זיך אָן אַ סדרה: „מאַכן דעם טואַלעט". זיי ביידע טוען זיך אָן און מיך טוען זיי אויך אָן אין אַזוינע מלבושים, וואָס עס וואָלט מיר אַ בזיון געווען, אַז עמעצער פון מיינע באַקאַנטע זאָל מיך זען אין זיי. מילא די אַרבל, דאָס איז גאָרנישט, דער עיקר דעם דעקאָלטע... שוין צו פיל... אין גאַנצן שוין... און טאַקע די קורצקייט... ס'איז מיר גאָר קאַלט אין די פיס, נישט געוווינט... נו, אָ־דע־קאָלאָן, פּאַרפומען, אַזוי ווי וואַסער... פון די בעסטע סאָרטן... אַ רעדאַקטאָר לוינט צו זיין... מיט קיין פוטער אויפן מאַרק דאַרף ער נישט גיין... און מיט קיין פּאַסאַליעס איבער די הייזער אויך נישט... פאַרטיק געוואָרן מיט דעם טואַלעט כאַפּט מען עפּעס איבער אויף איין פוס און מען מאַכט אַ קערטל, ביז דער „פריץ" אַליין קומט אָן מיט זיין מאַשין... דער קוזין אַליין איז בפירוש אַ ווילער יאַט... אַ פריילעכער אַזאַ און אַ וויצלער — מסוכן!... ער באַווייזט אַ מאָל אַזעלכע שפּיצלעך, אַז מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן... אָבער אין אַלגעמיין איז ער פיל ליטישער ווי די קאָמאַנדירטשיקלעך... נישט אַזאַ באָסיאַק****... אמת, ער איז שוין טאַקע אַן עלטערער אויך... נישט קיין יינגעלע... נו, אַ לאָזשע האָבן מיר פון די בעסטע, פאַרשטייט איר דאָך אַליין... אומעטום גיט מען אים אָפּ אַ לאָזשע. ווידער קענטשאַפטן, פאַרשטעלונגען... מערסטן טייל: פּרעסע־אַרבעטער... און זיי: אַזעלכע אומפאַרשעמטע... גלייך פון דעם ערשטן אַרויספאָר: ווען און ווו קען מען זיך מיט אייך טרעפן?... און אַלע דאָס

* נאַכאַל — אַן אויסגעלאַסענער חוצפּהניק. ** כלעסטן — פאַרשייטע יונגען.
*** פאַרקריפּלט פון אַ „דרים". געמיינט: אַ דרימל.
**** באָסיאַק: אַ ציניק, אַ פרעכער אין זיין באַציאונג צו פרויען.

זעלבע... און אַלע מיטן זעלבן קוק... טפו!... איך האָב נישט ליב דעם עולם... נו, און נאָך דעם די פאַרשטעלונג... אַ מאָל קוקסטו מיט פאַרגע־ניגן און אַ מאָל טרעפט, אַז מען איז אַזוי צעקאָכט פון די באַטאַנטשאַפּטן, אַז איך זע אפילו נישט, וואָס מען ווייזט דאָרטן. איך בין גערן, אַז מען דאַרף שוין גיין אַהיים... מאַרוסיאַ דערגייט מיר אַלע די יאָרן: „וואָס זיצסטו, אַזוי ווי מען האָט דיר דעם קאָפּ אָראָפּגענומען? קיינער האָט דאָך דיך, דאַכט זיך, נישט קאַליע געמאַכט? ווען וועסטו אָראָפּוואַרפן דעם פּראָווינציאַל פון זיך? צי אפשר בענקסטו נאָך „יענעם"?.. דאָס מיינט זי אייך און איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז דוקא דאַמאָלסט, אין רעכטן פּלאַם פון יענע אָרגיעס, בענקט זיך אַ מאָל אַזוי שטאַרק נאָך אייך... אַז ווען איך האָב אייך דאַמאָלסט צו דער האַנט, וואָלט איך גע־פאַלן פאַר אייך אויף די קני ווי פאַר אַ הייליקן, כאָטש איך האָב גאָרנישט געזינדיקט, און געוויינט און געבעטן... צייטנווייז וואָלט איך אפילו גע־וואָלט, אַז איר זאָלט זיין עטוואָס ענלעך אויף זיי... איך מיין פאַרקערט, — זיי אויף אייך... נאָר נאָך דעם גייט עס איבער... מען געוווינט זיך צו און עס אַרט שוין נישט. עס איז נאָר פון אָנהייב אַזאַ שטורעם. נאָר דער עיקר הייבט זיך ערשט אָן נאָך דער פאָרשטעלונג, אַז דער אַרטיסטן־קאָ־לעקטיוו גיט אַ באַל... דאָס איז שוין ביז טאָג... נו, וואָס איז דאָ צו דער־ציילן? מען טרינקט שאַמפּאַניער, מען גיסט אין זיך און נאָך מער אין יענעם... אַז מען טאַנצט ניכטערערהייט, איז נאָך צו דערליידן, נאָר נאָך דעם, שיכורערהייט, דאָס גייט שוין איבער אַלע גרענעצן... מען שפּילט אין פאַנדעס... פאַנדעס, ווייסט איר, וואָס עס איז אַזוינס?... דאָס איז אַזאַ שפּיל, וואָס ווי גוט איר זאָלט נישט שפּילן, מוזט איר צאָלן שטראָף... און די שטראָף באַשטייט אין דעם, וואָס אָדער איר דאַרפט עמעצן אַ קוש טון אָדער יענער אייך... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, אַ קוש טון... שי־כורערהייט, אַז יענער פאַלט אַרויף אויף אייך, קען מען אים נישט אָפּ־רייסן... א י ך שפּיל קיין מאָל נישט אין דער שפּיל... מאַרוסיאַ רייסט פון מיר שטיקער: „נאַרעלע, וואָס האָסטו זיך מורא צו קושן?... דו דאַרפסט נאָר פאַרזוכן דאָס ערשטע מאָל, דערנאָך וועסטו שוין אַליין בעטן"... און אַליין קושט זי זיך מיט אַלעמען — אַ שרעק!... און איך גיי מיר אָפּ אין אַ זייט... אָבער אַזוי ווי לײדיק טאָר מען נישט זיצן, עפּעס מוז מען טון, גיי איך שוין בעסער צו צום גרינעם טישל... נאָר איר מיינט, דאָרט איז לייטישער? עס איז איין טאָן אוועקגעשטעלט געוואָרן אי דאָ, אי דאָרט... גיי איך אַרום פון דאַנען אַהין און פון דאָרטן אַהער... ווי איך זע, אַז עס האָט זיך אָנגעגליט די אַטמאָספערע, טרעט איך אָפּ אויפן צווייטן פראָנט... זע איך, אַז דאָרט איז שוין קילער און דאָ גליט זיך אָן, בייט איך ווידער די פּאָזיציע. און אויב עס ברענט אַרום און אַרום, פאַר־שפּאַר איך זיך אין „יענעם אָרט" און גיי נישט אַרויס אַ שטיק צייט, סיידן מען קלאַפּט שוין שטאַרק... אָט אַזוי מוטשעט מען זיך אָפּ ביז אַ שעה פאַר טאָג און מען צעגייט זיך איבער די היימען... דאָרט מאַכט דער

קוזין פאַר אונדז אַ וואַנע און מיר גייען אַריין צוזאַמען אַלע אין דרייען: זיין פרוי, איך און מאַרוסיאַ. אין דער וואַנע גיסט מען ערשט אַריין אַ פלאַסאַן אָ־דע־קאָלאָן, אַז דער טשאַד גיט אַזש אַ זעץ אין קאָפּ אַריין, אָבער די לייבער שמעקן דערפון אַ מחיה! עס טרעפט, אַז מיר פאַרגעסן די ליילעכער אָדער די האַנטעכער אָדער די כאַלאַטן און מיר שרייען דעם קוזין, ער זאָל זיי אַריינגעבן... וויל ער נאָר אַריין אין וואַנע־צימער, אַז נישט גיט ער נישט אַריבער... מיר האַלטן צו די טיר און קאַטשען זיך פאַר געלעכטער... נאָר ער איז אַזאַ געזונטער, אַ דעמב, אַ ריז... דאָס ווייב און איך מאַכן קולות און ער שטופט די טיר... מאַרוסיאַ איז אַזאַ פּאַס־קודסטווע, זי קריכט אַריין צוריק אין וואַנע און זאָגט: „מיך אַרט נישט, ער וויל אַריינגיין, זאָל ער אַריינגיין... ער וועט ביי מיר גאָרנישט אויס־כאַפּן"... האָט איר שוין געהערט אַזוינס? פאַר טאָג צו ווערט מען אַנט־שלאָפן... איך כאַפּ מיך ערשט אויף נאָך האַלבן טאָג. נאָך פון דער היים אַ פּעפּערין... דער קאָפּ שמערצט ווי נאָך אַ טשאַד... אויף דער נשמה איז פּוסט ווי אַ באַשטאַן אין טיפן אָסיען... אָט אַזוי פאַרברענגט מען ביי די הויכגעשטעלטע לייט. געפעלט אייך שטאַרק?...

גייענדיק פונעם קינאָ פרעגט שלמה פאַלין מיט אַ דערשלאָגן געמיט:

— פאַלי, ווי שטעלט איר זיך פאָר? מיט וואָס פאַר אַ האַרץ האָב איך געמוזט אויסהערן אָט די פּאַמעמע אייערע?

פאַלי ענטפערט קאַלטבלוטיק און אומשולדיק:

— איך האָב נישט געטראַכט וועגן דעם.

מיט אַ ווייטיק פילט ער, אַז דאָס מיידל האָט ערשט געזאָגט דעם גאַנצן אמת, זי האָט פשוט נישט געטראַכט דערפון, ווי אַזוי ער פילט זיך, הערנ־דיק איר פּיקאַנטע געשיכטע...

— פאַלי, איר דאַרפט אַוועקוואַרפן אָט די גאַנצע קאָמפּאַניע, נישט אייביק וועט איר זיך אָפּשפּאַרן פון זיי... איר אַליין האָט געזאָגט: מען געוווינט זיך צו. ס'איז נאָר פון אָנהייב אַ ביסל פּריקרע. פאַלי, אַ מענטש איז נישט פון אייזן און איר דערצו זענט אודאי שוואַך בעטאַנירט... איר קייקלט זיך אויף מאַרוסיאַס וועג... פאַרקערעוועט, אַזוי לאַנג ווי מען קען אייך נאָך רופן פאַלי יאַנים... האַרצפּריינט מיינער, דאָס איז אַ טייערער נאָמען און איר קענט אים אין אַ שלעכטער מינוט פאַרלירן... שטרייכט זי אויס, אָט די שלעכטע מינוט... מאַכט איר אָנקומען פאַר אוממעגלעך...

— איר קוקט אויף דער זאַך איינזייטיק, שלמה, איר פאַרגעסט, אַז איך בין דאָ עלנט און קום נישט אין קיין אַנדערער געזעלשאַפט...

— פאַליטשקע, אויב איר ווילט, וועל איך אייך אַריינפירן אין אַ שטוב, ווו עס זענען דאָ עטלעכע מיידלעך, קולטורעלע, זייער גאַסטפריינט־לעכע און אָן אַ שיעור פיינערע פון אייערע „קאָנטינענטאַלצעס"...

— אייער געזעלשאַפט מוז זיין פאַר מיר נישט אינטערעסאַנט...

— פּרוווט...

— איך פאַרשפּאָר אפילו פּרוון... ס'איז גלייך ווי געפּרוווט.

# קאפיטל XLVIII

טעג זענען געקראָכן אויף די מערק. אָנגעפילט מיט באָמבע־פּאָסאַ־ליעס, מיט אָפּגעגאָסענע עופות, מיט ביטערלעכן בוימל און געשימלטער פּוטער.

דער ווינטער איז געווען נישט קיין בייזער, נאָר אַן איינגעגעסענער, מיט פוילע ווינטן און שטעכיקע שנייען...

מיט אַ מאָל האָבן ביידע גאָלדינס, אי לאַזאַר, אי וואָלאָדיאַ, באַקו־מען אַ באַפעל פון אַב־קאָם־פּאַרטיע * זיך צוגרייטן אריבערצופאָרן קיין מאָסקווע אין „ציניטמאַש". „ציניטמאַש", דאָס איז אַ לאַנגער ראשי־תיבות פון: „צענטראַלער אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונג אויפן גע־ביט פון מאַשינבוי". שלמהן האָט די בשורה דערלאַנגט ווי מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. זייערע דירות זענען געווען קאָמונאַלע. עס איז שוין גע־ווען ביי זיי אַ מענטש פון נאַרקאָמאַט און איבערגעשריבן דאָס גאַנצע מעבל, כדי מען זאָל נישט פּרווון אַרויסטראָגן פון שטוב אפילו אַ בענקל... דער נייער פּאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעטער האָט זיך געדראַפּט אַריינ־קלייבן אין דעם טאָג פון זייער אָפּפאָרן. וואוהין זשע טוט מען זיך אַהין?... צו די זוואָניצקעס איז אוממעגלעך, יענע זענען אפילו אומצופרידן, אַז שלמה גייט אַריין צו דינהן אַן איבעריק מאָל, אפילו, אַז דאָס גלעקל גיט אַ צו שטאַרקן קלונג... ניין, פון זיי איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן... צו ר' אברהם שאַרפשטיין ווידער, איז דאָרט שטענדיק אַ הו־האַ און עס איז מסוכן ווייט פון בעסאַראַבקער רינאָק... בעסאַראַבקער מאַרק איז דער גאַנ־צער אָפּזאַצמאַרק פאַר זיינע סחורות. ביז אַהער איז לייזערס שטוב געווען די הויפּטבאַזע. פאַרקויפט, נאָך אַ מאָל אַריינגעלאָפן, נאָך אַ מאָל פאַר־קויפט, ווידער אין שטוב אַריין... דער שליסל איז ביי אים, מעשה בעל־הבית... באַקומט פּאָלי אַ פּעקל אָדער צוויי, איז שוין שלמה מיט איר אויף דער פּאָסט. ווי נאָר זי נעמט עס אָפּ, אַזוי טראָגט ער עס אָפּ גלייך צו זיך „אַהיים": צעפּאַקט, אויסאָרטירט און — זי איז שוין פריי! ער וועט איר שוין ברענגען דאָס געלט אַהיים. אַז נישט, וועט ער איר נאָך פאַרשפּאָרן אַ גאַנג און עס אויפלייגן אויף דער פּאָסט אויך... אָבער איצט, אַז עס וועט אוים בולוואַר שעווטשענקאָ 7, אוים באַזע, אוים אכסניה, וואָס וועט ווערן מיט זיין גאַנצן מסחר? וווּ וועט ער האַלטן זיינע רע־זערוון? וווהין וועט ער פאַרטראָגן זיינע פּעקלעך און פּאָלים פּעקלעך גלייך פון דער פּאָסט?

שלמה איז שטאַרק געווען איבערראַשט. עס איז אויף אים געפאַלן די גאַנצע וועלט. ער איז אַוועק צו די פייגנבוימס, טאָמער וועט מען עפּעס צוזאַמען צוקלערן. די מוטער איז געשלאָפן, אין שטוב איז געווען ר'

---

* געגנט־פּאַרטיי־קאָמיטעט.

אברהם און טאַני. שלמה האָט זיי געבעטן צום טיש און אויסגעגאָסן פאַר זיי זיין ביטער האַרץ:

— איך פאַרשטייט, ר׳ אברהם, נישט נאָר אַ דירה פאַרליר איך, נאָר די גאַנצע פּאָזיציע, וואָס איך האָב פאַר מיין מסחר...

— וואַרט, שלמה, מאַך רעדפון נישט קיין טראַגעדיע... מיר האָבן דאָ נעכטן געשמועסט וועגן דיר...

— וועגן מיר גאָר?

— יאָ, וועגן דיר, וואָס חידושסטו זיך אַזוי? וואָס ביסטו ביי אונדז, אַ שטיפקינד, וואָס? צי דו קלערסט, אַז אונדז אַרט גאָרנישט, וואָס דו מאַטערסט זיך אויף די מערק?... מיר זען אַלץ און פילן אַלץ...

— איך בין געריכט ביז צו טרערן פון אייער טראָגן מיינע צרות אויפן קאָפּ, אפשר וועל איך אייך נאָך אַ מאָל מיט עפּעס אָפּדינען. אַנט־שולדיקט, אפשר מעג איך וויסן, ווער איז דאָס — מיר?

— מיר — מיינט מען אַלע דאָ, וואָס קענען דיך: אונדזער שטוב, אברהם שאַרפשטיין און אייניקע, וואָס קענען דיך פון דער שול... אַ דאגה דיר, ווער נאָך?... דער עיקר, מען האָט דיך אויפן קאָפּ... איצט איז אַזוי די זאַך: ווען פאָרן אָפּ דיינע פעטערס?

— די טעג, עס איז נאָך נישט באַשטימט...

— נו, טראָג אַריבער די באַזע, צו מיר אַ ביסל, אויף באַ־סיינע, צו גאָלדע רובינשטיין, אַ ביסל... זי וועט דיר נישט אָפּזאָגן. און ווידער, ס׳איז שוין נישט אויף לאַנג... אפשר וועט דער אייבערשטער רחמנות האָבן און מען וועט סוף־כל־סוף ווערן מיט לייטן גלייך...

— וואָס הייסט נישט אויף לאַנג? איך פאַרשטיי נישט...

— אָט דאָס וויל איך דיר דערציילן... ס׳איז שוין פון גאַנץ לאַנג, אַז עס פּראָיעקטירט זיך ביי אונדז אַן אַרטעל פון שוסטערס. אַן אַרטעל, אין וועלכן עס זאָלן אַריינגיין בלויז יידישע מענטשן. די, וועלכע קענען נישט גיין ערגעץ אַנדערש אַרבעטן צוליב שבת... נאָר אַזעלכע... דער איינפאַל איז טאַקע מיין זעליקס... אברהם שאַרפשטיין האָט שוין אויך נאָך דעם צוגעהאָלפן און נאָך איינער אַ בחור, איך ווייס נישט אויב דו קענסט אים, מאיר סעגאַל.

— ניין, איך קען אים נישט.

— ער איז אַ מעלטשינער, קאָראָסטיענער געגנט. אַ גאַנצן ווינטער פאָרט ער אַרום, פון דאָרטן אַהער און פון דאַנען אַהין. ער האָט דאָרט אַ מוטער מיט ברידער און שוועסטער, קיין פאָטער האָט ער שוין לאַנג נישט. נאָר איצט, דאַכט זיך, ברענגט ער זיי שוין אַהער אין גאַנצן. אַ דירה האָט ער שוין געקריגן. אַ תכשיט אַ יונגערמאַן, אַ זעלטענער למדן און אַ משכיל, אַ כתבא־רבא! אין שטאָט לעקט מען פון אים די פינגער. איז דער סעגאַל איינער פון די אויטאָרס פון דעם פּלאַן. די שוועריקייטן באַשטייען אין דעם, וואָס יעדע פּראָדוקטיווע קערפּערשאַפט מוז האָבן אַ קוואַל פון וואַנען צו באַקומען רוישטאָף, און דאָ ליגט דער הונט באַ־

גראַבן... געגוג רוי־מאַטעריאַלן פאַרמאָגט נישט קיין שום פּראָמסאָיוז * אין קיעוו... פאַרשטאַנען ?... בנוגע שבת מישט זיך קיינער נישט... דער אַרטעל, אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, קלייבט זיך אויס אַן אָפּרו־טאָג — און פאַרטיק... קלייב דיר דינסטיק, צי דאָנערשטיק, צי שבת — דאָס איז קיינעם קיין נפקא־מינה נישט. דער עיקר: צאָלן אַ הויכן גע־האַלט אַ פּאַרזיצער, אַ קאָמוניסט, וואָס מען שיקט דיר אַריין. מיט אים מאַכט מען שוין שטענדיק, וואָס מען וויל... מען שטעלט אים צו אַ פאַר־טרעטער פון אונדזערע לייט. דער פאַרטרעטער פירט פּאַקטיש אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט און ער, פאַר זיין פּאַרט־מאַקסימום ** — זעקס הונ־דערט רובל מאָנאַטלעך — ווייסט נאָר אונטערצושרייבן טשעקן אין באַנק אַריין און סוואָדקעס *** אין די העכער שטייענדיקע אָרגאַניזאַציעס. טאַ־מער דאַרף מען עפּעס פּועלן ביי דער מלוכה, אַ סובסידיע אָדער אַ צו־טיילונג פאַר די אַרבעטער, דאָס זענען שוין זיינע פּליכטן און אַז נישט, גיט ער אַכטונג, אַז די וואָנטצייטונג זאָל זיין אַרויסגעגעבן צום טערמין, אַז די אַרבעטער זאָלן באַזוכן טעאַטער אַלע צוויי וואָכן אָרגאַניזירטער־הייט, מאַכן אַ „רויט ווינקל" ביים אַרטעל, באַשטעלן פּלאַקאַטן, לאָזונ־גען. אָט די אַרבעט פירט אויס דער אַריינגעשיקטער „פּאַרזיצער" און דעם אַרטעל פירן מיר... און מען מאַכט אַ ביסל געשעפטן... און מען אַרבעט טאַקע און מען בייט אַ ביסל, וואָס מען האָט אויסגעאַרבעט העכער דעם פּלאַן, אויף פּראָדוקטן. דער בוימל־זאַוואָד דאַרף אויך שיך, גיט ער אונדז אויף דעם מלוכה־פּרייז עטלעכע הונדערט ליטער בוימל. און אַזוי דער אוני־ווערמאַג — מאַנופאַקטור, און אַזוי „קיעוו־טאָפּליוואָ" **** — הייצונג. מיט איין וואָרט, אַז מען וויל אַרבעטן און מען האָט קלוגע מענטשן ביים רודער, קען מען זיך שוין דורכלעבן און הייסן אַן אַרבעטער, נישט קיין ספּעקוליאַנט... איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? איז אָבער די מעשה, אַז מען קומט אין שטאָטראַט אָדער אין שטאָט־אויספיר־קאָם נאָך אַ דערלויבע־ניש צו שאַפן אַ נייעם אַרטעל, פרעגט מען דאָס ערשטע אויף אַ בריוו פון אַ פּראָמסאָיוז, אַז ער נעמט אויף זיך צוצושטעלן דעם נייגעשאַפענעם אַרטעל געגוג רויוואַרג. און אַזאַ פּראָמסאָיוז איז נישטאָ... די מערהייט אַרטעלן שטייען דריי טעג אין דער וואָך אָן אַרבעט, מחמת עס פעלן אויס רוי־מאַטעריאַלן. איז אָט דאָס האָט אויפגעטון מיין זעליקל, דו ווייסט דאָך, אַז ער איז קאָמערטשעסקע דירעקטאָר ***** אין אַ גרויסן פּראָ־

---

* פּראָמסאָיוז — אינדוסטריע־פאַרבאַנד.

** פּאַרט־מאַקסימום — דער העכסטער לוין, וואָס אַ קאָמוניסט מעג באַ־קומען.

*** סוואָדקעס — געמיינט: בוכהאַלטערישע באַריכטן.

**** קיעוו־טאָפּליוואָ — דער אמט, וואָס באַזאָרגט קיעוו מיט הייצונג.

***** קאָמערטשעסקע דירעקטאָר — דירעקטאָר פאַר האַנדל אין אַ פּראָדוקציע־אַרטעל פון אינדוסטריע־פאַרבאַנד פאַר אַלערליי אָפּטאַלן.

איזוואָדסטווענעם אַרטעל פון אוטיל־פּראָם־סאָיוז... און אברהם שאַרפּ־שטיין איז דאָרט דער הויפּטאַגענט, דער ספּעציאַליסט, דער בעסטער פּאַכ־מאַן, ווייל ער אַרבעט שוין פינף און דרייסיק יאָר ביי אוטיל... האָבן זיי אויסגעפּועלט אין זייער פּראָמסאָיוז און ער האָט געגעבן אַזאַ בריוו, אַז ער וועט פון זיינע באַזעס באַשטאַטן דעם נייעם אַרטעל מיט רויוואַרג. די זאַך איז באַשטעטיקט געוואָרן, אַפילו אַ נאָמען האָט מען שוין דעם נייעם קינד געגעבן און אַ שטאַמפּ * מיט אַ זיגל באַשטעלט. איצט זוכט מען אַ דירה פאַר אַ צעך, וווהין אָפּצופירן דעם ערשטן טראַנספּאָרט מאַ־טעריאַלן. אַן אינסטרוקטאָר פאַר דער שוסטערישער אָפּטיילונג האָבן מיר שוין באַקומען און פאַר דער מאַשינען־אָפּטיילונג וועט אונדז דער שנייד־דער־פּראָמסאָיוז צושטעלן. מיין טאַטע קומט אויך אָן אַהין אַרבעטן... ערשטנס טאַקע, עפּעס פאַרדינען... דאָס לעבן ווערט טייערער פון טאָג צו טאָג... צווייטנס, וואָס איז דאָס זיצן אין שטוב?... עס קען זיך נאָך פאַרציען אַ פּאָר וואָכן, ביז מען וועט זיך שטעלן צו דער אַרבעט, נאָר מער — זיכער נישט... האָבן מיר געשמועסט פון דיר אויך. וועסטו זיך ווען שטעלן צו דער אַרבעט מיט דער שער אָדער מיטן העמערל? וואָס זאָגסטו, הא?

— איר פרעגט ערשט מיין הסכמה? איר שטעלט אייך נישט פאָר, ווי נמאס מיר איז אָט דאָס אַרומשלעפּן זיך איבער די מערק... איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אַ שפּיי געטון אויף אַלע מסחרים און זיך געשטעלט אַרבעטן...

— און אפשר נאָך די שוועסטער אויך?

— ניין, די שוועסטער וועט זיכער נישט איבערגיין... ערשטנס האָט דאָך די פאַבריק זי געשיקט אין ראַבפאַק... פאַרלאָזנדיק די פאַבריק פאַרלירט זי גלייכצייטיק דאָס רעכט צו באַזוכן דעם ראַבפאַק אויך... חוץ דעם וועט מיין שוועסטער זיכער גיך איבערגיין אין אינסטיטוט זיך לערנען. צו וואָס זשע דאַרף זי נאָך זיך ברעכן די פינגער אויף אַ נייער פּראָפעסיע?... מילא, ווערעבריי קען זי שוין פון לאַנג... ניין, זי נישט... אָבער איך וואָלט אפילו היינטיקן טאָג זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, קיין זאַך פאַרהאַלט מיך נישט...

— זיי נישט אַזוי שמיידיק... עס איז נאָך לעת עתה נישטאָ זיך ווו צו שטעלן און מיין נישט, אַז די ערשטע צייט וועט שוין זיין פּרנסה... ביז מען לערנט זיך אויס... ביז עס רייבט זיך איין... יעדער בנין דאַרף האָבן פון אָנהייב קרבנות. דאָ האַנדלט זיך אין אַ קרבן פון צייט... געדולד... דו ביסט געוווינט צו אַ גרינגן רובל, צו אַ לופטיקן, און דאָרט וועט מען דאַרפן אַרבעטן זיבן, צי אַכט, צי צען שעה. דאָס קען פון אָנהייב אויס־ווייזן אי נישט אינטערעסאַנט, אי נישט פּראָדוקטיוו, אי אומעטיק אַ ביסל...

---

* שטאַמפּ — די פירמע פון דער געגעבענער אָרגאַניזאַציע.

— איר האַלט מיך פאַר אַ קינד, ר׳ אברהם? איך לעב דאָך עפּעס אין אַ פּראָלעטאַריש לאַנד צי ניין?... איך וועל אַרבעטן און וועל גלײכצײטיק באַווײַזן פּאָרצווזעצן די פּעקלעך באַקומען און אָפּשיקן אויך. זיי מוזן דאָך פון עפּעס לעבן אין דער היים. איך וועל אויף אַ ביליקערן פּרייז אָפּגעבן מיין קראָם די „הורטאָווניצעס" און ביים אײַנקויפן וועל איך זיך אויך אײַנאָרדענען. מיט איין וואָרט, אַ גרויסן דאַנק אײַך, וואָס איר האָט מיך אין זינען...

— וואַרט אויםּ מיטן דאַנקען... דו ווייסט נאָך נישט, וואָס עס הייסט אָפּשטיין אַכט שעה ביים סטאַנאָק... זע, אַז דו זאָלסט נישט אַנטלויפן אויפן צווייטן טאָג...

— איך וועל נישט אַנטלויפן און איך האָב נישט וואוהין צו לויפן...

# קאפיטל XLIX

א בריוו פון פאטער:

„...און וואס זאל דאס באדייטן, וואס צען טעג זענען שוין פאריבער, אז מיר האבן פון אייך נישט באקומען קיין תמונת־אות? איר האט דאך צוגעזאגט שרייבן יעדער באזונדער צוויי מאל אין וואך? אט דאס איז אייער כיבוד־אב־ואם? וואס נאך האבן מיר אין אונדזער לעבן חוץ אייערע בריוו?... יצחקס לערער פון דער שול האט מיך היינט באגעגנט: „איר וייסט גארנישט, וואס פאר א קעפל אייער יינגל האט... ער וועט זיין א גרויסער אינזשיניער... א גדולה אויף מיין באבען, אז ער וועט זיין א אינזשיניער! ער זאל בעסער קענען אפלערנען א פרק משניות איבער הונדערט און צוואנציק יאר... יא... איך האב דיר נישט געוואלט שרייבן, נאר איך שרייב דיר יא... מיר האבן דא געהאט פאראכטאגן מאנטיק א גרויסן שאדן... די מומע זלאטע איז געשטארבן. זאל זי זיין א גוטער מליץ פאר אירע קינדער און פאר אונדז אויך. געווען אן אמתער הארצפריינט. זי האט זיך גענוג אנגעמוטשעט אויף דעם עולם... באזונדערס די לעצטע חדשים. נישט ארפגעגאנגען פונעם בעט, געטון אונטער זיך. שוין נישט גערדשנט... קיין כוח נישט געהאט. נאר געקרעכצט... געקרעכצט און געקוקט אויף מנשהן. טאקע נישט דערלעבט פירן קיין איין קינד צו דער חופה. עפעס א קללה איז געלעגן אויף דער שטוב. זאל זיי שוין אצינד גאט העלפן. מנשה האט איינגעלייגט די וועלט. דו קענסט זיך גאר נישט פארשטעלן. און זיין דינה — פרעג גארנישט... זייער בראך איז אומגעהייער גרויס. און ביי מיר אליין איז די מומע זלאטע געווען די צווייטע מאמע. מיכאל האט דאך גאר ביי איר געזויגן. גלייך מיט איר דינהן. ווען דו זאלסט א קוק טון אויפן זיידן שלום, וואלסטו אים זיכער נישט דערקענט... דאר ווי א שטעקן, וויל זיך נישט אפשערן. און וואס איז דער חידוש? די איינציקע שוועסטער, מיט וועלכער ער פלעגט זיך זען אלע טאג, און דערצו נאך אזא צעבראכענע, אזא אומגליקלעכע, ווי זי איז געווען... פאר דער פטירה איז זי געקומען צום לויטערן פארשטאנד, פונקט ווי א נארמאלער מענטש. זי האט גוט געוווסט, ווו זי האלט אין דער וועלט. געהייסן רופן דעם זיידן, מיך, צוגערופן די קינדער. דאס פנים איז שוין געווען געשטארבן, נאר די אויגן האבן נאך געלעבט און מיט פארשמאכטע ליפן האט זי שוואך, נאר דייטלעך געזאגט:

— מנשה, שלאג מיר נישט איבער... עס איז היינט ביי מיר נישט קיין פראסטער טאג... אויף דעם טאג ווארט מען זיבעציק יאר... צו מיר איז ער געקומען פאר זעכציק... עס וועט זיין גענוג... שוין מיד... און אייך אויך גענוג אנגעמאטערט... איר מיינט, איך וויים נישט?... דעם טאטן אייערן בין איך מוחל, וואס ער האט מיך אוועקגעווארפן... אפשר נאר בין איך שולדיק... זאל ער מיר אויך מוחל זיין... ס'איז שוין סיי ווי פאר־

פאַלן... איצט איז שוין אַלץ איינס... אַ שאָד איז מיר נאָר איין זאַך... וואָס איר בלייבט ווי אויפן וואַסער... געפירט אַ שיף און נישט דערפירט ביזן ברעג... שלום, זיי דו זיי אַ פּאַטער, אויף לייבן איז זיך נישטאָ וואָס צו פאַרלאָזן... און איך פאַרגלייב אים נישט אויך... זאָרג פאַר מיינע קינדער, פונקט ווי פאַר דיינע... זאָל מנשה נישט נעמען חנהן... פון אָנהייב האָט דאָס נאָך געהאַט אַ חן... אָבער נאָך אַזוי פיל יאָרן... זאָל איר גאָט צושיקן אירס... און מנשהן זיינס... מען דאַרף נישט... אַז מיכאל זאָל נעמען די־נהן, וואָלט איך דוקא שטאַרק געוואָלט... נאָר אפשר פאַרשטיי איך נישט... איר זענט אודאי קליגער... טוט, ווי בעסער איז... דינהלע, זיי אַן ערלעך קינד... מיין מאַמע איז געווען אַ צדיקת... טראָגסט איר נאָמען... גאָלדע, מיר האָבן זיך שוין אָפּגעקריגט... איצט איז שוין נאָך אַלעמען... דו דאַרפסט אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן... כ׳בין נישט געווען ביי אַלע געדאַנקען... זיי מיר מוחל און איך בין דיר אויך מוחל... מנשה, לאָז זיך נישט אָפּ... דו בלייבסט דער גדול־הבית... ווער נאָך פעלט אונדז דאָ?.. שלמה, דינה אפרים־אהרונס, טייערע קינדערלעך... איך בענק אַזוי נאָך זיי... ברכה, הייב אונטער דיין מיידעלע, לאָמיך זי נאָך אַ מאָל זען... וואָס וויינסטו, דו נאַר?... דאָס איז נאָך אַ זכות... אויף מיין געלעגער... און אַז מיין יאַנקל לשלום איז אפילו צו קבר־ישראל נישט געקומען... פאַר וואָס איז צפורה נישט צוגעגאַנגען? כאָטש וואָס גיט עס?... מנשה, דו זאָלסט באַלד פאַרנעמען מיין געלעגער... דו מוטשעסט זיך אויף אַ צעבראָכן בעטל...

זי האָט נאָך אַ ביסל געערדט, דערנאָך זענען אירע רייד איבערגעגאַנ־גען אין אַן אומפאַרשטענדלעכן כאָרכל און אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי געווען טויט. אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אַ צדיקת געווען. קיין מאָל קיינעם נישט באַליידיקט. אָפּגעיאָרידעוועט אַ וועלט... אויף אַלע יידישע שונאים געזאָגט געוואָרן אַזאַ וועלטל מיט אַזאַ נחת! געלייגט האָט מען זי צווישן דער מאַמען, עליה השלום, און לוי נאָטעס — אויך געשטאָרבן היינטיקן ווינטער. דער זיידע שלום איז שוין געזעסן שבעה ביי מנשהן אין שטוב. מען לויפט זיך אָפּ די פיס, איידער מען שלעפּט צונויף אַ מנין אויף קדיש זאָגן. ס׳איז פשוט נישטאָ וועמען צו רופן. קוקסט זיך אום: אַזוי ווי אין אַ מדבר וווינען מיר... די גאַסן אַן אַ שטעג... קיינער טשעפּעט נישט דעם שניי, נישטאָ ווער... אַ לעבעדיקער בית־עולם, מען זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד. איך גיי כמעט פון שטוב נישט אַרויס. איך האָב שוין פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ טעם עס האָט פאָרן אויף אַ פור. דער טעקסט, וואָס דו האָסט לעצטענס צוגעשיקט, איז זייער אַ גוטער. נאָר אַזעלכן זאָלסטו זוכן. פאַר וואָס דו שרייבסט, אַז די פוטער איז געווען פאַרגרינט, דאָס פאַרשטיי איך טאַקע נישט... ווען איך האָב זי איינגע־פּאַקט, איז זי געווען פריש, פון די אַנטיקן. אַ פּנים, אין די פּאָטשטן, ווו זי ליגט איבער, איז שטאַרק היים. וואָס קען איך העלפן?... כאָטש הער אויף צו שיקן פוטער... איז דאָך דאָס זעלבע אויך מיט די עופות... וואָס

דען זאָל מען שוין יאָ שיקן?... אייערנעכטן האָבן מיר דיר אויפגעלייגט אַ פּעקל מיט דריי געננדזלעך. די מאַמע האָט דווקא געזאָגט, אַז מען זאָל דאָס שמאַלץ אַראָפּנעמען, אויספּרעגלען, שיקן אייך אויף עסן די גריוון; און דאָס שמאַלץ באַזונדער פאַרקויפן... נאָר איך האָב זי נישט געפאָלגט. איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, וואָס עס הייסט אין קיעוו אַרומגיין פאַרקויפן אַן אָבדירעק *, ס'איז נישט כמעלניק... יענער וויל אויך אַ ביסל שמאַלץ, צי אַ גריוו, צי אַ געפּרעגלטע ציבעלע... בקיצור, איך האָב זי נישט געפאָלגט... נאָר די קישקעס מיט די דרויבן האָבן מיר אַרויסגענומען און זיי דיר געשיקט גאַנצערהייט, טאַקע אין דעם פּערגאַמענט־פּאַפּיר, וואָס דו האָסט צוגעשיקט. יאָ בּאַרעכן נאָר, איך האָב שיר נישט פאַרגעסן צו שרייבן דעם עיקר: דאָס פּעקל האָב איך דיר געשיקט „צום פאָדערן”. וועסטו דאָך פרעגן, צוליב וואָס? רעכן איך, אַז דו וועסט אַליין אויך פאַרשטיין... די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוטע. פּשוט, בתכלית הפּשיטות. אַ גאַנדז איז אַ לאַקאָמע זאַך... יעדער איינציקער האָט אַ יצר־הרע צו אַ גענדזל... איז אין דער שטוב, ווו דאָס פּעקל וועט אָנקומען, מוז מען שוין איין גאַנדז איבערלאָזן אָן ריוח... און מיר קענען זיך דאָס נישט דערלויבן... אָבער אַז דו וועסט זיי אָפּנעמען גלייך פון דער פּאָסט, ביסטו בעל־הבית, וועסטו טון ווי דו וועסט וועלן...”

פאַריבער עטלעכע טעג און נאָך עטלעכע טעג און די גענדז זענען אַלץ געווען אין וועג. דריי מאָל אַ טאָג פלעגט שלמה גיין פרעגן אין הויפּטפּאָסט — איין מאָל ניין! נישטאָ קיין גענדז... דעם קוויט פון כמעלניקער פּאָסט אויף דעם פּאַקעט האָט שלמה באַקומען אין דעם בריוו און ער איז אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע, אַז זיין פּעקל מוז ערגעץ דאָ ליגן, נאָר מען זוכט שלעכט. די הויפּטפּאָסט האָט געקלונגען אין דער סאָרטיר־אָפּטיילונג, די סאָרטיר־אָפּטיילונג האָט געקלונגען צו דער וואָקזאַל־פּאָסט, פון דאָרט האָט מען טעלעגראַפירט קיין צוויטקאָוו, צוויטקאָוו — קיין זוועניגאָראָדקע, זוועניגאָראָדקע — קיין כמעלניק און כמעלניק האָט געענטפערט, אַז אַזאַ פּעקל מיט דעם און דעם נומער פון דעם און דעם טאָג איז יאָ אַוועקגעגאַנגען... האָט שוין זוועניגאָראָדקע טעלעגראַפירט קיין צוויטקאָוו, צוויטקאָוו — אויף קיעווער וואָקזאַל, די וואָקזאַל־פּאָסט — אין סאָרטיר־אָפּטיילונג, די סאָרטיר־אָפּטיילונג — אין הויפּטפּאָסט. מען האָט גענומען זוכן, נישטערן און מען האָט עס טאַקע געפונען... עס איז געווען פאַרלייגט ביי דער סאַמע הרובע פונעם ערשטן טאָג אָן.

דערווייל, אַזוי ווי דאָס „קלינגעניש” האָט צוגענומען העכער צען טאָג צייט, האָט מען צו דעם פּעקל נישט געקענט צוטרעטן. עס האָט פון דעם געטראָגן מיט נבלה אויף דער גאַנצער אָפּטיילונג... אַרום דעם אויפן פּאָל איז געשטאַנען אַזאַ געל־גרין קאַליוזשקעלע, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך, ביז מען האָט נישט פאַרקוועטשט די נאָז שטאַרק, שטאַרק...

* אָבדירעק — אַן אָפּגעשונדן גענדזל.

שלמה האָט שוין חשק געהאַט זיך אָפּטרייסלען פון דעם גאַנצן פּעקל, ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט... די אַרבעטער בײַ די פּעקלעך האָבן אים זייער איידל אַריינגעבעטן נעמען אַליין זײַן וואויל־שמעקנדיק פּעקעלע און אים דערלאַנגט מיט וואָס טאַקע אויסוויישן דעם פּאַל אויך... עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, ער האָט די צעלאָזטע מאַסע גענומען אויף די אַקסלען, זיך געמאַכט נישט זעענדיק די פאַרקוועטשטע נעזער מיט די פיינטלעכע בליקן און איז אַראָפּגעגאַנגען אין הויף אַרײַן.

ער האָט געזוכט מיט די אויגן אַ מיסטקאַסטן אויף אָפּצושטעקן דעם פּגר, נאָר דער הויף איז געווען פול מיט אויטאָס און מיט מענטשן. אַלע האָבן אים געמאַכט אַ וועג, כאַפּנדיק זיך פאַר די נעזער. דער מיסטקאַסטן איז געווען אין צווייטן עק הויף. שלמה האָט געזען, אַז מען וועט אים אַהין נישט דורכלאָזן. שלעכט, וואָס טוט מען? ער פילט, אַז עס נעצט אים שוין דורך ביז דער פּלייצע. אַן איבלדיקער שווידער האָט אים דורכגענו־מען. גוואַלד, וואָס טוט מען? אַלע קוקן אויף אים... מען סודעט זיך, מען טייט מיט די פינגער... אַוועקוואַרפן און אַנטלויפן? ניין, עס טויג נישט. מען וועט אים אָניאָגן און ער וועט נאָך האָבן אַן אומגליק אויך... וואָס דען זאָל ער טון? אַראָפּלאָזן עס פונעם אַקסל און אַוועקזעצן זיך לעבן דעם? וועט ווערן אַ געפילדער פון מענטשן, אַז מען וועט זיך צונויפ־לויפן... ניין, מען דאַרף גיין און ערגעץ מיטן וועג זיך אַריינכאַפּן אין אַ שטילן הויף אַרײַן, אונטערוואַרפן און אַנטלויפן... איי דאָס, וואָס אויף יענער זייט טויער ליגט קרעשטשאַטיק? וואָס ער דאַרף דורכגיין דורך מאַסן מענטשן? וואָס ער קען נאָך באַקאַפּען מיט די פאַרפומען עמעצנס קליידער? וואָס אים קאָן נאָך באַגעגנען פּאַלי אין אַזאַ אומגליקלעכער לאַגע? וואָס זשע קען ער העלפן? ער האָט דען אַ ברירה?

אויפן טראָטואַר, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, איז געווען אַזאַ גע־דראַנג, ווי עס טרעפט אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט, ווען אַלע יאָגן זיך, ווער — אַהיים, ווער — אין קינאָ. דערשמעקט נבלה האָבן זיך אַלע אַ כאַפּ געטון פאַר די נעזער און גענומען זוכן מיט די אויגן, פון וואַנען טראָגט עס אַזאַ געשטאַנק אין מיטן צענטער שטאָט... שלמה דערוויי־ל איז געגאַנגען... גלייך ווי אַ סטרונע, נישט קוקנדיק אין די זייטן, האָט ער געשפּאַלטן די מאַסע און געשטעלט ריזיקע שפּאַן. הינטער זײַנע פּלייצעס האָט ער געהערט אומצופרידענע אויסגעשרייען... זידלערייען, קללות... צי מען מיינט אים, צי מען האָט זיך נאָך נישט געכאַפּט, פון וואַנען עס גייט אָט דער דופטיקער ריח, דאָס אַליץ האָט ער נישט געוווסט און נישט גע־וואָלט וויסן... ער איז געגאַנגען פאַרויס... נאָר פּלוצלינג האָט אים אַן אַלטיטשקע, אַ בכבודיקע דאַמע, אַ שלעפּ געטון פאַרן אַרבל:

— חבר, עס רינט בײַ אייך עפּעס...

שלמה האָט אויף איר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אומגליקלעכע אויגן... און פּלוצלינג האָט די פרוי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש מיט נישט קיין מענטש־לעכן קול:

— ראַטעוועט!... דער מענטש טראָגט אַ טויטן...

אַ מיליציאָנער האָט שוין פון לאַנג נאָכגעקוקט דעם מענטשן מיט דעם קעסטל און די רעדלעך דורכגייער, וואָס שאַפן זיך הינטער זיינע פּלייצעס. פון דער אַלטיטשקערס קוויטש זענען אַלע אַראָפּגעשפּרונגען פונעם טראָ־טואַר און געלאָזט שלמהן איינעם אַליין אין צענטער פון אַ צעבושע־וועטן עולם... מענטשן אָנקומענדיקע האָבן זיך אַלץ אָפּגעשטעלט, איינער האָט ביים צווייטן געפרעגט: וואָס איז דאָ? און אַליין זיך צוגעהאַלטן ביי דער נאָז... אויטאָס האָבן פאַרלאַנגזאַמט זייער גאַנג, פּאַסאַזשירן האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די פענצטער און געפרעגט: וואָס האָט גע־טראָפן? וועמען האָט מען איבערגעפאָרן? אויטאָבוסן האָבן פאַרלייגט די אויערן מיט זייער קלינגען, מען זאָל זיי לאָזן דורכפאָרן. דערוויי־ל זע־נען די פאַרשווינען אַלע צוגעפאַלן צו די שויבן. אייניקע זענען ווויליונגע־ריש אַרויסגעשפּרונגען, אַריינגעריסן זיך אין דער מאַסע:

— וואָס איז דאָ? וואָס איז דאָ?

— וועט ווייסט? מען זאָגט, אַז דער שוואַרצינקער האָט געהרגעט אַ מענטשן און טראָגט אים מיט זיך... כ'וויים?

— פאַר וואָס האָט ער אים געהרגעט, האָט איר נישט געהערט?

— איך וויים? מסתמא פאַר אייפערזוכט... איר זעט נישט אין זיינע איינעלעך, וואָס פאַר אַן אייפערזיכטיקע חיה דאָס דאַרף זיין?...

— דער געהרגעטער איז אַן „ער" צי אַ „זי"?

— ווער ווייסט? אפשר אַן „ער" און אפשר אַ „זי"... כ'בין אין קאַסטן נישט געווען....

— אין קאַסטן האַלט ער עם?

— ווו דען? אין קעשענע?

— אַך, גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ שרעק!... אויף וואָס די היינטיקע מענטשן זענען פעאיק... ער מוז שוין ליגן ביי אים פון לאַנג... עס פאַר־לייגט די נאָז...

דער מיליציאָנער האָט צעשטופּט דעם עולם, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ היפּשן מרחק פון דעם הורג־נפשות און אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויפן קעסטל געפרעגט:

— בירגער, וואָס האָטסו דאָרטן?

— אַ פּעקל טראָג איך...

— איך פרעג, וואָס איז דאָרט ביי דיר?

— זאָג איך דאָך, אַז אַ פּעקל...

— קום אין ראַיאָן... דאָרט וועלן מיר זיך פונאַנדערקלייבן...

שלמה גיט אַ וואָרף אַראָפּ דאָס קעסטל פונעם אַקסל:

— גיין קען איך... אָבער טראָגן האָב איך שוין קיין כח נישט...

דאָס פּובליקום וואַקסט... אַלע ווילן זען דאָס פּנים פון דעם רוצח... עס שטייען שוין דערנעבן נאָך צוויי מיליציאָנערן... טאָמער דאַרף מען הילף... שלמה גיט זיך אַ טאַפּ די פּלייצע — פּיטש־נאַס... אויף דורך און

דורך... די מיליציאָנערן שטעלן אָפּ אַ לאַסטמאַשין, שלמה מוז אַרויפֿ־טראָגן דאָס פּעקל אויף דער מאַשין. צוויי מיליציאָנערן זעצן זיך אין ביידע ווינקלען היטן דעם פאַרהאַלטענעם און איינער זעצט זיך אין קאַבינע ווייזן דעם וועג. דער עולם מאַכט אַ וועג, די מאַשין פאָרט אָפּ און די רעדלעך נייגעריקע בלייבן נאָך לאַנג שטיין, גיבן איבער איינער דעם צווייטן, וואָס מען האָט אַליין געזען, אַליין מיט די אייגענע אויגן...

ווען די מיליציאָנערן האָבן דורכגעלאָזט שלמהן מיטן פּעקל אין די־זשורקע אַריין, זענען אַלע אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער מיט אַ שלעכטן חשד אין די אויגן. דער דיזשורנע קאָמאַנדיר האָט אויסגעשריגן:

— אין אייער גאָטס מאַמען אַריין! וואָס פאַר אַ קלאָזעט האָט איר פאַרשלעפּט אַהער? ווער איז דער מענטש? און וואָס עפּושט פון אים אַזוי?

שלמה איז געבליבן שטיין לעבן דעם קעסטל אַ שווייגנדיקער. פון קעסטל האָט אָנגעהויבן רינען אַ שמאָל ריטשקעלע געל־גרינער זאַפט... דער נאַטשאַלניק האָט געכריפּעט פאַר כעס:

— וואָס שווייגסטו, הינטישער זון? וואָס איז דאָרט ביי דיר?

— גענדז...

— וואָס הייסט גענדז?

— גענדז, דאָס זענען אַזעלכע עופות, גרעסערע פון הינער און קלע־נערע פון אינדיקעס.

דער נאַטשאַלניק האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ ווילדן קוק און קריצנ־דיק מיט די ציין שטרענג געפרעגט:

— דו ביסט אַ קיעווער?

— ניין.

— פון וואַנען דען ביסטו?

— פון כמעלניק, זוועניגאָראָדקער ראַיאָן.

— וואָס זשע טוסטו אין קיעוו?

— איך בין יענע וואָך געקומען צו גאַסט צו מיין שוועסטער, וואָס אַרבעט דאָ אין אַ פאַבריק. דערווייל האָב איך געקויפט דריי גענדז אויף מיטנעמען... איינע ווען מיר ביידע אויפעסן, די צווייטע וועט אונדז בלייבן אויף אַ וואָך צייט און די דריטע פאַר איר באַלעבאָסטע, אַן עלטערע פרוי, וואָס קען נישט גיין קויפן... כ'פאָר אָבער דאָס ערשטע מאָל מיטן צוג, האָב איך מורא געהאַט, טאָמער גנבעט מען זיי ביי מיר צו, האָט מיר מיין טאַטע געמאַכט אַ פּעקל און האָט עס אָפּגעשיקט מיט דער פּאָסט. קומענדיק קיין קיעוו בין איך באַלד אַוועק נאָכן פּעקל: נישטאָ!... יעדן טאָג דריי מאָל געפרעגט — נישטאָ!... מען האָט אָנגעהויבן מאַכן ספּראַוו־קעס *. לאָזט זיך אויס, אַז עס איז טאַקע אָנגעקומען גלייך מיט מיר, נאָר מען האָט עס פאַרלייגט און נישט געקענט געפינען... און איצט, אַז מען

* מאַכן ספּראַוועקעס — געמיינט: אויספאָרשן די זאַך.

דארף עס שוין ארויסוואַרפן, האָט מען עס מיר אויפגעזוכט...

אַלע אין צימער האָבן זיך מיט אַ פאַרחלשטן שמייכל איבערגעקוקט. דער נאַטשאַלניק האָט שוין געלאַסענער אַ ביסל אַ זאָג געטון צו דעם מיליציאָנער, וועלכער האָט שלמהן געבראַכט:

— נעם, פּאָזשאַלויסטאַ, דאָס קעסטל אויפן הויף, וואָס ווייטער פון דאַנען, עפן עס אויף און קוק איבער, וואָס דאָרטן איז דאָ...

— פע! איך זאָל נעמען אָט דאָס מיאוסקייט?... זאָל ער טראָגן און עפענען...

— ניין, דער חבר דאַרף בלייבן דאָ... הייס עמעצן ארויסרופן פון דער קאַמער. זאָג דאָרטן, אז מען זאָל דיר געבן שורקען, יענץ איז אַזאַ חזיר, וואָס ער וועט נאָך אפילו אויסלעקן די יויך פון דעם פּאָל...

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַריינגעפירט געוואָרן שורקע: אַ נידעריקער מיט איין, אויג, דאָס העמדל צעכראַסטעט, די הויזן צעפליקט, אויף די פיס — אויסגעטראָטענע וואַטענע פּוישטן. ער האָט אַ נעם געטון דאָס פּעקל אונטער דער האַנט און געוואָלט גיין, נאָר דער נאַטשאַלניק האָט אים מיטן ווינק אָפּגעשטעלט און אָנגעוויזן אויפן פּירעקיקן שניר׳ל פּעטס, וואָס האָט געבליאַסקעט אויפן פּאָל. שורקע האָט פלינק אַראָפּגעשלעפּט איין פּוישט און מיט דער פרייער האַנט טיכטיק אויסגעווישט. דאַן האָט ער צוריק אָנגעצויגן דעם פּוישט און איז אַרויסגעגאַנגען פאַרן מיליציאָנער. דער נאַטשאַלניק האָט זיך ווידער געווענדט צו שלמהן:

— ווי איז דיין פאַמיליע?

— פּיאַטיגאָרסקי.

— אַ דאָקומענט האָסטו?

— וואָס פאַר אַ פראַגע?

און שלמה האָט דערלאַנגט זיין ספּראַווקע * פון כמעלניקער שטאָטראַט. דער נאַטשאַלניק האָט זי דורכגעקוקט און אוועקגעלייגט פאַר זיך.

— ביסטו אין קיעוו אַכט טעג, צי אַכט חדשים?

— אַכט חדשים? ווער וואָלט דען דאָ אויסגעהאַלטן אַכט חדשים? מען קען, דאַכט זיך, שטאַרבן פאַר אומעט...

— אויפן מאַרק דרייסטו זיך דאָ נישט אַרום? דיינע גענדז האָסטו נישט געזאָלט פאַרקויפן?

— פאַרקויפן גאָר? ווער גייט עס קויפן גענדז?

— אָט וועל איך דיר באַלד אָפּגעבן אַ ראַפּאָרט, ווער עס גייט קויפן גענדז... וואָס איז דיין באַשעפטיקונג דאָרט אין שטעטל?

— איך בין אַ וועבער... אַ קאָאָפּערירטער קוסטאַר...

עס איז אַריינגעקומען דער מיליציאָנער מיט אַ פאַרקרימטער צורה ווי ביי אַ פאַרטשאַדעטן, וואָס האַלט זיך נישט פעסט אויף די פיס.

— יאָ, חבר קאָמאַנדיר... דריי גענדז ווי די חזירים, אַזוינע לייביקע...

* ספּראַווקע — דאָ געמיינט: לעגיטימאַציע.

און עפּושן... מאַמע הייליקע!... און נאָך איינגעוויקלט אין אַזאַ שיינער לייוונט...

דער נאַטשאַלניק דערלאַנגט שלמהן די ספּראַווקע:

— נו, גיי, נעם דיר צו דיינע נבלות... און טאָמער זעט מען דיך ערגעץ אויף אַ מאַרק, ביסטו אַ פאַרפאַלענער... גיב איך דיך אָפּ אָט דעם שורקען... דו וועסט אַרויס פון אים אַ לייט... ביז פיר און צוואַנציק שעה זאָלסטו פאַרלאָזן קיעוו!

שלמה האָט אפילו נישט געקלערט נעמען דאָס פּעקל, ער האָט נאָר געוואָלט זען, וואָס פאַר אַ לייוונט איז דאָרט? לייוונט איז אַן עבירה... מען קען אויסוואַשן... אויפן פּראָסט אַרויסהענגען...

אַרום דעם קעסטל איז געשטאַנען אַ רעדל צוואַנגס-אַרבעטער און מיט אַ שטעקן געוואָלגערט די גענדז אויף אַלע זייטן. דערזען די לייוונט האָט שלמה באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דאָס פּערגאַמענטנע פּאַפּיר, דורכגעשמאַלצעוועט פאַר אַזאַ צייט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג. דער וועכטער ביים טויער פרעגט אים:

— דו גייסט באַלד אַריין נאָך דיין פלייש?

— ווי דען, איך וועל דאָס דיר לאָזן?

— דו ווייסט? עס הערט זיך שוין אַ ביסל...

— וואָס רעדסטו? איך פיל עפּעס נישט... איך האָב אַ קאַטאַר...

מיטן ערשטן טראַמוויי איז ער אַוועק, נישט קוקנדיק אפילו, וווהין ער פאָרט.

ביי נאַכט האָט זיך שלמהן געחלומט: ער שטייט אויף דער הויפּטפּאָסט. אויף דער פּלייצע הענגען ביי אים „אַבדירקעס" פון אַלע קאָלירן, געלע, גרינע, און דער פּאָטער שטופּט אים אין מויל אַריין אַ גריוו, מיט אַ געשריי: עס! אויף אַ גענדזל האָט יעדער אַ יצר-הרע!... קענן אַ גענדזל קען קיינער נישט ביישטיין!... עס, עס!... באַשיט מים אַ ביסעלע טעקסט, וועט זיין געשמאַקער... פּלוצלינג וואַקסט אוים שורקע, אויפן אויסגערונענעם אויג הענגט ביי אים אַ גענדזענע לעבער, ער האַלט לוי נאָטעם אויף איין קני און יענע סטודענטקע מיט די חלבנע אויגן אויף דער צווייטער, טאַנצט און רייצט זיך מיט שלמהן:

— אָבער דו פּאָרעסט זיך מיט ביינער... אָבער דו פּאָרעסט זיך מיט ביינער... אַצינד לעק אוים... נישט מיטן פּוישט... אין דיין מאַמעס מאַמען אַריין!... מיט דער צונג, מיט דער צונג... גיב, וועל איך זי דיר אַרויסשלעפּן...

אי לאַזאַר, אי ליזע האָבן אים לאַנג געטרייסלט, ביז ער האָט אויפגעהערט שרייען און געעפּנט די אויגן. ליזע איז אַנטלאָפן עפּעס נעמען אויף זיך און שלמה האָט צעטראָגן אָפּגעווישט דעם קאַלטן שוויים...

# קאפיטל L

פון דעם טאג אן האט שלמה געווארפן אן אומחן אויף די אלע פרנסות... נאר די בריוולעך פון דער היים האבן געמאנט טעטיקייט, זעקס מיילער האבן ארויסגעקוקט אויף זיינע פעקלעך און ער האט ווייטער גע־שיקט און באקומען, באקומען און געשיקט...

עפעס איין מאל, א זייגער צען אויף דער נאכט, איז שלמהן אויסגע־קומען דורכצוגיין פארביי די פייגנבוימס און ער האט באשלאסן זיך אריינ־צוכאפן אויף א מינוטקעלע.

אין קארידאר האט אים טאני פארשטעלט דעם וועג:

— אנו, טרעפט, ווער עס זיצט ביי אונדז אצינד?

— ווער? נו, ווי אזוי קען איך טרעפן?

— אבער פרווט... איר האט פון דעם מענטשן געהערט...

— כ'ווייס? כ'ווייס נישט... איך האב פיינט צו טרעפן...

— גייט, איר זענט א שלעכטער מענטש!... אייביק איז ער נאר אריינ־געטון אין זיינע געגנדז... ביי אונדז זיצט איצט הרב פרידמאן, דער לעבעדי־נער רב...

— וואס רעדט איר? אויב אזוי, גיי איך אפילו נישט אריין...

— פאר וואס זשע?

— ווייל אזוי... כ'בין נישט אנגעטון און בין איצט נישט געשטימט צו קיין גרויסע באקאנטשאפטן...

— גייט שוין, גייט, מאכט זיך נישט נאריש. וואס איז ער אייך, א מיידעלע? און מיר דאכט גאר, אז פאר א מיידעלע ווערט איר אויך ווייניק וואס נתפעל... גייט אריין, ער איז אן ערנסטער מענטש און האלט זיך זייער פראסט... זעליק מיט ניסנען זענען דארט אויך דא...

— ניין, איך גיי אהיים, איך וועל זיך שוין אריינכאפן צו אייך אן אנדער מאל...

טאני האט אים אנגעכאפט ביי א קעשענע און געעפנט הינטער זיך די טיר:

— מאמע, טאטע, שלמה איז דא און וויל נישט אריינגיין...

ס'זענען ארויסגעגאנגען זעליק און די פרוי פייגנבוים. עס האט גאר־נישט געהאלפן, ער האט זיי אפגעגעבן דעם פאלטא און איז אריינגע־גאנגען אין זאל.

זינט ער לעבט, האט ער זיך נישט פארגעשטעלט, אז א מענטש קען האבן אזא הייליקן אויסזען... שלמה געדענקט גוט ר' דודל סקווירער, ער קען זייער גוט ר' וועלוועלע ראכמעסטריווקער און דאך האט אים דער אויסזען פון דעם לעבעדינער רב איבערראשט ביז גאר.

דאס איז געווען א הויכער שטאלטנער ייד פון א יאר פינף ביז זיבן און פופציק: טונקל־ברוינע האר, אזוי דער קאפ, אזוי די שיינע שמאלע

באָרד. דער שטערן ווערט פאַרלוירן מיט צוויי ווינקלען אונטערן היטל. ברעמען — געדיכטע, ערנסטע. אויגן... און דאָ האָט זיך שלמהס בליק נישט געקענט פאַרהאַלטן אויף קיין איין רגע. אויף שלמהן האָבן געקוקט צוויי ליכטיקע קוואַלן... אור הצפון... זיי האָבן געלויכטן מיט מוט און מיט שטאָלץ, ריזשענער שטאָלץ... מיט גוטסקייט, מיט איידלקייט און מיט טיפער חכמה. שלמה האָט זיך אונטער דעם קוק דערפילט אָנמעכטיק און פאַרלוירן... פון צווישן די אויגן האָט זיך ביים רב אָנגעהויבן אַ געטאָקטע, אַ ביסל לענגלעכע, נאָר מלא־חנעוודיקע נאָז. ביי די זייטן — פולבלעכע, נאָר בלייכע באַקן. די פּוקע ליפּן פאַרשווינדן אין די טונקעלע וואָנסעס... אָנגעטון — העכסט אייראָפּעיש. אַ מלכותדיקע צורה!... אַ הייליקער!...

שלמה איז אויף דער שוועל געבליבן שטיין אַ פאַרשטאַרבענער פון יראת הכבוד. פרידמאַן האָט אַ פרעג געטון ביי ר' אברהם פיינגבוים:

— ווער איז דער יונגערמאַן?

— דאָס איז יענץ בחורל, וועגן וועלכן מיר האָבן אין שול מיט הרב ביאַליק גערעדט...

— אַך, אַזוי? דער זוועניגאָראָדקער? פאַר וואָס זשע גייט ער נישט צו?

און זיי האָבן זיך באַגעגנט אין מיטן צימער. ביידע האָבן גלייך אויס־געשטרעקט די הענט און זיי גלייך צוריקגענומען. גאָרנישט איז נישט געזאָגט געוואָרן, נאָר די אויגן האָבן גערעדט.

זעצנדיק זיך צום טיש האָט הרב פרידמאַן אים צוגערוקט אַ בענקל לעבן זיך:

— זיצט, זיצט, איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן...

מען האָט דערלאַנגט טיי. שיינע שמעקנדיקע טיי, מיט רעפּטעלעך לימענע אין יעדן גלאָז. ביים טיש האָט געלאָזן זיך געצויגן אַן אַלגעמיי־נער שמועס אָן אַ באַשטימטער ריכטונג. פרוי פיינגבוים האָט זיך נאָכגע־פרעגט אויף זיינע טעכטער, דער רב האָט זיך זייער פרטימדיק אינטערע־סירט וועגן „פּאַנטאָפל".

— זאָגט איר, ר' אברהם, אַז אַ צעך האָט איר שוין?

— וואָס איז שייך, איך האָב? די חברה: סעגאַל, זעליק, ראַפּאָפּאָרט...

— דאָס איז נישט קיין אונטערשיד, נאָר כ'מיין... מען שטעלט זיך שוין אין גיכן צו דער אַרבעט?

— יאָ, מיטן אייבערשטנס הילף, די טעג... מען האָט שוין דאָרט אויסגעשמירט, אַן אויוון געשטעלט, מאַשינען אָוועקגעשטעלט, סחורה אַריינגעפירט...

— וואָס פאַר אַ מאַשינען?

— ניימאַשינען און אַ מאַשינקע אויף אַריינצושטעלן קולקעס * אין די זאַגאָטאָווקעס **... אַ שטאַמפּ אויף אָנקלאַפּן אָפּצאַסן...

---

* קולקעס — די בלעכענע רינגעלעך פאַר די שיכבענדלעך.
** זאַגאָטאָווקעס — די כאָליעווקעס פון די שיך.

— און וואָס פאַר אַ מין קראָם ? איר זאָגט דאָך, אַז מען האָט סחורה אויך אַריינגעפירט...

— זעליק, וואָס האָט מען דאָרט אַריינגעפירט ? דערציייל...

— פאַר אַן אָנהייב האָבן מיר געבראַכט דרייסיק קילאָ היפּשע שטיקער געוואַנט און פּונקט אַזוי פיל וועטאַש, שטיקלעך סיטיעץ *, ליוונט, סערעפּינקע... סיי דאָס ערשטע, סיי דאָס אַנדערע וועט מען דאַרפן צונויפשטעפּן אויף גרויסע שטיקער און דערפון שניידן, לויט אַ מאָדעל, כאַליעווקעס צו די פאַנטאָפל. פונעם געוואַנט — אַן אייבערשט און פון דער ליוונט — אונטערשלאַק. די כאָליעווקעס וועלן אונדזערע מאַשיניסטקעס אויפשטעפּן... איך זאָג מאַשיניסטקעס, ווייל אויך טאַנקע גייט אַרבעטן אויף אַ מאַשין... נאָך דעם וועט מען דאַרפן צושניידן סטיעלקעס ** פון קאַרטאָן און פון גרעבערן — „זאַדניקעס" ***. איצט בלייבט דער סאַמע עיקר פונעם גאַנצן שוך — די פּאָדעשווע... לכתחילה האָבן מיר גערעכנט באַנוצן „לאָסקוט" **** פון דינע פעלעכלעך, מאַכן שיינע שיכלעך. גיט אונדז אָבער דער אינסטרוקטאָר צו פאַרשטיין, אַז מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פון שיינקייט צוליב גוטסקייט. מען דאַרף זיך מאַכן אַ שם פון רעגוטאַבלע אַרבעטער. און מיר האָבן באַשלאָסן אָנהייבן אונדזער מאַרש מיט אָפּגענוצטע פּאַסן פון מילן און פון אַנדערע זאַוואָדן און פאַבריקן. זיי האָבן מערסטן טייל צו זעקס און צו אַכט ליוונטן, דורכגעשמאָלצן מיט גומי און דורכגענייט מיט פאָדעם. אָט די דאָזיקע פּאַסן וועלן אונדזערע אַרבעטער צערייסן אויף דרייען אָדער אויף פירן, צו צוויי ליוונטן אין אַ שיכט, דאָס איז אַ גאַנץ שטייפע פּאָדעשווע. דאַן וועלן צושניידערס צושניידן לויט די מאָדעלן אַלערליי נומערן פּאָדעשוועס. די צוויקאָוושטשיקעס ***** וועלן צוויקעווען, די שוסטערס וועלן אָנקלאַפּן די פּאָדעשוועס, די פּוצערס וועלן זיי צופּוצן און די מאַגאַזינען וועלן זיי אויסלעקן אַזוי ווי האָניק...

— מען האָט אייך שוין אָנגעטון אַ קאָפּ ?...

— אָן דעם הייבט זיך נישט אָן... מען האָט אונדז שוין צוגעטשעפּעט איינעם אַ פּערלמאַן, אַ דעמאָביליזירטן פּראָסטאַק, ער איז געוואָרן אַ קאָמוניסט אין דער אַרמיי... און אויך איינעם אַ קאַמיניעצקי, אַ פאַכמאַן, פאַר אַן אינסטרוקטאָר. פריער האָט ער געאַרבעט אין לעדער־פּראָמסאָיוז. ביידע זענען זיי בפירוש פיינע לייט, מען וועט מיט זיי קענען דורכקומען. דער צווייטער איז גאָר אַ סאָלידער... עס איז נאָר געווענדט אין דעם, ווער פון אונדזערע לייט עס וועט זיין פּערלמאַנס פאַרטרעטער...

---

* וועטאַש, סיטיעץ — מאַטעריאַלן וואָס נוצן ס'רוב אויף אונטערשלאַק.

** סטיעלקעס — אַ פּאָדעשווע פון קאַרטאָן, אויף אויסצובעטן אינעווייניק דעם שוך.

*** זאַדניק — דאָס הינטערשטע שטייפע ווענטל פון שוך.

**** לאָסקוט — רעשטלעך פון פעלן אָדער פון מאַנופאַקטער.

***** צוויקאָוושטשיקעס — די וואָס ציען אָ די כאָליוועקע אויף דער קאָפּיטע.

— ווּעמען מערקט איר אָן אויף דעם פירנדיקן פּאָסטן?

— מיר האָבן נאָך קיינעם נישט אָנגעמערקט... עס איז נאָך פרי צו רעדן פון אַזעלכע זאַכן... מען מעג אַ חודש אַפּאַרבעטן אָן אַ פּאַרטרעטער...

— ווי קוקט איר דערויף, אַז מיין משה זאָל אויך קומען אַהער אין אַרטעל אַריין?

עטלעכע מינוט איז געהאַנגען אַ שווערע שטילקייט אין דער לופט. ענדלעך האָט ר׳ אברהם זיך אָנגערופן:

— קומען מעג ער אודאי... איך טראַכט נאָר... צי וועט ער קענען... זיך צוגעוווינען... אָט איז למשל שלמה פּיאַטיגאָרסקי... האָט ער אַ מאָל געאַרבעט אַלס וועבער... טאַקע נישט דאָס זעלבע, אָבער פּאָרט אַ מלאכה... און דאָ...

— וואָס דאָ? אָט, אַ שטייגער, גייט דאָך אין אַרטעל אַריין אייער ניסן מיט טאַניען... האָבן זיי דען אַ מאָל געפּרווט אַרבעטן?

— זיי האָבן טאַקע אויך נישט געפּרווט, זיי האָבן אָבער קיין אַנדער ברירה נישט... מען מוז עפּעס פּאַרדינען...

— נו, און מיין משה, רעכנט איר, האָט יאָ אַן אַנדער ברירה? ער האָט אויך קיין אַנדער ברירה נישט... אין זיינע יאָרן, ביי אונדזער מלוכה, קען מען נישט הייסן קיין רבניש זונדל און טאַקע, ווי זאָגט איר, מען מוז עפּעס פּאַרדינען אויך... עס מאַכט זיך אָפּט מאָל ענגלעך אַ ביסל און אַ מאָל אויך אַ סך... אַזוי איז דאָס... נו, מילא, מיר ווילן לעבן, ווילן מיר זען. איצט זאָגט איר מיר, זוועניגאָראָדקער, שלמה, דאכט זיך, רופט מען אייך? איך האָב אויך אַ זון, משה רופט מען אים, אַן עלטערן פון אייך... איז פּאַר וואָס עפּעס זאָגט מיר ביאַליק דער רב, אַז ער קען אייך אפילו נישט פּערזענלעך? איר זענט דאָך שוין דאָ עטלעכע חדשים, איאָ אַזוי?

— איך האָב אים געגעבן „שלום" דאָס ערשטע מאָל, ווען כ׳בין גע־קומען אין שול אַריין. פּשוט, ער געדענקט מיך נישט... און וואָס האָט ער דאָ צו געדענקען?

— אָבער פּאַר וואָס זאָלט איר צו אים אַ מאָל נישט אַריינגיין? ער איז דער גאון פון אוקראַינע און בכלל אַ זיידענער יונגערמאַן... און איר, האָב איך געהערט, האָט אויך אַ שטיקל שטאָך אין לערנען...

— פון דעם, וואָס מען האָט אייך דערציילט, זאָלט איר ניינציק פּראָצענט אָפּלאָזן מיטן ווינט. און וואָס איר זאָגט אַריינגיין — וואָס הייסט, אַריינגיין? מיט וועלכע רעכט? ער איז עפּעס מיינס גלייכן?

— אויף אַריינגיין צו יענעם אין שטוב אַריין מוז מען האָבן רעכט? אַ בן־תורה צו אַ בן־תורה...

— זאָגט כאָטש: להבדיל, איך בעט אייך... שרגא בטיהרא מאי מהני?

— דאָס רעדט איר שוין נאַרישקייטן, שלמה. וואָס עפּעס: להבדיל? אויב מען קען נישט פּונקט אַזוי ווי ער, איז מען שוין להבדיל?... און כדי אַריינצוגיין צו אים אַ ביסל, מוז מען נאָר זיין זיין גלייכן? זייער

שיין... אָט קען איך אפילו נישט קיין צענטל פון אים, ממש איך קום נישט לקרסוליו... נו, ובכן, טאָר איך נישט אריינקומען צו אים?

— הרב פרידמאַן, וואָס פאַר א משלים גיט איר? די האָר שטעלן זיך ביי מיר קאַפּויר פון אייערע ראיות, וואָס איר ברענגט...

— גיי שוין, גיי, מאַך זיך נישט נאַריש... א יינגל דאַרף נישט זיין שעמעוודיק דאָרט, ווו מען דאַרף נישט... ווען איך בין א היגער, וואָלסטו שוין דוקא געווען ביי מיר א בן־בית, איז דאָך דאָס אָבער נישט אַזוי... יאָ, וואָס נאָך האָב איך דיך געוואָלט פרעגן? דו באַליידיקסט זיך נישט, הלמאי איך זאָג דיר „דו”? נו, גוט, גוט... וואָס זשע האָב איך געוואָלט פרעגן? א־הא!... זאָג מיר, יענער קרוב דיינער, דער רב, וועגן וועלכן דו האָסט דערציילט ר׳ אברהמען, קומט א מאָל אהער?

— קיין מאָל נישט... ערשט נישט לאַנג איז נאָך ביי אים זיין מוטער געשטאָרבן, פעלט אים שוין אודאי גאָרנישט...

— ברוך דיין אמת... א יונגער מענטש געווען?

— דאַכט זיך קיין זעכציק יאָר נישט אַלט געווען...

— אויב דו שרייבסט אים א מאָל, דעם רב, גריס אים פון מיר אומ־באַקאַנט און דיין פאָטער אויך... נו, איך גיי, עס ווערט שפּעט... אפשר פירסטו מיך אונטער א ביסל?

— וואָס פרעגט איר? מיטן גרעסטן פאַרגעניגן...

אין דער היים אויפן געלעגער האָט שלמה האַלב דרימלענדיק נאָך גע־הערט אין זיך די מעלאָדישע שטים פונעם אומפאַרגלייכלעכן לעבעדיגער רב. זיין מידער מח האָט אים אָקעגנגעשטעלט דעם קיעווער גאון ר׳ משה ביאַליק, אויך א שיינהייט פון א מענטשן און יינגער מיט א יאָר פופצן פון הרב פרידמאַן. נאָר שלמהן האָט זיך געדאַכט, אז יענער מעג זיך זיין דער גאון־עולם, אָבער די שיין, דאָס געטלעכע מילדקייט, וואָס עס פאַר־מאָגט אין זיך הרב פרידמאַן, פאַרמאָגט נישט הרב ביאַליק...ביידע זענען זיי אויסגעצייכנטע יידן, אָבער דער איז אַן אויסנאַם, א קאַרפירער אתרוג... ממש, א בעל רוח הקודש...

# קאפיטל LI

ס'איז פאריבער א וואך. דער „פאנטאפל" האט שוין פונקציאנירט און שלמה האט אויך געארבעט. די עקסטע צוויי גאסן פון פאדאלביים סאמע דניעפער רופט מען: איינע — נאביערעזשנע־ניקאלסקע און די צווייטע — נאביערעזשנע־קרישטשאטיווסקע. אויפן ראג פון אט די צוויי גאסן, פונקט אקעגן דעם שיפבוי־זאוואד אויפן נאמען פון סטאלין, וואס פארנעמט מיט זיינע ווערפן * און ריזיקע אויפהייבנדיקע קראנען גאנץ טרוכאנאוור־אינדזל און א גוטע האלב פון דער צווייטער סלאבאדקע, האט זיך אין צוויי היפשע צימערן, אין פארטער פון א גרויס ווינהויז, צעלייגט דער „פאנטאפל". אין גרעסערן צימער, מיט די פענצטער צום דניעפר צו, האט מען אוועקגעשטעלט די עטלעכע ניימאשינען, א לאנגן טיש פאר די צו־שניידערס, אויף דער וואנט — פאליצעס פאר די קומענדיקע באליעוועס, פאדעשוועס און סטיעלקעס מיט זאדניקעס. די ארבעט איז נאך געגאנגען פויל און נישט זיכער. קאמעניעצקי האט געלערנט די „ארבעטער", ווי אזוי צו האלטן א מעסער אין דער האנט, ווי אזוי עס צו שארפן.

א צערייצטער האט ער געטענהט:

— וואס זענט איר געווען ביז אהער, מלמדים צי באהעלפערס? איך ווייז דאך אייך גוט, קוקט זיך צו... אויפן קלעצל דארף מען ארויפלייגן די גאנצע האנט... ניין... נישט אזוי... מיט צוויי פינגער קושט מען נאר די מזוזה... פרווו שוין דו, יא, דו, דו. די גאנצע האנט!... שטארקער!... ציטער נישט! וואס ציטערסטו? אט אזוי... איצט קוועטש נישט אויפן שפיץ... קוועטש נישט, זאג איך דיר, דו וועסט אים אפברעכן, אט דאס וועט זיין... וואס פאר א אנשיקעניש? עפעס ליימענע הענט... אצינד זאג מיר, קראסאווטשיק מיינער, וואס האסטו צום מאדעל?... דערויף האב איך דיר געגעבן א מאדעל, אז דו זאלסט פון אים אלע מאל אפשניידן א פא־סיקל?... ווייז נאר דאס מעסער... וואס דען, טעמפ ווי האלץ!... מיט אזא מעסער ווילסטו זיין א שוסטער?... וויפל מאל האב איך אייך אלע גע־לערנט, אז דאס ערשטע מוז דאס מעסער זיין שארף ווי א חלף... אז נישט, טויג די גאנצע ארבעט אויף כפרות... איי, חברה, חברה... מיט אזא ארבעט וועלן מיר נישט אויספילן קיין פראם־פינ־פלאן... א, ניין... פארגעסט!...

די חברה איז געשטאנען ביים טיש, געבראקט די מאטעריאלן, קאליע געמאכט די מאדעלן און מיט איינגעפאלענע הערצער מודה געווען פאר זיך:

— טאקע אמת... טאקע נישט אויספילן... נישט דערצו געבוירן...

דער זאנאטאווטשיק־אינסטרוקטאר האט זיך געקאכט ביי די מאשינען:

— איך וואלט נאר געוואלט וויסן איין זאך, ווער האט אייך געזאגט,

---

* ווערף — אזא פלאץ, ווו עס ווערט געבויט דער סקעלעט פון דער שיף.

אַז ברעכן נאָדלען הייסט אויך געאַרבעט? וואָס איז ביי מיר — אַ ברונעם פון נאָדלען? איר האָט שוין באַלד דערליידיקט אַלע... טאַקע איין, אייך, טאַני, מיין איך אויך... איר לאַכט נישט... פון אַזאַ אַרבעט פאַרגייט דער געלעכטער... מילא, די צושניידערס דאַרטן, אַז זיי וועלן אָפּברעכן אַ שפּיץ פון אַ מעסער, וועט מען אָפּציען אַ צווייטן און אַז נישט, קאָסט אַ קלינגל ראַפּטאָם זעכצן קאָפּיקעם — אָבער אַ נאָדל, קעצעלע מיינס, קאָסט אַ רובל... אַ בראָך — אַ רובל, אַ בראָך — אַ רובל... דו האָסט שוין ביי דער כאַליעווקע אַוועקגעהרגעט דריי נאָדלען, דריי רובל, און אין גאַנצן די פּאָר פּאַנטאָפל וועלן די ווערט האָבן אַ האַרטן דרייער מיט אַ לאָך... יאָ, יאָ... מעגסט לאַכן... אַז ווי איז דעם פּוס, וועלכן מען וועט אַריינשטעקן אין דער חורבה... נאָך אַ מאָל ציט זי... ווער בעט דיך ציען? אויב די כאַליעווקע וועט זיין קורץ, וועט קאַמעניעצקי געבן אַ גרעסערן מאָדעל... וואָס איז דאָס דיין זאָרג? דו שטעפּ אָפּ, וואָס מען האָט דיר געגעבן... שטיי! צו אַלדע רוחות!... דיר ,דיר, מלכה, זאָג איך... דער פּאָדעם גייט דאָך פון אויבן, דו זעסט גאָרנישט? אַז איינס איז ערגער פונעם אַנדערן... די שפּולקע האָט זיך אויסגעלאָזט און זי טאַראַבאַניעט... אַזוי ווי די קליינע קינדער, אויף מיין וואָרט!... גוואַלד, ס'איז דאָך ביי דיר אַרוים אַ המן־טאַש, נישט קיין כאָליעווקע!... וואָס איז, טאַני? ווידער אַ נאָדל? מזל־טוב!... מיר קענען שוין באַלד אָפּפירן אַ וואַגאָן מיט מעטאַלבראָך... אויף מיין וואָרט!...

טרויעריק און אָן אַ לעבן האָבן זיך געצויגן די ערשטע אַרבעטסטעג... דער „פּאָרזיצער" פלעגט איין מאָל אין דריי טעג אַריינשטעקן די נאָז, אַ שמעק טון די לופט און זיך גיך אָפּטראָגן.

אַ מאָל פלעגן אַריינקומען פרישע בעלנים אויף אַריינטרעטן אין אַרטעל, אַ קוק טון אויף די פאַרחושכטע יונגעליים, וואָס שטייען נעבעך „אין געהאַקטע ווונדן", „קיצלען די מעסערס" און „לויזן דאָס געוואַנט"... מיט אַ פילאָזאָפיש שמייכעלע פלעגן זיי אַלץ באַקוקן, באַטראַכטן און אַ מאַך טון מיט דער האַנט: ווען אויף דער דלאָניע וועט וואַקסן האָר, דאַמאָלסט וועט מען פון די „פּאַנטאָפּעלעך" עסן ברויט...

אַ מאָל פלעגט אַריינפאַלן ר' אברהם שאַרפשטיין מיט אַ גראָבן פּאָרטפעל, זיך וואַשן די הענט און זאָגן אויפן קול: אשר־יצר...

— נו ,נו, האָט איר זיך דאָס פאַרקליבן... פונעם טראַמוויי גייענדיק האָב איך באַוויזן דערדאַוועגען פון פּאָרנט, אָפּזאָגן פרשת־המן, דעם יום תהילים און ס'איז נאָך געבליבן אַ מהלך־רב... מען דאַרף דיר זיין אַ בריה אויסזוכן אַזוי ווייט... זומער וועט איר קענען גיין טבילה פאַר יעדער פּאָר שיך... אָט דאָס וועט הייסן כשרע פּאַנטעפּעלך, טאַקע בקדושה ובטהרה, בשירה ובזמרה... אַז עס איז אַזוי נאָענט דער דניעפּר... אַז ביי אייך וועט דאָ אם־ירצה־השם ווערן אַ גאַנצע פאַבריק, וועט מען אומבאַדינגט זיך דאַרפן באַמיען דורכפירן אַן אַרבל פון טראַמוויי אַהער... אָדער אַוועקשטעלן אַן אויטאָבוס... אַנדערש איז אוממעגלעך... איך פיל קיין פיס

גישט... ווער שמועסט, היינט קומט אָן צו אייך אַרבעטן איינער ר׳ יואל, אַ קאַמינקער איז ער אַליין, ר׳ יואל קאַמינקער, אַ סטאָלענער חסיד... אַ ייד, קיין עין־הרע, אַ בן שבעים, אפשר נאָך מער, זאָל ער מאריך ימים זיין ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר... קיין גרויסע זאַכן וועט ער אייך דאָ נישט אויפטון, שוין נישט די יאָרן, אָבער אויסקלייבן די גרויסע שטיקער פון די קליינע, צי די קליינע פון די גרויסע, דאָס וועט ער נאָך קענען... אַ קאָזאַק אַ ייד! צי איר האָט נאָך נישט קיין קליינע שטיקער? קיין גרויסע, מיין איך? מילא, איר וועט פאַר אים שוין דאָ עפּעס אָפּזוכן וואָס צו טון... אַ ווילער ייד. קען מעשות פון גוטע יידן — אַ שלל!... און אַ שיינער בעל־לשון... אַ פה מפיק מרגליות... אָבער ווי אַזוי ער וועט זיך פאַרשלעפּן אַהער, שטעל איך זיך גאָרנישט פאָר... ווייס איך וואָס... ער וועט גאָרנישט געפינען אויך... און טאָמער יאָ, וועט מען אים דאַרפן ברענגען אַהער אַ קישן מיט אַ קאָלדרע און דאָ מאַכן אַ מנין, זאָל ער דאָ וווינען... זייער אַ ווילער ייד... אַ קאַמינקער אַליין... חברה־פּלעצל, וואָס האָט איר אַראָפּגעלאָזט די נעזער? אפשר איז אייך אומעטיק, וועל איך אייך אַראָפּשיקן מיין סאָליסטקע, וועט זי אייך אַ ביסל משמח זיין... איך האָב נאָר מורא, אַז שאַרפנדיק די מעסערס זאָלט איר זיך חלילה נישט צעשניידן פאַר גרויס התפּעלות, אַזוי ווי די פּוטיפרעכע... נו, טאַניטשקע, ווי קלאַפּט זיך עפּעס, נישקשה? אַרבעט, אַרבעט... האָסט נישט געוואָלט גיין אין אינסטיטוט ווערן דאָקטער אָדער אינזשיניער גלייך מיט דער גאַנ־צער וועלט, טאָ מאַך זשע כאָליוועקעס... אָבער מאַך זיי כאָטש גוט, עס זאָל נישט קוועטשן... נישט פאַר דיר געדאַכט, קוועטשט מיך אַ שוך, אַז די אויגן קריכן מיר ארויס פון קאָפּ... און דאָ נאָך אַזאַ ווייטער גאַנג... קאַ־מיניעצקי־סערדצע, אַנו, ווייזט שוין עפּעס אַ גרייטע זאַך, אַ פּאַרטיקס, אַ צאַפּלדיקס... וו־אָ־ס? אָט דאָס איז שיך? איך וואָלט גאָר קיין מאָל אויף אַזאַ שכל נישט געפאַלן... מ־יאָ... נו, מסתמא וועט שוין פון איצט אָן ווערן אַזאַ מאָדע אויף דער וועלט... אַז איר מאַכט, מן הסתם ווייסט איר דאָך, וואָס איר מאַכט... נאָר דער עיקר האָט אין זינען, זיי זאָלן נישט קוועטשן... אוי, קוועטשט מיך מיין שוך... כאָטש טו אים אויס און גיי באָרוועס אויפן שניי... איר ווייסט, וואָס איך האָב אין פּאָרטפעל? פּראָ־בעס! פּראָבעס פון געוואַנט, פּראָבעס פון פּאַסן, פון פּאָדעם און פון קאַר־טאָן... און אייך, חברה, האָב איך אויך אויף יעדן פּאַל מיטגענומען אַ „חובות־הלבבות"... טאָמער גלוסט זיך אין מיטן דער אַרבעט כאַפּן אַ קוק... וואָרעם דאָס אַלץ איז נאַרישקייטן... יאָ שיך, נישט שיך, דער עיקר איז: נישט לאָזן אַוועקגיין דעם טאָג מיט גאָרנישט...

עס זענען געווען אויך אַזעלכע טעג, וואָס קיינער האָט נישט אַריינ־געשמעקט. דער ווינט האָט אכזריותדיק געטריבן שנייאיקע טשערעדעס איבערן פאַרפרוירענעם דניעפּר. די ווערפן אויף יענער זייט אייז האָבן געוווּט, אָבער די הויכע קוימענס האָבן אומאויפהערלעך גערויכערט...

ביי די טישן, מיט איינגעבויגענע רוקנס, זענען געשטאַנען שלמה

אפרים־אהרונס, שמעון קלאַדניצקי, דעם פּאַדאָלער שוחטס ייִנגל, ניסן פייגנבוים און מאיר סעגאַל. דאָס איז געווען אַ בחור אין די יאָרן, נישט קיין הויכער, נאָר אַ זעלטענער גבור. אַן אָפן קלוג פּנים, נישט קיין באַרעדעוודיקער, נאָר ער האָט ליב זאָגן אַ ווערטל און הערן עפּעס אַ לוסטיקס. בשעת דער אַרבעט זינגט ער זיך צו אונטער דער נאָז „אייגענע קאָמפּאָזיציעס"... שלמהן האָט מען שוין צוגעטראָגן, אַז מאיר האָט שוין געפּרווט עטלעכע מאָל דאַווענען „מוספים", ער מאַכט אַליין „שירים", פאַרפאַסט צו זיי די מוזיק און זינגט זיי טאַקע אויך אַליין. ווייל — ווען זאָל ער זיי לערנען ?... זיינע שוועסטערלעך לערנען אין אינסטיטוט און די מוטער קרענקט. קיין פאָטער האָט ער שוין פון לאַנג נישט.

פון איבערפלעכלעכע שמועסן האָט שלמה תופס געווען, אַז אָט דאָס, פון ערשטן קוק, גאַנץ געוויינלעכע בחורל איז אַ גרויסער למדן און איז באַהאַוונט אין השכלה־ספרים. וואָס שלמה האָט נישט געקענט ליידן אין אים, איז זיין פאַרשלאָסנקייט. עפּעס ווי ער איינער זאָל וויסן אַ טייערן סוד און דערפאַר האָט ער מיט קיינעם נישט וואָס צו רעדן : עס זענען אַרויסגעוואָרפן די רייד ! צו דער אַרבעט איז ער געווען פעאיקער פון אַלע. וואָס מען האָט אים געוויזן, האָט ער באַלד געמאַכט אַזוי גוט ווי דער אינסטרוקטאָר. צו וואָס ער האָט זיך נאָר גענומען — האָט ער זיך געזעצט צו דער מאַשין, האָט ער זיך גענומען צעגלידערן די פאָסן אָדער צוקלאַפּן אַ פּאָדעשווע, — אַלץ האָט ביי אים געברענט אונטער די הענט. שלמה האָט מיט קנאה צוגעקוקט, ווי די פּאָדעשווע גייט ביי אים אַרוים פון אונטערן מעסער, קיילעכדיק און אָפּגעטאָקט. שלמה האָט מיט שנאה באַטראַכט זיינע אייגענע שפּיציקע פּאָדעשוועס, וואָס זעען אוים פון דער זייט פירעקיק. און אַ פאַרביטערטער האָט ער געטראַכט ביי זיך :

— כ'וואָלט נאָר אַ בעלן געווען זען, ווי אַזוי אַזעלכע בלעכענע פינגער שרייבן אָן אַ שיר... איך שטעל זיך שוין פאָר, וואָס פאַר אַ ווערטער דאָרט מוזן זיין.

איין מאָל האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און געזאָגט מאירן, וועגן וואָס ער טראַכט. יענער האָט נאָר אַ פינטל געטון מיט די אויגן, אַרויסגענומען אַ טאַשנביכעלע מיט אַ בלייפעדער און קאַלטבלוטיק געפרעגט ביי שלמהן :

— אָבער דו ווייסט ? איך שרייב נאָר אויף עברית...

— איך מיין טאַקע אויף עברית... אויף וואָס דען ?

— וועגן וואָס ווילסטו זאָל איך שרייבן ?

— שרייב... שרייב פון אונדז אַליין, ווי מיר שטייען דאָ לעבעדיק באַגראָבן... פאַר אונדז — דער געשטאַרבענער דניעפּר, הינטער אונדז — ברעכן זיך נאָדלען און מעסערס קריצן אויף די שטיינער, אַז עס צופּט ביי דער נשמה... דער אַלטער יואל כאַפּט אַ דרימל און שרייט פונעם שלאָף : לחיים, לחיים !...

— גענוג, גענוג... דאָס איבעריקע לאָז שוין מיך... גיי, גיי צו דער

אַרבעט, איך וועל דיר שוין צוטראָגן פּאַרטיקעראַהייט... אַז עס וועט פּאַרטיק ווערן, וועל איך דיר זאָגן...

און שלמה פלעגט נישט ווילנדיק מוזן מודה זיין, אַז פאַר אים שטייט אַן אויסערגעוויינלעכער טאַלאַנט. פאַר איין האַלבער שעה פלעגט געבוירן ווערן אַ שיר אין אַכט קופּלעטן, צו זעקס שורהלעך אין אַ קופּלעט, אַז עס איז זיך צעגאַנגען אין מויל. אין אַ שעה אַרום פלעגט שוין מאיר האָבן אַ „מוזיקע" צו דעם שיר און אים זינגען אויפן חזנישן שטייגער, פאַרלייגנ־דיק דאָס קעפּל אויף אַ זייט און פאַרזשמורענדיק די אויגן... און נישט קוקנדיק דערויף פלעגט ביי אים דער „זאַדניק" אַרויס נישט „מעוברת", די פּאָדעשווע — „אָן אויערן", דער שוך — „אָן קישקעס"... „געבענטש־טע הענט", וואָס איז דאָ צו רעדן?

געווען נאָך איינער, נחום אַדלער, פּונקט דער היפּך פון מאיר סעגאַל. נישט קיין למדן, נישט קיין שרייבער, נאָר דערפאַר שוין גאָר אַ פרייליכער. פון זיינע אַנעקדאָטן פלעגט מען זיך האַלטןביים בויך לאַכנדיק... דער אינסטרוקטאָר האָט איין מאָל געטראָגן פון דער פּליטע צום טיש אַ שיסל מיט פריש פאַרקאָכטן קליי אויף צו קלעפּן די זאַדניקעס, האָט אים אין מיטן וועג באַגעגנט נחומס אַן אַנעקדאָטל. די שיסל איז ביי אים אַרויס־געפאַלן פון די הענט און האָט געפּלאַצט. דער אינסטרוקטאָר האָט זיך אויסגעגליטשט און האָט זיך אויסגעצויגן אין דעם זודיקן קליי, מען האָט אים קוים אָפּגעריסן. האָבן אַלע געמיינט, אַז אַדלער וועט נאָך דעם „אומגליק" שוין ווערן אַ ביסל סטאַטעטשנער, איינגעהאַלטענער. צום סוף, וועד? וואָס? ער האָט ערשט דערויף דערציילט אַ שיינעם אַנעקדאָט, אַז מען האָט זיך אויף דאָס ניי געקאַטשעט פאַר געלעכטער...

טאַני פייגנבוים האָט קיין איין האָרעלע נישט פאַרלוירן פון איר שטענדיקער פרייליכקייט. זי האָט קעגן אַלעמענס דערוואַרטונג אָנגעהויבן ווערן אַ ספּעציאַליסטין, אויפגעהערט צו ברעכן נאָדלען און אָנגעהויבן איבעריאָגן די אַלטע נייטאָרינס.

עס זענען געווען נאָך אַ צענדליק מאַנסבילן און נאָך אַ האַלב צענ־דליק פרויען. די אַרבעט האָט זיך געשלעפּט ווי אַ וואָגן מיט אָקסן... עס האָט נאָך געפעלט די נשמה פון צעך.

אַ פּאָר וואָכן נאָכן עפענען דעם אַרטעל איז געקומען צו פאָרן משה פרידמאַן, דעם לעבעדינער רבס זון. אים האָט מען גלייך „געשטעלט" אויף פּאָדעשוועס לעבן שלמה פּיאַטיגאָרסקי און די צוויי בחורימלעך האָבן זיך שטאַרק צוגעבונדן איינער צום צווייטן.

משה איז געווען אַ בלאָנדער יונגערמאַן מיט אַ קליין געקרייזלט בער־דעלע, ענלעך אויף פּושקינס. אַלט, אַן ערך, פון אַ יאָר זעקס, זיבן און צוואַנציק: דעם טאַטנס שטערן, העל־בלויע גרויסע אויגן, וועלכע האָבן שעמערירט מיט זייער גוטסקייט און מיט זייער פאַרשטאַנד. די נאָז, עטוואָס אַ קרומלעכע, אַזוי ווי אַ למד, פון וואָס זיין קול איז געווען עטוואָס פּאַנ־פּאַטע און דערפון נאָך זיסער, נאָך נעענטער. אָן אַ פּאַפּיראָס אין מויל

איז ביי אים נישט געגאנגען די ארבעט און מיט א פאפיראס אין מויל — אויך נישט מיט קיין מסוכנעם קוראזש. פארקערט, מען קען גיכער זאגן: פאוואליע, טאקע גאר־גאר פאוואליע. א געלעכטערל האט ער געהאט: מלא־טעם! א ברוסטיקס: קכע־קכע־קכע. משה פרידמאן האט געהאט סמיכה אויף רבנות, נישט גלאט געגעדט אין דער וועלט אריין, נאר טאקע אויף פאפיר, שווארץ אויף ווייס... פון די גרעסטע רבנים... חוץ דעם האט ער געהאט מיטעלע בילדונג מיט אן אטעסטאט פון הוילע „פינפן" — אין דער היים געלערנט... חוץ דעם איז ער געווען א משכיל אויך און א פארברענטער פאליטיקער. געשפילט שארף אין שאך און געהאט נישט קיין שלעכטע פען. און דער עיקר: א מאטנס א קינד... דאס איז ביי אים געווען אנגע־שריבן אויפן פנים, זיך געלאזט פילן אין יעדער תנועה און אין יעדן איינציקן ווארט...

שלמהן פלעגט רייסן דאס הארץ צוקוקנדיק, ווי דאס איידעלע יונגער־מאנטשיקל טונקט איין די פינגער אין קליי און קלעפט דעם זאדניק. אדער ווי ער הענגט זיך אויף מיטן גאנצן קערפער אויפן פאס, וועלכער איז צוגעפעסטיקט צו דער טיר, און רייסט און רייסט און רייסט... אין סטא־לאווע, וווהין אלע פלעגן בעת מיטאג־איבעררייס גיין טרינקען טיי און, אגב, דארטן טאקע אפעסן, וואס יעדער האט מיטגענומען, — פלעגט ער נישט עסן: ער קען נישט עסן ביי נישט קיין פארשפרייטן טיש... נישט געוווינט... און בכלל, ווו מענטשן קוקן... ניין, ס'איז עפעס נישט...

שלמה האט אים שרעקלעך ליב באקומען: פאר זיינע גרויסע ליכטיקע אויגן, פאר זיין פאנפאטע קולכל, פאר זיין רבניש־צעקראכנקייט, פאר זיין קינדעריש־פארזארגטקייט, פאר זיין זיידנקייט.

פרידמאן, פארקערט, האט אין אים געזען א מאלאדיעץ, א סוחר, אן אויסגערויכערטע ליולקע און א שטארקן קאמבינאטאר... יעדער פון זיי האט ליב באקומען אין צווייטן דאס, וואס אים האט געפעלט. און זייערע נשמות האבן זיך שטארק פארקניפט.

דער ארטעל איז אונטערגעוואקסן און קאמיניעצקי האט באשטימט זיי ביידן פאר שטענדיקע פארעשווע־צושניידערס. מען האט זיי אפגעגעבן א באזונדערן טיש מיט א באזונדער שאפקעלע, אויפגעהערט זיי באנוצן צו אנדערע ארבעטן און דא ערשט האבן זיך ביידע חברים צונויפגעלעבט ממש ווי צוויי ברידער. די פארטיקע פראדוקציע פלעגט פארשריבן ווערן אויף זיי ביידן גלייך, קיינער האט זיך נישט גערעכנט, ווער עס האט גע־ארבעט מער און ווער ווייניקער. דאס זעלבע ביים עסן און דאס זעלבע ביי די בריוו. האט שלמה באקומען א בריוו פון דער היים, האט ער אים געגעבן לייענען אויך דעם חבר. האט דער צווייטער באקומען א בריוו פון דער היים, האט ער אים אויך געוויזן דעם חבר. א גרעסערע פריווילעגיע האט פון דעסט וועגן געהאט פרידמאן, ווייל ער איז עלטער און טאקע א רב... א רב בן רב...

# קאפיטל LII

תחילת נאכט. שלמה איז ארויפגעגאנגען אויף אינסטיטוטסקע 16, צוגעגאנגען צום צימער 9 און געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן. אין דער צייט פלעגט ער שטענדיק טרעפן אַלעמען אין דער היים. ס'איז ארויסגעגאנגען א שכנטע, וואָס וווינט אויף דעם זעלבן קאָרידאָר. שלמה האָט זיך געווענדט צו איר:

— אנטשולדיקט, חברטע, צי קענט איר מיר נישט זאָגן, וווהין האָבן געקענט אוועקגיין אַלע ווייסבלאַטס?

— וווהין זיי זענען אוועקגעגאנגען, קען איך אייך נישט זאָגן, זיי זענען מיר דאָס נישט מודיע. נאָר פריער א ביסל האָב איך געפונען א צונויפגעלייגט צעטעלע ביי זייער טיר, האָב איך דאָס באַהאַלטן, כדי זיי עס אָפּצוגעבן. איך קען דאָס אייך ווייזן, טאָמער וועט איר דערפון עפּעס געוווירן...

— א גרויסן דאַנק אייך... דאָס צעטעלע האָט איר ביי זיך?

— עס ליגט ביי מיר אויפן קאָמאָד, אָט גיב איך עס אייך...

אין צעטעלע זענען געווען אויף גיך אָנגעוואָרפן געציילטע ווערטער: „שלמה, טאָמער קומט איר, גייט צו אויף ליוואַשאָווסקע צו מיין קוזינע. פּ”.

שלמה האָט אומגעקערט דאָס צעטעלע, באַדאַנקט און איז ארויסגעגאנגען. א גאַנצן וועג האָט ער זיך געבראָכן דעם קאָפּ: וואָס האָט געקענט געשען? נישט פּאָלי, נישט סאָניע... און וואָס עפּעס גאָר אויף ליוואַשאָווסקע? און אז פּאָלי זאָל אים איינלאַדן, איז עפּעס אויך נישט גאָר געווינלעך. וויפל ער האָט נישט געטראַכט, האָט ער גאָרנישט געקענט צוטראַכטן. ער האָט קוים געפונען דאָס הויז, איין מאָל אין גאַנצן געווען דאָרט מיט פּאָלין, אי דאָס ביי נאַכט. נאָך פון קאָרידאָר האָט שלמה דערהערט פיל קולות פון מענטשן און ווידער נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר.

אויף דער שוועל האָט ער באַלד דערזען, אז דער רעש האָט אים א ביסל אָפּגענאַרט, עס זענען כמעט קיין פרעמדע מענטשן נישט געווען. עס זענען געווען די בעלי־בתים פון דער שטוב מיט זייערע קינדער, וולאַדימיר מיט סאָניען, מיטן יינגעלע, פּאָלי און עפּעס איינער א טונקל־ברוינער מאַנסביל, א פרעמדער. שלמה האָט געזאָגט „א גוטן אָוונט”, נאָר קיינער האָט אים נישט געענטפערט, מען האָט נאָר געקוקט אויף אים מיט נייגעריקע בליקן. שלמה האָט נישט פאַרשטאַנען, מיט וואָס האָט ער זיך פאַרזינדיקט קעגן זיי, וואָס זיי ענטפערן אים נישט. ער האָט זיך פאַרלוירן ארומגעקוקט און דאָ האָט זיך אים אויסגעדאַכט אויפן פרעמדן מענטשן, אז ער האָט שוין ערגעץ אָט די אויגן געזען... ער האָט געקוקט און געקוקט און זיך נישט געקענט דערמאָנען, ווען און ווו ער האָט זיי געזען. נאָר

פלוצלינג האָבן זיך די „אויגן" אויפגעשטעלט און שלמהן האָט זיך גע־דאַכט, אַז ער האָט שוין ערגעץ געזען אָט די פיגור אויך... באַקאַנטע אַקסלען, ביז גאָר באַקאַנטע ליפּן... און די נאָז... און די אויערן... און דאָס הייבן מיטן זייטל... גוואַלד, ווער קען דאָס זיין? אַזוי קענטלעך און נישט קענען טרעפן...

די פיגור גייט צו אים, דערנעענטערט זיך... דערנעענטערט זיך... און פלוצלינג האָבן צוויי אויפּרייסן גלייכצייטיק אויפגעטרייסלט דאָס צימער:

— יאַני!...

— שלמה!...

זיי זענען געשטאַנען אין מיטן צימער, יעדנס קאָפּ אויפן צווייטנס אַקסל און געכליפּעט... זיך אָפּגעלאָזט און אויף דאָס ניי זיך אָנגעקוקט:

— יאַני...

— שלמה, קינד מיינס...

און ווידער איינגעשלאָסן איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס. פּאָלי האָט שווער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און שלמהן האָט דאָס אַ שניט געטון פאַרן האַרצן...

ביים טיש, טרינקענדיק טיי, פרעגט אים יאַני:

— דו ביסט דאָך עפּעס אַ ייד אַ תלמיד־חכם און אַ תלמיד־חכם דאַרף דאָך האָבן אַ תביעת־עין. ווי קומט דאָס, וואָס דו האָסט מיך אַזוי לאַנג נישט דערקענט?

— איך ווילט ווימן, פאַר וואָס? ווייל איך דערקען אייך נאָך איצט אויך נישט...

יאַני לאָזט טרויעריק אַראָפּ די אויגן:

— יאָ, ווייזט אויס, אויפן פּנים איז אַלץ אָנגעשריבן... דאָס פּנים איז אַ מסור...

— יאַני, איר טאָרט זיך נישט באַקלאָגן. דאַנקען גאָט, איר לעבט, אייער משפחה לעבט... געלט איז אַזאַ זאַך, וואָס מען ווערט דערמיט נישט געבוירן און אַז מען שטאַרבט, לאָזט מען עס איבער... קוים האָט אייך דער אייבערשטער געראַטעוועט, פריער פון כמעלניק און דערנאָך פון וולאַדיוואָסטאָק, איז אַ סימן, אַז איר זענט ביי אים נישט וואָלוול. און ער וועט אייך איצט אויך נישט פאַרלאָזן...

ביי יאַנין אין די אויגן שטייען טרערן.

שלמה רעדט ווייטער:

— גלייבט מיר, ס'איז מיר אויסגעקומען פאַר אַ יאָרן זומער צו באַ־געגענען אין צוויטקאַוו אַ טראַנספּאָרט פרויען מיט קינדער, וועלכע מען האָט אומגעקערט פון סאַכאַלין, שווידערט מיך נאָך היינט, ווען איך דערמאָן זיך זייערע פּנימער, אויב מען קען דאָס בכלל אָנרופן פּנימער... רעדט נישט... אין בעל־הנס מכיר בנסו... איר זענט גאָר קיין מבין נישט, וואָס פאַר אַ חסדים דער אייבערשטער האָט מיט אייך געטון... און אויף ווייטער אויך נישט געזאָרגט... גאָט איז אַ פאָטער...

— איך זינדיק נישט חלילה און בענק נישט נאָך די מילן... בעסער וואָלטן זיי זיך געווען אָנגעצונדן פריער מיט פינף יאָר, וואָלט איך נישט געווען געדאַרפט אויסשטיין דאָס, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען... וואָלט איך געווען מיט לייטן גלייך... נאָר גאָרנישט... מן הסתם איז אַלץ אָנגע־צייכנט... זיין אַ קעלנער... זיין אַ שאַכטיאָר... „פאָרן" קיין אַמעריקע... באַגנבעט ווערן פון קאָפּ ביז די פיס... אַזאַ עשרות... נאָר איך בין אַלץ אויף זיך מקבל באהבה... ד' נתן וד' לקח... איין זאַך בעט איך ביי אים: אַ ביסעלע מנוחה... עס זאָל מיך שוין פון דאַנען קיינער נישט טרייבן... באַקומען אַן אייגן ווינקעלע, אַרויסנעמען דאָס ווייב און קינדער און האָרע־ווען אויפן שטיקל ברויט גלייך מיט אַלעמען... איך וויל שוין נישט זיין קיין נגיד... איך וויל שוין נישט קיין באַסטאָן... איך וויל מיינע קינדער ברענגען צו אַ תכלית. איך זע, פּאָליטשקע איז קיין עין־הרע אונטערגע־וואַקסן און געוואָרן אַ פּאַרשוין... נאָך שענער, ווי די מאַמע אירע איז געווען... איך וואָלט שוין געגרן דערזען אברהמעלען, ניומעטשקען און סאַנקעלען, זי קער אויך זיין אַ מיידל אַ ברען... פון תמיד אַן געווען אַ שאַדנווינקל... אָך, ווי דאָס חיות גייט מיר אויס נאָך זיי אַלע... און טאַקע נאָך אסתרן... זי האָט זיך אויך נעבעך גוט אָנגעליטן... שוין פּאַר אַלע יאָרן... מיט אַ מאָל אָפּגענומען... ס'איז עפּעס מער פון אַ יאָר, זינט איך בין אַנטלאָפן, און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז שוין צען, הונדערט, טויזנט... איך ווייס אַליין נישט וויפל... נו, און וואָס הערט זיך ביי דיר, שלמה? דיך איז אויך נישט גרינג צו דערקענען... נאָר איך האָב דיך דוקא באַלד דערקענט... ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו דאַרפסט אָנקומען, אָבער ווען אין גאַס — ווייס איך נישט... געוואָרן אַ גרויסער בחור, אַ שיינער, מיט אַ שניפּס, מיט געלע לעדערנע הענטשקעס — אַ קיעווער יונגערמאַן, וואָס איז דאָ צו רעדן?... דערצייל עפּעס, דערצייל, אַ גאַנצן אויפדערנאַכט, אַז איך רעד און דו שווייגסט...

— וואָס זאָל איך אייך דערציילן וועגן זיך? איך האָב נישט איבער־געלעבט דאָס וואָס איר, קיין האַלב אויך נישט...

— איז טאַקע אַ גרויסער דאַנקען גאָט, וואָס זשע מיינסטו? וואָס טוט דער טאַטע?

— דאַנקען גאָט, כ'האָב אים שוין אויך אַ האַלב יאָר נישט געזען... מוטשעט זיך שטאַרק מיט דער פּרנסה...

— מען דערציילט מיר, אַז דיין דינה איז אויך אין קיעוו?

— יאָ, זי איז אויך אין קיעוו... זי וועט זיך דערוויסן, וועט זי קומען צו לויפן...

— אַ טייער קינד, דינהלע... ווי זעט זי אויס?

— ווי זי זעט אויס? איר קענט דאָך פרעגן ביי פּאָלין... אַ פרעמדער זעט בעסער... אַ כלה־מיידל... אַ שיינע, אַ הויכע, דאַכט זיך נאָך העכער פון מיר... אַרבעט און לערנט... ווערט גוט פאַרשוואַרצט... זעט נישט די ליכטיקע שיין... זי וויל כאַפּן צוריק דאָס, וואָס זי האָט דורכגעלאָזט...

— נו, און דער זיידע וואָס טוט? מנשה?

— וואָס זאָלן זיי טון? דער זיידע איז געוואָרן אַן אַלמן, מנשה — אַ יתום... וואָס זאָלן זיי טון? מען זאָגט קדיש און מען ציילט זיך דעם ביסן אין מויל אַריין...

— יאָ, כ'האָב געהערט די גוטע בשורה אהינצו... לוי נאָטעס אויך געשטאָרבן? טראָגט זיך אָפּ צו ביסלעך דער עלטערער עולם...

— וואָס פאַר אַן עלטערער? די מומע זלאַטע איז נאָך קיין זעכציק נישט אַלט געווען...

— און דו מיינסט, לוי נאָטעס איז אַן אַלטער ייד געווען?... אַזוי, אַזוי... איך דאַרף זיך שוין אויך באַלד קלייבן אין וועג אַריין... די יאָרן לויפן שנעל. כ'וויל נאָר זען פריער מיינע קינדער באַשטאַטן... אָך, עס קריכן מיר אַרויס די אויגן פון קאָפּ, אַזוי וואָלט איך זיך שוין געוואָלט זען מיט זיי... כאָטש סטאַנציע יערקע, ווען איך זע... כאָטש דאָס וואָרט זוועניגאָראָדקע אָנגעשריבן...

— דעם פאַרגעניגן קען איך אייך צושטעלן. נישט נאָר אָנגעשריבן, נאָר אפילו אָפּגעדרוקט...

— וואָס הייסט אָפּגעדרוקט?

שלמה נעמט אַרויס אַ קאָנווערט, דערלאַנגט יאַנין:

— כ'האָב היינט ערשט דערהאַלטן אַ בריוו פון זוועניגאָראָדקע, קענט איר דעם נאָמען זען אין שטעמפּל מיט געדרוקטע אותיות...

— פון וועמען איז אַ בריוו? וועמען האָסטו דען דאָרטן? די מומע גיטל ווינט נישט אין אומאַן? דאַכט זיך, איבערגעפאָרן?

— דער בריוו איז פון דעם רבין שמעיהן, שמעיה פּאָקוטילאָווער...

— וואָס רעדסטו? ס'איז דאָך מיין רבי אויך... ווייז אהער, ווייז...

יאַני קושט דעם בריוו, דריקט אים צו צו די אויגן און וויינט... ווען ער באַרואיקט זיך אַ ביסל, פרעגט ער ביי שלמהן:

— מען מעג אים לייענען?

— איי, צו וואָס טויג עס אייך?

— דו האָסט דאָרט סודות?

— נישט מחמת סודות, נאָר גלאַט — צו וואָס נוצט דאָס אייך?

— אויב קיין סודות נישט, פרעג איך נישט ביי דיר... מיר איז טייער מיין רבינס אַ וואָרט... זאָגט ער גאָר, צו וואָס נוצט עס מיר...

— נו, זאָל זיין יאָ סודות, ער רעדט מיר דאָרט אַ שידוך...

— אַ שידוך? איך וועל דיר אויך רעדן אַ שידוך... זאָל זיין שטיל. וואָס הערט איר אים? הערט אים נישט... ס'איז מיין רבי גלייך ווי זיינער...

# קאפיטל LIII

„צו מיין ליבסטן, טייערסטן תלמיד און טייערן זון שלמהלע זאָל לעבן.

איך האָב געוואָלט ברוגז ווערן און דיר אין גאַנצן נישט שרייבן, נאָר דער היינטיקער פּופּציקער האָט מיך שוין לחלוטין אַרויסגעפּירט פון די כלים: וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג? עס זענען דאָך נאָך קיין דריי וואָכן אפילו נישט פאַריבער, זינט כ'האָב באַקומען דעם דרייסיקער? וואָס ביסטו — אַ פאַרשווענדער געוואָרן, צי וואָס? דאָס פּאַסט פאַר אַ פאַר־שווענדער, נישט פאַלגן אַ רבין און זיך ווארפן מיט פּופּציקערס. דו שרייבסט, אַז חנה זאָל קויפן אַן עוף און מיר מאַכן מאַנדלען צום יאַכל. ווי געפעלט דיר דער אָנשטעל? כ'בין טאַקע אַנדערש נישט געוווינט גע־וואָרן ביי מיין טאַטן נאָר אויף יאַכלעך מיט מאַנדלען... ווי שטייט מיר גאָר אָן אַנדערש?... זעסטו, דיין פּעקעלע מיט דער פּאַסט האָט מיר ממש געעפנט די אויגן... ערשטנס, דער רייז... דו ווייסט אָבער, וואָס צו שיקן. אַ בעלשמסקע איינינקל ווייסט אַליין, וואָס מען דאַרף... ווען עס איז אָנגע־קומען פון דיר דאָס געלט, האָב איך מיר געהייסן מאַכן מער מיט אַ טע־פּעלע ווזוואר און וואָס זאָל איך דיר דערציילן? אַז ס'האָט מיך צענומען... אַלע האַלבע שעה האָט עס מיך געטראָגן אין יענעם מקום אַריין... אַזאַ שלשול, נישט פאַר דיר געדאַכט, זאָל גאָט שומר ומציל זיין... בקיצור, דיינע רייז האָבן מיך געראַטעוועט... דאָ קריגט מען דאָס נישט פאַר קיין געלט... היינט, די זייף... דיר זאָגן, אַז דו האָסט זיך פאַרדינט עולם־הבא? זאָגט חנה, אַז זי איז נאָך נישט מסכים. עס קומט דיר מער... זי פלעגט זיך אָפּרייבן די הענט, וואַשנדיק מיט קרייד, און איצט — אַ ליכטיקע וועלט!... פינף שטיקלעך מיט אַ מאָל... איצט דאָס פּעקעלע טיי... איך זאָל דיר נישט זאָגן קיין ליגן, עס איז שוין אַ שאָק מיט יאָרן, אַז איך האָב קיין פּעקעלע טיי אין די הענט נישט געהאַלטן... דאַכט זיך, פון די באַלשע־וויקעס אָן... און איצט... נו, נו, בראַדסקי!... ס'האָט זיך מיר אפילו נישט געחלומט, הלמאי זאָל איך זאָגן? דעם סטאַליערישן קליי, די שפּיציקע צוועקלעך, די נאָדלען און די קלעצעלעך פאָדעם, וואָס דו האָסט אַריינגע־ליינט, דאָס איז שוין מעשה־סוחר... חוה מיט חנהן האָבן אָפּגענומען פאַר די סחורות אַ היטל מיט געלט... און געקויפט אַ קאַטשקע, אַן אָדלער, זאָג איך דיר. זי האָט מיר שיר נישט ביס געטון אין פּוס... וואָס זשע קומט אַרויס? ווען דו קענסט אויך פאַרזוכן פון די גריזון, איז דאָס אודאי אַן ענין, און אַז נישט, גייען זיי מיר נישט איין... און סמעטענע נאָר האָט זי אויך געקויפט ביי ריקל דער „מעלקנדיקער" און בפירוש אַ פול קריגל ווי אַן אויג... איך טענה צו איר: „גזלן, איך דאַרף דאָך מאַכן אַ „שהחיינו", כ'האָב נאָך, דאַכט זיך, אויף מיין לעבן קיין סמעטענע נישט פאַרזוכט"... ענטפערט זי: „איך ווייס גאָרנישט, שלמה האָט אַזוי געהייסן"... און שטייט צו צו מיר ווי אַ פּיאַווקע, נאָר איך זאָל שוין אויסזופּן אַ האַלב טעפּעלע...

כ'האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן, איך האָב געמוזט אויסזופן און זיך טאַקע ממש מחיה געווען... און טאַקע שפּעטער ווזוואַר און נאָך אַ מאָל סמעטענע, און נאָך דעם אַ יאַבל און אַ צעריבן לעבערל און טאַקע ווידער ווזוואַר... אַ קינפּעט — וואָס האָסטו צו קלערן? בקיצור, דו האָסט מיך אַראָפּגע־שלעפּט פון געלעגער... איך גיי שוין אַרום. געמיינט: עליו־השלום... צום סוף, גיי איך שוין אין בית־מדרש אַריין... מילא, ווי אַזוי איך האָב זיך דערפריים מיטן עולם און דער עולם מיט מיר, איז דאָך נישט ש״יך... אַלע זענען דאָך מיינע תלמידים, אַלע ביז איינעם... די שמחה איז געווען עד אין לשער! נאָר אין שמחה בלא תוגה... חוהלע האָט מיך געדאַרפט פירן אין בית־מדרש אַריין... מיינע ברילן געדענקסטו נאָך, ווען זיי האָבן זיך צעבראָכן? האָב איך זיך אַלץ געבריה'ט מיט זיי, ביז זיי זענען זיך צעפאַלן אויף שטיקלעך. איז אין בעט האָב איך אַנגעטאַפּט, וואָס איך האָב גע־דאַרפט, אָבער גיין אַליין און גאַס האָב איך מורא געהאַט... טאָמער אַ פערד, טאָמער אַ בוים. אַזוי עטלעכע טעג שוין... איך גיי און חוה פירט מיך... גיי איך מיר אַזוי פּאַוואָליע און האַלט אין איין טראַכטן: „פאָטער אין הימל! וואָס וויל פון מיר אָט דער שלמה? וואָס הייסט, ער שיקט מיר קליי מיט פּאָדעם? פאַר מיין טאַטנס געלט? טאָמער וואָלט איך יאָ געהאַט אַ ברעקל עולם־הבא, צאָלט ער עס מיר אויס אויף דער וועלט מיט קאַטשקעס, מיט סמעטענע און מיט וואַרעמע פּאָרלעך גרעט... מען דאַרף אים אויפהערן ענטפערן, וועט ער אויפהערן זיך אויסברענגען”... אַזוי האָב איך מיר באַשלאָסן ביי זיך... איך קום מיט חוהן אַהיים, עס וואַרט אויף מיר אַ מיידל. „ווער ביסטו, מיידעלע?”... זי איז גאָר אַליין אַ ליסענ־קער, נאָר זי דאַרף ר' שמעיה פּאָקוטילאָווער, צי דאָס בין איך? בקיצור, איך בין איך. „וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן גוטס?”... „פון שלמה אפרים־אהרונס — אַ פּעקעלע”... איך האָב געמיינט, איך פאַל אום פאַר דערשרעק... נאָך אַ פּעקל? נאָך אַ שטיקל עולם־הבא? איך האָב דאָך ערשט באַשלאָסן אים נישט צו שרייבן... אָט דאָס פאָלגט ער אַזוי אַ רבין? איך וויל איר נאָר אָפּגעבן צוריק דאָס פּעקעלע, נישט צעפּאַקטערהייט, זאָגט זי אָבער, דאָס מיידל, אַז היינטיקן ווינטער וועט זי שוין אין קיעוו מער נישט זיין, אפשר וועסנע אָדער זומער... זי פרעגט מיר נאָך אַ מאָל איבער, צי איך בין איך און זאָגט „אַ גוטן טאָג”... חוה הייבט אָן צענעמען דעם אוצר: ברילן!... וואָס זאָל איך דיר זאָגן? דער אייבערשטער זאָל דיר טאַקע אַזוי דערלייכטן די אויגן, ווהין דו וועסט זיך נאָר קערן און ווענדן, ווי דו האָסט מיר די וועלט באַלויכטן... איך האָב ערשט דערפילט, אַז איך לעב, איך האָב נאָר געוואָלט גיין אַ ריקודל... נאָך די ברילן — צוויי שאַכטלען שפּראָטן... נו, פרעג איך דיך, קען מען מיט דיר שלום זיין? וואָלט איך נאָך געוווסט, אַז דו עסט דאָרטן אויך שפּראָטן... פיל איך אָבער פון דאַנען, אַז אַליין עסטו קדחת און מיך באַלעוועסטו מיט פויגלמילך. און נאָך אַ מאָל זייף און נאָך אַ מאָל טיי און עטלעכע שקאַרמיצלעך ארץ־ישראל־פּירות אויף חמשה־עשר און אַ מאַראַנץ אַ חוץ און צוויי לימענעס... און טאָמער

איז נאָך קאַרג, איז אַ נייע קאַפּאָטע מיט אַ נייעם קאַשקעט... גיין, גיין, דאָס איז שוין איבער דער מאָס... דו באַגזלסט דיין טאַטן און מער גאָר־נישט... איך מעסט אָן די קאַפּאָטע און ליג אַריין די האַנט אין בוזעם־קעשענע, גלאַט אַזוי, אָן קיין שום מיין דערביי, נעם איך ערשט אַרויס אַ פופציקער מיט דיין בריוועלע... טאָמער איז שוין לאַנג שטיל געווען, אַ שפּאָגל־נייע אינסטרוקציע צו חנהן. איך האָב שוין גאָר קיין דעה נישט, דו רעדסט שוין גאָר גלייך צו איר: נאָך אַ מאָל אָן עוף און ווידער אַ מאָל סמעטענע און אייער און קיסיעל און קאָמפּאָט און מאַנדלען צו דער יויך... גלייב מיר, ווען איך האָב דיך אויף דער שטעל, לאָז איך דיר אַראָפּ די הייזלעך און... איך בין דיר נישט מקנא... איך האָב אויף דיר גוזר געווען און דו הערסט מיך ווי דעם קאָטער... מילא, וואָס ווילסטו קלערן? צי די קאַפּאָטע פּאַסט מיר? צו דער חופּה האָב איך קיין שענערע נישט געטראָגן... און דאָס היטל — אַזוי ווי אָנגעמאָסטן... און טאַקע נאָך אַ מאָל די ברילן... איך האָב דיר אַ מאָל געשריבן, אַז איך פּיל, מען רופֿט מיך „אהין"... עס הייבט זיך גאָרנישט אָן... ס'איז אַ גראָבער ליגן... איך ווער ערשט אַ יונגער־מאַנטשיק... אין שול האָט מען מיך גאָרנישט דערקענט... איך האָב זיי דער־ציילט, וועמענס מתנה דאָס איז, און אַלע האָבן דיך שטאַרק געלויבט... ר' וועלוועלע, זאָל מאריך ימים זיין, אויך... בכלל, האָב איך אים אַלץ דערציילט... נו, וואָס טוט מען מיט דיר איצט? ווידער אַ מאָל גוזר זיין? זע איך דאָך, אַז עס איז ווי אָן אַרבעס אין דער וואַנט... על־כל־פּנים, בעט איך דיך, שיק מער נישט קיין הלבשה און שרייב אָן די קינדער, אַז זיי זאָלן מיך אַזוי נישט שטאָפּן... איך בין נישט קיין אינדיק. באַלד עפּעס, שרייען זיי: שלמה האָט אַזוי געהייסן... פּאַרטיק! קוים האָט שלמה געהייסן, האָב איך שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן... נו, קינד מיינס... בלייב געזונט, איך... וואָס איך? איך בין אַ צעבראָכענער שאַרבן... דער בורא עולם, וואָס זעט אַלץ און ווייסט אַלץ, ער זאָל דיר באַצאָלן פאַר דיין גוט האַרץ, פאַר דיין נישט פאַרגעסן אָן אַלטן יידן, אָן עלנטן, אַ פאַריתומטן... אוי, גאָט זאָל מיר געבן יאָרן, איך זאָל נאָך זוכה זיין דיך צו זען!... קיין גרע־כערע בקשה האָב איך גאָרנישט. חנה און חוהלע גריסן דיר און דאַנקען דיר אָן. עס מעג דיר אָנגיין כאָטש האַלב. פון מיר,

דיין רבי שמעיה פּאָקוטילאָווער".

אַלעמענס אויגן זענען געווען צוגעשמידט צו שלמהס פּנים, נאָר ער האָט פאַרטיפט געלייענט די אויפדערנאַכטיקע צייטונג. יאַני איז צוגעלאָפן, אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ און שטאַרק צוגעדריקט צום האַרצן:

— שלמה, קינד מיינס, דו ביסט דאָך אַ באַהאַלטענער צדיק...

שלמה האָט זיך לאַכנדיק באַפרייט פון זיינע הענט:

— ביי וועמען האָב איך זיך דאָס אויסגעלערנט, אויב נישט ביי אייך?

— ביי מיר? וואָס רעדסטו?

— אודאי ביי אייך... איך געדענק נאָך די דימענטן, וואָס אסתר האָט געפונען אויף די קישנס און איר האָט זיי אויפגעקליבן...

יאַני ווערט רויט און רופט זיך אָן מיט אַ בייזער:

— וואָס נאָך ווּעסטו אויסטראַכטן? האָט זיך דערמאָנט אַ מעשה...

— איך קען אייך דערמאָנען נאָך פיל ענלעכע מעשות, אויב איר ווילט...

— אַן עק, דערציייל שוין בעסער, ווי אַזוי גייט ביי דיר אַליין די אַרבעט?

— ס'איז אַ בזיון צו דערציילן... איך בין געוואָרן — נישט קענגן נאַכט דערמאָנענדיק — אַ שוסטער אָדער אַ צושניידער... איך מוטשע די פּאַ־דעשווע און זי מוטשעט מיך... מיר האָבן זיך ביידע ליב פון דער ווייטנס... אָט דאָס איז דאָס... קיין נחת פון מיין אַרבעט זע איך נאָך דערווייל נישט... מיט דער צייט ווערט זיך אפשר פאַרבעסערן...

— שיקסט נאָך אַלץ דעם טאַטן פּעקלעך?

— אַן אַנדער ברירה האָב איך? איך שיק און באַקום...

— דו האָסט דאָ פּאָליטשקעס אויך צוגעהאָלפן, האָב איך געהערט...

— איר הייבט שוין אָן לצנות מאַכן?... זאָגט בעסער, וואָס קלערט איר איצט טון? איר זענט דאָך אַזוי ווי ערשט געבוירן... מיין עצה וואָלט געווען, דאָס ערשטע: אַרויסרופן די משפחה אַהער... זאָל נישט זיין קיין צעריסן געמיט נאָך אַזאַ פינצטער יאָר. איר — דאָ, און זי — דאָרטן...

— פאַלי האָט פאַר נאַכט אָפּגעשיקט אַ טעלעגראַמע, זיי זאָלן קומען.

— זייער גלייך, זייער גלייך... עס טוט מיר שטאַרק הנאה... נאָר נישט זאָרגן! עס ווערט איבערפליען אַ קליין שטיקל צייט און אַלץ ווערט זיך איינאָרדענען... אָט ווערט איר אומיסטן זען...

— צו גאָט אַ האָפענונג... צו גאָט אַ האָפענונג...

— נו, איך וועל גיין... מיר וועלן זיך שוין זען... איך בין ביי אייע־ריקע אָן אָפּטער געסט... אפשר אָפטער, ווי עס דאַרף צו זיין...

— וואָס רעדסטו, שלמה? אַז איך האָב דיך דערזען... ווער איז צו מיר גלייך? קום זשע מאָרגן, פאַרגעס נישט, למען השם!

אין עטלעכע טעג אַרום זענען געקומען די איבעריקע טולטשינסקיס. יאַני מיט אסתרן האָבן זיך געפונען אויף ליוואַשאָווסקע און די קינדער ביי די ווייסבלאַטס. מען האָט געזוכט אַ דירה...

# קאפיטל LIV

ר׳ אברהם שאַרפשטיין האָט באַגעגנט שלמהן אין גאַס און אים געזאָגט:

— שלמה, איך בין אַנומלט געווען ביי הרב ביאַליק, האָט ער גע־בעטן, דיר איבערגעבן, אַז דו זאָלסט אומבאַדינגט צו אים אַריינגיין. צוויי מאָל האָט ער מיר אָנגעזאָגט.

— אויף וואָס קען מיך דאַרפן הרב ביאַליק?

— איך האָב ביי אים נישט געפרעגט, מן הסתם דאַרף ער דיך...

דעם אויפדערנאַכט האָט סאָנקע באַקומען אַ העכערע טעמפּעראַטור און פּאָלי האָט געמוזט זיצן לעבן איר. וולאַדימיר מיט סאָניען זענען גע־ווען ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, ניומאַ האָט געגרייט מיט וולאַדימירס יינגעלע די „אוראָקן".

פּאָלי איז געווען טרויעריק און פאַרשלאָסן אין זיך. וויפל שלמה האָט נישט אָנגעווענדט כוחות אַריינצושלעפּן זי אין אַ שמועס, זי צעשטרייען אַ ביסל, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן: אָדער זי האָט מע־לאַנכאָליש געענטפערט אַ וואָרט איבער צען, אַז נישט, האָט זי אין גאַנצן געשוויגן. שלמה האָט, פאַר יוצא זיין, געמאַכט מיט אוראַמען אַ פּאַרטיע שאַך און איז אַוועקגעגאַנגען.

אויף דער גאַס האָט געשיט אַ געדיכטער שניי. אין די באַלויכטענע פונקטן האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז דאָס זעט מען אַ פילם פון אַ נאָענ־טער ריי. אויף קרעשטשאַטיק האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. עס איז געווען אַזוי פיל ליכט, אַז מען האָט געקענט פאַרגעסן, אַז עס איז נישט טאָג. מיליאַרדן פאַרשידענע שטערנדלעך זענען פרידלעך געפאַלן אויף די פּליי־צעס, אויף קאַראַקולענע קאָלנערס, אויף שפּיץ נעזער און אויף הייר־סע הענט. גאַנץ קרעשטשאַטיק, פון דעם „פּראָלעטאַרישן גאָרטן" ביז בעסאַראַבקע, האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז איין ריזיקער טאַנצזאַל. די לאָמפּן באַגיסן יומטובדיק מיט בלענדנדיקן ליכט דעם גאַנצן אַרום. אוי־טאָס, גרויסע און קליינע, העלע און שוואַרצע, טראָגן זיך אַרום ווי די רוחות אהין און אהער. קיין טראַמווייען זעט מען כמעט נישט, נאָר אוי־טאָס און אויטאָס, אַ שטראָם פון אויטאָמאָבילן און אַ גרויסער „עמעצער" שיט פון אויבן ווונדערלעכע מתנות אויף יעדן פרייען סאַנטימעטער...

אויף אַ באַל מוזן אַלע זיין באַשאָטן, ווער נישט, איז אַ צו להכעיסניק, אַ פורש מן הציבור. די טראָטואַרן זענען שוואַרץ פון די שפּאַצירנדיקע. נישט אַלע מאָל טרעפט זיך אַזאַ ווונדערלעכער אָוונט. דער טערמאָמעטער שטייט אויף זעקס נידעריקער פון נול. דער שניי בעט זיך ביי יעדן איינעם:

— זיי מיט מיר... פאַרגעדענק מיך, גיי נישט שלאָפן, דו וועסט זומער חלשן נאָך אַזאַ שעה און עס וועט דיר גאָרנישט העלפן, געדענק!

דער עולם אויף דער גאַס געדענקט גוט און קלערט אַפילו נישט צור־

לאָזן דעם ליבהאַרציקן שניי צו די נאַסע טראָטואַרן. די מענטשן־מאַסע האָט געשאַפן אַ דעק, אַ פּאַנצער צווישן די באַלויכטענע שנייעלעך און דער שטיינערנער ערד...

שלמה זעט האַלב־ליידיקע אויטאָבוסן, וואָס וואַרטן אויף פּאַסאַזשירן, און וויל זיך נישט זעצן. דאָס וועטער לאָזט נישט אַרונטערגיין אונטער קיין דאַך. די פּיס טראָגן זיך גרינג, די נשמה צאַפּלט פון פרייד... פרייד אָן קיין שום סיבה, אָן חשבונות. פרייד פון לעבן, פרייד פון עקזיסטענץ... עס גלוסט זיך אויפהייבן אויף קלאָרע פליגלען, אַרויף, אַרויף, העכער פון אָט דעם שטיינערנעם אָקעאַן, העכער פון די לאָמפּן, אַהין, אין דער ווייטער, בלויער אומענדלעכקייט, דערשווימען ביז אַ בלויען ים און דאַן — ביז אַ בלויען טייך — און דאַן — ביז אַ בלוי לאַנד, מיט בלויע פאַנען — און ביי דער זייט זאָל פליען פּאָלי... זיין הייסגעליבטע פּאָלי... עפּעס איז זי היינט געווען טרויעריק... וואָס זאָל דאָס באַטייטן? אפשר דערפון, וואָס איר משפחה איז שוין די דריטע וואָך אין קיעוו און מען זעט נאָך נישט קיין אָנהייב פון גאַרנישט: נישט קיין דירה, נישט קיין שטעלעס. דאָס לעבן פון אַ געשענקטן אָנבייסן האָט געמאַכט יאַנין פאַר אויס גאַסט, די קינדערלעך — פאַר ווייניקער אָנגעלייגט... אפשר פון דעם? אפשר פון קנאה צום לוקסוסדיקן לעבן, וואָס זי זעט צווישן די פיר ווענט פון „קאָנטינענטאַל"? אפשר שטויסט זי מאַרוסיאַ אויף עפּעס אַנטשיידנדיקס און זי קען זיך נישט באַשליסן? אפשר איז איר איינער פון די אָפּיצעריקלעך אַריין מיט די שטיוול אין האַרצן און זי קען זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן? אָדער גאָר עמעצער פון די טינטלערס, קאַרג טאַנצן זיי אַרום איר קוזין?... אפשר געפעלן נישט איר פאָטער אירע באַציאונגען מיט שלמהן און ער דערקוטשעט איר שטאַרק? און אפשר גאָר דאָס אַלץ צוזאַמען? גאָטעניו פאָטער! פאַר וואָס איז טרויעריק מיין האַרץ, מיין נשמה, מיין פּאָלי? מיין איינציקע, טייערע, ליבע פּאָלי?

עס איז געווען ערשט ניין אַ זייגער. ביי הרב ביאַליק האָט ער געטראָפן עטלעכע מענטשן. דער רב האָט אים זייער פריינטלעך אויפגענומען און געבעטן איבערוואַרטן די געסט, זיי וועלן לאַנג נישט זיצן... שלמה האָט גענומען אַ ספר און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל.

הרב ביאַליק האָט געוווינט אין היפּשע צוויי צימערן, פון וועלכע איינס האָט געדינט אַלס שלאָפצימער און דאָס גרעסערע איז שוין געווען אי דאָס עסצימער, אי דער זאַל, אי דער קאַבינעט. זיין משפחה איז באַשטאַנען פון פינף מענטשן: ער, זיין פרוי, צוויי מיידעלעך און איין יינגעלע. אַליין איז ער געווען אַ זעלטענע שיינהייט: אַ שלאַנקע פיגור, אויפן קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר, די באָרד — אַ טונקל־בלאָנדע, אַ בולטער גאונישער שטערן, אַ שיין, שמאָל פרויען־נעזל, ראָזע, עטוואָס קרענקלעכע באַקן און פרישע חנעוודיקע ליפּן. אַז ער האָט אויף עמעצן אַ קוק געטון

מיט זיינע אויגן, איז יענער דערציטערט געוואָרן: דער מענטש האָט דערזען פאַר זיך אַן אין־סוף פון תורה און וויסנשאַפט. אָבער דאָס איז נאָר געווען צום ערשטן מאָל. ווען מען איז געוואָרן מיט אים היימישער, איז מען געוואויר געוואָרן, אַז אין די זעלבע אויגן שטעקט חוץ גאונות אויך איידלקייט און חכמה.

זיין הויז האָט זיך געפונען אויף מאַלאַ־וואַסילקאָווסקע 44, עטלעכע מינוט גאַנג פון די זוואָניצקעס און נאָך עטלעכע מינוט גאַנג פון דער קופּעטשעסקע־שול. כאָטש פאַר דעם עלטסטן רב פון שטאָט האָט זיך גערעכנט הרב ליפשיץ, אַ זקן אין די אַכציקער, אָבער פּאַקטיש האָט הרב ביאַליק רעגירט מיט דעם פּאַרצווייגטן קיעווער ועד־הרבנים. אַלע האָבן געהאַרכזאַם געפאָלגט דעם גרויסן אומפאַרגלייכלעכן גאון פון דער יידישער געלערנטער וועלט. וועגן זיין גאונות האָט מען דערציילט וווּנדער. קודם־כּל האָט מען דערציילט, אַז ביידע ש"סן קען ער אויף אויסנווייניק. אַז אין מפרשים ראשונים ואחרונים איז ער בקי ווי אַ ייד אין „אשרי". וויטער האָט מען באַוווּנדערט זיינע חדושי־תורה, וואָס ווען מען לאָזט זיי זיך דרוקן, וואָלטן זיי מרעיש־עולם געווען. און נאָך האָט מען דערציילט, נאָר שוין שטילער אַ ביסל, מיט אַ האַלבן מויל, אַז ער איז אַ ידען אין אַלע חקירה־ספרים, אין אַלע פילאָזאָפישע ווערק. נישטאָ קיין דענקער אויף דער וועלט, וועלכן ער זאָל נישט האָבן געלייענט און אויף זיין גאָרנישן שטיינער געלייענט — הייסט: איינגעקריצט די זאַך אין מח אויף אייביקע יאָרן. ער האָט פריי געלייענט און געשריבן אויף דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש און לאַטיין. עס האָט פון אים געוווּסט מאָסקווע, עס האָט פון אים געוווּסט אויסלאַנד. אָט דאָס איז געווען הרב ביאַליק. דערצו איז ער בסך־הכל אַלט געווען פיל ווייניקער פון פערציק יאָר און אויסגעזען האָט ער ווי פון דרייסיק. זיין באַליבט ווערטל איז געווען, אַז ער וווינט אין נומער „בבלי" — דער באַטרעף פון בבלי איז 44.

ווען די באַזוכערס זענען זיך צעגאַנגען, האָט פרוי ביאַליק גענומען גרייטן צום טיש. דער רב האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף שלמהס אַקסל:

— נו, ר' שלמה, גייט זיך וואַשן...

שלמה איז אַ דערציטערטער אויפגעשפּרונגען:

— אוי, אוי, אוי! מיך ווילט איר דאָס רופן ר' שלמה, ווי אַזוי זשע וועל איך אייך שוין רופן?

— מיך? — ר' משה...

— ניין, הרב ביאַליק, איך קען נישט איינגיין דערויף, אַז איר זאָלט „אירצן" אַ ניינצן־יעריק בחורל... ווער שמועסט נאָך, טיטולירן אים מיט אַ „רב"...

— אירצן אירץ איך יעדן... מיט וועלכע רעכט וועל איך דאָס ניין זאָגן אַ פרעמדן מענטשן „דו"? אָבער בנוגע אונדזער סכסוך וועל איך

מאכן אַ פשרה: איר הערט מיך אויף צו רופן אין די אויגן „הרב ביאַ־ליק" און איך פאַרבאַהאַלט אויף אַ שטיקל צייט אייער „רב"... גוט?

שלמה האָט זיך ווייטיקלעך אַ קרום געטון:

— וואָס זאָל איך טון? אַ רב מעג מען דען נישט פאָלגן? לא תענה על רב...

פרוי ביאַליק גייט צו:

— נו, רבותי, ס'איז געגרייט צום טיש... זייט מוחל, גייט זיך וואַשן...

שלמה, רויט ווערנדיק:

— איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פאַר אייער איינלאַדונג, נאָר איך האָב ערשט נישט לאַנג געגעסן... כ'וואָלט מיט פאַרגעניגן...

דעם רבס פנים כמורעט זיך אָן:

— וואָס איז דאָס? פאַר אַ רב האַלט איר מיך און פאַר קיין גדול נישט?

— פון וואַנען נעמט איר דאָס, מר ביאַליק?

— שטייט דאָך: אין מסרבין לגדול...

שלמה צעלאַכט זיך:

— גערעכט זענט איר, אָבער אַז עס איז נישטאָ קיין פרייער פּלאַץ? איך האָב ערשט פאַרשיט קוילן אין לאָקאָמאָטיוו... נו, גוט, כ'וועל עפּעס אַזוי טועם זיין, אומגעוואַשן... גייט, גייט, וואַשט זיך...

מען האָט דערלאַנגט איינגעהאַקטן הערינג, שלמה האָט געגעסן מיט קיכלעך.

דער רב זאָגט אים:

— אַזוי ווי מיר זענען דאָ געבליבן בלויז היימישע מענטשן, ווען מיר שטילערהייט עובר זיין אויף „אין מסיחין"... איר וועט דאָך מסתמא קיינעם נישט גיין דערציילן?

אַלע לאַכן. ביאַליק ווישט אָפּ די ליפּן און פרעגט מיט אַ מילדער שטימע:

— וואָס שטעלט איר מיט זיך פאָר, ר' שלמה — כ'מיין: שלמה? דער־ציילט עפּעס וועגן זיך.

— איך ווייס נישט וואָס צו דערציילן... איך שטעל מיט זיך פאָר אַ נול...

— לויט ווי מען האָט מיר דערציילט, נויגט איר איצטער אָפּ אַ ביסל פונעם אמת... ווו האָט איר געלערנט? ביז ווען האָט איר געלערנט?

— לערנען האָב איך אָנגעהויבן זייער פרי... אָבער אין יאָר 1920 האָט מען מיך פאַרוווּנדעט. אַ יאָר האָב איך זיך אַרומגעוואַלגערט אויף פאַרשידענע כירורגישע טישן און אַלץ פאַרגעסן. צו עלף יאָר איז מיר אויסגעקומען אַלץ אָנהייבן פון דאָס ניי און צו פופצן יאָר האָב איך שוין געמוזט אָנטייל נעמען אין דעם פאָטערס געשעפטן... אים איז שווער גע־ווען אַליין צו האָרעווען אויף דער גאַנצער פאַמיליע. אָט דאָס איז דער

סך־הכל פון מיין לערנען. מען קען זאָגן, אַרום און אַרום, אַן ערך פון אַ דריי יאָר...

— פאַרשטייט זיך, ווייניקלעך אַ ביסל... אָבער ביי אַ גוט קעפּל קען מען פאַר דריי יאָר אַ סך באַוויזן.

— איז דאָך ביי אַ גוט קעפּל...

— נו, דאָס וועלן מיר באַלד זען... נאָכן עסן... איר זענט, דאַכט זיך, אַ זוועניגאָראָדקער?

— יאָ, אַ זוועניגאָראָדקער...

— האָט איר נישט געלערנט ביי איינעם ר' שמעיה?

— יאָ... פון וואַנען ווייסט איר?

— ר' שמעיה פּאָקוטילאָווער קען איך גוט און ער קען מיך...

שלמהס אויגן פינקלען פאַר פרייד:

— אָך, איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איר קענט מיין רבין, ער איז מיין איינציקער מלמד... אפשר מעג איך וויסן, פון וואַנען קענט איר אים?

— פאַר וואָס זאָל מען נישט מעגן?... מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק בין איך געווען אין זוועניגאָראָדקע ביי ר' מאָטל דעם דיין נעמען סמיכה אויף רבנות. איך בין אַ ציבעליעווער... ציבעליעוו איז נישט ווייט פון זוועניגאָראָדקע... האָב איך זיך דאַמאָלסט באַקענט מיט אייער רבין שמעיהן... אַ גאַנץ וואַרעם יידל... און נישט קיין שלעכטער מסביר... איר ווייסט נישט, ער לעבט נאָך?

— פאַר וואָס וויים איך נישט? זאָל ער מאריך ימים זיין! ער איז געווען שטאַרק קראַנק, איצט איז אים, ברוך־השם, פיל גרינגער...

— ער דאַרף שוין זיין אַ זקן־מופלג?

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר פעלט אים נאָך אַ סך, אַ סך... איך האָב פון אים אָפּטע בריוו...

— ווען איר וועט אים שרייבן, שרייבט אים אַ גרוס אין מיין נאָמען...

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. עס וועט זיין ביי אים זייער, זייער אָנגעלייגט...

— נאָר שרייבט אים נישט פון הרב ביאַליק, ער וועט נישט וויסן, וועמען מען מיינט. שרייבט אים פון משה ציבעליעווער, וואָס איז געקומען קיין זוועניגאָראָדקע נאָך סמיכה, ווען ער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער — איך האָב אפילו געוווּסט, ווי אַזוי זי האָט געהייסן...

— נישט חנה?

— יאָ, יאָ, חנה... חנה... שוין שיינע עטלעכע יאָר אין דער מעשה... בקיצור, האָבן מיר דאָס אָפּגערעדט פון גמרא ופוסקים... איצט, וואָס נאָך האָט איר געלערנט חוץ דעם?

— גאָר נישט... נאָר געלייענט אַ ביסל...

— וואָס געלייענט?

— אַלץ, וואָס עס האָט זיך געמאַכט... איך האָב נישט געהאַט קיין

מענלעכקייטן איבערצוקלייבן. דאָרט, ווו איך האָב פאַרבראַכט מײַנע יונגע יאָרן, איז דער אויסוואַל פון ביכער געווען זייער, זייער אַ באַגרענעצטער...

— פון דעסט וועגן רופט עפּעס אָן פון דעם, וואָס איר האָט געלייענט...

— אין פּרינציפּ בין איך געווען אַ נאַשער אויף גרינגער ליטעראַטור: דערציילונגען, ראָמאַנען, פּאָעזיע און דראַמאַטורגיע... מיך ציט צו דעם לייכטן זשאַנער, אָפט מאָל דאַכט זיך מיר, אַז כ'וואָלט אַליין געקענט נאָכ־מאַכן...

— פּרוּווט מען...

— אַזוי ווי סעגאַל? ברענגען קינדער אויף דער וועלט און זיי אַליין מקבר זײַן?... ניין, שוין גלײַכער גאָרנישט... זאָלן זיי פוילן אינעווייניק...

— און אפשר איז מעגלעך, איר זאָלט זיך צופּאַסן צו דער צײַט?

שלמהס פּנים כאַפּט אַרום אַ קראַמף, טיפע שמערצן קנייטשן אומ־ברחמנותדיק דאָס יונגע ענערגישע געזיכט:

— אין דער פראַגע ווייק איך אַצינד... איך האָב פאַרקלערט עפּעס אַ גרויסע זאַך, אַ ראָמאַן אין עטלעכע טיילן... נו, וואָס קען מען העלפן? די באַדינגונגען אין „פּאַנטאָפל" זענען נישט זייער פּאַסיק פאַר אַ שרײַ־בער... „אי סיפא, לאו ספרא".

— פאַר וואָס עפּעס — סיפא?

— איך בין אַ צושניידער, אַרבעט איך מיטן מעסער...

— שטייט דאָך פאַרקערט אויך: „הספר והסיף ירדו כרוכים"?...

— איז טאַקע — ירדו... זענען זיי טאַקע בירידה...

— נישקשה, נישט געזאָרגט... ס'איז אודאי שווער... נאָר וואָס זאָל מען טון? און אַז מיר איז נאָך ערגער? אייך דאַכט זיך ערשט, אַז איר וואָלט געקענט עפּעס באַשאַפן און ביי מיר ליגן גאַנצע קאַסטנס מיט שאַ־לות ותשובות, אַזעלכע אויפטוען, וואָס בעטן זיך אין דרוק און די מייז עסן זיי... דאָס איז נאָך אַ גרעסערער ווייטיק, ווי מיינט איר, האַ?

— איך מיין, אַז עס איז גאָר קיין דמיון נישט, מר ביאַליק... אַ דבר שלא בא לעולם קען נישט אַזוי ווי טון ווי אַ לעבעדיקער בר־מינן...

אויף ביאַליקס פּנים האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקן:

— איר האָט ריכטיק געזאָגט: אַ בר־מינן... אָט שטייען זיי, מײַנע קאַסטנס, אונטערן בעט... איר זעט? איינער, צוויי, דריי, פיר... אַלע מאָל, ווען מען וואַשט די פּאָדלאָגע, ווערט מיר אַנטפּאַלן דאָס חיות, עס זאָל חלילה נישט אונטערגיין דאָס וואַסער... פון צײַט צו צײַט לייג איך זיי איבער, לופטער זיי — פרעגט מיך, צוליב וואָס? צוליב ווען? כ'בין זיך מתעסק מיט אַ מת־מצוה...

— פון דעסט וועגן, מר ביאַליק, וואָס די צײַט קען וויַיזן...

— איר טרייסט מיך שוין? איך האָב דאָך אייך אָנגעהויבן טרייסטן... אָן עק! לאָמיר שוין רעדן פון עפּעס אַנדערש. איר האָט געזאָגט, אַז מערסטן טייל האָט איר געלייענט לייכטע ליטעראַטור. קומט דאָך אויס, אַז איר האָט געלייענט טיילווייז אויך עפּעס אַנדערש?...

— יאָ, מער־ווייניקער בין איך באַקאַנט מיט דער פילאָזאָפיע פונעם לעצטן יאָרהונדערט און מיט אייניקע עלטערע דענקערס אויך...

— איך האָב אַן איינדרוק, אַז איר האָט בדעה אויך די חכמי אומות־העולם ?

— כמעט אַזוי...

— פון וועמען קענט איר עפּעס נאָכזאָגן ?

— פון שאָפּענהאַוער, קאַנט, ניטשע... נאָך פון אייניקע...

— איך הער אייך מיט פאַרגעניגן... איר האָט געלייענט מאַרקסן אויך ?...

— אינעם „קאַפּיטאַל" בין איך גוט באַקאַנט. איז ווי אַזוי ווילט איר: ציטירן אייך בוכשטעבלעך, צי זאָגן מיט אייגענע ווערטער ?

— ווי איר ווילט אַליין... ווי עס איז אייך באַקוועמער...

*

זייגער צוועלף האָט מען אויפגערוימט פון טיש און דערלאַנגט טיי מיט וואַרעניע. שלמה האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. עס איז אים געווען אַ בזיון פאַר זיך אַליין, וואָס ער האָט זיך דאָ אַזוי „צעלאָזט" : יע־נער קער אין זיך לאַכן פון אים און ער האָט געשיט ווי פון אַ לעכער־דיקן זאַק...

דאָס פּאַרפאָלק ביאַליק האָט זיך פילדייטיק איבערגעקוקט.

— נו, שלמה, איצט וועלן מיר אַ ביסל שמועסן אין לערנען, הא ? דאָס איז דאָך דער עיקר, נישט אַזוי ? איז ווי אַזוי, האַלב ש"ס האָט איר אָפּגעלערנט פאַר יענע דריי יאָר ?

— איך רעכן, אַז יאָ...

— וועלכע סדרים זענען אייך מער באַקאַנט ?

— איך ווייס אַליין נישט... פרעגט, פון וואַנען איר ווילט...

— להוראה — האָט איר אויך עפּעס געלערנט ?

— רמב"ם, ארבע חלקי שלחן־ערוך, טורים... שאלות ותשובות — ווייניק... זייער ווייניק...

— נו, זאָגט זשע מיר אַזאַ זאַך...

*

די פרוי מיט די קינדער זענען שוין לאַנג געשלאָפן... אויף דער גאַס איז פונעם תחילת־נאַכטיקן שניי געוואָרן אַ געוויסער... פון אויבן האָט מען נאָך געקענט מיינען, אַז עס איז שניי, אָבער אונטן איז געווען בלויז וואַסער... אומרואיקע הענער האָבן שוין געקרייעט דאָס דריטע מאָל... אין דער נאַכטיקער שטילקייט האָבן לאָקאָמאָטיוון זיך געריסן די העלדזער, געפייפט און געבאַרכלט אויף דער גאַנצער שטאָט.

דער קליינער ווייזער איז שלעפעריק געקראָכן צו דער דריי. דער רב מיט זיין גאַסט אין נומער „בבלי" אויף מאַלאָ־וואַסילקאָווסקע האָבן דאָס

אלץ נישט באמערקט. אויפן טיש איז נישט געווען קיין איין ספר, דער פלפול האט זיך געפירט אויף אויסנווייניק. דאס יינגע בחורל האט זיך געקאכט, געווען בלייך, די אויגן האבן ביי אים פיבערדיק געברענט. יענער דאקעגן איז געווען רואיק, געלאסן, זייער העפלעך און זייער פריינטלעך.

ווען די פערטע שעה איז שוין געווען האלב איבערגעגאנגען, איז אויף די שמועסנדיקע אנגעפאלן א מין וואכנדיקער דרימל. שלמה האט זיך אן אויסגעשעפטער אפגעווארפן אויף דער פלייצע פונעם בענקל און פאר־מאכט די אויגן. הרב ביאליק איז א פארטראכטער געזעסן און עפעס גע־מאלט מיטן פינגער אויפן טיש. שלמה האט געעפנט די אויגן און נייגע־ריק באטראכט דעם שווייגנדיקן גאון. היפשע עטלעכע מינוט האט ער נישט געוואגט אים איבערצורייסן די מחשבות, אבער ענדלעך האט ער זיך אנגענומען מיט מוט און נישט דרייסט געפרעגט:

— ווענן וואס האט איר זיך אזוי שווער פארטראכט, מר ביאליק?

— פארטראכט, זאגט איר? גארנישט... איך זאג: ראיתי בני־עליה והמה מועטין...

— קעגן וואס זאגט איר דאס?

— קעגן וואס? קעגן גארנישט! צו אייך האט עס נישט... אלצדינג מוז מען דען זאגן קעגן עפעס?

ביאליק האט זיך א מידער אויפגעהויבן:

— נו, ברודערקע, אויפן ערשטן מאל וועט זיין גענוג... דער אלטער פייגנבוים האט אליין נישט געוווסט, וועמען ער רעקאמענדירט מיר... ער האט געמיינט, אז עס איז זילבער, צום סוף איז עס גאלד...

— מר ביאליק, מען מעג דען לצנות מאכן?

— ווען דאס זאל זיין לצנות, וואלט מען טאקע נישט געטארט... גע־דענקט זשע, שלמה, מיר האבן אלצדינג נאר אנגעהויבן... איר דארפט קומען צו מיר אפט, דאן וועלן מיר פארזעצן.

— אזוי אפט, ווי מיין צושניידערייי און מיינע פעקלעך וועלן מיר דערלויבן...

— איך אנערקען נישט קיינע תירוצים... און איצט — שלאפן! ס'איז געבליבן עטלעכע שעה אין גאנצן... א גוטע נאכט! דא האט איר נעגל־וואסער. כ'מעג אויסלעשן?...

# קאַפּיטל LV

אָפּגעקראָכענע און איינטאָניקע האָבן זיך געקייקלט טעג מיט וואָכן אין ווייטע שנייען... דער ווינטער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין נישט געשטעלטקייט. אָט איז געווען אַ פראָסט, אין עטלעכע שעה אַרום — שטראָמט שוין דאָס וואַסער אין קאַנאַליזאַציע. ברעקלעך שטראַלן פון דער לאַנג־פאַרגעסענער זון שפּילן זיך אין די קאַליוזשעס און מאַכן ווייַנענדיק די געפרוירענע שויבן. די דוואָרניקעס גייען אַרום מיט די לאָמען און דער דורכגייער דערזעט דאָס אויסגעבענקטע שטיקל זומערדיקן טראָטואַר... אין עטלעכע שעה אַרום איז ווידער אַן אומקומעניש, מען קען קיין נאָז נישט אַרויסשטעקן און אַזוי עטלעכע מאָל אין טאָג.

עפּעס איין מאָל איז שלמה שפּעטלעך געגאַנגען פון סאָלאָמינקע און נאָך געקלערט זיך אַריינכאַפּן צו די פייגנבוימס. דער שלעכטער וועטער האָט פאַרטריבן די מענטשן אין די הייזער. אויף דער לאַנגער קאַראַוואַיעווסקע־גאַס האָט מען זעלטן געזען אַ דורכגייער. ערגעץ ווייט פון פאָרנט האָט געשפּאַנט אַ דיק מענטשל מיט אַ גרויסן פּאָרטפעל. ער איז געגאַנגען שמיידיק, נישט אומקוקנדיק זיך אין קיין זייט. אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר זענען געגאַנגען דריי מענער, אויך שמיידיק, אויך אין יענער ריכטונג.

כאָטש שלמה איז געווען אויף צוויי קוואַרטאַלן הינטער זיי, האָט זיך אים דאָך געדאַכט, אַז די דריי שפּירן נאָך יענעם איינעם... זיי האָבן זיך אַלע מאָל אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, זיך אפילו אָפּגעשטעלט און עק־שנותדיק זיך איינגעקוקט אין שלמהס פיגור... שלמה האָט פאַרשטאַנען, אַז ער שטערט זיי. רעכענענדיק, אַז דאָס זענען אפשר געהיים־אַגענטן פון דער געפּעאו, האָט ער נישט געוואָלט פאַרקריכן אין קיין „געשיכטע" און זיך באַהאַלטן אין אַ טויער.

ווי נאָר ער איז נעלם געוואָרן פון דער פּוסטער גאַס, האָבן די דריי פאַרדעכטיקע גלייך גענומען האַסטיק איבערשניידן די גאַס אין אַלכסון און אָניאָגן דעם מענטשן מיטן פּאָרטפעל. שלמה האָט דאָס באַלד באַמערקט און רוקנדיק זיך ביי די ווענט, אומבאַמערקט דערנעענטערט זיך צו יענער גרופּע. דער איינציקער מענטש איז ווי פריער געגאַנגען גיך און רואיק. דער דריילינג האָט זיך צעטיילט, צוויי זענען געגאַנגען ביי די זייטן און איינער פון הינטן. מיט אַ מאָל זענען אַלע דריי אויף אים אַרויפ־געפאַלן. עס האָט זיך דערהערט אַ קורצער איבערגעשראָקענער געשריי און אַ גראָבער קנויל האָט זיך אָנגעהויבן קאַטשען אויף דער ערד. שלמה האָט שוין דאָס פאָרויסגעזען. אין דער מינוט פונעם אָנפאַל איז ער געווען אַ דרייסיק מעטער ווייט פון זיי. ער האָט זיך געלאָזט לויפן צום קנויל... אויפן וועג האָט ער אָפּגעבראָכן פון אַ רינווע אַ לאַנגן גראָבן סטראָמפּ, לויפנדיק אים צעבראָכן אויף עטלעכע שטיקער און — שוין געפינענדיק

זיך אין גאַנצן עטלעכע שפּאַן פון די קעמפּנדיקע — האָט ער זיי אַ וואָרף געטון און געטראָפן אין עטלעכע שויבן פון די דערבייאיקע הייזער. עס האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אויף דער אויסגעשטאָרבענער גאַס דער גע־בראַזג פון צעבראָכן גלאָז... אָנכאַפּנדיק איינעם פון די אָנפאַלערס ביים האַלדז האָט אים שלמה מיט דער לינקער האַנט דערלאַנגט אונטערן אויער. יענער האָט זיך באַלד אויפגעכאַפּט, דערזען שלמהן און גענומען שטעלן פיס... שלמה האָט זיך דערוויילּ געוואָרפן אויפן צווייטן שרייענדיק צום באַפאַלענעם:

— חבר, שטייט אויף, מיר וועלן זיי באַגראָבן...

פון די נאָענטע הייזער זענען אַרויסגעלאָפן מענטשן אָן פּאַלטעס און מיט עלעקטרישע לעמפּלעך, אָנגעהויבן צו נישטערן: ווו שרייט מען ערגעץ?... אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאָס געשעעניש געווען פאַרענ־דיקט. נאָר איינעם האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרהאַלטן, די אַנדערע צוויי איז געלונגען זיך אויסצורייסן און פאַרשווינדן..

שלמה איז צוגעשפּרונגען צום באַפאַלענעם, וועלכער האָט פונעם שׂניי צונויפגעקליבן זיינע זאַכן און זיי געשטופּט אין דעם צעפּליקטן פּאָרט־פעל, און איז אַ דערציטערטער געבליבן שטיין: פאַר אים איז געשטאַנען זעליק פייגנבוים!

— גוואַלד, זעליק, פאַר וואָס האָבן זיי אייך נאָכגעשפּירט?

— פון וואַנען וויים איך דען, אַז זיי האָבן מיר נאָכגעשפּירט? אפשר זענען זיי גאָר צופעליק מיר אונטערגעקומען הינטער די פּלייצעס?

— וואָס פאַר אַ „צופעליק”? איך האָב געזען אַלץ, נאָך פון פאַרן אָנהייב.

— וואָס זשע האָט איר אַזוינס געזען?

— לאָזט, באַלד וועלן מיר קליגער ווערן...

שלמה איז צוגעגאַנגען צום אָנפאַלער, וועלכן עס האָבן צוגעהאַלטן אַ מאַן און אַ פרוי. ער האָט אים אָנגענומען ביי אַן אויער:

— זאָג, אויסוואורף איינער, פאַר וואָס האָט איר נאָכגעשפּירט נאָך דעם מענטשן?

דער באַנדיט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

— דו ווילסט נישט ענטפערן? דו וועסט באַלד חרטה קריגן!...

אַן אייזערנער קולאַק האָט אַ פּלי געטון יענעם אונטער דער באָרד. עס האָט אַ בראַזג געטון אין מויל, ווי בעת עס שיט זיך אויס אַ דאַמינאָ.

— איצט וועסטו ענטפערן, צי אפשר איז דיר נאָך ווייניק?

יענער האָט אַ פאַרלוירענער אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט, נאָר שלמהס אַ שטיוול אונטערן האַרצן האָט אים באַלד געעפנט דאָס מויל:

— וואָס הרגעט איר מיך? ווער האָט אייך געגעבן רעכט דערויף?

— אָה, דו רעדסט נאָך וועגן רעכט? טאָ נאַ זשע דיר...

— אוי, אוי, אוי! טשעפּע מיך נישט... איך וועל זאָגן, איך וועל

זאָגן... ס'איז נאָך פון דער באַנק אָן... מיר, אין דרייען... געמיינט — געלט...

— פון וועלכער באַנק? וואָס דולסטו אונדז אַ קאָפּ? זעליק, איר זענט היינט געווען אין באַנק?

— פאַרן סאַמע פאַרמאַכן די באַנק בין איך דאָרט געווען, אָפּגעגעבן חשבונות צום אַקצעפּטירן און גענומען טשעק־ביכלעך. געלט — אפילו קיין גראָשן נישט...

— אָבער זיי האָבן געמעגט מיינען... זיי האָבן פון אייך קיין אויג שוין נישט אַראָפּגעלאָזט... נו, פאַרשטענדלעך, איצט איז אַלץ פאַרשטענדלעך...

פון דער נאָענטער אַפּטייק האָט מען געקלונגען אין דער מיליץ, עס זענען געקומען צוויי מיליציאָנערן, פאַרשריבן אַלעמען, פאַרנומען מיט זיך דעם באַנדיט און אַוועקגעגאַנגען. אויף איין פּוס האָט זעליק נישט גע־קענט גיין: פאַלנדיק האָט ער אים אויסגעלינקען. שלמה האָט אים אונטער־געשטעלט דעם אַקסל און הינקענדיק האָט ער זיך פאַרשלעפּט אַהיים.

פון דעם צופאַל אָן איז שלמה געוואָרן ווי אַן אייגענער ביי זיי אין שטוב. עס איז פאַרשווונדן אין זיין האַלטונג די אָנגעשטרענגטע בכבודיקייט, די בנימוסדיקע שעמעוודיקייט. שלמה האָט זיך אָנגעהויבן פילן אויף קאַראַוואַיעווסקע 67 ווי ביי זיך אין דער היים. ער איז געוואָרן דער ליבלינג ביי אַלע פיינגבוימס.

דערווייל איז די אַרבעט אין „פּאַנטאָפל" נאָך אַלץ געגאַנגען זייער שוואַך. עס זענען שוין דוקא געווען היפּשלעך אַרבעטער און רוי־מאַטער־יאַלן אויך גענוג. עס האָבן אָבער אויסגעפעלט קוואַליפיצירטע אַרבעטער. דער אַרטעל האָט שטאַרק געהינקען אין כמות פון דער פּראָדוקציע און נאָך מער — אין איר איכות. כמעט אַלע אַרבעטער זענען געווען דעקלאַ־סירטע עלעמענטן, וואָס האָבן נאָך אין זייער לעבן נישט געאַרבעט און זייערע פינגער האָבן זיך גאָרנישט געלייגט צו קיין אַרבעט. דער קיעווו־טאָרג,ביים צונעמען די פאַרטיקע פּראָדוקציע, פלעגט אַ גרעסערן טייל פאַרבראַקירן. דאָס האָט זיך אַכזריותדיק אָפּגערופן אויף דעם אַרבעטסלוין. צום סוף חודש פלעגט אַן אַרבעטער באַקומען פון הונדערט ביז הונדערט צוואַנציק רובל, אַזאַ סכום האָט אפילו אויף קיין צוויי וואָכן נישט געקענט סטאַיען. די שטימונג ביים עולם איז' געווען אַ געדריקטע. יעדער איז ביי זיך געווען געפאַלן. אין שלמהס האַרצן האָט זיך פאַרגנבעט אַ שטאַרקע בענקשאַפט אַהיים, קיין כמעלניק. די גרויסע שטאָט האָט פאַרלוירן ביי אים דעם חן, קיין זאַך האָט זיך אים אַזוי נישט געגלוסט ווי ווידער זיך אַרומשלעפּן מיט מנשהן אין דער גענעראַלשעם פּאַרק אָדער אויף טשי־זשיווקער וועג: אָננעמען פולע שטיוול מיט שניי, זיך אָנהאַלטנדיק אין מנשהן, אויסשיטן דעם שניי פונעם שטיוול, אָנטון און אויף דאָס ניי אָננעמען — און דער עיקר איבעררעדן וועגן אַלץ, אויסגיסן פאַר אים דאָס האַרץ, דערציילן וועגן זיינע געהאַקטע ווונדן פון פּאַלין, וואָס ער האָט

אויסצושטיין פון איר אליין, פון מארוסיאן... א קוק טון אויף מנשהן, ווי זעט ער אוים נאך דער מוטערס טויט? ווי זעט אוים דאס שטעטל נאך אזוי פיל חדשים? אז דאס איז א מדבר, דאס ווייסט ער שוין, נאר ער וויל אליין מיט זיינע אויגן זען דעם מדבר. ער וויל אויסזופן זיין חלק ביטערניש פון דארט. און ווי אזוי זעען אוים טאטע־מאמע נאך אזא צייט? און רבקהלע און יצחקל און שיינדעלע? און דאס פיצעלע יונהלע? אפשר איז ער שוין גארניש קיין פיצעלע? און דער טייערער־טייערער זיידע מיט זיין „צמאה לך נפשי"?... אך, ווי ער בענקט נאך זיי אלע!... אך, ווי אים איז טייער דאס ווארט „כמעלניק"!... ברוך, דער בעל־עגלה, דער אלטער שאיע...

מיט דער הילף פון דעם אלמעכטוקן רעדאקטאר פון „סאוויעטסקאיא אוקראיענא" האט יאני „געפאקט" א דירה אין צענטער פון קיעוו, אויף אוריצקע־גאס נומער 21. דאס איז באמת געווען אן אויסטערלישו געשעע־ניש. אוריצקע־גאס אדער, ווי זי האט א מאל געהייסן, ליוטעראנסקע, האט איבערגעשניטן קרעשטשאטיק פונקט אויף דער מיט. פון דער רעכטער זייט די דומע, פון דער לינקער — בעסאראבקע און אויף דער מיט, בארג־ארויף, ציט זיך אוריצקע־גאס, א גאס פון אכטשטאקיקע מויערן, פון גע־דיכטע קאשטאנען־ביימער אויף יעדע דריי מעטער לענג־אוים דעם טראָ־טואר.

אז מען גייט אריין אין פאראדנע פון דעם הויז נומער 21, גייען טרעפ ארויף, אויף די שטאקן, און טרעפ אראפ, אין גאנצן פופצן טרעפ. פראסט־טע, שטיינערנע, וואס פירן אין האלבן פאדוואל* אריין. דארט, אין דעם האלבן פאדוואל, געפינט זיך נישט מער ווי איין וווינונג פון איין צימער. דאס צימער איז א גרויס, א הויכס, נאר א האלב־טונקלס. נאר אין די ביי־טאגעדיקע שעהן, ווען די זון באזוכט דאס צימער, קען מען זיך באגיין אן עלעקטרישן ליכט, די איבעריקע צייט מוז אומאויפהערלעך ברענען דאס „ליכט". פון פארנט, אין קארידאר, איז דא דער וואסערקראן, א האנטקעמערל און א קליין לעמפעלע אין א דראטן קוישעלע אויף צו בא־לויכטן דעם אראפגאנג. אט דאס צימער איז אנגעקומען יאנין, צוזאמען מיט עטלעכע ארעמע שטיקלעך מעבל.

אסתר מיט פאלין, ביידע גערימטע בריהס, האבן פארקאטשעט די ארבל און גענומען מאכן פון דעם צימער „פאלייען"... מען האט אריינ־געפירט פון וואקזאל דעם באגאזש, וואס האט זיך דארט געוואלגערט זייט אסתרס אנקומען. ביי ווייסבלאטן אויפן סקלאד האט מען געקריגן א ביסל צינקאווע בעלילע**. די פאדלאגע איז געווען א הילצערנע, האט מען געקריגן רויטע אייל־פארב, עטלעכע שטיקלעך לענקרוסט***, אויף צו מאכן

---

* פאדוואל — קעלער־וווינונג.

** צינקאווע בעלילע — ווייסע אויל־פארב, געמישט מיט צינק.

*** לענקרוסט — דער בעסטער סארט שפאליערן אויף טאפעטירן די ווענט.

אַן אייבערשטן באַריער, אַ פּאָר שמאָלע פּאַסיקלעך לינאָלעאום אויף אויס־צושפּרייטן פאַר די בעטן, פּאַפּירענע בוקעטן פאַר די ווענט און אַ רע־פּראָדוקטאָר אויף ראַדיאָ.

ווען שלמה איז אויפן צווייטן טאָג נאָך מעריב אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ און געעפנט די טיר אין שטוב אריין, איז ער אַ דערשטוינטער גע־בליבן שטיין אויף דער שוועל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז ביים אַלטן שאַיען אין שטוב... דאָס זעלבע מעבל, די זעלבע פּנימער... אויף אַ רגע האָט זיך אים געדאַכט, אַז פון יענער זייט פענצטער איז כמעלניק... אויב מען זאָל זיך אַ ביסל אַרויסבייגן, קען מען זען די פענצטער פון דער ווייבערשער שול... ער דאַרף נאָר אַרויפלויפן אויפן באַרג און איבער־לויפן דעם מאַרק, זעט ער שוין די פענצטער פון זייער שטוב, קען ער אַריינלויפן צו טאַטע־מאַמע... צודריקן זיך צו די קינדערלעך... צולויפן צום זיידן... צו מנשהן... וויפל איז דען אין גאַנצן כמעלניק די גרוים?...

# קאפיטל LVI

פון זיינע געדאַנקען וועקט שלמהן אויף יאַנים פּאַטערלעך קול:

— גיי אַריין און מאַך צו די טיר, עס איז ווינטער...

שלמה איז צוריק אַריינגעפאַלן אין דער ווירקלעכקייט. ער מאַכט צו הינטער זיך די טיר, באַטראַכט נאָך אַ מאָל יעדעס פּיצעלע און רייבט די הענט פאַר פאַרגעניגן:

— ס'איז גוט... מאַלאַדיעץ, אסתר!... מאַלאַדיעץ, פּאָלי!... פון גאָר־נישט — געמאַכט גאָר... יאַני, איר מעגט זיך איבערנעמען מיט אייער פּערסאָנאַל פרויען. איך האָב נעכטן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז פון אָט דער פּאָדוואַל־חורבה וועט מען מאַכן אַזאַ הימלעך ווינקעלע... נו, איצט נאָך אַ גוטע שטעלע פאַר אייך, די עלטערע צוויי קינדער איינאָרדענען לויט זייער געשמאַק, אסתרן אַלע טאָג אַ פּופּציקער אין מאַרק אַריין און איר וועט זיך דאָ שאַפן אַ קליין כמעלניק. פּאָלין וועט איר אויף דאָס ניי לאָזן מאַכן אַ רויט דובליאָנע טשומערקעלע * מיט אַ קובאַנקעלע ** אויפן שפּיץ קאָפּ. צי איר קלערט אפשר, אַז היינט וואָלט דאָס שוין איר נישט געפּאַסט?...

אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז שלמהס פראַגע איז נישט אויף צו באַקו־מען קיין ענטפער. אין אַלעמענס אויגן האָט זיך געלויכטן גליק. דאָס גע־פינען אַ היים, דאָס קריגן זעלבסטשטענדיקייט, דאָס אויפהערן שלאָפן אויף פרעמדע בעטן, אויפהערן עסן אויף פרעמדע טישן, דאָס נישט דאַרפן זיך היטן מיט אַ וואָרט, מיט אַ ריר, מיט אַ קוק — אָט די גאַנצע אויפריכ־טונג האָט זיי געשיינט פון די פּנימער, געשטראַלט פון די אויגן.

שלמה האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּוווּנדערן:

— באַרעכן נאָר, אַ שפּאַניש ווענטל אויך געקריגן... און אַן אַבאַ־זשור... און הערנער פון אַ הירש אויף אויפצוהענגען דעם האַנטעך... עס איז דאָך ממש אויסטערליש! אַליין מיט אַ מאָל אַזוי אויסשטאַטן... לאָמיך כאָטש וויסן, וועמענס פינגערלעך האָבן דערביי געאַרבעט? איך וויל זיך פשוט אויסלערנען...

— יאָ... אויב דו האָסט זיך שוין פון אונדז וואָס צו לערנען... עס דערציילט מיר ר' אברהם פייגנבוים ביים דאַוונען, אַז דו קענסט זיך אויף דיינע פינגערלעך אויך נישט באַקלאָגן... דער זון זיינער האָט דערציילט, אַז דו האָסט דאַמאָלסט דעם באַנדיט מיט צוויי פּאַך שיר צו זיין באַבען נישט אַריבערגעפּעקלט... עס איז אַ גרויסער ספק, צי ער לעבט נאָך...

שלמה לאַכט הנאהדיק:

— יאָ, אָבער קענן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד? קענן נאַכט רעדט

* דובליאָנע טשומערקעלע — אַזאַ בגד פון גוטן פוטער.

** קובאַנקעלע — אַ היטל, וואָס מען טראָגט אויף קובאַן.

מען פון באַנדיטן, כדי די קינדער זאָלן מורא האָבן איינשלאָפן? איי, יאַני, יאַני... איר זענט גאָרנישט קיין געטרייער פאָטער...

אַלע לאַכן, יאַני ווערט מיט אַ מאָל ערנסט:

— שלמה, דו ווייסט דאָך, אַז איך האַלט דיך פאַר אַ שטיקל... אַז איך גלייב אין דיר, אין דיין בעלשמסקן יחוס. ווינטש מיר, אַז איך זאָל אין דעם צימערל — כ'וויל שוין נישט קיין סאַלאָנען, אָט אין דעם ענגן פּאָדוואַל, חתונה מאַכן דאָס עלטסטע קינד... דו קענסט און דו דאַרפסט מיר דאָס ווינטשן...

— וואָס ווילט איר האָבן פון אייער עלטסטן קינד? ביי לייטן שפּילט זיך נאָך אַזאַ קינד אין ליאַלקעס...

— איך זע, אַז דו האָסט זיך גענומען היינט אויף דער נאַכט מיר רעדן אין דער גאַל אַריין. דו ביסט אַזאַ שלעכטער מענטש געוואָרן, אַז דו פאַרגינסט מיר נישט אָט די דריי ווערטער: „איך ווינטש אייך"... דו ביסט שוין באַלד געראָטן אין איר...

שלמה מיט פאָלין צעלאַכן זיך. ביידנס פּנימער שיינען מיט יונגער קראַפט, מיט גליק פון ליבן און זיין געליבט. ביידן רייצט אָנגענעם דעם פאָטערס האַלב־אָפענע רייד. יאַני דערשמעקט זייער שטימונג און ווערט פריילעכער. זיין געזיכט ווערט באַגייסטערט פון עפּעס אַ געדאַנק און ער איילט זיך אים אַרויסצוזאָגן:

— ביז היינט, שלמה, האָסטו געהאַט שוועריקייטן. ווען דו האָסט געוואָלט אַריינקומען צו מיינע קינדער, האָסטו געקענט מיינען, טאַמער וויל סאָניע נישט שטענדיק ליידן. דו האָסט נישט געמיינט? ביסטו טאַקע אַ חכם... אָבער דאָך... צי למשל, נישט שטענדיק האָסטו געטראָפן דעם, וואָס דו האָסט גענדאַרפט... אַזוי איז דאָס! אַז מען האָט נישט קיין היים, איז מען אומעטום און אין ערגעץ נישט... און בכלל פרעמדע אויגן... וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס?... אָבער איצט איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש... איצט קענסטו קומען פראַנק און פריי, ווען דו ווילסט און ווען דו דאַרפסט... דו ביסט דער סאַמע אָנגעלייגטער גאַסט... קיינער קען מיט דיר נישט קאָנקורירן, מיין שטוב דאַרף דיר פאַרבייטן דיין היים... זאָלן דיינע עלטערן זיין געזונט און שטאַרק ביז משיח וועט קומען, אָבער נישט שטענדיק איז מען דאָך ביי טאַטע־מאַמע... צוזאַמען מיט די יאָרן בייטן זיך די היימען...

און אונטערן איינדרוק פון אַ פרישן שטראָם באַגייסטערונג:

— דו מיינסט אפשר, אַז איך ווייס נישט, אַז דיין טאַטע האָט דיר אַ מאָל פאַרבאָטן אַריינצוטרעטן מיט אַ פוס צו מיר אין שטוב אַריין? דאַרפסט נישט רויט ווערן... איך ווייס אַלץ... קיינער איז מיר נישט געגאַנגען דערציילן, אָבער איך ווייס! וואָס מען וועט דיר דערציילן אויף מיר, זאָלסטו גלייבן... נאָר טאָמער זאָגט דיר עמעצער, אַז יאַני איז אַ שוטה, זאָלסטו זיך אפילו נישט פאַרקלערן און גלייך אים זאָגן: ס'איז אַ גראָבער ליגן!... ווייל אַזוי איז דאָס, איך האָב אַלץ געזען און אַלץ גע־

פילט... אויב דו ווילסט גאָר, קען איך דיר אפילו זאָגן, ווען דער פאַר־באַט איז דיר געגעבן געוואָרן... דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם, ווי דו האָסט ביי אונדז איבערגעלייענט שלום עליכמס „יאָסעלע אָדלער" — ווי אַזוי זאָגסטו, „סאָלאָוויי"? זאָל זיין: „סאָלאָוויי"... וואָס איז דער חלוק? זאָג איך אמת, האַ? בין איך שוין נישט קיין דרייגראָשנדיקער? ניין? אָבער דאָס איז אַלץ געווען אַ מאָל... איצט, הער איך, האָט דיין טאַטע אַליין דיר געשיקט פּאָליטשקעס אדרעס... וואָס, אפשר נישט אַזוי?...

— יאָ אַזוי...

— וואָס?

אויף שלמהס ליפּן בלאָנדזשעט אַ גליקלעכער שמייכל:

— איך זאָג: יאָ אַזוי, ער האָט געשיקט...

— זאָג איך דאָך, אַז ער האָט אַליין געשיקט... גלייב מיר, איך פאַר־שטיי, איך פאַרשטיי אַלץ! אַלצדינג, ביז אונטערן לעפּעלע פאַרשטיי איך... איך פאַרשטיי, ווי אַרום ער קומט שיקן, און נאָך וואָס ער האָט געשיקט און זיין שמחה בעת דעם שיקן... אַלץ איז פאַר מיר קלאָר, אַזוי ווי אויף דער דלאָניע... אָבער דאָך דאַרפן מיר זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז ער האָט פאַרט געשיקט און זיכער האָבן דערפון געוווּסט אי דער זיידע שלום, אי מנשה דער רב...

שלמה כאַפּט אים אומגעדולדיק אָן ביי דער האַנט:

— ווייסט איר וואָס? לאָמיר שוין אַ ביסל רעדן וועגן עפּעס אַנ־דערש...

— פאַר וואָס פון עפּעס אַנדערש, דו ביסט דען ווייט פון דעם ענין? מיר דאַכט זיך, ווען איך גיב אַ קוק אויף פּאָליטשקען, ווי זי איז קיין עין־הרע העכער פון איר מאַמען...

פּאָלי איז בלאַס, זי האָט פאַרביסן אַ ליפּ און שווייגט. שלמה ווענדט זיך ערנסט צו יאַנין:

— יאַני, איך האָב צו אייך אַ גרויסע בקשה...

— פון דיינעט וועגן איז נישטאָ צו טייער... זאָג, וואָס ווילסטו?

— איך וויל, אַז ווען אייך וועט זיך פאַרגלוסטן פירן מיט אייער משפחה אינטימע שמועסן, זאָלט איר עס קיין מאָל נישט טון אין מיין קעגנוואַרט...

— פאַר וואָס זשע? דו ביסט עפּעס אַ פרעמדער?

— אַ פרעמדער, צי אַ היימישער, נאָר עס איז פאַר מיר אומדער־טרעגלעך... מיין פאָטער, ווען ער זאָל מיר וועלן זאָגן זיין מיינונג וועגן אַ וויכטיקער זאַך, וואָלט ער עס בשום אופן נישט געטון אין קעגנוואַרט פון אַ דריטער פּערזאָן...

— איז דאָך פון אַ דריטער פּערזאָן, אָבער דו ביסט ביי מיר נישט קיין דריטע פּערזאָן, נאָר די ערשטע...

שלמה האָט זיך ביטער צעלאַכט:

— נו, נו, אַ שמועסעלע... דריטע, ערשטע, זיבעטע... זאָגט מיר,

אסתר, ווי אַזוי האָט איר דאָס אַזוי גלאַט צוגעקלעפּט דעם לענקרוסט? אויף וויפל מיר איז באַוווסט, איז דאָס נישט קיין גרינגע מלאכה...

— עס קומט דיר אויסגאַבע פון דיין „מאַלאַדיעץ”, וואָס דו האָסט אונדז געגעבן. מיר וואָלטן טאַקע נישט געקענט, ווי קומט דאָס צו אונדז? אַז איך האָב גאָר קיין מאָל דאָס אַרטיקל פאַר די אויגן נישט געזען. נאָר דער דוואָרניק אויף אינסטיטוטסקע 16 איז אַן אַלטער „לענקרוסטניק”, האָט אים וואָלאָדימיר געבעטן און ער האָט אונדז געוויזן...

— האָט נישט קיינע יסורים, איר מיט פּאָלין בלייבט די זעלבע „מאָ־לאָדצעס” וואָס פריער. און אָט דעם מאַטראַץ געדענק איך אויך עפּעס נישט פון כמעלניק...

— ער איז געווען, געווען, פאַרן פאָרן אַהער האָבן מיר אים נאָר איבער־געצויגן... ער איז דאָך איצט ביי אונדז אָנשטאָט אַן איבערבעט... אונ־דזער בעטגעוואַנט — ווייסטו דאָך...

— האָט איר פאַרקויפט פאַרן פאָרן קיין באָסטאָן... וואָס דען, איך וויים נישט?

אסתר לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ דעם קאָפּ... דאַקעגן שלמה צעלאַכט זיך פריילעך. זיין געלעכטער רייסט זיך פון אַלע אברים מיט לעבן און לוסט.

ער גיט אַ פּאַטש יאַנין אין פּלייצע:

— איר ווייסט, יאַני, אייער לעאָנאַרד טולטשינסקין בין איך אַ שטיקל צייט געווען אַ שונא אויפן לעבן... אים און דער שטאָט באָסטאָן און אַלע פאַראייניקטע שטאַטן... איצט אָבער האָב איך צו אים גאָרנישט... איצט מעג ער שוין לעבן אפילו דריי הונדערט און זעכציק יאָר, אַרט מיך שוין אויך נישט...

יאַני האָט נישט צעקייט שלמהס רייד, ער פרעגט דערשטוינט:

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס האָט דיר געטון מיין לייבל, ער קען דיך דען?

— ער דאַרף מיך נישט קענען... ער האָט מיר געקענט אַ טובה טון אומבאַקאַנט...

יאַני באַמערקט די אָנגעלאָפענע פאַרב אויף פּאָלים באַקן און שטויסט זיך אָן, וואָס שלמה מיינט. אַ גליקלעכער גיט ער אַ קניפּ פּאָלים פלאַמענ־דיק בעקל און זאָגט שלמהן אָפנהאַרציק:

— איך שווער דיר ביי מיין ידישקייט, אַז איך האָב אויך צו גאָט קיין טענות נישט פאַר מיין נישט אָפּפאָרן דאַמאָלסט קיין אַמעריקע... אַזוי וועט זיין בעסער... דו אַליין ביסט ביי מיר טייערער פוןביידע אַמעריקעס...

— מילא, טייערער איז טייערער, מסתמא זענט איר ביי מיר אויך נישט וואָלוול און די גאַנצע פאַמיליע אייערע... נו, עס איז שוין באַלד צוועלף, איך גיי...

— שלמה, אפשר נעכטיקסטו ביי אונדז? מען וועט זיך צונויפרוקן, אַן אייגענעם מענטשן דאַרף קיין מאָל נישט זיין ענג...

— וואָס נאָך ווען איר אויסטראַכטן? מער גאָרנישט? יאַני הייבט שוין אָן מיט זיינע דרכים... ער מיינט, אַז ס'איז אים כמעלניק...

— אודאי שלעכט געוועז כמעלניק... אָך, פּאָטער האַרציקער...

— נו אַ גוטע נאַכט... כאָטש יאַני וויל נישט קיין אַנדער צימער, אָבער איך ווינטש אייך מיט דער צייט עס בייטן אויף אַ גרויסער נגידי־שער דירה, אויך פון דריי צימערן, אויך מיט אַ באָדצימער, מען זאָל זיך נישט דאַרפן מתקנא זיין אין פרעמדע... און טאָמער אפילו אַ ביסל ווייט־לעך פון „קאָנטינענטאַל" — מילא, איז אויך אַ קליינער אומגליק... אפשר גאָר פאַרקערט... אַ גוטע נאַכט!

די פּערזאָן, צו וועלכער שלמהס ווונטש האָט געהאַט אַ דירעקטע שייכות, איז טאַקע געווען די איינציקע, וועלכע האָט פאַרשטאַנען, אין וועמענס גאָרטן איז געוואָרפן געוואָרן דער שטיין. די פּערזאָן האָט אָבער דעם גאַנצן אויפדערנאַכט קיין איין וואָרט נישט אויסגערעדט, זי האָט געלאָזט דאָס שיפל זיך טראָגן, ווי אַזוי עס טראָגט זיך, קיין אייגענע אי־ניציאַטיוו נישט אַרויסגעוויזן.

# קאפיטל LVII

טעג זענען געלאָפן, יאַנים דירה איז שוין געוואָרן אַ וואָכעדיקע זאַך, מען האָט זיך שוין מיט איר אַזוי נישט געקוויקט. יעדער מח האָט גע־טריקנט וועגן מיטלען צום לעבן, לעת עתה האָט נאָך קיינער פון זייער שטוב נישט געאַרבעט. מיט איינאָרדענען זיך איז צוגעגאַנגען שווער.

איין מאָל רופט אָפּ יאַני שלמהן אויף אַ זייט:

— זאָג מיר, גוטער ברודער, כ'האָב אודאי נישט געוואָלט, אָבער עס איז נישטאָ קיין ליטישערס דערפון: אפשר וואָלט פאָלי געגאַנגען אַרבעטן צו דיר אין אַרטעל אַריין... האַ, וואָס זאָגסטו?

שלמהן איז דורכגעלאָפן אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער... פאָלי, זיין אויג אין קאָפּ, זאָל אים זען אין פאַרטעך, הענגען אויף דער טיר און רייסן די געזשאַווערטע פאַסן? ער זאָל זי דאַרפן זען קלעפן סטיעלקעס אָדער אַרומ־שניצן די קנאָפּל צוליב הונדערט פופציק אָדער צוויי הונדערט רובל אַ חודש, — ניין! מיט אַלע כוחות וועט ער קעמפן קעגן דעם פּלאַן. דאָס קען נאָר פאַרנמאַסן זיי איינער ביים צווייטן.

יאַני האָט שלמהן אַלץ געטאָרקעט:

— וואָס ביסטו אַנטשלאָפן געוואָרן זיצנדיק? איך׳ פרעג דיך דאָך עפּעס...

אין שטוב זענען געווען אסתר און סאָנקע. שלמה האָט מיט אַ ווינק אַרויסגערופן יאַנין פון שטוב. פאַרקערעווענדיק אויף אַ פעטשערסקער קליין געסל זענען זיי אַרויסגעקומען ביי אַ דרימלענדיקן בולוואַרל, אין וועלכן עס האָט קיינער נישט באַאומרואיקט דעם טונקעלן שניי. שלמה האָט גענומען יאַנין אונטערן אָרעם און אַנטשלאָסן געזאָגט:

— יאַני, פאַר אַזוי פיל יאָרן, וואָס מיר קענען זיך, איז היינט דער טאָג, וואָס מיר מוזן זיך אַדורכשמועסן גאַנץ אָפנהאַרציק... ווי אַ פאָטער מיט אַ זון...

— איך קוק שוין לאַנג דערויף אַרויס, פון באַלד נאָך מיין קומען...

— וואַרט, שלאָגט מיר נישט איבער... אַז איר קוקט אַרויס, דאָס וויים איך, דאָס האָט אָבער אַ קליינע באַדייטונג... אויף וואָס איך האָף, דאָס ווייסט איר... וועגן דעם דאַרף מען נישט רעדן, איר פאַרשטייט עס גאַנץ גוט. איז וואָס זשע וויל איך אייך זאָגן? אַז אייער היינטיקער פאָרשלאָג מיטן „פאַנטאָפל" איז אויף חרוב צו מאַכן דעם בנין צום איבעריקן...

— זאָל מיך גאָט אָפּהיטן... אַ מענטש האָט אַ צונג און רעדט. פאַר וואָס טראַכסטו אַזוי? פון וואַנען נעמסטו דאָס?

— איך טראַכט קיין מאָל נישט בעת איך רעד, נאָר פריער. די באַצי־אונגען צווישן דעם געוויסן פאָרפאָלק זענען אַזוי אויך דין ווי שפינוועבס, דער „פאַנטאָפל" קען זיי אין גאַנצן איבעררייסן...

— נו — נו, אַ מיילעכל... זאָגט אפילו נישט: חלילה... אָן עק!
לאָמיך שוין וויסן, פאַר וואָס? מה ענין שמיטה אצל הר סיני?

— אָ, דער ענין איז זייער אַ נאָענטער ענין, איך ווייס נאָר נישט ווי אים אייך פאָרצושטעלן... איר זענט אַ פּראָזאַישער מענטש און דאָ שמעקט אַ ביסל מיט חכמת־הפּרצוף, מיט דער סטרוקטור פון איר אינערלעכן פּרצוף... איר פאַרשטייט וואָס איך וויל אייך זאָגן? פּאָלי איז דערצויגן און אויסגע־קאָכט געוואָרן אין אַנדערע כלים, נישט אין אַזעלכע ווי איך... דאָס האָט אַן ערשט־קלאַסיקע באַדייטונג. איצט, דאָ ווידער, ווערט זי באַאיינפלוסט פון שעדלעכע טיפּן, שרעקלעך שעדלעכע... איר שטעלט אייך גאָרנישט פאָר, וואָס פאַר אַ שעדלעכע. און איך מוז אייך זאָגן, אַז פּאָלי האָט זעל־טענע פעאיקייטן... באַאיינפלוסט צו ווערן. קיין נעמען וועלן מיר נישט אָנרופן, דאָס איז נישט נייטיק... ווייטער קומט זי דאָ אַריין צו הויכע סאָוויעטישע טשינאָווניקעס... מען קען זאָגן, צו סאָוויעטישע בורזשויען... זי זעט זייער אַרט לעבן, דעם משוגענעם טאָג, וואָס זיי לעבן אָפּ... דאָס אַלץ ווירקט, דאָס אַלץ רייצט... דעם מענטשן, וואָס איר רעקאָמענדירט איר, האָט גאָט נישט באַשאָנקען מיט אַזוי פיל גלאַנץ, מיט אַזוי פיל פּראַכט... דער תהום צווישן זיי איז זייער אַ טיפער, כמעט אָן אַ דנאָ, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. צווישן דעם מענטשן, וואָס קען ביי היינטיקן טאָג נאָר טרוימען וועגן איר, און צווישן די כלעסטן, וואָס זי באַגעגנט יעדן טאָג אין יענע קרייזן: די שרייבערלעך, פּובליציסטן, זשור־נאַליסטן, פּעליטאָניסטן און נאָך כ'ווייס דאָרטן וועלכע „איסטן", היינט די מיליטערישע „שפּאָרן"... יונגע מיידעלעך זענען דאָך שטענדיק נישט גלייכגילטיק צו די רויטע בענדלעך מיט די שטערנדלעך... איר ווייסט אפשר, אַז די ציטונג, וואָס אייער קרוב גיט אַרויס, טראָגט די „שעפּ־סטוואָ"* איבער פּעטשערסקער אַוויאַ־שול אויפן נאָמען פון וואָראָשי־לאָוון, צי אפשר די אַוויאַ־שול איבער דער ציטונג, איך ווייס נישט אויף אַקוראַט, אָבער אַלנפאַלס, די „בענדלעך" מיט די „שטערנדלעך" זענען פול אין רעדאַקציע, אין שטוב, אין לאָזשע און אויף די ביינאַכטיקע קער־מישלעך. אומעטום זענען זיי פול אַזוי ווי די זשאַבעס דאַמאָלסט ביי פּרעהן... און צווישן דעם אויסגערעכנטן ערב־רב און דעם מענטשן, וואָס גייט אַריין צו איר, איז יעדער פּאַראַלעל אוממעגלעך. עס איז גאָר אַן אַנ־דער וועלט, מיט אַנדערע שטרעבונגען, אַנדערע האָריזאָנטן און אַנדערע הימלען. דאָס קענט איר נישט, נישט פאַרשטיין. היינט, צו וועלכער פון די צוויי וועלטן אייער פּאָלי שטייט נעענטער, פאַרשפּאָר איך אייך צו זאָגן... אפילו אַ קינד וואָלט עס פאַרשטאַנען, ווייל קיין טעות דערביי איז נישט מעגלעך צו האָבן. טאָמער האָט דאָס בחורל צו אַ גוט לעבן... טאָמער איז קאַרג פּאַר זיינעט וועגן, וואָס ער מוז פאַרדינען דעם וויסטן לחם־הקלוקל ביי אַן אַרבעט, צו וועלכער ער האָט נישט קיין מינדסטע סימפּאַטיע, וועלכע

* געמיינט: איז דער שעף.

נאָגט אויס פון אים דאָס לעצטע ביסל חיות... טאָמער איז ווייניק פאַר אים, וואָס די פּעטערס דערגייען אים די יאָרן, פאַר וואָס ער באַגראָבט אין ער ערד אַריין אַזעלכע פּעאיקייטן און גייט בעסער נישט שטודירן... טאָמער באַווייזט ער נאָך זיך אַרומצוואַשן און איבערטון, איידער ער קומט אַריין אין שטוב פון זיין... ווילט איר אים נאָך פאַררכטן דאָס מזל, אַז זי זאָל אים טאַקע זען פון אין דער פרי ביז נאַכט אין זיין וואָכעדיקן אויס־זען, ביי די פּאָדעשוועס, ביים קליי, ביים שטאַמפּ... דאָס וואָלט זי געצווונ־גען אַן איבעריק מאָל זיך צו איבערצייגן אין דעם גרויסן אָפּגרונט, וואָס טיילט פונאַנדער די צוויי היפכדיקע וועלטן. און חוץ אַלעמען, דער רע־זשים, וואָס הערשט דאָרט, וואָלט זי פאַרטריבן אויפן דריטן טאָג. אַלע פּרויען וואַשן זיך צום עסן און זאָגן „המוציא". נאָכן עסן בענטשט מען, פאַר נאַכט דאַוונט מען במנין מנחה — שטייען זיי אויך „קדושה", ביי מעריב — ברכו... איז דאָס פאַר פּאָלין אַ קאָלעקטיוו, האַ? איר זענט דאָך עפּעס אַ קלוגער מענטש...

— מילא, ניין איז ניין... איך בין אַזוי טיף נישט אַריינגעדרונגען... נאָר בכלל האָסטו אויף מיר אָנגעיאָגט אַ מרה־שחורה וועגן מיין קינד... עפּעס ציטערט אין מיר מיין האַרץ פון דיינע רייד, אפשר זאָל איך איר אין גאַנצן פאַרווערן צו גיין אין „קאָנטינענטאַל"? איך בין דאָך עפּעס אַ טאַטע, אַז איך וועל זאָגן ניין, וועט זיין ניין! דו מיין נישט, אַז עס איז הפקר־פּעטרישקע...

— איך מיין דוקא יאָ, אַז עס איז הפקר־פּעטרישקע... אַ טאַטע איז היינט אַ שמאַטע... מאַכט נישט דערפון קיין פּירושים, אַזוי איז דאָס... מיט קיין רעפּרעסיעס וועט איר גאָרנישט אויספירן... זי קען אַנטלויפן פון דער היים אויך... זי האָט גוטע עצה־געבערס... קליגערע פון אייך און פון מיר. הלואי ,איך זאָל ליגן זאָגן, איר וועט האָבן צרות מיט פּאָלין! אייך ציט נאָך אין שול אַריין און זי ציט שוין אין קלויסטער אַריין... ס'וועט ביי אייך זיין „ויתרוצצו"... נאָר מער ווי מיט אַ קאַפּיטל תהילים קענט איר גאָרנישט העלפן... דער מינדסטער אָנגריף פון אייער זייט קען אַרויסרופן אַ שאַרפע רעאַקציע... לאָזט דאָס גיין! זי וועט אַוועקגיין אַרבעטן, וועט ביי איר בלייבן ווייניקער פרייע צייט... ביז דאַמאָלסט אפשר וועט זיך ביי מיר אויך ענדערן צו בעסער די לאַגע... אפשר וועט ווערן אויס שוסטער... און בכלל איז שווער אויסצורעכענען אַזאַ זאַך, מה שיעשה הזמן... נאָר אין „פּאַנטאָפּל" אַריין דאַרף זי נישט גיין אַרבעטן.

— ווער רעדט שוין פון אַזעלכע זאַכן? ווען דו זאָלסט מיך שוין אפילו אָפּגילדן...

אויף צוריקוועגס זענען זיי געגאַנגען שווייגנדיק, יעדער פאַרטראַכט אין זיינעם. שלמהס פּנים איז געווען בלאַסער ווי געוויינלעך. יאַני האָט גע־שפּאַנט אַ ביסל איינגעהויקערט, צעטראָגן, מיט אַן אַש־קאָלירענעם געזיכט...

נישט ווייט פון דער שטוב האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ טיפן קרעכץ.

— וואָס קרעכצט איר, טייערער יאַני? דער הימל איז נישט ביי דער ערד... אַלע מאָל איז אַ חקירה, וואָס גרעסער די כמאַרע — אַלץ קלענער דער רעגן...

— אוי, וואָס רעדסטו? דו האָסט מיך אין גאַנצן צעשרויפּט, דו האָסט מיר געעפנט די אויגן אויף אַ סך זאַכן, וואָס פריער האָב איך זיי נישט פאַרשטאַנען...

— ע! איר מאַכט נאָר נישט פון מיינע רייד קיין גאַנצן וועזן, איך בין אַ פאַנטאַזיאָר אויך אַ ביסל...

— ניין, ניין, רעד מיר נישט, איך פאַרשטיי אַליין. כ'בין שוין נישט קיין קינד, דאַנקען גאָט... דו האָסט מיר דעם קאָפּ אַראָפּגענומען... כ'וואָלט שוין מוחל געווען דעם רעדאַקטאָר זיין דירה מיט די טובות... אַך, אַך, אַך, ווו איז געווען מיין קאָפּ? אַ פערד בין איך, אָט וואָס!... אַ פערד פאַרט אוים די גאַנצע וועלט און קערט זיך אום אַ פערד. אָט דאָס איז מיט מיר...

— יאַני, מאַכט נאָר נישט אָן קיין נאַרישקייטן, זייט נישט היציק...

— פאַר ווּעמען האַלטסטו מיך? וואָס איז, איך פאַרשטיי שוין גאָר־נישט?...

— נו, אַז איר פאַרשטייט, איז גוט. דער עיקר איז פאַרשטאַנד. גיי איך מיר. אַ גוטע נאַכט!

— שטיי נאָר, פאַר וואָס גייסטו נישט אַריין? פּאָלי קער שוין אויך זיין אין שטוב.

— סאָנקע האָט געקענט דערציילן פּאָלין, אַז מיר זענען אַוועק איינער נאָכן אַנדערן. איצט, אַז מיר וועלן זיך אומקערן צוזאַמען, וועט זי פאַר־שטיין, אַז מיר האָבן עפּעס גערעדט... מיינט נישט, אַז פּאָלי איז אַ נאַ־רישע... און איך וויל נישט, אַז זי זאָל וויסן אָדער זיך אפילו נאָר אָנשטויסן וועגן אונדזער געשפּרעך.

— דו זאָגסט, זי איז נישט קיין נאַרישע... דאָס איז אין מיין איצ־טיקער לאַגע אַ קנאַפּע טרייסט... נו, נו, טאַטע זיסער, נאַ דיר קיִוו אויף מיין קאָפּ... גייסטו טאַקע נישט אַריין?

# קאפיטל LVIII

די צייט איז געגאנגען אויף איר אויסגעטראָטענעם שטעג. פּלעגט שלמה טרעפן פּאָלין אין שטוב, זענען זיי ערגעץ געגאנגען צוזאמען, פאַר־בראַכט א פּאָר שעה און זיך אומגעקערט אהיים. אָבער אָפטער פלעגט פּאָלי לעבן אין אַן אנדער וועלט: „קאָנטינענטאל"... בעלער... שמעקנדיקע וואַנעס... שאמפּאַניער ווי וואַסער. דער קוזין איז געווען א ווילער יאָט, די לאָזשעס — זייער באַקוועמע, די אויטאָס — זייער שנעלע, די בעלער — זייער רוישנדיקע. די צעלאָזנקייט פון יענער סביבה איז פאַר פּאָלין געוואָרן שוין וויניקער עקלדיק.

אין איינעם א פרימאָרגן האָט זיך שלמה געטראָפן פנים־אל־פנים מיט מאַרוסיאַן ביים אַרויסגאַנג פונעם פוניקוליאַר־טונעל. ער האָט קאַלט א קוק געטון אויף איר, ווי מען באַמערקט אַן אומווירדיק באַשעפעניש, און זיך געלאָזט ווייטער גיין. צו זיינע אויערן האָט זיך דערטראָגן א נאָכ־יאָגנדיקער רוף:

— הערט נאָר, איר... אייך, אייך מיין איך...

זיין מח האָט פאַרצייכנט: נישט קיין נאָמען, נישט אפילו „חבר"...

מיט אַריינגעשטעקטע הענט אין די קעשענעס איז ער צו איר צוגע־גאַנגען און שטרענג געפרעגט:

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן?

— איר האָט שטאַרק קיין צייט נישט?

— דאָס האָט נישט צו אייך... איר באַדאַרפט עפּעס זאָגן, זאָגט!

— קומט אַראָפּ עטוואָס פונעם טראָטואַר, לאָמיר נישט שטערן קיין מענטשן...

מאַרוסיאַ איז צוגעגאַנגען צו א בוים, שלמה איז איר גלייכגילטיק נאָכגעגאַנגען.

— זאָגט מיר, איך וויל אייך פרעגן... לויטן אויסזען ווייזט איר אויס צו זיין נישט קיין גרויסער נאַר אָדער גאָרנישט קיין נאַר, אָבער פאַקטיש מאַכט איר זיך נאַריש. וואָס קריכט איר נאָך פּאָלין?

— ווי אַזוי דאַרף איך פאַרשטיין דאָס וואָרט „קריכן"?

— אין ריכטיקן זינען פון וואָרט... קריכן הייסט קריכן... וואָס דען, נישט קריכן?... יענע קען אייך נישט אָנקוקן... יענער עקלט ביי דער נשמה, אַז איר רופט זי אָן ביים נאָמען, און איר מאַכט אייך נישט זעענדיק, נישט הערנדיק, און קריכט... און קריכט...

— פאַרשטאַנען... ווייטער!...

— פּאָלינאַ איז אונדזערס א מיידל...

— וועמען מיינט מען דאָס: „אונדזערס"?

— אונדזערס... דאָס הייסט: פון דער ראַטנמאַכט.

— איר — דאָס איז די ראַטנמאַכט?

— יאָ. איך, דאָס הייסט: די ראַטנמאַכט... און איר...

— און איך, וואָס?

— און איר זענט אַן עלעמענט פון דעם אויסשטאַרבנדיקן קלאַס... אַ ווילדער פאַנאַטיקער... אַ חסידל. אפילו ווען מען גיט אייך פּאָלין, וואָלט איר נישט געוווסט, וואָס צו טון מיט איר...

— מהמ... ווייטער!...

— ווייטער: איר זאָלט קליגער ווערן און אויפהערן דערגיין איר די יאָרן מיט אייערע וויזיטן... דאָס איז ווייטער...

— שוין? דאָס איז אַלץ? איצט דערלויבט מיר אייך פאַרגעבן איין און איינציקע פראַגע.

— איר קענט פרעגן...

— זאָגט מיר, איר זענט דאָך אויך נישט קיין נאַרישע, וואָס שלעפּט איר זיך אַרום מיט פּאָלין?

— כ׳פאַרשטיי נישט...

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? אַ מיידעלע, אַז זי איז אַ קלוגע און איז נעבעך אַזוי העסלעך מיאוס ווי איר, דאַרף זי זיך צוזוכן אַזעלכע חברטעס, אַז זי זאָל זיך נישט אַזוי קאָנטראַסטלעך אויסטיילן. אָבער אַז איר שלעפּט זיך נאָך אַזאַ אויסערגעוויינלעכער קראַסאַוויצע ווי פּאָלי, האָט איר דאָך קענען איר אַ פּנים ווי אַן אמתע אַגוגלו *...

דער אַספאַלט פון ·אונטער די פיס האָט זיך פאַרקליבן אויף מאַרוסיאַס פּנים. זי האָט איינהאַלטנדיק זיך מיט אַלע כוחות אַרויסגעבריפּעט:

— שוין? געענדיקט?

— וואַרט אויס... אַז איר האָט גערעדט, האָב איך אייך אויך נישט געיאָגט אין האַלדז און נאַקן... היינט, ווי אַזוי זשע פאַרשטייט איר נישט אַזאַ פּראָסטע זאַך, אַז אייער חברשאַפט מיט פּאָלין לוינט אייך פּשוט נישט... נישט רענטאַבל, ווי קאָמערסאַנטן דריקן זיך אויס...

— פאַר וואָס?

— גאַנץ פּשוט, ווייל פּאָלי וועט אין גיכן חתונה האָבן... פאַר מיר, צי פאַר אַ צווייטן — אַלץ איינס. ווייל אַזעלכע ווי זי לאָזט מען לאַנג נישט זיצן און אַזאַ „אומקומעניש" ווי איר וועט אפילו דער רוח נישט נעמען. דאָס לעבן איז איס נמאס געוואָרן, צי וואָס?.. און פּאָלי נאָך דער חתונה וועט אייך אפילו אויף דער שוועל נישט לאָזן, אַזוי ווי אַ קרעציק הינטל...

— פאַר וואָס וועט זי נישט לאָזן?

— איר ווייסט נישט, פאַר וואָס? מילא, וועל איך אייך זאָגן... איר ווייסט דאָך גוט, וואָס מיט אַ ווייבל ווערט נאָך דער חתונה... וועט זי מורא האָבן, אַז איר זאָלט צו איר אַריינקומען, טאָמער פאַרקוקט זי זיך אויף אייך...

* אַגוגלו — אַ זעלטענער טיפּ מאַלפּעס.

מאַרוסיאַן טרייסלט אַ פיבער, נאָר זי פרעגט נאָך שטיל:

— איז רעכנט איר, אַז איך בין העסלעך?

— און איר רעכנט אַנדערש?...

— עך, פאַרשיווע זשיד!...

— מילאַ, איך בין אַ זשיד, באַהאַלט איך זיך נישט דערמיט, אָבער איר, נעבעך, וואָלט זיך יאָ גערן באַהאַלטן, איז אייער נעזל... איי, אייער נעזל... עס קען דאַכט זיך קאָנקורירן מיטן שפּיץ פונעם אייפל־טורעם...

— פאַרנעמט אייך צו אַלדע רוחות, פאַרשטונקענער כאַסידאַילע!...

— פרייליין אַגוגלו!... שרייט נישט אַזוי, עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ, אייער „טורעם" ווערט ברוין און בלוי...

— איר גייט אַוועק, אַז נישט וועל איך צורופן אַ מיליציאָנער!...

— איר מעגט אים רופן פון היינט ביז מאָרגן, וועט ער נישט צוגיין...

— פאַר וואָס וועט ער נישט צוגיין?

— ווייל ס'איז ערשט אַכט אַ זייגער, ער האַלט נאָך זיכער פאַרן איבערבייסן און טאָמער גיט ער אַ קוק אויף אייך, קען ער אויסברעכן, וואָס ער האָט געגעסן נעכטן און אייער־נעכטן, און פאַר אייער־נעכטן, און פאַר, פאַר —

— פּאַשאָל־וואָן *, מערזאַוויעץ **, איר־די־אָט!...

און ווי אַ משוגענע האָט זי זיך געלאָזט לויפן איבער דער גאַס און איז פאַרשוווּנדן אין אַ זייטיק געסל.

פון דעם שמועס אָן זענען זיי געוואָרן דם־שונאים איינער דעם צווייטן. פאַלין האָט שלמה אַ וואָרט נישט דערמאָנט פון דעם „אינצידענט". אויף איר פּנים האָט ער געזען, אַז מאַרוסיאַ האָט אויך פאַרשוויגן די גאַנצע מעשה. אַזוי איז טאַקע קיינער נישט געוויר געוואָרן פון זייערע ליבעס־דערקלערונגען.

*

ענדלעך איז טאַקע געקומען דער טאָג און ביידע גאָלדינס מיט די ווייבער און קינדער מיטן גאַנצן געפּעק זענען אָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע אין „ציגימאַש". זייערע דירות האָבן פאַרנומען אַנדערע „פאַראַנטוואָרט־לעכע" אַרבעטער און שלמה איז איבערגעגאַנגען וווינען צו משה פרידמאַן אין זיין צימערל. אין „פּאָנטאָפּל" זענען אַלץ געווען קליינע גליקן. מיט פּעקלעך איז געוואָרן שטרענגער. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פלעגט קאָנטראָ־לירן ביים אַרויסגעבן. טאָמער האָט אַ פּעקל אַרויסגערופן אַ חשד, האָט מען עס אויפן אָרט קאָנפיסקירט, אין ערגערן פאַל — פאַרהאַלטן דעם אָפּגע־

---

* פּאַשאָל־וואָן! — אַוועק פון דאַנען! אַן אָנגענומענער אויסדרוק, נאָר צו אַ הונט.

** מערזאַוויעץ — פאַרדאָרבענער.

מער און טעלעגראַפירט, מען זאָל דאָרט פאַרהאַלטן דעם אַרויסשיקער..

דערווייל האָט דער ווינטער פון טאָג צו טאָג אַלץ מער געגוססט... די פרעסט האָבן נאָכגעלאָזט, עס האָבן זיך געביטן די הימלען, עס איז ווייכער געוואָרן די ערד, עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אָנגעקומענע פייגל. דער דניעפּר איז געלעגן אַן אָנגעדרודלטער, אַן אָנגעצויגענער, אָט־אָט שיסט ער אויס, אָט שמייסט ער אַראָפּ פון זיך דעם ברודיקן כאַלאַט און ווייזט דער וועלט, וואָס ער קען. ערגעץ אונטערן גראָבן אייז ברויזט שוין זיין צאָרן, ער קאָכט זיך מיט שוים אויף די ליפּן, אָבער אויסערלעך איז ער נאָך רואיק, נישט צוטריטלעך. גיט זיך אַ באַלעווע די זון, מאַכט זי זיך אַ טינטערל אויפן שוואַרצן לייב פון דער שלאָפנדיקער חיה... פליען אָן פייגעלעך מיט אַ ירגזון און מיט אַ סווישטשעריי, שטעלן זיך טרינקען פון דעם קאַליוזשקעלע מיט אַ נקמה־געפּיל: זומער איז פאַר זיי דאָס אָרט נישט צוטריטלעך, כאָטש אַצינד זיך נוקם זיין... ביים ברעג הערט מען פון פאַר טאָג ביז ביי נאַכט קלאַפּן העמערלעך און פיילן פיילעכלעך. מען רעמאָנטירט די גליסערס *, סתם שיפלעך, מען גרייט זיך צו דער נאַוויגאַציע **...

אומגעריכט און אומבאַמערקט האָט זיך אונטערגערוקט דער פורים.

שלמה האָט געפרעגט ביי דינהן:

— נו, וואָס טוען מיר?

דינה האָט געפרעגט ביי שלמהן:

— נו, וואָס טוען מיר?

דורכלאָזן דעם פורים אַזוי וויסט ווי דעם חנוכה האָט זיך נישט געוואָלט — פאָרט פורים!... פאָרן אַהיים אויף דעם מעת־לעת, איז געווען ווייט, דינה האָט זיך אָפּגעבעטן בסך־הכל אויף איין טאָג און דער „פּאַנטאָפל" איז אויך געווען צוגעמאַכט נאָר אויף איין טאָג. וואָס זשע טוט מען מיט דעם איינציקן טאָג, אַז ער זאָל געבן כח אויסצושטיין אַ סך עלנטע טעג?

משה פרידמאַן האָט זיי פאָרגעלייגט, זיי זאָלן פאָרן מיט אים צו זיין פאָטער אויפן פורימדיקן טאָג. זיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן און זיי זענען זאַלבעדריט אָפּגעפאָרן קיין לעבעדין.

ר' יעקב פרידמאַן האָט אויפגענומען די געסט מיט אָפענע אָרעמס. זיינע טעכטער האָבן גאָרנישט געוווסט, וואָס מיט זיי צו טון. ביי דער סעודה האָט מען זיך צערעדט וועגן מוזיק און שלמה האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

— שוין לאַנג, אַז כ'האָב קיין פידל אין דער האַנט נישט געהאַלטן...

דער יונגער פרידמאַן איז ערגעץ פאַרשוווּנדן פונעם טיש און אין אַ פערטל שעה אַרום זיך אומגעקערט מיט אַ פידל. ווי גרויס איז אָבער געווען זיין

---

* גליסערס — אַ טיפּ פון אַ שנעל שיפל.

** נאַוויגאַציע — דער סעזאָן פון טראַנספּאָרט איבערן וואַסער.

אַנטוישונג, ווען אַרויסנעמענדיק דעם פידל פון פוטליאַר * האָט מען דערזען, אַז צוויי סטרונעס זענען געפּלאַצטע... דער יונגער פרידמאַן איז געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. שלמה האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די אַקסלען:

— טרויער נישט, משה, מיין זינגען וועט נישט שלעכט פאַרבייטן דאָס שפּילן... זיי נישט אַזוי צעטראָגן...

ביים געזעגענען זיך האָט דער רב געזאָגט, אַז ער געדענקט שוין נישט פון לאַנגע יאָרן, ער זאָל אַזוי פריילעך פאַרברענגען אַ פּורים ווי דעם הייני־טיקן. די פרידמאַנס און די פּיאַטיגאָרסקים האָבן געפילט, אַז זיי האָבן שטאַרקע פריינט איינער אינעם אַנדערן.

* פוטליאַר — דאָס קעסטל, אין וועלכן עס ליגט דער פידל.

# קאפיטל LIX

קיין קיעוו איז געקומען די וועסנע. דער דניעפּר האָט זיך אויסגעשיילט פון זיין גראָבער שאָלעכץ און האָט א יונגינקער, א פרישינקער זיך גע־ווארעמט קעגן דער זון. אַלץ אָפּטער פלעגן זיך באַווייזן אויפן גרינלעכן וואסערפלאך פריש־אויסגעפארבטע שארף־נעזיקע שיפלעך. זיי פלעגן זיך טראָגן אין דער ברייט אָדער אין דער לענג פון דעם טייך, אייננציקווייז און א מאָל גרופּנווייז. אויף סלאָבאָדקע אין די שווארצע גערטנער האָבן שוין געבויט נעסטן אַלערליי שפּילפייגל און סתם פייגל. דער אָרדנטרעגע־רישער שיפבוי־זאוואָד אויפן נאָמען פון סטאַלין האָט אָנגעהויבן פּאַרלייגן פרישע שיפן־סקעלעטן. אין דעם נישט פאַרענדיקטן צעך האָבן זיך אויפ־געכאַפּט די עלעקטרישע זעגן, פּנעוומאַטישע העמערלעך און אומגעלומ־פּערטע עקסקאַוואטארס. פון אויבן אין שטאָט האָט שוין דער פרילינג אָפּגעווישט אַלע שפּורן פון דעם נאָר וואָס פאַרטריבענעם ווינטער.

שלמה איז געשטאַנען ביים פענצטער אונטער די גלעטנדיקע שטראַלן פון דער מילדער זון, צוגעקוקט, ווי דער זומער אָרדנט זיך ווידער איין אויף דער וועלט, און עס האָט אים שרעקלעך געצויגן אהיים קיין כמעלניק, יעדער אבר אין אים האָט געבענקט. אין הארצן האָט גענאָגט אזא עלנט, אַז עס האָט זיך נישט געגלוסט לעבן אויף דער וועלט. צוקוקנדיק דורך זיין פענצטער, ווי די נאַטור באַנייט זיך, ווי אַלץ נעמט זיך פריש אָן מיט לעבן, האָט אים געטאָטשעט א ווערעמל:

— נאָך אַלע גאָלדענע באַקאַנטשאַפטן — ווען האָסטו דאָ אין קיעוו? דינהן, וואָס דו זעסט זי צוויי מאָל, און אַז נישט, איז נאָר איין מאָל אין וואָך? אפשר וועסטו זאָגן: פּאָלין, וואָס רייסט אָפּ אָן אויפדער־נאַכט ביים „וווילן יאַט” און ווארפט דיר צו ווי א הינטל: נאַ, כאַפּ אויך א ביינדל... ווען נאָך? סיידן, מאַרוסיאַן אפשר... און דאָרטן אין אַנאַ־ניעוו איז די טייערע מומע טייבל... און אין כמעלניק: טאַטע־מאַמע, דער זיידע, מנשה, דאָס קליינוואַרג. קיעוו איז א גרויסער עולם־התוהו, אָן א פונק פּאָעזיע, אָן איין לירישן קלאַנג, דו ביסט דאָ פאַרשימלט געוואָרן ביי די גומי־לייוונטענע פּאַסן... צעפּלאָסן געוואָרן אזוי ווי יענע געגדז אין קעסטל... דו מוזט זיך דורכפאָרן אהיים, מען קען שוין נישט מער... דו ביסט אָן אכזר אויף זיך אַליין זיך אָפּשפּאָרן פון דער ליכטיקער וועלט אויף א גאַנץ האַלב יאָר, אויף אזא אייזערנעם ווינטער — ניין, דו מוזט טאַקע פאָרן...

סיי שלמה, סיי דינה האָבן נאָר געלעבט מיט דער האָפענונג, ווי זיי וועלן דאָס קומען אין דעם געבענטשטן כמעלניק, ווי זיי וועלן דאָס הוליע טון אין דעם געבענטשטן ווינקעלע. ווען זיי האָבן זיך ביידע פאַר־קליבן אין שיפל פון די פאַנטאַזיעס, האָט זיי שוין דאָן קיין שטורעמווינט

נישט געקענט אָפּשרעקן, קיין „שטיל" * נישט געקענט פאַרהאַלטן... זיי זענען געשוווּמען אַן אַ ברעג און אָן אַ ציל. דאָס שטעטל האָט זיך זיי געמאָלן אין די ליכטיקסטע פאַרבן... די מענטשן דאָרט — נאָך שענערע פון מלאכים... די רייזע — אַ טריאומפאַלע. זיי ביידע, פּרינץ שלמה און פּרינצעסין דינה, האָבן צעריסן די כשוף־קייטן פון דער קנעכטשאַפט און פליען אויפגעבונדענע אַהיים אויף פּסח: צום סדר... צום קידוש... צום „מה נשתנה"...

שווערע קאַנווערטן מיט ענלעכע פאַנטאַזיעס זענען געפלויגן קיין כמעלניק און נאָך שווערערע אויף צוריק... עס האָט שוין געוווּסט גאַנץ כמעלניק, אַז „די קינדער רייסן זיך אוים אויף יום־טוב אַהיים". עס האָט שוין געהערט גאַנץ קיעוו, אַז עס מעג זיך „איבערקערן די וועלט", פאָרן שלמה מיט דער שוועסטער אַהיים אויף פּסח... אין אָרטעל האָט שלמה נישט דערלאָזט, אַז עס זאָל חלילה עמעצער אויף אַ מינוט פאַרגעסן, אַז אויף גאַנצע צוויי וואָכן „גיט ער אַ שפּיי" אויפן דניעפּר און אויף קרעשטשאַטיק און אויף די גאָלדענע פּאַנטאָפּל און אויף אַלץ, וואָס די וועלט פאַרמאָגט — אים גייט גאָרנישט אָן... ער איז שוין נישט קיין היגער... פון זיינעט וועגן מעג זיך אַלץ איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פּיס אַרויף. ער זעט נישט און הערט נישט — ער איז אין כמעלניק.

אַ פּאָר וואָכן פאַר פּסח האָט זיך באַוויזן אַ פּנים־חדשות אין „פּאַנטאָפּל". דאָס איז געווען אַ ריזיקער ברייט־ביינערדיקער „יונגאַטש" פון אַ יאָר זיבעצן, אַכצן. ער האָט פאַרמאָגט העל־בלאָנדע, עטוואָס געלבלעכע האָר, וועלכע האָבן זיך קיין מאָל נישט געוואָלט האַלטן אין דער קעפּי, שטענדיק געקראָכן אין די אויגן, אויף די אויערן. אונטער נישט קיין גרויסן שטערן זענען שוין געזעסן אַ פּאָר בלויע־בלויע אויגן, וועלכע האָבן „ממזריש" געוווּנקען: אפשר ווילסטו זיך שלאָגן?... אונטער די פאַרשייטע אייגעלעך האָבן גאַנץ אומגעריכט געבליט ראָזע מיידלשע בעקעלעך, מיט לייכטע זומער־שפּרענקעלעך באַשאָטן, און אַזוי די בלוטיקע ליפּעלעך און אַזוי דאָס געטאָקטע בערדעלע — אַ מיידליש פּנימל! נאָר די שטייפע, נישט געהאָרכזאַמע האָר, די ווויל־יונגערישע אויגן און די ברייטע מאָזאָליעדיקע דלאָניעס האָבן דערמאָנט, אַז דאָס „מיידעלע" דאַרף קענען גוט אָנברעכן די ביינער... גערופן האָט מען אים יוסף גאָרדאָן, געבראַכט האָט אים אין אָרטעל אריין משה פרידמאַן.

געווען איז ער אַ געבוירענער אַ קאַניעווער, דערנאָך אַ לעבעדינער. כאָטש זיין פאָטער, מוטער און אַ שוועסטער האָבן שוין פון עטלעכע יאָר געוווינט אין קיעוו, דאָך האָט ער פאַרגעזעצט דאָרטן אַרבעטן אין אַ פאַבריק אַלס אַ שלאָסער פון זיבעטן ראַזריאַד **, „אויספּירנדיק" שבת פאַר זיין „שלאָגלערישער" אַרבעט. ענדלעך האָט זיך די קאָמסאָמאָלסקע

* שטיל — אַן אָן-ווינטיקער וועטער אויפן ים.

** ראַזריאַד — קאַטעגאָריע.

יאטשייקע * אומגעקוקט אויף דעם „קאָנטער־רעוואָלוציאָנער“ און אים פאָרגעלייגט איינס פון די ביידע: אָדער ארויסגיין שבת צו דער ארבעט גלייך מיט אַלעמען אָדער נעמען דעם וועג. דער בחור האָט זיך זיי אויסגע־לאַכט אין פנים אריין און מען האָט אים מיט גרויס פּאַראַד „אַ־ויסגע־שטעלט“ פון יענער זייט טיר. דאָס מיידלשע פנימל האָט אפילו אַ טרער פארלוירן, אזוי איינגעליבט איז ער געווען אין זיין סטאַנאָק, נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, אין באַשלוס פון פּאַרט־קעמערל איז דייטלעך געווען אָנגעשריבן: „גאָרדאָן, יוסף בערקאָוויטש, מיט זיין האַלטן שבת דעמאָ־ראַליזירט די מאַסן און רופט אַרויס אַ געערעכטן צאָרן אין דער אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט זיך שוין אין גאַנצן באַפרייט פון דעם רעליגיעזן אָפּיום. אַלזאָ: אויסשליסן, אָן קאָמפּענסאַציע“ ** !...

דער באַשלוס איז געלייענט געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, די גאַליאָרקע האָט געפּאַטשט בראַוואָ און געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל...

יוסף האָט אויסגעווישט די אויגן, אַ שפּיי געטון אויפן צעך און איז אוועקגעפאָרן צו די עלטערן קיין קיעוו.

ווען משה פרידמאַן איז געוואָרן געוואָרן, אַז גאָרדאָן האָט זיך שוין „צעווערטלט“ מיט זיין סטאַנאָק, האָט ער אים גלייך אַריינגעפירט אין אַרטעל אַריין און געהייסן קומען צו דער אַרבעט. אַז יוסף האָט מיט זיינע אומשולדיקע שיינע קוקערס באַטראַכט אַלע פּראָצעסן פון דער אַרבעט אין „פּאַנטאָפל“, האָט ער געמאָלדן, אַז ער נעמט זיך אונטער אין איין חודש קענען די גאַנצע תורה פון באַשאַפן אַ טופל, נישט ערגער פון די אינ־סטרוקטאָרן אַליין... גערעדט און געטון. ער האָט אָנגעהויבן פון אָפּקלייבן די שטיקער געוואַנט לויט די קאָלירן, נאָך דעם אויסקלאַפּן מיטן שטאַמפּ קנאַפּל, רייסן די פּאַסן, אַרומשאָבן אַ זאַדניק. אַלע האָבן געגלאָצט מיט די אויגן: צו וואָס ער האָט זיך נאָר צוגערירט, האָט עס געזונגען. ער האָט נישט ליב געהאַט פרעגן ביים אינסטרוקטאָר, נאָר אַ קוק — און פאַרטיק...

עס איז אונטערגעקומען שבת־הגדול. דאָס ערשטע מאָל פאַרן גאַנצן ווינטער האָבן זיך אין דעם שבת פאַרזאַמלט צו די פייגנבוימס די גאַנצע יידישע יוגנט פון קיעוו, יינגלעך, מיידלעך און עטלעכע יונגעלייט מיט זייערע ווייבלעך. פיל פון זיי האָט שלמה געזען צום ערשטן מאָל אין לעבן. צוזאַמען זענען געווען העכער פופציק פּערזאָן. עס איז אויך געקומען הרב ביאַליק. דער טאָג איז געווען געענוג גרויס. די זון האָט פריילעך געשיינט מיט גאָלדענע זאַנגען אויף רעכטס און אויף לינקס. עס איז געווען פריילעך אויפן הארצן. מען האָט פיל געזונגען. נאָך דעם האָט הרב ביאַליק גערעדט.

---

* קאָמסאָמאָלסקע יאַטשייקע — קאָמסאָמאָליש קעמערל אין אַ זאַוואָד אָדער אין אַ פאַבריק.

** קאָמפּענסאַציע — צוויי־וואָכנדיקער געהאַלט וועלכן מען צאָלט געוויינלעך אויס אַן אַרבעטער ביים אָפּזאָגן אים פון פּאָסטן.

ביאַליק איז געווען באַוווסט מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט, אין זיינער אַ דרשה פלעגט זיין דורכגעפלאָכטן גאונישע בקיאות אין תורה מיט אַלגע־מיינע וויסנשאַפטן. ער האָט פאַרמאָגט אַ ספּעציפישע באַגאַבטקייט צו באַהערשן די צוהערער, פאַרכשופן זיי און זיי מיטרייסן מיט זיך אין דער אומענדלעכקייט. נאָך אים האָט באַקומען אַ וואָרט ר' אברהם פייגנבוים, מאיר סעגאַל, זעליק פייגנבוים און שלמה פּיאַטיגאָרסקי. נאָך שלמהס דרשה האָט אים ביאַליק אַליין געדריקט די האַנט. דאָס איז געווען דער גרעסטער דיפּלאָם.

נאָך הבדלה האָט חברה ערגעץ אויסגעזוכט אַ פידל, שלמה האָט גע־שפּילט, גאָרדאָן מיט אַדלערן האָבן געטאַנצט. ווען מען איז זיך ביי נאַכט צעגאַנגען פון קאַראַוואַיעווסקע 67, האָבן זיך שוין שטערן געלאָשן און אין די טראַמוויי־פאַרקן האָבן זיך שוין געזאַמלט קאָנדוקטאָרשעס אויף אָנצו־הייבן דעם נייעם אַרבעטסטאָג. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג פאַר אַ גאַנצן ווינטער, וואָס שלמה מיט דינהן האָבן געפילט, אַז מען קען אין דער גרויסער שטאָט אויך פרייליך זיין.

ענדלעך נאָך אַזאַ לאַנגן נאָכזוכן זענען די טולטשינסקיס אין דער וואָך פון ערב פסח אויפגעריכט געוואָרן. יאַני האָט באַקומען אַ שטעלע אַלס אַן אינקאַסאַנט אין שטאָט־קאָמכאָז *. זיין אַרבעט איז געווען: אויפצומאָנען אין אַלע אַנשטאַלטן געלט פאַר טראַנספּאָרט־באַדינונג, פאַר אָפּגעטוענע אַרבעטן, פאַר דורכגעפירטע רעמאָנטן. מען האָט אים אַרויסגעגעבן אַן אומזיסטיקן חודש־בילעט, מיט וועלכן ער האָט געקענט אַרומפאָרן אויף אַלע טראַמווייען און אויטאָבוסן פראַנק און פריי. ער פלעגט טאָקע אַרומ־פאָרן פון אַכט אין דער פרי ביז פינף, זעקס פאַר נאַכט, נאָר ביי טאָג זיך אַריינכאַפּן אַהיים אויף מיטאָג און ווידער נעלם ווערן. פון אָנהייב האָט די אַרבעט נישט געוויזן קיין גרויסע גליקן, קיין איין זייטיקע קאָפּיקע פלעגט נישט אַריינפאַלן. נאָר די בעלי־בתים פון אַנשטאַלט האָבן אַליז צוגעזאָגט אויף ווייטער.

אויך פּאָלי האָט געקריגן אַ שטעלע פון אַ געהילף־בוכהאַלטער. אַוראַם האָט זיך עקסטערנע געגרייט אָנקומען אויף האַרבסט אין אַ אינסטיטוט אַריין. די קלענערע צוויי קינדער זענען געגאַנגען אין די שולן. אויף אסתרן איז געפאַלן די לאַסט פון דער גאַנצער שטוב: צוגרייטן, אויפרוימען, אַריינברענגען. קיינער האָט אין דער ווירטשאַפט איר נישט צוגעהאָלפן.

---

* שטאָט-קאָמכאָז — פאַרקירצט פון: שטאָטישע קאָמונאַלע ווירטשאַפט.

# קאפיטל LX

פסח האָט געדאַרפט זיין דאָנערשטיק. איז כדי נישט אָנבאָרגן זיך קיין איבעריקע טעג אויפן חשבון פון די צוויי וואָכן אורלויב, זענען שלמה מיט דינהן אָפּגעפאָרן פון קיעוו דינסטיק ביי נאַכט. ארום פאַר טאָג האָבן זיי געדאַרפט אָנקומען קיין יערקע. אין איין שעה צייט קומען זיי קיין זוועניגאָראָדקע, דאָרט איז שוין דאָ ברוך דער בעל־עגלה און זיי וועלן נאָך צו דער ערשטער „פאַן מיט לאַטקעס" זיין אין דער היים. דער חשבון איז געווען אַ ריכטיקער, אויב נישט רעכענען די קאַפּריזן פון דעם וועטער, וואָס טרעפן אַזוי אָפּט אין יענעם טייל יאָר אין יענע מקומות.

אין קיעוו אויפן וואָקזאַל האָבן זיי איבערגעלאָזט אַן אויסגעשטערנטן הימל, מיט אַ פולער ערב־פסחדיקער לבנה. גאַרדאַן, קלאַדניצקי, אַדלער, ניסן און טאַני פייגנבוים האָבן היים געדריקט זייערע הענט, געווונטשן גליקלעך פאַרברענגען דעם יום־טוב, אַנגעזאָגט, זיך נישט זאַמען קיין איבעריקס נאָך יום־טוב און נאָך אַ מאָל געדריקט די הענט...

ביז וואַסילקאָוו האָט די פרייד נישט געלאָזט איינשלאָפן. שלמה האָט געהאַלטן אין איין אַרומטאַפּן אַלע דעטאַלן אין וואַגאָן, געדרייט זיך פון וואַגאָן אויפן גאַניק, פון גאַניק צוריק אין וואַגאָן. עס האָט אים געטראָגן אין דער לופטן. אַ האַלב יאָר אין קיין צוג נישט געפאָרן. אַ יאָר צייט במעלניק נישט געזען. און דאָרט ריכט מען זיך, וויי, וויי! און זיי פירן מתנות... און די מאַמע וועט זיי באַלד אונטערטראָגן איינגעברוינטע קאַרטאָפל־לאַטקעס. אָבער שמירהדיקע, פון געריבענע קאַרטאָפליעס... פון געקאָכטע האָט ער נישט ליב. דינה האָט ליב — זאָל זי עסן געזונטערהייט!... אָבער ער — נאָר שמירהדיקע לאַטקעס... היינט דאַרף מען פאַרזוכן פון די אַרבע כוסות... ראַזשינקעס האָט ער זיי געשיקט די וואָך פון פרשת־שקלים, מובחר מן המובחר, שווארצע, מיט קערלעך, איינס און איינס... היינט דאָס גלעזל טיי... דאָס ערב־פסח־פאַרנאַכטיקע שיינע, שמעקנדיקע גלעזל טיי! קיין מאָל אין יאָר האָט נישט קיין גלאָז טיי דעם טעם וואָס דאַמאָלסט... אַן ערשט געטובלטע גלאָז, אַן ערשט געטובלט טעצעלע, אַ ניי לעפעלע, וואַסער פון אונטערן פּלאָט *, אַן ערשט אָנגעהויבן פּעקעלע טיי, אַן ערשט אָנגעהויבן היטל צוקער, אַן ערשט אַרויסגענומענער בלאַנקענדיקער טישטעך. היינט — די מינע, מיט וועלכער מען דערלאַנגט דאָס גלעזל טיי... ניין, ניין!... בלויז צוליב דעם פאַר־מנחהדיקן גלעזל טיי וואָלט שוין כדאַי געווען צו פאָרן אַזוי ווייט. ווער שמועסט, דאָס דורכלופטערן די ביכער... די סדרים... דער חול־המועד... מנשה... דער גנעוראַלשעם פאַרק... אַך, ווי גוט!... ווי גוט איז צו האָבן אַ במעלניק! און אין דעם במעלניק — אַזוי פיל דימענטענע מענטשן: אַ טאַטן... אַ זיידן... אַ קרוב — אַ רב!...

* פּלאָט — אַן אויסגעקאַכטע ווייסע שטיק גויאישע לייוונט, וואָס מען באַנוצט פון יאָר צו יאָר, ספּעציעל אויף דורכזייען דאָס וואַסער אויף פּסח.

ער גייט צו צו דינהן, יענע זיצט אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט אַזוי ווי צו תחנון און שלאָפט... צו זיין האַרץ שלאָגט צו אַ כוואַליע וואַרעמע געפילן: שלאָפט נעבעך... זיך פּאַרן פּאָרן שטאַרק אָנגעלאָפן און נאָך געאַרבעט דעם טאָג אויף דער ערשטער סמענע * אויך... ער נעמט אַראָפּ פון זיך זיין פּאַלטאָ און דעקט זי איין. אין שלאָף זאָל זי נישט כאַפּן קיין ציטער. אים איז נישט קאַלט, אים איז היים, אים איז גוט. אין פענצטער פּאָרט נאָך אַ זעלטענע לבנה, זי באַגלייט די געסט, ווי דען? אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט נישט באַגלייטן? ווער קען שוין זיין בילעכער?... שלמה גייט אַרויס אויף דעם הענג־גאַניקל... ב־ר־ר־ר... עס איז אים קילבלעך... קיל און פּייכט... איז עס דערפאַר, ווייל ער האָט אויסגעטון זיין פּאַלטאָ, צי פּשוט, ווייל עס איז נאָך טאַקע חודש מאַרט, אַ שטיף־חודש, האַלב ווינטער, האַלב זומער? ער וואַרפט אַ פּאַראיבלדיקן קוק אויף דער לבנה און קערט זיך אום אין וואַגאָן אַריין. דאָרט איז גענוג ליכטיק, נאָר אַלע שלאָפן, ווער אויסגעצויגן, ווער זיצנדיק. אין דער לופט שטייט אַ זויערלעכער ריח פון שווייסיקע קערפּערס, צעפּאַרעטע פיס און שטאַרקער מאַכאָרקע. שלמה הערט זיך איין אין דעם געזאַנג פון די נעזער און עס כאַפּט אים אָן אַ געלעכטער: אַ משונהדיקער אָרקעסטער... איינער שלעפּט עפּעס אַ שווערס, האָרעוועט מיט אַלע כוחות: ר־ר־ר־ד־ד־ד... דער צווייטער ענטפערט אים אויף גיך: איכל...איכל...אָפּ־פו... איכל...איכל...אָפּ־פו... עפּעס אַ יונגע דאַמאָטשקע אין אַ מאַנטל אַרבעט גאָר ווי אַ סנייפּער **: פּ־פּ־פּ־פּאַ!... פּ־פּ־פּ־פּאַ!... ביי אַנדערע איז אַ שטאַרק לאָדעניש צווישן דעם האַלדז און דער נאָז, יעדער צד פאַרכלינעט זיך, טענה'ט און מאָנט... שלמה וויל אומיסטן איבערנעמען דעם ניגון, ס'איז אוממעגלעך... דאַכט זיך אפילו אַ פאָנאָגראַף וואָלט זיך נישט איינגעגעבן אויפצוכאַפּן אַלע ניואַנסן פון אָט דעם קולות־מישמאַש.

דער קאָפּ שמערצט אים אַ ביסל און ער זעצט זיך צו אויף אַן עק באַנק, נאָר אויף איין מינוטקעלע, באַלד גייט ער צוריק אַרויס אויפן גאַניק... ער דאַרף נאָך אַ קוק טון, צי דערקענט ער די סטאַנציעס, נישט קוקנדיק אויף די אויפשריפטן. צי האָט מען שוין איבערגעאַקערט אַלע פעלדער. אַ פּרווו טון, צי געדענקט ער דעם סיום אויף סנהדרין אויסנווייניק, צי קען ער טרעפן די צייט לויט די שטערן — און די רעדער קלאַפּן היינט עפּעס אַזוי מאָדנע, אויך מיטן גאָרגל און מיט דער נאָז: איכל...איכל...פּ...פּאַ!... תנו,תנו,רבנן, רבנן בתריתא... ר־ר־ר־ד־ד־ד — איכל, איכל... בריך הוא רחמנא, דיהיב לן אורייתא... בריך' הוא רחמ... — — — וואָס שרייט ער אַזוי, אַדלער? ער קען נישט זינגען שטיל? ער שטערט פּאָלין עסן... נחום, זאָל זיין שטיל!... שטיל זאָל זיין!... לאָמיר הערן, ווי מאַרוסיאַ קושט דעם אַלטן יואל... אוי, זי קען אים נאָך דערשטיקן... דאָס איז אַזאַ מכשפה... שאַ, ווהין שלעפּט זי אים? אין וואַנע? שלעכט!... הרב ביאַליק... נו, זאָל

---

* וואַכטע.

** סנייפּער — אַ ספּעציעל גוטער שיסער.

זיין ר׳ אברהם, לאָמיר ראַטעווען דעם אַלטן יואל, ער איז אַ סטאָלענער חסיד און יענע יאַשטשערקע וועט אים דערטרינקען אין אַ־דע־קאָלאָן... וואָס זאָגסטו, יוסף, עס מאַכט נישט אויס, וואָס די מומע טייבל מאַכט פון וולאַדימירן קאָטלעטן? אַז קיין באַמבע־פּאַסאַליעס איז נישטאָ, נאָר צערי־סענע פּוישטן און ווייניקע „פּאַנטאָפּל״... איכל, איכל, איכל... פּ־פּאַ!... פּ־פּאַ!... ניומאַ, ווידער קריכסטו אויפן שפּיץ בעסאַראַבקע? נעם שוין מיין פּראָטעזע אויך, וועסט מאַכן פון אים אַן עסיקפלייטל, וועלן מיר ביידע עסן... ניין, מנשה אויך... דו הערסט, ווי ער זינגט „יאַבלאָטשקאָ״ *? ניין, ס׳איז גאָר „אתה זוכר״... הבן יקיר לי אפרים... ווער זאָגט עס שיר־השירים אַזוי שיין? טאַדעאוש? מומע זלאַטע, לאָזט אים נישט!... ער איז נישט קיין זלאָטשעווער... אַ פּייג וועט אים חנה נעמען, ער האַלט נישט פון קיין אָפּגעגאָסענע עופות, וועט זי אים נישט נעמען... אוי, מען קען פּלאַצן פאַר געלעכטער... לוי נאָטעם איז שוין אויך געפאַלן אויף די קריזשעם? כאַ־כאַ־כאַ, אוי, כאַ־כאַ־כאַ!..

דינה טרייסלט אים מיט אַלע כוחות:

— וואָס לאַכסטו ווי אַן אידיאָט? גיב נאָר אַ קוק, ווי מען קען אים נישט דערוועקן... גיי נאָר, גיב אַ קוק, וואָס שטייען מיר... מיר שטייען שוין לאַנג...

שלמה רייסט קוים אויף די אויגן, ער באַטראַכט דינהן פון קאָפּ ביז די פיס:

— ווער משעפעט דיך? וואָס איז דיין עסק, וואָס איך לאַך פון לוי נאָטעם?

— צעדרעכע זיך אַ ביסל... באַרעכן נאָר אַ שלאָף!... מיר שטייען שוין דאָ פון ווייס איך ווען... ס׳איז היינט ערב פסח... נו, הייב זיך שוין אויף...

שלמה ווישט אויס די אויגן, גיט נאָך אַ מאָל מיט בטול אַ קוק אויף דינהן און טוט אַ קוק אין פענצטער: עס איז שוין געווען שפּעטער טאָג!

ער שפּרינגט אויף אַן אָפּגעבריטער, גיט אַ כאַפּ די פּעקלעך:

— וואָס שטייסטו ווי אַ קוואָטשקע? ס׳איז אודאי יערקע און זי שטייט...

דינהט נעמט, אַ בייזע, צו די קאָשיקעס ביי אים:

— ס׳איז נישט יערקע... יערקע חלומט זיך אים...

שלמה גייט צו צום פענצטער און ווערט דערציטערט... אויף וויפל דאָס אויג קען דערגרייכן, זעט מען נאָר שניי... הויך אָנגעשאָטן, געדיכטער, פּראָסטיקער שניי. פון וואַנען האָט ער זיך אַהער גענומען? ס׳איז דאָך שוין פרילינג! ווער האָט באַהאַלטן די לבנה?

דער הימל איז ליימיק, טונקל. דער האָריזאָנט — געל, קווטיק. אין שניי ביי די וואַגאָנעס קריכן אַרום מענטשלעכע פיגורן. דער שניי איז זיי

* אַ פּאָפּולער רוסיש לידעלע.

העכער פונעם בויך. אַן אומגעזעענער האַמער דערלאַנגט שלמהן אין קאָפּ אַריין:

— שלעכט!...

ער רייסט זיך אָפּ פון פענצטער און לויפט צום אַרויסגאַנג. דינה לויפט אים נאָך מיטן פּאַלטאָ אין דער האַנט:

— טו זיך אָן... דו ווילסט זיך חלילה פאַרקילן?

שלמה קערט זיך אום, דאָס פּנים איז אים איבערגעמישט, שוואַרץ ווי די ערד, נאָר די אויגן ברענען פיבערדיק. ער רייסט אויס דעם פּאַלטאָ פון איר האַנט און פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר.

אין דרויסן זעט מען נישט קיין לעבעדיקן נפש, נאָר אין קאָפּ פון צוג דרייען זיך עטלעכע מענטשן. שלמה שפּרינגט אַריין אין שניי איבערן גאַרטל און די אויגן קריכן אים אַרויס אויפן שטערן: דער לאָקאָמאָטיוו איז נישטאָ!... זיי שטייען אין מיטן פעלד, אָן אַ לאָקאָמאָטיוו...

דער ערשטער, וועמען שלמה האָט באַגעגנט, איז געווען אַ ייד: אַ גע־גאָלטע מאָרדע, אַ צעפּלעטשטע נאָז, אין אַ לעדערן צעשמיסן רעקל און אין גאַליפע־הויזן.

שלמה כאַפּט אים אָן ביים אַרבל:

— וואָס איז דאָס, חבר? וואָס האָט געטראָפן?

— אַ שיינע מעשה און נישט קיין קורצע...

— וואָס הייסט, נישט קיין קורצע?

— מיר וועלן מסתמא היינט דאָ איבערנעכטיקן... וואָלט איך נישט געהאַט אַ קלומעק מיט זיך, וואָלט איך אַוועקגעגאַנגען צו פוס...

— וואָס הייסט, צו פוס? ווו געפינען מיר זיך דען?

— צווישן קאָרסון און מיראָנאָווקע.

— איר לאַכט נישט?

— יונגערמאַן, לאָזט אָפּ דעם אַרבל, כ׳וויל אַריינגיין אין וואַגאָן זיך דערוואַרעמען!

— און ווו איז אונדזער לאָקאָמאָטיוו?

— ווערט ער איינגעזונקען!... ער איז אַוועק קיין צוויטקאָוו נאָך הילף... ס׳איז אים שווער צו שלעפּן אַליין... לאָזט אָפּ דעם אַרבל, זאָג איך אייך, איר לאָזט אָפּ?

— נאָך איין וואָרט... ווען דאַרף ער זיך אומקערן, דער לאָקאָמאָטיוו?

— אויפן ערשטן מאַי וועט ער שוין זיין דאָ...

שלמה פאַרלירט דעם אַרבל און גיט אַ כליפּע:

— מאַמע מיינע, פּסח...

די געגאָלטע מאָרדע שרייט אים נאָך:

— אין וועלכן חודש געפאַלט היינטיקס יאָר פּסח? חבר... האַ, חבר?...

שווימענדיק אין שניי ביזן האַלדז איז שלמה פאַרקראָכן ביזן שפּיץ פון עשאַלאָן. דאָרט האָט ער געטראָפן דעם הויפּט־קאָנדוקטאָר. שלמה איז צוגעפאַלן צו אים:

— חבר קאָנדוקטאָר, מיר שטייען דאָ שוין לאַנג ?
— איר זענט נישט קיין היגער, וואָס איר פרעגט ביי מיר ?
— איך בין געשלאָפן, אַנטשולדיקט...
— געשלאָפן ? טאָ גייט שלאָפן ווייטער און זעט גוטע חלומות...
— עס שלאָפט זיך מיר שוין נישט... איז פון ווען אָן, זאָגט איר, שטייען מיר ?
— פון האַלב דריי...
— און איצט איז ?
— איצט איז האַלב ניין.
— און וואָס איז מיט אונדזער לאָקאָמאָטיוו ?
— מיטן לאָקאָמאָטיוו וואָלט געווען נישקשה...
— חבר, איך פרעג אייך ערנסט, ענטפערט מיר ערנסט...
— דער לאָקאָמאָטיוו דאַרף שוין באַלד אָנקומען מיט נאָך איינעם, ער איז שוין פון לאַנג אַוועק...
— קיינע ידיעות פון אים האָט איר נישט ?
— אין מיטן פעלד ווילט איר ידיעות ? קיין אָן־דראָטיקן טעלעפאָן האָבן מיר נישט...

אַ צעקלאַפּטער, מיט אַ פאַרחושכט געמיט, האָט זיך שלמה אַוועקגע־שלעפּט צוריק אין וואַגאָן אַריין.

דינה האָט נאָר אַ קוק געטון אויף אים, פרעגן האָט זי שוין פאַרשפּאָרט: אויפן פּנים איז אַלץ געווען אָנגעשריבן. זי האָט פאַרבראָכן די הענט, נישט געקענט מער איינהאַלטן די טרערן. אויף שלמהס ליפּן האָט געבלאָנדזשעט אַן אומגליקלעכער שמייכל:

— וואָס וויינסטו, דו שוטה ? באַשערט איין מאָל פּראַווען דעם סדר אין מיטן פעלד... שמירה־מצות האָבן מיר, און פּאַלירטשיקעס * וועלן מיר שוין עסן איבער אַ יאָר צו די סדרים...

— שווייג !... חכמעט זיך נאָך !... זיי וועלן דאָרט פון זינען אַראָפּ און מיר דאָ...

— אַבי עס זאָל נאָר העלפן, בין איך שוין מסכים אַראָפּ פונעם זינען...
— דו ווערסט היינט שווייגן, צי ניין ? וואָס דערגייסטו מיר די יאָרן ?
— דינה, איך לייג זיך צו, דער קאָפּ פּלאַצט מיר שיר נישט...
— נעם עפּעס אין מויל אַריין, ס'איז שוין זייער שפּעט, מען קער שוין באַלד קיין חמץ נישט טאָרן עסן...
— איך טאָר שוין נישט...
— וואָס עפּעס דו ? עס איז נאָך קיין צען אַ זייגער נישטאָ, נעם, עס אָפּ ! נאָך דעם וועסטו שלאָפן...
— ביי מיר איז היינט אַ תענית, איך בין דאָך עפּעס אַ בכור...
— האָסטו דאָך, דאַכט זיך, אַ סיום ?

---

* פּאַלירטשיקעס — אַזעלכע כרעמזלעך.

— האָבן האָב איך, אָבער דאָס איז נישט אין וואַגאָן. אַז עס איז דאָ אַ מנין, מען זאָגט קדיש, מען טרינקט „לחיים", איז דאַמאָלסט דער סיום אַ סיום. אָבער דאָ — וואָס ?... און ווידער — ביי אונדזער איצטיקער לאַגע שאַדט נישט אַן איבעריק מאָל צו פאַסטן...

— אויב אַזוי, וועל איך אויך פאַסטן...

— ביסט משוגע, צי וואָס ? מילא, איך בין מחויב, אָבער — דו ?...

שלמה האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די מוסקולן, זיך אויסגעצויגן אויף דער פּאָליצע און שוין געהאַט צוגעמאַכט די אויגן, ווי די פענצטער האָבן אַזש אַ ציטער געטון : עס האָט זיך דערהערט אַ רעווע פון אַ לאָקאָמאָטיוו ! שלמה איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פּאָליצע און וויינענדיק ווי אַ קליין קינד איינגעשלאָסן דינהן אין זיינע אָרעמס.

# קאפיטל LXI

געקומען זענען גאנצע צוויי לאָקאָמאָטיוון און דער צוג האָט באַלד געריררט. אין צוויטקאָוו האָט אויף זיי געוואַרט דער אומאַנער צוג און אַן א פערטל צוויי זענען זיי אַראָפּגעגאַנגען אין יערקע. דריי א זייגער, ווען די דראָזשקע האָט זיי צוגעשטעלט אויפן זוועניגאָראָדקער מאַרקפּלאַץ, איז שוין פונעם כמעלניקער בעל־עגלה קיין סימן נישט געווען. די בעלעבערם פון דעם נאָענטן צעך האָבן שלמהן דערציילט, אַז דער כמעלניקער בעל־עגלה האָט היינט אויף עמעצן געוואַרט, אויסגעקוקט זיך די אויגן, נאָר זיך טאַקע נישט דערוואַרט. די פאַרשווינען זענען צוגעשטאַנען מיט געשרייען: ערב יום־טוב! וואָס פאַר א וואַרטן, וואָס? ביז מען וועט זיך פאַרשלעפּן, וועט במילא נאַכט ווערן!... עס האָט אים גאַרנישט געהאָלפן און ער האָט געמוזט פאָרן. שלמהן איז טונקל געוואָרן אין די אויגן: אין זוועניגאָראָדקע פאַרבלייבן אויף יום־טוב, דאָס איז דאָך הימל־שרייענדיק...

דינה האָט אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל:

— שלמה, מיר וועלן דאָ ערגעץ איבערלאָזן די זאַכן און אַוועקגיין צו פוס...

— אין דער בלאָטע, וואָס דאָ טוט זיך, וועלן מיר פאַרגיין הלואי ביז האַלבע נאַכט...

— דו האָסט א בעסערע עצה?

— וו האָב איך א בעסערע? אַז עס וועט נישט זיין קיין אַנדער ברירה, וועלן מיר אַזוי טון. דערווייל זיץ דאָ אויפן גאַניק און איך וועל כאַפּן א קוק אין שטאָט.

דער שיינער, ברייטער פּראָספּעקט איז געווען פוסט און בלאָטיק. די זון, א צעיושעטע, האָט זיך געריסן פון די וואָלקנס און זיי געטריבן פון זיך. דער שניי איז פאַר די אויגן צעגאַנגען און טראַגנדיק געמאַכט די ערד. די בלאָטע האָט זיך צעיוירן און געוואָרן נישט דורכצוגיין. קיין פור האָט מען אין ערגעץ נישט געזען. דינגען א ידישן זוועניגאָראָדקער בעל־עגלה, איז ערשטנס וועט ער זיך הייסן אָפּגילדן, צווייטנס, וועט ער סתם נישט אַרויספאָרן פון דער היים ערב יום־טוב פאַר נאַכט. פּלוצלינג האָט שלמה באַמערקט אַרויסשטעקן פון א טויער צוויי מאָרדעס פון פערד. אין איין אָטעם איז ער צוגעלאָפן און האָט דערזען א פור.

דאָס הויז איז געווען די ספּאָזשיוווטשע־קאָאָפּעראַציע * און די פור האָט מען אָנגעלאָדן מיט סחורה. שלמה איז צוגעלאָפן צום פורמאַן:

— זדאַראָוו **, פעטערל!

— זדאַראָוו, זדאַראָוו, פּלימעניקל...

— וווהין פאָרסטו איצט פון דאַנען?

* ספּאָזשיוווטשע־קאָאָפּעראַציע — א הלואה־קאָאָפּעראַטיוו, געגרינדעט פון יעדן דאָרפס־ראַט באַזונדער.

** זדאַראָוו — „וואָס מאַכסטו אין געזונט?" — אַזאַ באַגריסונג.

— אַהיים...
— וווהין הייסט אַהיים?
— קיין ווענגראָד...
— וואָס רעדסטו? זענען מיר דאָך „זיעמליאַקעס״ *.
— פון וואַנען ביסטו?
— פון כמעלניק... אַ כמעלניקער טאַקע... ווען פאָרסטו אַהיים?
— אָט באַלד טאַקע, איך נעם נאָר נאָך עטלעכע קעסטלעך און איין פּעסל...
— ווי אַזוי רופט מען דיך, פעטערל?
— מאַקסים... מאַקסים קאַלאַשניקאָוו...
— הער, חבר קאַלאַשניקאָוו, איך וויל דיר פאַרליינגן אַן עסק, דו זאָלסט פאָרן קיין ווענגראָד דורך כמעלניק, מעגלעך, האַ?
— ניין, ס'איז אוממעגלעך...
— פאַר וואָס איז אוממעגלעך?
— ווייל דער וועג איז נישט דאָרט אַרומער...
— קוים אויסגערעדט!... ווען דער וועג וואָלט געווען דאָרט אַרומער, וואָלט איך דאָך דיך פאַרשפּאָרט צו בעטן. איך בין אין די וועגן גוט באַקאַנט... ביז פּאָפּיוועקע גייען דאָך די וועגן גלייך... און פון דאָרט דאַרפסטו פאָרן אויף טשעמערעסק, וועסטו פאָרן דורך טשעזשיוועקע, כמעלניק, קוביליאַק און גאַנטעריוועקע... דו לייגסט אָן בסך־הכל אַ וועלכע פינף, זעקס קילאָמעטער, מער נישט, און איך וועל דיך שיין באַלוינען...
— ניין, איך קאָן נישט... מיט משא פאָרן איבעריקס איז אַ צער־בעלי־חיים...
— זאָג מיר, וויפל נעמסטו ביי דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַרן פאָרן אַהער?
— איך אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו אַלס אַ שטענדיקער פורמאַן.
— אָבער די פערד זענען דיינע?
— ווער האָט היינט פערד? די פערד זענען קאָאָפּעראַטיווע און איך בין אין קאָלכאָז...
— מיט איין וואָרט, הער, מאַקסים, מיר זענען צוויי מענטשן, איך מיט אַ שוועסטער. היינט אויף דער נאַכט איז ביי אונדז פּסח, פאַרשטאַנען? איז אָט וואָס, דו באַקומסט פון מיר צען רובל...
— עס גייט נישט...
— צוואַנציק רובל און אַ פּסחדיקע מצה פאַר אַ צוגאָב...
— וועסט שוין געבן צוויי מצות, און גאָט איז מיט דיר...
— גוט, זאָל זיין צוויי, נאָר מאַך עס אויף גיך...
— אָ, אָ! פאַר דעם זאָרג נישט!... קאָאָפּעראַטיווע פערד קאָסטן מיך קיין געלט נישט... גיי נאָך דיין שוועסטער, מען האָט שוין געענדיקט אָנלאָדן... קיין פּאַפּיראָסקע האָסטו נישט?

*

---

* זיעמליאַקעס — לאַנדסלייט.

לאַנגזאַם האָט זיך זוועניגאָראָדקע אָפּגערוקט אויף צוריק. דער לייטיקער באַרג איז געוואָרן ווי אַ שטיק טייג. די זון, וואָס האָט געהאַלטן אין באַקעמפן די כמאַרעס, האָט געהאָלפן צעשמעלצן די אַזוי אויך צעפלאָסענע בלאָטע. די הייזער, די גאַסן האָבן זיך צונויפגעדריקט, זענען קלענער געוואָרן און ביסלעכווייז צערונען געוואָרן אין פלאַטשיקן האָריזאָנט...

מען איז דורכגעפאָרן דאָס ערשטע דאָרף נאָך זוועניגאָראָדקע, וואָדיאַניקע. צעריסענע שטיקלעך כמאַרעס האָבן זיך געעקט אויף דעם אומענדלעכן דורכזיכטיק־בלויען הימל. די אויסגעצוואָגענע זון האָט קעניגלעך באַשאָטן די אויסגעמוטשעטע וועלט מיט אירע יונגע דערפרישנדיקע שטראַלן.

שלמה מיט דינהן זענען געזעסן אויף אַ זאַק צוקער. ער האָט אַ קוק געטון אויף איר, זי האָט אַ קוק געטון אויף אים, זייערע אויגן האָבן גערעדט איינס און דאָס זעלבע: אַ פסחדיקע זון, אַ פסחדיקער דרויסן, ס׳איז גוט!...

עס איז טאַקע געווען גוט. די קאַזיאָנע פערדלעך האָבן רירעוודיק זיך אונטערגעהעצקעט, די זון איז נאָך געשטאַנען גאַנץ הויך... ס׳האָט נישט געטרייסלט, מען איז געפאָרן ווי אויף אַן איבערבעט. דינה האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם זעקל אין דעם שטרוי אַריין און פאַרלוירן דעם קאָפּ אויף דער ברוסט — זאָל זי שלאָפן!... ער וועט נישט שלאָפן!... זיין נשמה איז שוין אין כמעלניק. ער דערמאָנט זיך אין די פאַרשידענע געפילן, מיט וועלכע ער איז שוין אין זיין לעבן געפאָרן אויף דעם אַזוי גוט באַקאַנטן וועג: צו גאַסט צו זיידע־באָבע... נאָך דער פור מעבל... קויפן סחורה... קויפן ספרים... פאַראַיאָרן אויף פסח... מען פאָרט שנעל באַרג־אַראָפּ. ווי, ווי! עס לעבט נאָך דאָס געפלאָכטענע בריקל... גאַנצע שטעט ווערן חרוב און דאָס בריקל בייגט זיך און גלייכט זיך אויס... בייגט זיך און גלייכט זיך אויס!... דאָס, וואָס עס לאָזט זיך בייגן, ווייזט אויס, ברעכט זיך זעלטענער... און אָט איז דאָס וועלדל און דאָרטן זעט זיך אַרויס דאָס ווייטע דאָרף, יענער דאַך: גרין מיט אַ שוואַרצער לאַטע — אַזוי פאַר צען יאָרן, אַזוי היינט... צען יאָר!... שוין זשע איז שוין טאַקע צען יאָר, אַז ער שלעפּט זיך אַרום איבער די וועגן? און וואָס וועט זיין נאָך אין צען יאָר אַרום? אויך דאָס זעלבע? אַלץ די זעלבע בלאָטעס? און ציון — ווען? און ירדן — ווען? אָט ווערט ער שוין אין דעם יאָר צוואַנציק יאָר אַלט... שוין נישט קיין בחורל, נאָר אַ גרויסער בחור!... און אַ כלה האָט ער זיך שוין אויך צוגעקליבן — אין אים, הייסט עס, איז שוין קיין מניעה נישט... אַלץ טוט זיך ווי ביי זיין פאָטער, ווי ביי זיין זיידן. איז שוין זשע וועט ער אויך קיין ארץ־ישראל נישט קומען, פונקט ווי זיינע עלטערן? ער וויל דאָך אָבער אַזוי שטאַרק, אַזוי מסוכן געפערלעך שטאַרק...

ער נעמט אַ שטרוי אין דער האַנט: אַזאַ שטרוי וואַקסט דען אין ארץ־ישראל? ער צעדרויבלט אַ ווייצעלע: אַזאַ ווייץ וואַקסט דען דאָרט? און די הימלען? און די טייכן? אַך, ארץ־ישראל!... זמן חרותנו... אדמת אבותינו...

די זון הענגט שיִער איבערן האָריזאָנט, מען קען שוין קוקן אין איר... שוין נישט פרי, אַ פנים... דאַוועגען דאָ מנחה? זאָגן „עננו", לייענען פון אויסנווייניק „ויחל"? ניין, זיי וועלן נאָך אָנקומען ביז דאַמאָלסט... שלמה רירט אָן מאַקסימען אין פּלייצע, קיין איין וואָרט נישט, נאָר אָנגערירט און דער גוי פאַרשטייט גלייך דעם טייטש פון דעם ריר. די בייטש גיט אַ פּאָר מאָל אַ טאַנץ אין דער לופטן און דער וועג שפּרייט זיך גיכער אונטער די רעדער.

— איז פאָלי שוין אַכט שעה אויף אָן אַרבעט... דאָס איז בעסער, צי ערגער? אי בעסער, אי ערגער! בעסער דערמיט, וואָס זי ווערט אַ ביסל אָפּגעריסן פון יענער מויד, און ערגער דערמיט, וואָס אויף דער אַרבעט קען זי באַקומען ערנסטע באַקאַנטשאַפטן... למשל, קען דען נישט טרעפן, אַז דער נאַטשאַלניק אירער זאָל זיין אַ בחור, האָבן אָן אייגענע וווינונג און זאָל איר געפעלן ווערן? זי קען דאָך יעדן געפעלן... וואָס זוכט אַ היינטיקער יונגער מענטש חוץ אַ שיינע פרוי? איז ער אַליין דען נישט אַזוי?... ווען נישט איר „פּערטל אַרשין פנים", וואָס האָט ער אַזוינס געפונען אין איר? איר ליבע צו אים? איר איידלקייט? איר צניעות ביים ווילן יאַט דאָרטן, מיט די שמעקנדיקע וואַנעס, מיט די פאַנדעס? וואָס דען — יאַני? וואָס ער קען איר שוין שטערן צו יענע אָרגיעס... ער האָט ביי איר אַ שיינע וואָרט, יאַני... און איצט האָט זי זיך דאָרט באַגעגנט מיט אירס גלייכן. אפשר אפילו זיצט זי איצט דאָרט מיט עמעצן... וואָס האָט צו איר פּאָר אַ שייכות ערב־יום־טוב? זי איז אפשר הונגעריק? זי האָט אפשר ערשט נישט לאַנג נישט אָפּגעגעסן אין סטאָלאָווע? און דער יאַני... אַך, אָט דער יאַני!... ער האָט גאָר קיין בזיון נישט פאַר זיינע אייגענע ווייב און קינדער. ער רעכנט זיך מיט יענעם גאָרנישט. מאָנטיק ביי נאַכט, ווען ער און דינה זענען צוגעגאַנגען זיך געזעגענען און אַלע זענען געווען אין שטוב, זאָגט אים יאַני, און דוקא אויפן קול, אַז אַלע זאָלן הערן: איך האָב זיך נישט געריכט אויף דיר, שלמה, אַז דו וועסט אָוועקפאָרן פון מיין פסח! וואָס איז די נפקא מינה, פריער אַ יאָר, צי שפּעטער אַ יאָר?...

מילא, ער — שמועסט מען נישט... פאָלי — אַזוי ווי דאָס ליילעך, נאָר דינה... דינה איז געוואָרן אַזוי בלאַס, אַז ער האָט זיך דערשראָקן פאַר איר... וואָס דען, אַ מענטש מיט אַ נאָרמאַלן פאַרשטאַנד און מיט אַ טראָפּן יושר וועט אַזוי זאָגן צו אַ קינד, וואָס האָט שוין אַ יאָר צייט זיינע עלטערן נישט געזען?... און ווען אפילו פאָלי אַליין קניט פאַר אים און חלשט פאַר אים, אַז ער זאָל דאָס מאָל נישט פאָרן, וואָלט ער זי דען געהערט? ער וואָלט דען בכח געווען זיך אָפּזאָגן פון אָט דער גן־עדנדיקער נסיעה? פון זען די מאַמען מיט די קינדער, דעם טאַטן און דעם זיידן, פון זיך דורכשפּאַצירן מיט מנשהן, און סתם — כמעלניק!... זיין ליבהאַרציק שטעטעלע, ווו יעדעס ווינקעלע איז פול מיט זיינע קינדער־טרוימען, מיט זיינע אַמאָליקע האָפענונגען, ווו עס שוועבן נאָך אַרום רעשטלעך פון זיין נאַרישער־נאַרישער ליבע... ווו עס שלאָפט נאָך זיין פאַרכשופטע בת־מלכה און ווערט נישט מיד וואַרטנדיק אויפן בן־מלך, אויף אים, הייסט דאָס, ער

זאָל קומען, זי נעמען אויף די הענט ווי אַ קליין קינד און אַפּטראָגן „אַהין", אל מקום שם התכלת צווישן פּאַלמען און אייביקע בערג...

שלמה כאַפּט צוריק דעם איבערגעריסענעם געדאַנקען־פאָדעם:

— הלמאי, עס איז שוין אַ האַלב יאָר, אַז דינה זעט אים אַריינגיין צו פאָלין, אַנו, אַ שוועסטער זאָל אַ מאָל דערמאָנען דעם ברודער זיין געליב־טערס נאָמען... קיין מאָל נישט! גלייך ווי זי לעבט גאָרנישט אויף דער וועלט... פאָלי — דינהן, אויך נישט. זיי זענען דאָך גאָר אַ מאָל חברטעס געווען... וואָס איז געשען? אויף וועלכן פּונקט צעגייען זיך זייערע וועגן?... ביים געזעגענען זיך האָט אים פאָלי דערלאַנגט אַ האַנט: „אַ פּאַרציע אייז־קרעם"! פאַר וואָס איז דאָס? אפשר האָט איר מאַרוסיאַ דערציילט? אפשר דער פאָטער? אפשר מאַרוסיאַ אויפן פאָטער אָדער דער פאָטער אויף מאַרוסיאַן? ווער קאָן דערגיין אַן עק, דאָרט ווו מען באַנוצט זיך מיט שטום־לשון?...

פון פאָרנט, אויף דער ליניע, ווו עס פאַלדעוועט זיך איין דער הימל אין דער ערד, וואַקסט אויס עפּעס אַ גרוי פּאַסיקל. דאָס פּאַסיקל רוקט זיך בכבודיק אַלץ נעענטער, אַלץ דייטלעכער. שלמה שטעלט זיך אויף אויפן פעסל און דערקענט דאָס בריקל: כמעלניק! ער גיט אַ קוק אויף דער זון: מען דאַרף זיך צואײַלן!... ער ווייזט מאַקסימען מיט איין האַנט אויפן הימל און מיט דער צווייטער אויפן שטעטל, ווי איינער רעדט: איבער אַ צוויקל קאַליע מאַכן אַ העמד?... די פערדלעך כאַפּן אַריין פרישע עטלעכע בייטשן, שמייסן מיט די ווידלען און גייען פון דעסט וועגן גיכער... אָך, וואָס פאַר אַ אָנגעלייגטע געסט זיי וועלן זיין... מען ריכט זיך נאָך אויף זיי, צי מען ריכט זיך שוין נישט?... און גאָרדאָן איז אַ זעלטענער בחור... נישט קיין גרויסער למדן, אַ קנאַפּער איידלמאַן, אָבער יידיש, זודיק בלוט און אַן איבערגעגעבענער ביז גאָר... נו, און שמעון איז אַ שלעכטער בחור? אַ פּעאיקער, נישט קיין עם־הארץ; און געטריי דעם אָרטעל, יעדן חבר, ווי אַן אייגענער ברודער. און וואָס פעלט נחומען? ניסנען? טאַנין?... ביים לעצטן נאָמען פּילט ער אַ באַזונדערע ליבשאַפט ווי צו זיין שיינדעלען... טאַני איז אַ גוטע נשמה און אַן איידעלע, ערלעכע נאַטור. אָך, ווען פאָלי זאָל כאָטש פאַרמאָגן אַ טייל פון איר האַרציקייט, פון איר באַנעמען זיך מיט אַ חבר... טאַני איז די ערשטע, וואָס האָט אים אַריינגעשלעפּט אין זייער געזעלשאַפט... נו, און מאיר? און פרידמאַן? דערמאָנענדיק זיך אין פרידמאַנען, פּליסט אים צו אַ הייסער קוואַל צום הארצן. פרידמאַנען האָט ער שטאַרק ליב. זיין פאָטער האָט טאָקע אין זיך די שטאַרקייט פון אַ מרא־דאתרא. ער פאַרגינט זיך שרייבן זיין זון, אַז ער בעט די פּיאָטינאָרסקים קומען אויף פסח אויך... די עלטערן וועלן זיי מוחל זיין... נו, וואָלט אַ פראָסטער ייד געהאַט אַ השגה אויף אַזאַ זאַך? בשום אופן נישט!...

די פור קאַטשעט זיך ווייך אַרויף און אַראָפּ פון בריקל: אין דער היים! און דינה שלאָפט ווי אַ געהרגעטע. זאָל זי שוין שלאָפן איבערן דאָרף אויך, וואָס אַרט דאָס אים?...

# קאפיטל LXII

ביי אפרים־אהרונען אין שטוב איז פון פאר טאָג אָן געווען אַלץ גרייט אויף אויפצונעמען די געסט. נאָכן פאַרברענען דעם חמץ זענען טיכטיק אויסגעוואַשן געוואָרן די פּאָדלאָגעס, מען האָט פאַרשפּרייט די בעטן מיט שניי־ווייסע דעקן, אַוועקגעלייגט די פסחדיקע ברעטער אויפן טיש, אפילו די הסיבה־בעט געגרייט אויף צווייען, פאַרן פּאָטער און פאַר שלמהן. דער פּאָטער האָט זיך גענומען פאַר הונדערט אַרבעטן און קיין איינע נישט דער־ענדיקט. ער האָט געלאָזט דעם ווײַן אין מיטן זײַען און גענומען אָפּזײַען דעם סיראָפּ. פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זיין יומטובדיק היטל איז נאָך נישט אויסגעבערשטלט. אַלע מאָל האָט ער גערופן צפורהן:

— צפורה! דו האָסט נאָר אין זינען נאַרישקייטן, לאַטקעס... אָן עסק מיט לאַטקעס... לאָמיר זשע טאַקע אויף אַקוראַט באַרעכענען, ווען דאַרף צום שפּעטסטנס קומען ברוך דער בעל־עגלה... דו גייסט צו, צי דו גייסט נישט? ווי געפעלט דיר, האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן זײַען און וואַרט אויף איר, ביז זי וועט אָנרייבן די גאַנצע שיסל קאַרטאָפל... זײַ שוין דאָרט, איך בעט דיך... מען וועט זיך שוין באַגיין אָן דיר... יצחקל, רבקהלע, קומט איר אַהער... איר זענט דאָך טײַערע קינדערלעך, לאָמיר אין איינעם באַרעכענען, וויפל איז נאָך דאָ ביז צו די קינדערס קומען... נאָר פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט, די לאַטקעס וועלן פון אײַך אין ערגעץ נישט אַנטלויפן... ברוך איז אַרויסגעפאָרן האַלב אַכט אין דער פרי...

— ניין, טאַטע, ס'איז שוין געווען פערציק מינוט אויף אַכט... כ'האָב אַליין געזען...

— האָב איך געוואָלט פאַרלייקענען צען מינוט, לוינט אים נישט, דעם טאַטן דײַנעם? מיך געפּאַקט ביי אַ גנבה... נאַ, נאַ דיר נאָך צוואַנציק מינוט, זאָל מײַנס איבערגיין... אַז איך רעכן גאָר אַכט, האָסטו שוין צו מיר גאָרנישט? בין איך שוין יוצא?... אָן עק, ווילסט אַכט, זאָל זײַן אַכט... נאָר פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט... אין אַ גוטן וועטער, ביי אַ טרוקע־נעם וועג, פאָרט מען קיין זווענינאָראָדקע צוויי שעה, אויב נישט ווייניקער. איצט, אַז עס איז אַ ביסל בלאָטיק, דאַרף ער פאָרן דריטהאַלבן שעה. מיר וועלן אָבער זאָגן, אַז עס איז שטאַרק בלאָטיק, דאַרף ער פאָרן נאָך אַ פערטל שעה, אַז כ'וועל דיר אָבער רעכענען גאַנצע דריי שעה, בין איך אַ לייטישער מענטש, זאָגט, אפשר ניין? דאַכט זיך, יוצא לכל הדעות? האַ? הייסט עס, עלף אַ זייגער האָט ער געדאַרפט זיין אין זווענינאָראָדקע. ריכטיק צי ניין?

— ריכטיק, ריכטיק, אפשר נאָך פאַר עלף...

— אָבער אַז איך וויל ביי אײַך קיין מציאות נישט האַנדלען, איך רעכן עלף, בין איך יוצא? איצט זאָגט מיר, וויפל קען מען אין זווענינאָ־ראָדקע שטיין אין אַזאַ בלאָטע? וואָס שווייגט איר, איך פרעג דאָך אײַך?

— איך ווייס נישט. פון וואַנען ווייס איך? אפשר פיר שעה און אפשר פינף?

— איד־די־אָט!... דו ווייסט יאָ, וואָס דו רעדסט? וואָס הייסט פינף שעה? ס'איז דיר אַ זומערטאָג? אַ שעה שטייט מען ערב פסח! אַ שעה, נישט קיין פינף, פאַרשטייסטו, צי ניין?...

— אפשר אַ שעה, כ'ווייס? זאָל זיין אַ שעה...

— נישט אפשר, וואָס אפשרסטו? אַז אַ טאַטע זאָגט — אַ שעה, איז אַ שעה! נאַ דיר גאָר „זאָל זיין", ער טוט מיר צו ליב... נאָר פאַרקערט, אַז איך רעכן גאָר אַנדערטהאַלבן. ווייסטו וואָס, נאַ דיר גאַנצע צוויי, האָסטו שוין צו מיר גאָרנישט? בין איך אַ פיינער מענטש? עס פאָרן דאָך מיט אים עפּעס יידישע קינדער... מען דאַרף אין באָד אַריין אויך גיין ערב יום־טוב, צי אַזוי, מיטן חמץ גלייך צום סדר, ווי קלערט איר?

— אודאי, איך באָד...

— היינט וועט דאָך אים עפּעס שלמה אויך אונטערטרייבן. אים קריכן דאָך נעבעך די אויגן אַרויס פון פאַר טאָג אָן, זעקס אַ זייגער קומט מען אָן קיין יערקע... וויפל זשע האָבן מיר צוזאַמען? נאָר נישט געכאַפּט: אַכט אַ זייגער פון כמעלניק, עלף — איז ער אין זוועניגאָראָדקע, ביז איינס שטייט ער דאָרט, נאָך אַ מאָל דריי שעה פאָרן... כאָטש צוריק פאָרט ער גיכער, נאָר איך רעכן שוין נישט, האָט איר פיר אַ זייגער... פּונקט פיר אַ זייגער!... דו הערסט, צפורה? פּונקט פיר אַ זייגער דאַרפן די קינדער דאָ זיין... צפורה! — דו רעד צו איר און איר איז דער קאָפּ ביי די לאַטקעס... גוואַלד, צפורה, וואָס טראַכסטו זיך?

אַז עס איז געוואָרן פיר אַ זייגער, נאָך אַ האַלבע שעה, און ברוך איז נאָך אַלץ נישט געווען, איז אפרים־אהרון אַריינגעגאַנגען צו ברוכס ווייב און האָט איר אָפּגעגעבן, וואָס אים איז געווען אויפן האַרצן:

— אייער ברוכל איז גאָר קיין יידיש קינד נישט... גיט אַ קוק, מען זעט שוין באַלד שטערן און פון אים הערט מען נישט און מען זעט נישט...

— ר'אפרים־אהרון, ער איז דאָרט און איך בין דאָ. וואָס קען איך וויסן?

— כ'האָב צו אייך נישט, וואָס זענט איר נעבעך שולדיק? נאָר אייער ברוך האָט נישט קיין גאָט אין האַרצן... איר מעגט דאָס אים איבערגעבן אין מיין נאָמען...

קומענדיק אַהיים האָט ער אַוועקגעשטעלט יצחקלען שטיין אויף דער וואַך ביים הינטערשטן טויער און אַליין איז ער אַוועק העלפן דעם ווייב אָנרייבן דעם כריין צום סדר. עס האָט נישט געדויערט קיין שעה און יצחקל איז אַריינגעפלויגן אין שטוב אַריין ווי אַ באָמבע:

— ברוך פאָרט... אַליין געזען... אויף מיין וואָרט... איך זאָל אַזוי לעבן...

אַלע זענען אַרויס צום הינטערשטן טויער. מען האָט אים צעעפנט אין

דער גאַנצער ברייט. אַלע זענען געשטאַנען און געקוקט אויף דער לאַנגזאַם זיך דערנעענטערנדיקער פור. נאָך אַ מינוט — און יעדער, פון זיך אַליין, האָט אָנגעהויבן פּאַכען מיט זיין טיכעלע... אקעגן לויפט מען נישט, די בלאָטע איז גרויס, די פור וועט צופאָרן ביזן סאַמע טויער. אָבער וואָס קען דאָס זיין? ברוך האָט זיי שוין באַמערקט און די קינדער — נישט? מסתמא קוקן זיי נישט אין דער זייט... זאָגן זאָגט מען גאָרנישט, נאָר אין האַרצן טוט אַ שניט ווי מיט אַ מעסער:

— דאַלי אָטשי, דאַלי סערדצע*... זיך געפינען עטלעכע שפּאַן פון דער שטוב און נישט קוקן אין דעם ווינקל... איי, אַ באַליידיקונג, אַ גרויסע באַליידיקונג!...

די פאַרדריסלעכע מחשבות טרעטן אָבער באַלד אָפּ פאַר אַ נייער איי־בערראַשונג: ברוך דער בעל־עגלה האָט גאָר פאַרקערעוועט אויף דער גרוי־סער גאַס!... וואָס באַטייט עס? וואָס האָט געטראָפן? אפרים־אהרון לויפט גלייך אין דער בלאָטע אַריין, נעמט אָן פולע שיך, נאָר ער לויפט ווייטער:

— ברוך, ברוך!... שטיי אַ ווײַלע!...

ברוך שטייט נישט. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: טשעפּע זיך אָפּ פון מיין לעבן!... אפרים־אהרון לויפט מיטן לעצטן אָטעם... זעענדיק, אַז יענער שטייט נישט אָפּ, האַלט ברוך איין די פערד און וואַרט אַ בייזער. אפרים־אהרון איז צוגעלאָפן צו דער פור אַ פאַרסאָפּעטער:

— ברוך, דו האָסט נישט... אוף... קיין גאָט אין האַרצן האָסטו נישט!... ער זעט, עס פליט מיר אַרויס דאָס האַרץ... אוף... איך פאַל מיטן האַרצן צו דער ערד און ער פאָרט... וווּ זענען די קינדער?

— גייט, פרעגט ביי זיי... אָפּגעוואַרט צוויי זייגער שעה... וויאָ!...

— ברוך, גזלן! וואָס זשע הייסט עס, זיי זענען גאָרנישט געקומען?

— וואָס דען, זיי זענען יאָ געקומען? משוגע וועלן זיי זיין, קומען פון אַזאַ שיינעם קיעוו אין דער פאַרשטונקענער בלאָטע... וויאָ!... וויאָ, נבלות! מיינע צרות צו אייער קאָפּ!... וויאָ צאַבע!...

דעם וועג צוריק אין שטוב אַריין האָט שוין אפרים־אהרון קוים גע־פונען... אין טויער האָבן אַלע געוואַרט מיט אָפענע מיילער. אפרים־אהרון האָט נאָר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: נאָך אַלעמען...

צפורה איז צוגעלאָפן נישט טויט, נישט לעבעדיק:

— גיב לשון, ווי איז מיר, וואָס האָט געטראָפן?

— נישט געקומען און שוין... דאָס איבעריקע ווייס איך גלייך מיט דיר...

ער איז אַריינגעקומען אין גרויסן צימער. ער האָט פון דער שוועל באַ־טראַכט מיט אַ וויסטן בליק דעם פאַרשפּרייטן טיש, די צוויי קישנס אויף

---

* דאַלי אָטשי, דאַלי סערדצע — וואָס ווייטער פון די אויגן, איז ווייטער פונעם האַרצן.

דער הסיבה־בעט, דאָס גראָבע פּעקל וועש פאַר זיי אַלע און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. ער האָט לאַנג געוויינט, קיינער איז אים נישט צוגעגאַנגען בעטן, אַז ער זאָל אויפהערן. צפורה האָט זיך פאַרשלעפּט אין לעצטן צימער, ווו די דורכרייזנדיקע פלעגן שלאָפן, זי איז אַנידערגעפאַלן אויף אַ שטרויזאַק, די פאַרב אויפן פּנים, וואָס האָט קענגן אויוון אַזוי העל געשפּילט, איז אָפּגערונען, זי האָט אויסגעזעזן געל און מאָגער. פון די אויגן האָבן זיך אומאויפהערלעך געגאָסן ביטערע טרערן. שיינדעלע מיט יונהלען האָבן זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל אונטער אַ זשלויב און שטיל שעפּטשענדיק, ווי זיי זאָלן מורא האָבן עמעצן אויפוועקן, האָבן זיי געפירט אַ געשפּרעך:

— טאַטע נישט געקומען?

— זעסט דאָך...

— און איך האָב אַזוי געוואָלט...

— מיר האָבן אַלע געוואָלט....

— איך וועל באַלד אַזוי וויינען...

— ער וועט וויינען... די מאַמע דאָרט אין אַלקער באַוואַשט זיך מיט טרערן... און דער טאַטע...

— נישט שיין, אַז אַ טאַטע וויינט...

— נישט שיין, נישט שיין, אויף אַ טאַטן טאָר מער נישט זאָגן, נישט שיין...

— אָבער ער איז דאָך אַ גרויסער...

— איז וואָס זשע איז, אַז אַ גרויסער, אָבער דער יום־טוב איז דאָך פאַרשטערט.

— וואָס הייסט: פאַרשטערט?

— פאַרשטערט הייסט פאַרשטערט... מען וועט נאָר וויינען און מער גאָרנישט... נישט אָנטון זיך, נישט קיין קשיות פרעגן, נישט זינגען, גאָרנישט...

— און שלמה מיט דינהן וועלן שוין מער קיין מאָל נישט קומען אהער?

— ווער ווייסט? אפשר איבער אַ יאָר וועלן זיי קומען...

— וועט מען זיי די לאַטקעס באַהאַלטן אויף איבער אַ יאָר?

— גיי, ביסט אַ צעדרייטער... שיינע זאַכן ליגן דיר אין קאָפּ, לאַטקעס... אַ נאַשער בלייבט אַ נאַשער, שטענדיק איז ביי אים גלייך...

יצחק איז אַ פאַרשעמטער געשטאַנען ביים פאַרמאַכטן טויער, ער האָט זיך געפילט שולדיק אין דערינען, וואָס זיין בשורה האָט אָנגעמאַכט אַזאַ איבערקערעניש. געווען נישט זאָגן, אַז ברוך פאַרט, וואָלט אפשר אַלץ גוט געווען... רבקה, „די גרויסע טאָכטער", האָט זיך אַרומגעדרייט אין קיך מיט פאַרשוואָלענע אויגן. דאָס פייער אין אויוון האָט געצאַנקט, די קאַרטאָפלזענען שוואַרץ געוואָרן, מען וואָלט אפשר געדאַרפט אונטערלייגן האָלץ,

ענדיקן מאַכן די לאַטקעס... זי פּרוווט נעמען דעם לעפל אין האַנט — ניין, זי וועט גאָרנישט טון, כאַפּט זיי דער רוח, די לאַטקעס! וועמען פּעלן זיי? עס וועט שוין זיין פריילעך אָן לאַטקעס אויך!... עס וועלן שוין זיין יענע סדרים!

זי גייט אריין אין לעצטן צימער, וויל פון דעסט וועגן פרעגן ביי דער מוטער, צי זאָל זי אונטערהאַלטן דעם אויוון, צי מען דאַרף נישט, נאָר די מוטער ליגט אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט, אירע פּלייצעס ציטערן אין אַ קאָנווולסיע. רבקה גיט אַ מאַך מיט דער האַנט: כאַפּט עס דער רוח אין גאַנצן!... איך וועל גאָרנישט פרעגן און גאָרנישט טון!... מיר פּעלט אויס דער אויוון, וואָס?

# קאפיטל LXIII

דורכן פענצטער זעט רבקה לויפן דעם זיידן. איין קאַלאַש איז ביי אים צוגעבונדן מיט אַ שטריקל, דער צווייטער בלייבט שטעקן אַלע מאָל אין דער בלאָטע. פאַרהריזנעט ביז העכערן מויל. אָבער דאָס שטעלט אים נישט אָפּ, ער רייסט אַרויס דעם קאַלאַש, טראָגט אים אין דער האַנט און שפּאַנט מיטן לעבערדיקן שוך גלייך אין דער בלאָטע. פון יענער זייט טיר ווישט ער אָפּ די בלאָטע אין זאַק און רעדט:

— כ'האָב געזען ברוכן דורכפאָרן... נאָר ביז מען רייסט זיך אַרויס ערב פּסח פון דער שטוב... טאָ דאָס, טאָ יענץ... נו שוין, ס'וועט שוין זיין גענוג געווישט! וואָס זשע מאַכט איר עפּעס? וואָס איז? ווו זענען די קינדער? נישט געקומען גאָר?

אין איין סעקונדע האָט דער אַלטער שלום תופס געווען דאָס גאַנצע בילד: דער אויוון — פאַרלאָשן, די שיסל מיט אָנגעריבענע קאַרטאָפל — פאַרשוואַרצט, פאַריתומט. אפרים־אהרונס ליגעניש אין מיטן דערינען. רבקהס פאַרלווירנקייט. די קינדערלעך שטייען אין פאָדערהויז און האָבן מורא אַריינצוגיין אין שטוב אַריין. ער האָט מיט אַ מאָל קיין צייט נישט באַקומען, זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר דער וואַנט:

— איך וועל גיין, כ'האָב זיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ מינוט... איך דאַרף נאָך אָפּזוכן אַ שטריקל צום צווייטן קאַלאַש און מאַכן חרוסת, גיי איך...

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן און דאָס טירל האָט זיך פאַרקלאַפּט. אָפּגעגאַנגען ביז האַלב וועג האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויפן הימל און זיך אומגעקערט. נישט דרייסט איז ער צוגעגאַנגען צום זון און אים אַ שאָקל געטון פאַר דער האַנט:

— אפרים־אהרון... דערצערן נישט דעם אייבערשטן!... מן הסתם איז אַזוי באַשערט... קום אין וואַסער אַריין *, עס ווערט שפּעט... קעגן דער השגחה קען מען נישט גיין... נו, שטיי שוין אויף... עס איז דאָך אַ רחמנות אויף די קלענערע קינדער... זיי האָבן מורא אַריינצוגיין אין שטוב אַריין... נו, געגאַנגען זאָל ווערן... עס איז אודאי אַ גרויסער עגמת־נפש, וואָס איז דאָ צו רעדן? מען טאָר אָבער יום־טוב נישט פאַר־שטערן... נו, אַן עק! הייב זיך שוין אויף!

נישט אויפהייבנדיק די אויגן אויפן פאָטער איז אפרים־אהרון אַראָפּ־געגאַנגען פונעם באַנקבעטל, צעבונדן דאָס גראָבע פעקל וועש, אויפגע־זוכט שלמהס פאָרל וועש, שקאַרפּעטקעס, אויבערהעמד און פאָרזיכטיק אַרויסגעלייגט אויף דער הסיבה־בעט. די טרערן זענען אומגעפרעגט פריש אָנגעקומען און געקאַפּעט, געקאַפּעט... עס איז אים געקומען צו די הענט

---

* געמיינט: זיך גיין טובל זיין אין מקוה לכבוד יום־טוב.

יצחקס און יונהס וועש, אפרים־אהרון האָט עס אַ שמיץ געטון פון די אויגן. דעם פֿאָטער האָט עס פֿאַרדראָסן:

— וואָס טוט זיך עס מיט דיר, אפרים־אהרון? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ תנועות? מען טאָר אַזוי נישט!... די קינדער זענען אויך קינדער... דו ווילסט זיי נישט מיטנעמען אין באָד אַריין? נעם נישט! אָבער וואָס פֿאַר אַ וואַרפֿן, וואָס? און וואָס פֿאַר אַ טרערן אין מיטן דרינען? פֿע, מען שעמט זיך שעמען אין דיין ווייטן האַלדז אַריין!... פֿאַר אַ יידן, וואָס איז אַזוי פֿיל יאָרן געפֿאָרן צו אַ רבין, פּאַסט טאַקע אַזוי... שאַ!... אָט האָסטו דיר... לויפֿט שוין מיכאל אויך... וואָס ביסטו געקומען, וואָס? געקומען... פֿעלט דאָ אויס צום רעמל... די קינדער האָבן זיך פֿאַרהאַלטן... אַ פּנים, דינהן נישט אָפּגעלאָזט, איז שוין שלמה פֿאַרבליבן צוליב איר... זייער גלייך האָט ער געטון... ווי דען, מצער זיין אַ שוועסטער און זי לאָזן אַליין? זייער גלייך פֿון זיין זייט... וווהין זשע גייסטו, מיכאל? קום מיט אונדז אין וואַסער... דו ביסט אויך אַ יידיש קינד... פֿאַר דער „שהחיינו" איז קיינער נישט פּטור, יעדער ייד איז מחויב זיך צו טובלען... אַן עק! ס'איז נאַכט, קומט שוין!...

אין שטוב איז געוואָרן שטיל און אומהיימלעך. די מוטער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון איר שטרויזאַק און איז אַרויסגעגאַנגען אין שטוב אַריין. די קינדער האָט מען נישט געזען און גישט געהערט. פֿון דער הסיבה־בעט האָט זיך נאָכגעהאַנגען אַן אַרבל פֿון שלמהס אויבערהעמדל. אַזוי פֿלייסיק עס געפּרעסט — און איצט, ווען פֿעלט דאָס?... דאָס צווייטע קישן אויף דער הסיבה־בעט האָט געשעפּטשעט פֿאַר זיך: לאחר יאוש... לאחר יאוש...

צפּורה איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך. אין אויוון איז געווען פֿינצטער, ווי גאָרנישט איינגעהייצט. די קאַרטאָפֿל האָט מען געדאַרפֿט אַרויסוואַרפֿן, זיי זענען געווען איבערגעזייערט. זי האָט גענומען די שיסל און זיך גע־לאָזט צום עמער אויסשיטן. די אָנגעגלייזטע שיסל האָט זיך ביי איר אַרויסגעגליטשט פֿון צווישן די פֿינגער און איז מיט אַ טראַסק אַראָפּגע־פֿאַלן... די קינדער זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן, אָן לשון באַקוקט די שערב־לעך...

צפּורה האָט פֿאַרבראָכן די הענט:

— גאָטעניו, וואָס טוט זיך דאָס היינט מיט מיר?

און מיט אַ יאָמערלעכן געוויין זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער קיך־טאַבו־רעטקע. די קינדער האָבן טרויעריק גענומען אויפֿרוימען די שערבלעך מיט דער שיפּענדיקער קאַרטאָפֿל־קאַשע און די מוטער האָט היסטעריש געוויינט.

פֿאַר דער שטוב האָט זיך ווייך געקאַטשעט אַ וואָגן. פֿערדישע פּיס האָבן מיד געקנעטן די בלאָטע. צפּורה האָט אַרויסגענומען דאָס טיכעלע פֿונעם פֿאַרטעך און עס צוגעטראָגן צו די אויגן. צופֿעליק האָט זיך איר בליק פֿאַרטשעפּעט אין פֿענצטער. עס זענען דורכגעשווומען טונקל־ברוינע

פערדישע הינטנס, מעליקע זעקלעך, קליינע קעסטלעך, א גרויסער קאסטן, א פאס און נאך א מאל זעקלעך און — אירע אויגן האבן געוואלט ארויסקריכן פון די לעבער. ניין, דאס קען נישט געמאלט זיין — עס איז א חלום!... נאר וואס איז דאס? אט קריכן זיי שוין אראפ פון וואגן!... נעמען די פעקלעך... און —

— נאט מיינער — די קינדער!...

דינה האט פארלוירן די פעקלעך אויף דער שוועל און איז ארויפגע־פאלן דער מוטער אויפן האלדז. דאס קליינווארג איז באפאלן שלמהן. אין א מינוט ארום האט שלמה אויסגעריסן די מוטער פון דינהס ארעמס און לאנג געוויינט אויף איר האלדז. א גאנץ יאר צייט די מוטער נישט געזען!... די מוטער איז ווי אין חלשות געהאנגען אויף זיין הארצן. אלע מאל האט זי זיך א כאפ געטון, קראמפנדיק איינגעקלאמערט אירע אויס־געהארעוועטע פינגער אין זיין פלייצע, אין זיינע ארעמס, אין זיין האלדז... די ברידערלעך, די שוועסטערלעך האבן זיך געהאנגען אויף זייערע הענט, אויף די אקסלען, אויף די פלייצעס... דאס מיזיניקל יונהלע האט זיך דערקליבן ביז שלמהס אויערן און אים געשעפטלעך געפרעגט:

— וואס האסטו מיר עפעס געבראכט? איך וועל שיינדלען נישט דערציילן...

שלמה האט א קוש געטון דעם פעמפיק אין זיינע פליישיקע ליפן:

— פאר וואס זאלסטו איר נישט דערציילן? יעדן איינעם האב איך עפעס געבראכט, דאס הייסט, איך מיט דינהן... דער מאמען — א שיין זיידן טיכל, א גראנאטנס מיט רויטע און ווייסע צווייגעלעך. נא, מאמע, מעסט עס אן... רבקהלען מיט יצחקלען האב איך געבראכט אינטערע־סאנטע ביכער צום לייענען, און א חוץ: רבקהלען — זאמשענע הענטש־קעלעך און יצחקלען א מתנה פון די גאלדינס — אן אנטיטשנע שאכ־טעלע געצייג אויף צו צייכענען, און זיי ביידן צוזאמען — א ביינערנע דאמינא. שיינדעלען האב איך געבראכט צוויי שיינע קליידעלעך. יונהלען — א וואזשנע אנצוגל, אזוינס האט ער נאך נישט געהאט. היינט, שפי־לעכלעך א מאסע... און אפילו דעם טאטן האב איך געבראכט א נייעם גארטל און ירושלימער שמירה־מצהלעך, צוויי — אים, צוויי — דעם זיידן, און צוויי — מנשהן, צו איינציקע אויף יעדן סדר... יא, ווו זשע איז דער טאטע? אודאי אין באד...

יצחק רייסט זיך אפ פונעם ארט:

— דער טאטע האט אזוי געוויינט, איך לויף אים זאגן!...

— שטיי, וווהין לויפסטו? איך גיי אויך אין וואסער... איך וועל אים אליין זען... וועש האסטו פון מיינעט וועגן, מאמע? אה, איך זע שוין...

דינה כאפט אים אן פאר א האנט:

— מאמע, דו זאלסט וויסן, אז ער פאסט היינט...

די מוטער גיט אַ פּליעסק מיט די הענט:

— אַזאַ טאָג — אַ יאָר!... נעם, כאַפּ איבער עטלעכע לאַטקעס... שמירהדיקע, אַזוי ווי דו האָסט ליב... זיי זענען נישט ערשט פון אויוון, נאָר עס מאַכט נישט...

שלמה נעמט זי אַרום:

— מאַמעלע מיינע, איצט עסט מען שוין נישט... וויפל איז נאָך געבליבן צו קידוש?... נעם זיך נישט צום הארצן, איך בין געזונט — אַן אייזן... יצחקל! דו האָסט אַלץ מיטגענומען?... זייף אַ שטיקל — גענומען? מאַרש, איך גיי...

אין דרויסן זאָגט ער אים אָן:

— דו זאָלסט נישט וואַגן לויפן פריער אָנזאָגן, אויב דו ווילסט נישט, אַז איך זאָל דיר אָנדרייען די אויערן!... האָט דער טאַטע, זאָגסטו, געוויינט?

— אָך, שלמה, דו קענסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן... דער טאַטע און די מאַמע... און מיר אַלע... אַז ברוך האָט געבראַכט די גוטע בשורה...

שלמה האָט געקוקט אַרום זיך, זיך געקוויקט מיט יעדן ברעקעלע. כמעלניק... דאָס זעלבע כמעלניק... אַלץ ווי געווען, אַזוי ווי ערשט נעכטן געווען דאָ... אויף דער שערערײַ — די זעלבע שילד: אַ שערער מיט אַן אָפּגעבליאַקעטער באַק, אָנשטאָט דעם קעמעלע, וואָס ער האַלט — אַ גרויער פלעק, און דער קליענט, וואָס זיצט אויפן שטול, איז אין גאַנצן פאַרזשאַווערט, נאָר די אויגן זענען על־פּי־נס גאַנץ געבליבן, זיי קוקן נאָך יעדן איינעם, און רופן אַרויס צו זיך רחמנות:

— ווו איז דיין יושר, האַ? דערבאַרעם זיך און נעם מיך אַראָפּ פון דאַנען... דו זעסט דאָך, ער שערט און שערט און קען מיך נישט אָפּשערן...

און אָט איז דער קאָאָפּעראַטיוו, דער איינציקער יורש פון כמעלניקער קרעמערס און קרעמערלעך... און דאָרט איז דער מומע זלאַטעס שטוב... עס הייסט, דער מומע זלאַטעס שטוב איז שוין ווייט פון דאַנען... און אָט זעט מען שוין אַרויס דעם בית־מדרש... מנשהס בית־מדרש... אָט שטעקט אַרויס דער רוקן פון דעם אַלטן שאַיעס שטוב... פּאָלי, פּאָלי יאַניס... קראַסאַווּיצע פּאָלי...

„טאָמער מיינט איר, אַז איר זענט ביי מיר נישט טייער, האָט איר אַ גרויסן טעות"...

„שלמה איז ביי אונדז פון תמיד אָן אַ פּאָעט"...

און אָט זעט מען שוין אַרויס די באָד... די זעלבע באָד, אַ האָר נישט געמינערט.

— יצחקל, טאָמער שפּרינגסטו אַריין דער ערשטער, הרגע איך דיך...

אין פאָדער־צימער וואַלגערן זיך אָפּגעשמיסענע בעזעמלעך, עטלעכע צעשאָטענע שעפעלעך אָן רייפלעך און מיט געפּלאַצטע רייפלעך. אויף

די בענק ליגן קופקעלעך מלבושים. קיין מענטשן זעט מען נישט. אלע זענען אינעווייניק. אין איין אויגנבליק ווארפט שלמה אראפ פון זיך די מלבושים און עפנט די טיר. דעם פאטער האט ער באלד דערזען, ער איז געשטאנען צו אים מיטן רוקן און געוואשן זיך די פיס. אין הארצן האט אים א שטאך געטון:

— אויסגעטריקנט געווארן... הויט און ביין... אזוי ער, אזוי די מאמע... און קענטיק גרויער געווארן דער קאפ... די בארד דוקא נישט... נאר דער קאפ...

איידער עמעצער וועט אים באמערקן און א געשריי טון: שלמה! איז ער אונטערגעלאפן, ארומגענומען דעם פאטערס פלייצעס:

— טאטע, איך בין געקומען...

דערזעענדיק שלמהן איז אפרים־אהרון צום אלעם ערשטן אפגעשפרונגען פאר שרעק, דאן האט ער זיך אומגעקוקט אויף אלע זייטן, באטראכט שלמהן פון קאפ ביז די פיס און ענדלעך קוים ארויסגעבראכט:

— נו, קיין שלום אין באד גיט מען נישט, לאמיר זיך צעקושן...

מיט די שעפעלעך אין די הענט האבן זיי זיך ארומגענומען און זיך נישט געאיילט אפרייסן די ליפן איינער פונעם צווייטן. קיינע פראגן, קיינע ענטפערס... ס'איז שפעט, שוין באלד די שקיעה... יצחקל האט קוים ארייננעכאפט דערציילן, אז שלמה פאסט היינט, אז ער האט געבראכט שמירה משעת־קצירה און דערצו ארץ־ישראלדיקע...

אין מקוה זענען געשטאנען מנשה און מיכאל, דער זיידע איז שוין געווען אנטלאפן אהיים. שלמה האט זיך מיט זיי פון דער ווייטנס באגריסט און זיך גענומען ארומוואשן מיט לעבלעכער וואסער. דער פאטער האט זיך אויף אים נישט געקענט דערווארטן און איז אוועק צו אים.

צוריקגייענדיק אהיים דערציילט אים מיכאל, אז זייער משפחה האט זיך לעצטנס פארגרעסערט. ערשט נישט לאנג האט מען נישט פאר אפגעצאלטע שטייערן צוגענומען ביי שפרהן מיט חנהן זייער דירה, האבן זיי שוין צוגעווארפן דער מלוכה טערליצע אויך און ווינען שוין ביים פעטער שלומען. שפרה אטאקירט מנשהן פון חנהס וועגן, חנה אטאקירט מנשהן פון שפרהס וועגן. מנשה גלעט זיך דאס בערדל, ציט די ליפ ביים לערנען. פארפעלט נישט קיין משניות לערנען, קדיש זאגן און נעמט זיי ביידן נישט...

# קאפיטל LXIV

פאַריבער די ערשטע טעג יום־טוב.

שלמה מיט דינהן זענען געווען שטאַרק אָנגעלייגטע געסט. פון נאָך די סדרים ביז אין דער פרי האָט מען נאָר געהאַלטן אין איין שמועסן, פון דעם, פון יענעם, פון אַלץ... אייגענע געשעפטן און פרעמדע און גאָר ווילד־פרעמדע, אַלץ האָט זיך געמישט צוזאַמען. ביי טאָג איז נישט מעגלעך געווען אויסצורעדן אַ וואָרט. נאָענטע־באַקאַנטע און נישט נאָענטע האָבן געהאַלטן פאַר זייער פליכט קומען, און די געסט „גוט יום־טוב" זאָגן, די עלטערן — „ליב אייך מיט אייערע געסט" און אַוועקזיצן אַ געשוואָלענע שעה, אויסדערציילן זייער ביטער האַרץ.

— וואָס ווייסט איר, קינדערלעך מיינע — קלאָגט זיך טעמע־רייזיע די פישערקע, אַ יידענע אַ בת תשעים מיט אַלע אייגענע ציין — וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, ווי גוט ס'איז געווען אין יענע יאָרן, ווען מיין אַנשל, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, האָט נאָך אַרענדירט ביי דער גענעראַלשע דעם טייך און פלעגט צום סעזאָן פאָרן קיין אַסטראַכאַן... איי, זענען דאָס געווען גוטע יאָרן... ס'איז טאַקע יאָ געווען קענאַרע מיט געזונט און מיט פענוסע און מיט אַלעם גוטן... וואָס דען, אַזוי ווי היינט, וואָס מען דרייט זיך אַרום ווי די מתים, אַלע מיט די ליידיקע מאַגנס און מיט די נאַקעטע פופקעס... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, נאָר ווען מיין אַנשל, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, שטייט אויף פון זיין אייביקן שלאָף און גיט אַ קוק אויפן שטעטל און אויף די לעבעדיקע מצבות, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן, בין איך אייך ערוב, אַז —

— וואָס טויג אייך אַנשל דער פישערקעס — פאָרט איר אַריין אין די רייד הירש־בייקל דער פעלצן־נייער, אַ ייד אַ בעזדיטניק* מיט אַ צעשפּאַלטענער נאָז — וואָס טויג אייך אַנשל? אַנשל האָט זיינס אָפּגעלעבט, זאָל ער דאָרטן ליגן אין זיין רו בשלום, אָבער ווען איר זאָלט לייענען בריוו פון מיינע שכנים, וואָס מען האָט פאַרנאַרט קיין ביראָבידזשאַן, זאָג איך אייך, רבותי, אַז מען דאַרף בצבור קריעה רייסן און גוזר תענית זיין אויף זייערע צרות... וויפל דאָ איז וויסט און פינצטער, איז דאָס נאָך אַ גן־עדן קעגן יענער מדינה. אַז ווילסטו פליגלעך — איז פליגלעך, ווילסטו זומפּן — איז זומפּן, ווילסטו חיות־רעות — גאַנצע מחנות, ווילסטו אַבצנערליי קדחתן — האָסטו זיי — איך זאָג אייך: פון כל טוב... אַז וואָס דיין האַרץ גלוסט, שטייט פאַר דיר אָנגעגרייט מששת־ימי־בראשית און וואַרט אויף דיר... אַז מען שמועסט ביד רחבה, איז דאָך נישט שייך... וואָס ווילט איר קלערן, מען האָט טאַקע געדאַרפט לויפן אַהין הענדום־פּענדום, געקענט חלילה פאַרשפּעטיקן פרעהס שלעק און מכות צרורות...

---

* אַזעלכער, וואָס האָט אויף זיין לעבן קיין קינדער נישט געהאַט.

דער דערציילט דאָס, דער דערציילט יענץ, און אַלע ענדיקן מיט איין נוסח, אַז דאָס וויסטע פינצטערע מזל זייערם האלט זיי אין דעם כמעל־ניק... בעסער וואָלטן זיי — כ׳וויים אַליין נישט וואָס, איידער זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אין דעם לאַנד, בשעת אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטון אין יאָר 1928... איצט איז שוין שווערער... מען איז אַזוי ווי צוגעקלעפּט צו דער בלאָטע... און וואָס איז דאָ דער תכלית? מען וועט אַזוי׳, שונאי ציון, איינגעזונקען ווערן...

יאָ, אין דעם פּרט איז שלמה מסכים מיט זיי... מען קען טאַקע אין די מקומות איינגעזונקען ווערן... וויפל דאָס שטעטל האָט ביי אים פאַר־לוירן דעם חן פאַר זיין אָנהייבן מסחרן מיט די ספרים, איז דאָס נאָך אַלץ קיין דמיון נישט צו דעם, וואָס ער האָט געטראָפן אַצינד. יעדע דריטע שטוב איז אָדער פאַרקלאַפּט מיט ברעטער די טיר און פענצטער, אַז נישט, איז זי אין גאַנצן צענומען. נאָר נאַקעטע קוימענס אין בערג־לעך מיסט דערציילן דעם גאַסט, אַז אין דעם קוואַדראַט האָט אַ מאָל אַ לעבן פּולסירט. אין דער הינטערשטער גאַס האָט מען אין גאַנצן אַראָפּ־געטראָגן צוויי געסלעך. לכתחילה האָט ער זיך אַזוי פאַרלוירן, אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמד שטעטל... די גאַסן פּוסטעווען אפילו אין די יום־טובדיקע טעג. די איבערגעבליבענע איינוווינער מיידן פשוט אויס די גאַס, פילן זיך עלנט אין איר... דעם סך־הכל פון כמעלניקער חורבן איז גרינג געווען צו באַמערקן אין שול צום דאַווענען. אַנשטאָט די עטלעכע הונדערט דאַווענערס, וואָס פלעגן קומען אין בית־מדרש אַריין נאָר צום צווייטן מנין, איז היינטיקן פּסח דער איינציקער מנין באַשטאַנען פון זיבעצן דערוואַקסענע און איין קינד — יונהלע... אויב אַראָפּרעכענען דעם זיידן מיט מיכאלן, אפרים־אהרונען, שלמהן, יצחקלען און מנשהן, וועט עס אויסמאַכן, אַז אין כמעלניק, דעם ערשטן טאָג פּסח צו „הלל״ און צו „טל־בענטשן״, דאַווענען אַזוי גרוים ווי עלף מענטשן... אַ שיינע ציפער, מען קען נישט זאָגן!... חבר׳הע, מיט רויטע שניפּסלעך, „קעמפּנדיקע בעזבאָזשניקעס״, דאַכט זיך גאָר רוסישע אויך צווישן זיי, האָבן געהאָגלט מיט שטיינער אין בית־מדרש אַריין בשעתן דאַווענען. אַז שלמה האָט געוואָלט אַרויסגיין צו זיי, האָט אים מנשה נישט געלאָזט:

— איצט וועט שוין גאָרנישט העלפן...

עס זענען דאָ אין שטעטל: אַ שניידער־אַרטעל, אַ שוסטער־אַרטעל, אַ באַנדער־אַרטעל און אַ קאָמבינירטער צעך פון סטאָליאַרעס, סטעלמאַ־כעס און קאָוואַליעס. אַלע צעכן אַרבעטן שבת... אויפן צווייטן טאָג פּסח איז אויסגעפאַלן אַן אָפּרוטאָג, איז אָנגעקומען פון דעם זוועניגאָראָדקער נאַצמען אַ פאַראָרדענונג אַריבערצוטראָגן דעם אָפּרוטאָג אויף חול־המועד און אַרבעטן די יום־טובדיקע טעג צו אַנדערטהאַלבן סמענעס.

פון דעם קלויסטער איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער צלם און דער אייבערשטער קופּאָל. היינט דינט שוין די געביידע פאַר אַ באַזע פון

„זאַגאָט־זערנאָ" *. אין דער סקווירער קלויז, להבדיל, וואָס איז געווען פיל יאָרן פאַרשפּאַרט, איז איצט אַ גאַרבעריי. די איינגעווייקטע פעלן פאַרשטינקען די גאַנצע גאַס, אַז עס איז נישט מעגלעך דורכצוגיין. דער־פאַר אָבער אַרבעטן דאָרטן בלויז גוים... קיין איין ייד נישט...

ווען די יידן האָבן געוואָלט פון דאָרטן אַרויסנעמען די „ריינקייטן", האָט דער נאַצמען געענטפערט: „אַ פייג!... פון מיין רשות גיב איך גאָרנישט אַרויס!"... אין עטלעכע טעג אַרום האָבן אַלע אַרבעטער פונעם לעדער־צעך געטראָגן פאַרטעכער פון די ספרי־תורה און עס איז נאָך גע־בליבן אויף פייקלעך פאַר די פיאַנערן. אַלע גלויביקע האָבן קריעה געריסן און שבעה געזעסן. אַלטע קוסטאַרן האָבן געוויינט און געשוויגן. יונגוואַרג האָט געזונגען איבער די גאַסן:

Это есть наш последний
и решительный бой ...**

העכער צוואַנציק עלטערע מענטשן האָבן זיך פאַר דעם יאָר אַריבער־געקליבן אויף דעם הייליקן אָרט. נישט דערפאַרנדיק קיין בירא־בידזשאַן איז געשטאָרבן צדוק דער שוסטער. די צדוקעכע איז בלינד געוואָרן, אַן אייניקל מוז זי פירן פאַר אַ האַנט. אין כמעלניק האָבן זיך געפּעלט שמואל־מענדל דער שניידער, בייקל צעלניקער, דוד דער גלעזער, ראובן דער זשאַליאָזניק און נאָך און נאָך...

מנשה האָט באַשלאָסן, „בלי נדר ומסקנא", דאָס יאָר פון קדיש זאָגן זיך נישט שערן, נישט דעם קאָפּ, נישט די באָרד. זעט ער טאַקע אויס ווי אַ דאָנסקאָי קאָזאַק אין פּוגאַטשאָווס צייטן. דאַקעגן קיין איין גראָע האָר זעט מען ביי אים נישט. פאַרקערט, ער וואַקסט גאָר אויף צוריק, ער איז ערשט רויט געוואָרן, נישט רויט אויך, נאָר עפּעס ציגל־קאָליר אָדער מאַראַנץ־קאָליר. די פאָר כלות זיינע איז ער נישט קיין שונא... חס ושלום, פאַר וואָס זאָל ער זיי גאָר זיין אַ שונא?... אמת טאַקע, זיי האָבן אים צעבראָכן דאָס לעבן, זיי צעברעכן עס נאָך אפשר איצט אויך, מען היט אים, ער זאָל אין ערגעץ נישט פאָרן, צו קיין אַנדערער זיך נישט שדכנען, אָבער זיי אַליין איז דען בעסער? וואָס זענען זיי, מען זאָל אויף זיי פאַרדרוס האָבן?... וויסטע, פינצטערע, אָרעמע יתומות, אָט וואָס זיי זענען!... גאָלדע איז מיט אים נישט איינשטימיק, דערפאַר לאָזט זי זיי נישט אַריבערטרעטן די שוועל. וואָס זשע העלפט עס איר? זיצן זיי אויפן גאַניק! דורכגייער טייטלען אויף זיי מיט די פינגער:

— „דעם כמעלניקער שייכס האָרעם"...

— וועלכע איז די כלה און וועלכע איז די שוועסטער?

— ווער ווייסט זיי? דאַכט זיך, ער וויל ביידע, צי ביידע ווילן אים...

---

* זאַגאָט־זערנאָ — אַן אָמט, וואָס פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט איינקויפן תבואה פאַר דער מלוכה.

** „דאָס איז אונדזער לעצטער, און אַנטשיידנדיקער קאַמף..."

דו מעגסט זיך אויף אים פארלאזן, א רב מעג אלץ, ער זוכט שוין צו א הכשר...

אין שטוב ביי זיי איז נישט צו דערקענען, צי עס איז געווען א מאל א מומע זלאטע. איר בעטל — פארבעט, גלייך מיט אלע. דעם טיש — איבערגעשטעלט צום פענצטער. די שאפע — א רוק געטון אין ווינקל אריין, אריינגענומען פון דער קיך די באנק. אפגעווישט אלע שפורן פון דעם טייערן נפטר, אלץ פינקלט פון זויבערקייט. דער סטאנאק אין צווייטן צימער — פארהאנגען מיט א ליילעך. יום־טוב! דער מומעס נאמען גייט מען ארום, מען זאל אים נישט דערמאנען. נישט אויפרירן די ווונד. קיינער געדענקט שוין נישט ר' מיכעלע זלאטשעווער. קיינער געדענקט שוין נישט דעם חשבון, ווער ווען עס דארף נעמען און ווער ווען עס דארף נישט נעמען. אוים! געשטארבן, באגראבן, פארגעסן! אזוי פירט זיך די וועלט...

גאלדע האט זיך גארנישט געביטן, די זעלבע „גוטע נשמה", וואס זי איז געווען. דערפאר אבער דינה איז געווארן אן א שיעור שענער. א בליענדיקע בלום, א קראסאוויצע! נאר מען דערקענט באלד, אז די בלום לעבט אן זון, אן פריש וואסער, אן א פונק פרייד, אפגעשלאסן פון דער גאנצער וועלט ווי אין א מאנאסטיר... אייגענטלעך מנשה, אז מען קוקט זיך צו צו אים, — ווען נישט די „גלחישע טשופרינע", וואס פרעמדט אים א ביסל — האט ער זיך אויך וויניק וואס געענדערט, נאר צונעשימלט א ביסל, פארוועלקט... דערשלאגן... אזוי ער, אזוי די שוועסטער, אזוי דער זיידע... כאטש דער זיידע ווייזט אוים שלמהן פיל לעבעדיקער ווי פאר א יארן. ער רעדט כאטש, ער פלעגט דאך גארנישט וועלן רעדן. פארט איז דא מיכאל אין שטוב און שפרה מיט חנהן. אבער ער איז שטארק אלט געווארן, שטארק אלט... גייט איינגעבויגן, ווי ער וואלט טראגן א קלומעק אויף די פלייצעס... שפאנט לאנגזאם, איילט זיך שוין אין ערגעץ נישט... שלמהן רייסט שטארק דאס הארץ אויפן זיידן, געווען א מאל א געזונטער ייד... אים האט אמת די צייט איינגעבויגן. נישט די יארן, נאר די צייט... דאס צעפארן זיך, דאס עניות, די צעשניטענע ספרי־תורה... אלץ צוזאמען...

מיכאל איז אויך געווארן א פארזארגטער ייד, גלייך ווי די וועלט וואלט אויף אים געפאלן. שטענדיק איז ער מרה־שחורהדיק, פארדאגהט. זעלטן ווען מען זעט א שמייכל אויף זיינע ליפן. מיט שפרהן און מיט חנהן האט ער אויסגענומען פון דער ערשטער מינוט אן, אז זיי זאלן צו אים נישט רעדן און ער וועט צו זיי אויך נישט רעדן, וועט זיכער זיין שלום. עד־היום טוט אים באנג, פאר וואס ער איז אוועקגעפארן פון אנאניעוו. ער פארזיכערט, אז ער וואלט דארט געארבעט עד־היום און גע־ווען געקענט שיקן געלט אהיים... איי, וואס דען, דער אומעט וואס דא? נו, און אז ער איז אין דער היים, איז וואס? מאכט ער דעם זיידן טאנצנדיק?...

די מומע ברכה האט זיך שטארק געעלטערט: גרוי געווארן און עפעס

פֿאַרחושכט. איר מיידעלע איז אונטערגעוואַקסן און העלפֿט איר צו ביי די חלבנע קווייטן.

שלמה דרייט זיך אַרום אין גאַס, באַטראַכט די חורבות און פֿרעגט זיך אַליין: היחיו העצמות היבשות האלה?... דאָ וועט נאָך זיין אַ מאָל אַ יידישער ישוב? ער קוקט זיך אַרום און ענטפֿערט מיט ווייטיק: דאָ — ניין!...

פֿון אַן אָפֿן פֿענצטער זינגען קינדערשע קולעכלעך:

За горами, буйный вітер віе,
Там Иван пшениченку сіе.
Сіяв, сіяв, не досіяв корця...*

שלמה אַנטלויפֿט פֿונעם פֿענצטער ווי פֿון אַ שרפֿה. דער מאָטיוו איז אַזאַ וויינענדיקער, אַזאַ נשמה־רייסנדיקער, אַז ער פֿילט דורך אים דאָס געוויין פֿון אַמאָליקן כמעלניק, דעם „איכה ישבה" פֿון דער גאַנצער קליינ־שטעטלדיקער יידישער וועלט. ניין, ניין! נישטאָ מער, צוליב וואָס צו פֿאָרן אַהער. ער פֿילט, אַז מער וועט אים שוין אַהער נישט ציען. געווען אַ מאָל דאָ אַ בית־המקדש, היינט שטייט דאָ אַ קלויסטער. און די ערד איז געוואָרן פֿרעמד און די שטיינער פֿרעמד. די נאַקעטע קוימענס קוקן אים אָן ווי אַ משוגענעם:

— אוועקפֿאָרן פֿון אַ שטאָט, וווּ עס וווינען פֿייגנבוימס, גאָרדאָן, פֿרידמאַן, הרב ביאַליק, ר' אברהם שאַרפֿשטיין, וווּ ס'איז פֿאַראַן אַ קור־פֿעטשעסקע־שול, אַ אוריצקע־גאַס 21 — און קומען אויף דעם לעבעדיקן בית־עולם? נעם אַרויס די עלטערן צו זיך און גיב אַ שפּיי אויף דעם איצ־טיקן כמעלניק!

פֿון שעה צו שעה איז ביי שלמהן אַלץ רייפֿער געוואָרן דער געדאַנק, אַז ער מוז די עלטערן אַרויסנעמען קיין קיעוו, דאָס וואָסער גייט שוין איבערן מויל... מען האָט נאָך מיט אים פֿון עסק גאָרנישט גערעדט... דער פֿאָטער איז צו אים זייער דעליקאַט, ער וויל אים נישט וואָכעדיק מאַכן דעם חול־המועד... זאָל ער זיך נאָך פֿילן אַלס גאַסט די פּאָר טעג... און דער שמועס, פֿילט שלמה, וועט מוזן זיין גאָר אַ וואָכעדיקער... ער זעט גוט די נויט, וואָס געוועלטיקט אויף אַלץ און אויף אַלעמען. אויף ווייטער קען אַזוי נישט בלייבן!... כאַפּט דער רוח די אָפּגעשפּאָרטע דאָלאָרן...

ער לייגט זיך צו אַ ביסל נאָכן מיטאָג. אויף די טרעפּ פֿון פֿאָרנט זיצן אַלע קינדער, וואַרעמען זיך אויף דער זון און רעדן מיט דינהן. ער הערט, ווי דינה פֿרעגט:

— שיינדעלע, זינגען קענסטו עפּעס?

רבקה ענטפֿערט פֿאַר איר:

* „אויף יענער זייט בערג. אַ שטורעמווינט ברויזט,
דאָרט איוואַן ווייץ פֿאַרזייט.
געזייט, געזייט, נישט פֿאַרזייט קיין מעסטל..."

— וואָס פרעגסטו? יענע וועט זיין אַ זינגעריז... זינג דינהן יענץ לידעלע פון דער שול, מיט יונהלען זינג...

שיינדעלע פּראָוועט עניוות:

— איי, איך קען נישט, זינג דו...

— פע, נישט שיין זיך שעמען פאַר אַ שוועסטער... זינג, איך וועל דיר צוהעלפן...

און רבקה צוזאַמען מיט די קלענערע צוויי קינדער פּאַרציען דאָס באַקאַנטע ניגונדל:

За горами буйный вітер віе,
Там Иван пшениченку сіе.
Сіяв, сіяв, не досіяв корця...

שלמה פאַרשטעקט זיך די אויערן, לויפט אַרויס אויפן גאַניק:

— קינדערלעך, טוט מיר צו ליב, הערט אויף צו זינגען דאָס לידל!...

— אַזוי נישט געפעלן איז דאָס דיר?

— ס׳איז מיר שטאַרק געפעלן, נאָר זאָל זיין גענוג!...

— נו, און עפּעס אַנדערש טאָר מען אויך נישט?

— מיטן גרעסטן כבוד... פאַר וואָס עפּעס ניין?

רבקה גיט צופרידן אַ טרייסל מיט די לאָקענעס:

— אויב אַזוי, איז גוט... זינג שיינדעלע: „מאירקע מיין זון" און יונהלע וועט נאָך דעם זינגען „אויפן פריפעטשיקל ברענט אַ פייערל"... נו: מאיר־קע...

שלמהן דריקט אויפן האַרצן אַן אומבאַגרייפלעכער אומעט. עס איז אים אַ ווייטיק מיט אַ בזיון זיך מודה זיין פאַר זיך, אַז ער בענקט קיין קיעוו... פון דער היים — קיין קיעוו, פון טאַטע־מאַמע — אין „פאַנ־טאָפל" אַריין... צו דער מאַרוסיאַדיקער מויד... פאַר וואָס קושט ער נישט די קינדערלעך? זיי זענען דען נישט קיין טייערע? זיי זענען דאָך מלא־חן, יעדעס וואָרט איז אַ חכמה. און רבקה מיט יצחקן זענען שוין טאַקע פאָלנע מענטשן. פאַר וואָס זשע קושט ער זיי נישט? פאַרנדיק אַהער, האָט ער גערעכנט, אַז ער וועט זיי קיין איינס נישט אַראָפּלאָזן פון די הענט, נאָר האַלדזן און קושן, קושן און האַלדזן... און צום סוף, נעמט ער זיי אפילו נישט אויף די הענט. פונעם אָנקומען אָן, אַז ער האָט זיי נישט קיין קוש געטון... עפּעס שטיקט אים דאָ, ער האָט קאַרג לויפט צום אָטעמען... כאָטש, וואָס זענען זיי שולדיק דערינען, וואָס כמעלניק איז אוים כמעלניק? זיי זענען עפּעס שולדיק? ער ווייסט נישט! ער וויל נישט וויסן! קיינער איז נישט שולדיק, אַלע זענען שולדיק... עס איז אים דאָ ענג... אָט זינגט שוין יונהלע „אויפן פריפעטשיקל ברענט אַ פייערל".

— וואָס איז? דאָס איז שוין אויך נישט גוט?...

ער כאַפּט דעם פּידזשאַק אין דער האַנט, שפּרינגט אַרויס דורכן פענצטער און לויפט אַוועק מיט דער הינטערגאַס צו מנשהן.

# קאפיטל LXV

ער באקוקט נאָך אַ מאָל יעדעס פּיצעלע. יאָ, די שכינה האָט זיך אָפּגע־טון פון כמעלניק... אָפּגעטון זיך, אַוועקגעפלויגן אויף אייביק... דאָס וואָס ס'איז דאָ אַ מאָל געווען, וועט שוין קיין מאָל מער נישט זיין. מנשהן טרעפט ער אַ פרייען. חול־המועד אַרבעט נישט דער סטאַנאָק, דאַרף ער נישט וויקלען קיין פאָדעם. זיי גייען אַרויס פון שטוב און לאָזן זיך גיין צו דער גענעראַלשעס פּאַרק.

— נו, מנשה, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, דערציילט, ווי אַזוי האָט איר דאָ געלעבט?

— וואָס האָב איך צו דערציילן? דו ווייסט נישט מיין אופן לעבן?

— חוץ דאַמאָלסט קיין אַנאַניעוו האָט איר מיר קיין מאָל קיין צוויי ווערטער נישט אָנגעשריבן — גוט אַזוי? צוועלף חדשים צייט...

— און דו מיר האָסט אַ סך געשריבן? עפּעס געדענק איך נישט קיין בריוו...

— איך האָב זיך געהאַט ביי וועמען צו לערנען...

— און וואָס איז דאָס שרייבעניש, וואָס? אַבי טינטלען, הייסט עס?...

— אייער מאַמע האָט מיך דערמאָנט פאַר — ?

— איי, לאָמיר רעדן פון עפּעס אַנדערש... דערמאָנט! וואָס דען, זי האָט נישט דערמאָנט? וועמען דען זאָל זי דערמאָנען? די גוטע יאָרן אירע? וויפל פלימעניקעס האָט זי עס, אַז זי זאָל נישט דערמאָנען?

— נו, גוט, איך זע, אַז איר רעגט זיך אויף, לאָמיר רעדן פון עפּעס אַנדערש. חנה דערקוטשעט אייך זייער? חנה, שפרה?

— מיר דערקוטשעט קיינער נישט. אויף מיין וועלט גייען זיי דען אַרום? זאָל זיי גאָט העלפן, ווי איך ווינטש זיי... וויסטע יתומות, אָרעמע, עלנטע....

— מנשה, איך זאָג... כ'מיין: קיין מינדסטער געפיל צו חנהן איז שוין אין אייך נישטאָ? אַ מאָל פאַרוואַלגערט זיך, עס טרעפט...

— ביי מיר האָט זיך נישט פאַרוואַלגערט... ווען יאָ, וואָלט איך זיך נישט געשעמט און געזאָגט. איך בין נישט קיין קליין יינגעלע...

— וואָס דען קלערט איר עפּעס מכח תכלית?

— אין דעם יאָר פון אבלות זוך איך נישט קיינע תכליתים...

— עס איז דען אויסגעהאַלטן לויטן דין? דער שיעור איז שלשים יום...

— דאָס איז פון די זאַכן, וואָס מען פרעגט אויף זיי ביי קיין רב נישט, און אַז מען פרעגט יאָ, ווייסט ער נישט וואָס צו ענטפערן דערויף...

— אָבער דאָ האַנדלט זיך אין דער ערשטער מצוה פון דער תורה...

— דו ביסט אַ שוטה... איך האָב שוין דען דאָס מיידל צוגעגרייט און גיי נישט חתונה האָבן?... איך דאַרף זי דאָך ערשט אַרומזוכן... דערווייל זיך אָפּשערן, דערווייל דורכלאָזן קדישים און נאָך דעם איז

ערשט אַ ספק, ווייל מיט וואָס איז דאָס יאָר פונקט בעסער פון אַן אַנדער יאָר?... דו פאַרשטייסט? וויל איך נישט גיין אויף קיין ספקות, איך וויל נישט דורכלאָזן קיין קדישים און וויל זיך נישט אָפּשערן. וואָס עס איז באַשערט, וועט פון מיר נישט אַנטלויפן. דאָס וואָס עס איז אָנגעצייכנט, רבות מחשבות בלב איש —

— מנשה, אויב אַזוי, דאַרף דאָך אַ מענטש גאָרנישט טון...

— ניין, דאָס נישט! אַ מענטש מוז טון און דאַרף טון, נאָר ער דאַרף געדענקען, אַז ער איז גאָרנישט מחדש... הכל צפוי... אַן עק! זאָל זיין גענוג וועגן מיר. דערצייל דו... עפּעס פיינע מענטשן ביי דיר אין אָרטעל?

— אָ, מנשה, איר שטעלט זיך גאָרנישט פאָר, וואָס פאַר אַ פיינע... שאַ, איך האָב גאָר צו אייך אַ גרוס...

— צו מיר? פון וועמען איז?

— פון איינעם ר' יעקב פרידמאַן, דער לעבעדינער רב...

— ער קען מיך דען?

— ער קען אייך נישט, נאָר...

— וואָס נאָר?

— גאָרנישט... אַזוי...

— וואָס הייסט, אַזוי? דו זאָגסט דאָך, אַ גרוס... וואָס זשע הייסט, אַזוי?

— מיר איז אַ מאָל אויסגעקומען צו דערציילן...

— נו, נו... וואָס קוועטשסטו זיך אַזוי?

— איך קוועטש זיך נישט, וואָס ווילט איר? איך האָב אַ מאָל דער־ציילט וועגן אייער אינצידענט מיטן נאַצמען... איז דאָס אָנגעקומען צום לעבעדינער רב און ער האָט געבעטן אייך איבערגעבן אַ גרוס אומבאַ־קאַנטערהייט...

— האָסט אַ צונג און פּלאַפּלסט, וואָס מען דאַרף און וואָס מען דאַרף נישט. נו, און ווי אַזוי פאַרדינט זיך דאָרט? דער טאַטע האַלט זיך אין איין באַקלאָגן, עס איז שווין ביי אים די צווייטע נאַטור...

— אומזיסט זענט איר אים חושד. לעת־עתה איז נאָך נישטאָ פון וואָס צו זיין פריילעך... נישט מער, האָפענונגען אויף ווייטער...

— אַ סך מענטשן זענט איר אין דעם אָרטעל?

— קיין עין־הרע, היפּשלעך...

— נו, דערצייל, ווי אַזוי זעט אוים יאַני?

— אַזוי ווי אַ שאַכטיאָר דאַרף אויסזען...

— די שטוב פירט זיך נאָך אויפן יידישן שטייגער?

— איר דאַרפט נאָך פרעגן? כשר וישר — למהדרין מן המהדרין!...

— וואָס זשע? מען נעמט פלייש פונעם מאַרק? ביי יאַנין?

— ער מיט אסתרן עסן, דאַכט זיך, נישט... כאָטש ער זעט זייער

שלעכט אויס... ער לייגט תפילין און האָט ליב ווי דאָס לעבן אַ יידישן יידן.
— זייער שיין!... דאָס גייט שוין אויך אריין אין נדן אריין?... נו, און פּאָלי?
— פּאָלי איז פּאָלי...
— איך מיין: ווי אַזוי, וואָס?
— וואָס: „וואָס"? אַז מען גיט איר, עסט זי, און אַז מען גיט איר נישט, נעמט זי זיך אַליין... אַזאַ קינד איז דאָס...
— איך זע, אַז דו דרייסט מיט דער צונג, דו ווילסט נישט רעדן דערפון?
— פאַר וואָס וויל איך נישט? איך האָב שוין נישט קיין סודות...
— ווי אַזוי האָט זי דיך באַגעגנט?
— לא חמימא ולא קרירא...
— ווי אַזוי הייסט עס אויף פּראָסט יידיש?
— נישט מיטן וואָגן, נישט מיטן שליטן...
— עפּעס רעדסטו מיר מיט משלים, דאָס איז אַ שלעכטער סימן... דו האָסט גערעדט מיט איר?
— וואָס דען, כ'האָב געשמועסט מיט איר?
— פאַר וואָס ענטפערסטו נישט גלייך? דו האָסט איר געזאָגט, ביי וואָס דו האַלטסט?
— כ'האָב איר געזאָגט אַלץ, וואָס מען דאַרף און וואָס מען דאַרף נישט...
— זעסטו, דאָס גראָד גלייב איך דיר... וואָס זשע האָט זי געזאָגט?
— אַז דער טייך ברענט נישט... מען וועט לעבן, וועט מען זען...
— נו, וואָס זשע ווילסטו? וואָס דען האָסטו געוואָלט, אַז זי זאָל זיך פון דעם ערשטן מאָל דיר אויפהענגען אויפן האַלדז?
— יאָ, נאָר דער ענין קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ...
— פאַר וואָס זשע?
— זי האָט אַ שלעכטע קאָמפּאַניע...
— חברטעס?
— אַלץ צוזאַמען, אי חברטעס, אי קרובהטעס און מען שלעפּט זי אַרום אויף אַלע שיינע בעלער... איר פאַרשטייט דאָך...
— יאָ... און דאָך גייסטו צו איר?
— איך קען נישט נישט גיין... איך האָב זי ליב... איר דאַרפט וויסן דעם טייטש דערפון...
— וואָס זשע קומט אַרויס, וואָס איך ווייס שוין היינט דעם טייטש דערפון, איך האָב פאַרשפּעטיקט... דו דאַרפסט זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר פון מיר...
— דאָס טוט מען נאָך דעם, ווי מען באַקומט די געליבטע פרוי אין אייגענעם רשות... שלמה המלך האָט אויך געזאָגט: „שקר החן" נאָך דעם, ווי ער האָט גענומען די בת־פּרעה...

— דו רעדסט שוין אויף ננתקה... אָבער פון דיר קען דאָך נאָך ווערן דאָס, וואָס פון מיר...

— אפשר וועט די השגחה זיך מיט מיר אנדערש נוהג זיין...

— דאָס דאַרף מען זוכה זיין... דאָס שענקט מען נישט...

— שענקט מען נישט, דאַרף מען נישט... ווי גאָט וועט פירן...

— ווי אזוי, שטעלסטו זיך פאָר, קען אייער זאַך צושטאַנד קומען?

— איך ווייס, ווי אזוי? איך ווייס אויך נישט... ווען גאָט זאָל העלפן, איך זאָל זיך גוט ארויספארבעטן און זי זאָל נישט האָבן קיין דערפּאָלג ביי דער אַרבעט, עס זאָל איר זיך אזוי פירן, אַז זי זאָל פארגעסן, אַז איך האָב נישט קיין הויכע בילדונג...

— זי וויל נאָר מיט הויכער בילדונג? אזוי האָט זי דיר געמאָלדן?

— זי מיינט... זי האַלט... זי וויל, אַז דער, ועמען זי וועט זאָגן „דו", זאָל האָבן העכערע בילדונג...

— מהם... זי מיינט, זי האַלט... נו, פארשטענדלעך... עס וועלן זיך אָפּזוכן אַזעלכע בעלנים אויך... זי אַרבעט שוין לאַנג?

— ערשט פון פאַראַכטאָגן...

— זייער קלוג האָסטו געטון, וואָס דו האָסט געזאָגט „ערשט". אַז זי וועט אָפּאַרבעטן א ביסל לענגער, וועלן זיך יאַוועז קאַנדידאַטן מיט הויכער בילדונג אויך... דער מין פעלט נישט...

— בייסט זיך אָפּ די צונג...

— א דאַנק פאַר דער עצה טובה... זאָג מיר, שלמה, מילא, אַז דו הערסט די וועלט פאַר א פּיאַטאַק, דאָס איז שוין אַן אַלטע מעשה, מען קען דיך דאָך, אָבער זאָג מיר, דו אַליין, בינו לבין עצמו: דו האַלטסט דיין האַנדלונג מיט דעם מיידל פאַר א קלוגע?

שלמה גיט א קלוגיטשקן שמייכל:

— איר האָט שוין א מאָל געהערט, אַז א ייד זאָל זיך צעוויינען ביי „אתה חונן"?

— חכמהסט זיך... קומסט אָפּ מיט חכמות און מיינסט, אַז דו מאַכסט עס „אגיל ואשמה"... דאָס האַרץ רייסט מיר קוקנדיק אויף דיר... דו ביסט א פאַרפאַלענער מענטש...

שלמה, מיט א פאַלשן שמייכל:

— טאַקע לחלוטין א פאַרפאַלענער?

— דו פרעגסט ווי א נאַר... שייך לחלוטין, לוחות ושברי־לוחות מונחים באַרון... קיין לחלוטין ביי יידן איז נישטאָ, מיר זענען זיך קיין מאָל נישט מיאש, אָבער אַז מען זעט, ווי א מענטש איז מאבד בידים א טייערע כלי, איז אודאי א גרויסער ווייטיק...

און נאָך א ווײַלע שטילשווייגן:

— נו, און רחלע געפעלט דיר נישט?

— ברוך השם, ניין...

— און פון מיין דינהן ווילסטו אויך נישט רעדן?

— מנשה, איך האָב אייך געבעטן טויזנט מאָל, איר זאָלט מיר אייער דינהן נישט דערמאָנען. דינה געפעלט מיר זייער, זי איז נאָך היינט פיל שענער און חנעוודיקער ווי פאַר אַ יאָרן... אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז ליב האָב איך פאָלין...

— און אויב דו וועסט איבער איר די כפרה ווערן ?

— כאַפּט מיך דער רוח !... איין מאָל ווערט מען די כפרה !...

— נו, אויב אַזוי, האָב איך מיט דיר נישט וואָס צו רעדן... איך האָב מיט דיר געטראָפן... דו ביסט רעכט אין דער אַרבעט...

# קאפיטל LXVI

צו מאָרגנס ביי מיטאָג האָט שלמה גלייך דערפילט, אז עפּעס גרייט זיך... די אַטמאָספערע אין שטוב איז געווען עלעקטריזירט, דראָענדיק... דינה, האָט ער באַמערקט, פילט אויך דאָס זעלבע. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט פולווער. באַלד נאָכן עסן האָט דער פאָטער, באַנוצנדיק זיך מיט פאַרשי־דענע אויסריידן, אַרויסגעשיקט די קלענערע קינדער. ביים טיש זענען בלויז פאַרבליבן די עלטערן און שלמה מיט דינהן. מען האָט געכראָמטשעט מצה, אַבי לײדיק נישט זיצן...

דער פאָטער האָט אָפּגעהוסט:

— אַן עק! פאַר אַזוי פיל צייט כאָטש אויסרעדן צוויי ווערטער, ווי עס געהער צו זיין...

אַלע האָבן אין דערוואַרטונג געשוויגן.

— ווי אַזוי האָט איר עפּעס פאַרבראַכט פּורים ביי דעם רב? נישקשה?

שלמה און דינה, ביידע צופרידן מיט אַזאַ געלונגענעם אָנהייב, האָבן זיך אַ לאָז געטון מיט התפעלות דערציילן, וואָס פאַר אַ וווּנדער־שיין שטעטל, מען קען זאָגן: אַ שטאָט, איז לעבעדין, הײנט, דער רב אַליין, הײנט, זיין משה, די שוועסטער. דער פאָטער האָט געדולדיק צוגעקוקט, ווי זיי שלאָגן איבער איינער דעם אַנדערן, ווילן וואָס לענגער אָפּציען, אַלץ ווייטער אָפּשטופּן די אמתע אויפקלערונג, וואָס הענגט שוין איבערן טיש ווי אַ וואָלקן...

אַז זיי האָבן געענדיקט, פרעגט דער פאָטער:

— נו, אין „פאַנטאַפּל" וואָס איז פאַר אַן עולם, טאַקע בלויז שומרי־שבת?

שלמה דערציילט אויספירלעך וועגן די אָנגעזעענע חברים. שילדערט אין קורצן יעדן באַזונדער, דעם קאָלעקטיוו־אַרבעטער אין אַלגעמיין. דער פאָטער פרעגט ווייטער:

— נו, און ביי דיר, דינה, וואָס זענען פאַר אַ מענטשן אויף דער פאַבריק, אין ראַבפּאָק?

— איך אינטערעסיר זיך נישט מיט קיין מענטשן, איך טו מיר מיינס און שווין...

— אָבער דאָך, אַ מענטש האָט דאָך אויגן, ווי איז דען מעגלעך אַנ־דערש?

— מיינע אויגן זענען נישט קיין לײדיקגייערס... ביז האַלבן טאָג זע־נען זיי פאַרנומען ביים סטאַנאָק און פון האַלבן טאָג ביי די העפטן...

— און אָט דאָס איז עס?

— אָט דאָס איז עס...

— וואָס זשע איז דער תכלית? סטאַנאָק — העפט, העפט — סטאַ־

נאָך, אָבער נישט אייביק קען דאָך אַ מענטש אויסקומען נאָר מיט די צוויי זאַכן...

— ווער גייט עס באַוואָרענען, וואָס עס וועט זיין אייביק? און מיר זענען אייביק?... גאָרנישט, איך אַרבעט און איך לערן, וואָס נאָך?

— הייסט עס, אַז מען אַרבעט און מען לערנט, איז מען שוין יוצא? פאַר גאָט און פאַר לייט?

— וואָס ווילסטו האָבן פון מיר? איך זוך נישט פאַר קיינעם יוצא צו זיין. מיין עקזיסטענץ איז באַרעכטיקט? איך ריר נישט אָן ביי קיינעם? מער דאַרף איך גאָרנישט...

— אַ־האַ!... קוים אויסגערעדט... דו הערסט כאָטש, צפורה, דיבורים? דו האָסט צעקייעט אירע רייד? אַזוי לאַנג, טאַטע, ווי דו האָסט מיך געהאָדעוועט, האָסטו נאָך געהאַט אַ שטיקל ווערט, איצט אָבער, אַז איך קען שוין אַליין פליען, געפין שוין אַליין אַ קערנדל, דאַרף איך דיך שוין אויף כפרות... קענסטו דיר גיין דיין וועג און מיך לאָזן גיין מיין וועג, איך שטער דיר נישט, שטער דו מיר אויך נישט... איאָ, אַזוי האָסטו געוואָלט זאָגן, טאָכטער־לעבן?

דינה איז בלאַס פאַר אויפרעגונג, זי שפּרינגט אויף פון טיש:

— איך האָב געוואָלט זאָגן נאָר דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט... צו וואָס איז אַזוי פיל גיפט? דו ווילסט עפּעס זאָגן, זאָג! נישט שטעכן...

— וואָס איז דאָ דאָ צו זאָגן? אַז אַ מיידל דאַרף חתונה האָבן, דאָס ווייסטו? אָט דאָס איז דאָס גאַנצע זאָגן. סטאַנאָק — העפּט, דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן...

— אָך, אָט דאָס קאָכט אין דיר? אָן עק, הער איך כאָטש דיבורים... ניין, טאַטע, דאָס פּראָבלעם קומט דערוויילע ביי מיר נישט אין באַטראַכט...

— ווי געפעלט דיר, צפורה, די הימלישע שפּראַך אירע? זי רעדט גאָר מיט מיר ווי פון דער קאַטעדרע: פּראָבלעם... באַטראַכט... פון ווען אָן, טאָכטער, האָסטו אָנגעהויבן צו רעדן תרגום־לשון? איך ווייס נישט, וואָס עס הייסט „פּראָבלעם", נאָר דערפאַר ווייס איך, וואָס עס הייסט: הריי־את... דאָס איז אַ פּראָבלעם איבער אַלע פּראָבלעמען. זי קלערט נישט... די גאַנצע דעה, הייסט עס, איז נאָר ביי איר... פון וואָס דען קלערסטו יאָ, לאָמיך הערן? אפשר פון אריין אין אינסטיטוט?

— אודאי אין אַ אינסטיטוט... וואָס דען האָסטו געמיינט? בלייבן אַ וועבערין?

— וואָס הייסט גאָר, בלייבן אַ וועבערין? מען האָט חתונה און מען בלייבט נישט...

— מער גאָרנישט? חתונה האָבן — און אַז ביים מאַן וועלן זיך אויסלאָזן די געשעפטן, וועט ער מיר עפענען אַן איינפאָרהויז און איך וועל דאַרפן יעדן לייזיקן שלעפּער פאַר אַ האַלבן רובל טיי דערלאַנגען, אויסבעטן און אפשר נאָך די שטיוול אָראָפּשלעפּן... ניין, אַ גרויסן דאַנק דיר! איך בין צופרידן דערמיט, וואָס די מאַמע האָט געהאַט דאָס גליק... איך

האָב צו אַ איינפאַרהויז אַ קנאַפּן חשק... איך וועל מסתמא היינטיקן אָסיען אַריין אין אַ אינסטיטוט... איך גרייט זיך שטאַרק, קיין מינוט פאַר־ליר איך נישט... און ביז איך וועל נישט פילן קיין באָדן אונטער מיינע פיס, אַז דאָס בין איך, דאָס קען איך און דאָס איז מיינס, וועל איך זיך אפילו נישט צוהערן צו דיינע מעשות...

— איך פאַרשטיי נישט. אויף אַליין זיין, אַליין קענען און אַליין האָבן, אויף וואָס זשע דאַרף מען נאָך אַ מאַן?

— איז אפשר דאַרף מען טאַקע נישט...

— האָב איך דאָך פריער געוווּסט, אַז דאָס ווילסטו זאָגן... אַבי דו האָסט זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם שטייגעלע, שטעלסטו אונדז אויס אַ פייג און ווילסט אויסוואַקסן אַ שפרה, אַ חנה, אַ גאָלדע, אַ סאָליסטקע אפשר... קען איך דיר נאָר זאָגן, אַז דו האָסט אַ טעות.. דו האָסט נעבעך אַ ביטערן טעות... ביי מיר וועט אַזוינס נישט געשען... ביי מיר, אויב אַ קינד וויל גיין בדרך הישר, איז — דאָס לעבן מיט דער נשמה, נישטאָ פאַר דעם צו טייער. טאָמער אָבער ציט עס אין אַ זייט, עס קריכט אין דער בלאָטע אַריין, איז — וואָן פון דער שטוב!... מיטן קאָפּ אין דער ערד!... עלעהיי געשמדט זיך... איך, מיט דעם, אונטער איין דאַך — נישט!...

דינה האָט פולע אויגן מיט טרערן... זי זאָגט אַנטשלאָסן:

— מילא, וואָס קען דאָרטן זיין? אַז עס איז אַזאַ גזרה, קען איך נאָך היינט אַוועקפאָרן, קיין בעל־עגלה איז שוין נישטאָ, וועט שלמה מיטנע־מען מיין טשעמאָדאַן און איך קען צוגיין צו פוס קיין זווניגאָראָדקע...

די מוטער צעוויינט זיך שטאַרק, שלמה זיצט ווי אַ שטיינערנער. דער פאָטער זעט, אַז ער האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס און ווייסט נישט, ווי אַזוי צוריק צו כאַפּן. די מוטער וויינט אַלץ שטאַרקער, אַלץ יאָמער־לעכער, דינה נעמט זי אַרום און קושט זי:

— מאַמע הער אויף צו וויינען, דאָס האַרץ פּלאַצט אין מיר... מילא, וואָס איז שוין די נפקא־מינה, פריער דריי טעג, צי שפּעטער דריי טעג...

די מוטער שטאַמלט, פאַרכלינענדיק זיך מיט טרערן:

— וואָס הייסט, דריי טעג? דו האָסט דאָך אורלויב ביז אַ וואָך נאָך פסח?

— דאָס איז פון אָנהייב אַזוי געווען, אָבער צוויי טעג פאַרן פאָרן האָט מען מיר געמאָלדן, אַז נאָר אַ וואָך האָב איך אין מיין רשות, באַלד נאָכן אָנקומען האָב איך נישט געוואָלט דערציילן פון דעם שנוי... נישט געוואָלט פאַרשטערן די שמחה...

שלמה פילט די פאַלשקייט פון דער אויסרייד, נאָר עס אַרט אים עפּעס נישט שטאַרק... באמת טאַקע, וואָס איז דאָס זיצן דאָ נאָך יום־טוב? ער וועט נאָך אַליין אויך אַ טראַכט טון...

אפרים־אהרון מאַכט אַ פּנים, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען. ער זאָגט צום ווייב מיט אַ מער פרידלעכן טאָן:

— דו פאַרשטייסט דאָך אַ חשבון... אָסיען וועט זי „אפשר" קענען

אָנקומען אין אינסטיטוט. דו פאַרשטייסט? אפשר... אפשר האָט דאָך תמיד צוויי עקן... קען זיין אפשר יאָ און אפשר נישט אויך... ביי לשון „אפשר" קען שוין זיין אפשר איבער אַ יאָר און אפשר איבער צוויי יאָר, און נאָך דעם דויערט דאָס לערנען אין אינסטיטוט... וויפל דויערט דאָס לערנען אין אינסטיטוט?

דינה, רויט ווערנדיק, ענטפערט שטיל:

— פינף יאָר...

— פאַרשטייסט אַ מעשה, איז דאָך גאָרנישט אַזוי שרעקלעך... בסך הכל פינף יאָר, נו, און ווייטער וואָס?

— דערנאָך שיקט מען אויף פּראַקטיק...

— דו הערסט, צפורה, און מיר האָבן געמיינט, אַז מען שיקט אויף סיביר... אויף פּראַקטיק גאָר שיקט מען, ספּעציאַליזירן זיך... איאָ? קוואַליפיצירן זיך... איז דאָך טאַקע גאַנץ פיין... און וויפל, הייסט עס, דויערט די פּראַקטיק?

— צוויי יאָר...

— אין גאַנצן? פאַר וואָס אַזוי ווייניק? וואָס קען מען געוווּיר ווערן פאַר צוויי יאָר? איידער מען קוקט זיך אום, פליען זיי איבער... און נאָך דעם, וואָס?

— נאָך דעם באַקומט מען דעם דיפּלאָם און מען שיקט אויף אַרבעט...

— אַליין מען שיקט... ווער שיקט?

— דער נאַרקאָמאַט* שיקט... וווּ עס זענען דאָ פרייע פּלעצער...

— און אויב די פרייע פּלעצער זענען אין אויסרייסעניש?

— שיקט מען אַהין...

— אויב אַזש אויף סיביר, אויפן ווייטן מזרח, ביי די ווייסע בערן אָדער וווּ עס איז שטענדיק נאַכט, אָדער ערגעץ אויף דער אינדישער גרענעץ, צי — איך ווייס נאָך וווּ?

— איז טאַקע נישט אַמבעסטן... דאָס איז שוין אַ מזל־זאַך...

— מיט איין וואָרט, ס'איז נישקשה, מען קען לעבן. לויט דיין חשבון קומט אויס, אַז די גאַנצע חתונה דאַרף אפילו קיין פופצן יאָר נישט דויערן?...

דינה שווייגט פאַרלוירן... דער פאָטער איז בלייך און אויסערגעוויינלעך פריינדלעך... ער יאָגט זי אונטער:

— וואָס זשע שווייגסטו? עלטערן האָבן זיך דאָך אַ מאָל עפּעס אַ ביסל מטריח געווען פון דיינעט וועגן, זאָג זיי אַ גוט וואָרט... זאָג: טאַטע, מאַמע, נישט שפּעטער ווי אין פופצן, צוואַנציק יאָר אַרום וועט איר טאַנצן אויף מיין חתונה... איר מעגט שוין אפילו קלעזמער באַשטעלן...

---

* נאַרקאָמאַט — פאַרקירצט פון: נאַראָדנעי קאָמיסאַריאַט. געמיינט: מיניסטעריום.

דינה ענטפערט גאָרנישט, נאָר גרויסע טרערן רינען איר איבער די באַקן...

שלמה שטעלט זיך איין פאַר איר:

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס ווילסטו האָבן פון איר? ס'איז שוין דען דאָ דאָס פּאַסיקע יינגל און זי וויל נישט הערן פון אים? ביי מיר קומט אויס דער גאַנצער שמועס אַן איבעריקער... איצט דאַרף זי לערנען. אַז זי האָט ד'ערצו חשק, פאַר וואָס נישט? און אַז עס וועט אונטערקומען איר אמתער זיווג, וועט זי ווייכער ווערן, אַזוי האַלט איך...

דער פאָטער שטעלט אַן אויף שלמהן די אויגן:

— אַן עק, לאָמיר זי אָפּלאָזן אַ ביסל... און וואָס איז מיט דיר, זונע־ניו?

— מיט מיר איז גאָט...

— זייער שיין... גאָט איז אַ גאַנץ שיינער ייד... אַז ער איז מיט דיר, דאָס ווייס איך, נאָר צי דו ביסט מיט אים, אָט דאָס וויל איך טאַקע הערן...

אַלע שווייגן, די אַטמאָספערע גליט זיך אָן.

— וואָס זשע שווייגסטו? דערצייל... דו קלערסט נאָך אַלץ פון דעם מילנערס מיידל?

— יאָ, איך קלער נאָך...

— און זי — פון דיר?

— דאָס דאַרף מען פרעגן ביי איר...

— אָבער זי איז דאָך דאָ נישטאָ, פרעג איך ביי דיר...

— אַז איך וועל זוכה זיין ביי גאָט, וועט זי אויך קלערן פון מיר...

— דאַרף מען נאָך דערויף גאָט בעטן?

— אַלצדינג דאַרף מען ביי גאָט בעטן... צו אַלצדינג דאַרף מען אַ סיעתא דשמיא...

— אַלע אויסגעלאַסענע יונגען, אַז זיי דאַרפן אָפּטון עפּעס אַ פּאַס־קודסטווועלע, אַזוי הייבן זיי אָן צו רעדן מיט גאָט... אַלע שבתי־צביניקעס, אַלע משומדים...

דינה האָט זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט אויף שלמהן. ער איז געווען בלייך ווי די וואַנט, אויף זיינע ליפּן האָט געטליעט אַ צאַנקענדיקער שמייכל. זי האָט דערפילט, ווי אַ פאַרסמטע פייל וואָלט זיך אריינגעשניטן אין איר האַרצן. זי האָט פאַרשטיקט אַרויסגעכריפּעט:

— טאַטע, באַדענק זיך, וואָס דו טוסט... ס'איז אויף שלמהן זאָגסטו אַזוי?

דער פאָטער, מיט נישט געזונטע פלעמעלעך אין די פאַרמעטענע באַקן, האָט מיט אַ קלוגיטשקן שמייכל געענטפערט:

— האָסט דאָך מן הסתם געהערט, ווי מען זאָגט: לעולם מיין איך נישט דיך, נאָר טאָמער מיינסטו, אַז איך מיין דיך — מיין איך טאַקע דיך!...

שלמה האָט פאַרביסן אַ ליפּ און גאָרנישט געענטפערט. אין חלל פון צימער

איז געהאַנגען דער אומגליק פון דער פאַמיליע. ווי אַ תוכחה. ער האָט גע־וואָרגן, ער האָט מיט טיגרישע נעגל צעריסן די הערצער אויף שטיקער און אָנגעפילט די שטוב מיט זודיק בלוט. דעם פאָטער האָט זיך אויך אַ דאַכט געטון, אַז שלמה האָט די באַליידיקונג נישט פאַרדינט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף אַ זייטיקן שטעג:

— ווי אַזוי זעט אויס יאַני?

— אַזוי ווי אַ שאַכטיאָר... נאָר עס איז אים נישט שווער צו דער־קענען...

— ער ווייסט פון דיינע געדאַנקען?

— ער שטויסט זיך אָן...

— נו, וואָס זעסטו אויף אים?

— אַז ער עקט זיך, אַזוי וויל ער דעם שידוך...

— טאַקע אַ גרויסע רבותא, זאָג איך דיר... און פאָלי — איין מאָל ניין?

— ווער זאָגט דאָס? זי זאָגט נישט יאָ און זאָגט נישט ניין...

— דו האָסט איר געמאַכט אַ פאָרשלאָג?

— ביי מיין נישטיקער לאַגע קען מען מאַכן פאָרשלאָגן? מען האָט אַזוי גערעדט.

— קען דאָך זיין, אַז זי פאַרשטייט גאָרנישט, וואָס דו מיינסט?

— אַזאַ נאַר איז זי נישט...

— זי אַרבעט?

— יאָ, אַלס בוכהאַלטער.

— לערנט אויך?

— דערווייל נישט...

— וואָס הייסט: דערווייל? זי קלייבט זיך אויך אויף אַ פּופּצן, צוואַנ־ציק יאָר?

— איך וויים דערפון נישט, נאָר אַלץ קען טרעפן... נישט מער — יאַני...

— וואָס יאַני?

— יאַני יאָגט זי אין האַלדז און נאַקן, נישט ערגער ווי דו דינהן...

— אויב אים וועט העלפן דאָס טרייבן אַזוי ווי מיר, וועט זיין אַז־אָך־און־וויי צו דיר...

שלמה שווייגט שווער. אויפן האַרצן איז אים גוט אָנגעזאָלצן.

— און זי עסט טרפות?

— מן הסתם...

— און איצטער, חמץ אין סטאָלאָווע דאָרטן?

— עס קען זיין...

— און שבת: שרייבן, צינדן?

— ווי דען? גלייך מיט אַלע...

— און דו האָסט אַן עזות צו קוקן מיר גלייך אין די אויגן און זאָגן,

אז צו אזעלכער גייסטו... און אזעלכעס זאָל איך זעצן ביי מיין טיש...
— פאַר אירע חטאות־נעורים בין איך נישט פאַראַנטוואָרטלעך... ביי מיר וועט זי זיין אַנדערש...
— נישט דערלעבן וועלן מיינע שונאים, אַז איך זאָל גאָר דאַרפן אַרויסקוקן אויף אַזעלכע נסים... דו האָסט פאַרגעסן דעם כלל: „כל באיה לא ישובון"?
— דאָס איז געזאָגט געוואָרן אויף אפיקורסות, זי איז נישט קיין אפיקורסטע.
— וואָס דען איז זי?
— זי איז גאָרנישט... זי איז אַ שטיק וואַקס פאַר איר צוקינפטיקן מאַן. וואָס ער וועט וועלן, וועט ער מאַכן פון איר...
— אוי, שלמה, שלמה, דו ביסט אַ געגאַרטער יונג, דו גלייבסט אין זיך צו פיל... זע, גיב אַכטונג, אַז דו זאָלסט נישט זיין דער שטיק וואַקס...
— גוט, איך וועל אַכטונג געבן...
— און רחלע איז דיר נישט געפעלן?
— רחלע איז מיר נישט געפעלן...
— פאַר וואָס זשע? מען דערציילט דאָך, אַז זי איז... כ'ווייס?
— אַז וואָס איז זי?
— אַזאַ טאַטנס אַ קינד...
— ירחמיאל איז אויך געווען אַ טאַטע...
— איז וואָס זשע וואַרפסטו מיר אויף ירחמיאלן?
— אין צפּקען ביסטו אויך געווען פאַרקאָכט ביז גאָר...
— איך בין געווען פאַרקאָכט?
— ווער דען, איך?
דער שמועס איז פאַרגאַנגען אין אַ טופּיק * נאָר דער פאָטער האָט פאָרגעזעצט:
— אַ טאַטע צו אַ טאַטע איז נישט גלייך...
— יאַני איז אויך אַ טאַטע און איז מיר נעענטער צום האַרצן ווי ירחמיאל מיטן פעטער גרשון, מיט נאָך אַ פּאָר טוץ טערליצער רבנים פאַר אַ צוגאָב...
— דו גייסט דאָך נישט נעמען יאַנין, פּאָלי איז נישט יאַני... מען דערציילט זיך אָן פון דער רחלען... איר זינגען, איר טאַנצן...
— ס'איז מיר נישט אַזוי פריילעך... איך קען זיך באַגיין אָן געזאַנג אויך...
— ווידער, דערציילט דאָך מנשה, אַז זי איז אַזאַ שיינע...
— נישט אין גאַנצן איז דאָס שיינקייט...
— ווי אַזוי? ווי אַזוי?... ווי אַזוי האָסטו געזאָגט? נישט אין גאַנצן איז דאָס שיינקייט? האַלטסטו אויך אַזוי?...

---

* טופּיק — אַ געסל אָן אַן אַרויסגאַנג.

— עס װענדט זיך נאָך, װעמענס שײנקײט ?

דער פּאָטער קוקט אויפן זון, דער זון אויפן פּאָטער. מען איז װידער פאַרקראָכן אין אַ טופּיק.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, איך קען דאָך זי כמעט נישט. װאָס פאַר אַ כאַראַקטער האָט זי ? למשל, אויף רחלען דערצײלט מען, אַז זי האָט אַ דימענטן האַרץ...

— איך זוך נישט קײן דימענטן, איך בין אַלײן אויך נישט קײן דימענט....

— װער האָט עס דיר געזאָגט ?... אָבער מען רעדט דאָך פון איר... צי איז זי אַ גוטע, צי איז זי אַ לײטישע, אַ געטרײע, אַ קלוגע ?

— אײ, טאַטע, צו װאָס זענען די אַלע רײד ? און אויב זי איז נישט קײן גוטע, נישט קײן לײטישע, נישט קײן געטרײע און נישט קײן קלוגע און אפילו נישט קײן שײנע ? װײסטו נישט, אַז על כל פשעים תכסה אהבה ?... פּאָלג מיך, װאָס טויגן אונדז אָט די מעשׂות ? לאָמיר בעסער אַ שמועס טון, װאָס װעסטו דאָ טון ?... עס גײט צו זומער, פּעקלעך קען מען נישט שיקן, זײ װערן קאַליע אויפן צװײטן טאָג... און די פּאָסט װערט אויך שטרענגער פון טאָג צו טאָג... אין אַרטעל װערט מען אַלץ מער פאַרנומען, עס װערט אוממעגלעך, איך זאָל זיך קענען דערמיט אָפּ־געבן... אויף דינהן איז אודאי נישטאָ װאָס אויסצושטעלן, זי דאַרף זיך דאָך צוגרײטן צו דעם צװאַנציק־יעריקן פּלאַן... דו זאָגסט דאָך אַלײן... װאָס זשע װעט טאַקע זײן ? מען מוז דאָך זען עפּעס אַן עצה ?

— פאַר װאָס עפּעס מוז מען ? און װאָס בכלל דאַרפט איר פאַר אונדז זאָרגן ? פאָרט אײך געזונטערהײט אין דער גרויסער שטאָט אַרײן. דינה װעט נעמען דעם אינסטיטוט פאַר אַ חתן, דו װעסט נעמען דײן פּראַנצע־מירקע און מיר דאָ, װי עס איז... מסתמא װעט אונדז דער אײבערשטער אויך נישט פאַרלאָזן. מען בעט דיך נישט זיך פאַרנעמען מיט פּעקלעך... שוין צו פיל האָסטו מיך געהאָדעװעט... מען דערקענט דאָס אין יעדן װאָרט אין דײנעם... זאָל אײך גאָט העלפן דאָרט און אונדז — דאָ... אין דאָרפסראָט פאַרשרײבט מען, װער עס װיל גײן אַרבעטן אויפן פעלד בײ קאַרטאָפל... מען װעט צאָלן מיט קאַרטאָפל טאַקע... און אַבי אַ קאַרטאָפליע איז דאָ אין שטוב, הערן מיר די װעלט פאַר אַ פּיאַטאַק... װעל איך גײן מיט דער מאַמען און רבקה מיט יצחקלען װעלן אויך גײן, זײ דאַרפן אויך עסן, און שײנדעלע װעט װאַרפן די שול און גײן װיקלען פּאָדעס, אַ ביסל בײ מיכאלן, אַ ביסל בײ דינה דער מומע זלאַטעס. און יונהלע ? נו, ער איז נאָך אַ קלײנער, ער מעג זיך נאָך שפּילן... און איר זאָלט אײך גאָר צום האַרצן נישט נעמען. זאָלן אײך דאָרט אײנגײן די אינסטיטוטן מיט די פּאָלים... איר זאָלט נחת האָבן אין זײ און זײ אין אײך... טאָמער װעט אײך נישט סטאַיען קײן צײט אויף צו שרײבן, איז אויך אָן אָן אומגליק... אמתע גוטע פרײנט פאַרשטײען זיך אָן װערטער... אַ שנה־טובה אײן מאָל אין יאָר און גענוג...

צפורה פאַרלירט דעם קאָפּ אויפן טיש און פאַרגייט זיך אין אַ יאָמערלעכן געוויין. דינה, מיט פאַרוויינטע אויגן, כאַפּט שלמהן פאַר דער האַנט:

— לאָמיר אַנטלויפן!... וווהין זענען מיר עס געקומען? ער וועט אונדז אויפעסן פאַר די פּאָר טעג... מאַ־מע!... וואָס וויל ער פון אונדז? פאַר וואָס שניידט ער פון אונדזערע לייבער שטיקער פלייש און וואַרפט פאַר די הינט? פאַר וואָס? פאַר ווען?

דער פאָטער איז געשטאַנען מיט אַ בלאַסן שמייכל אויף די ליפּן און געצויגן:

— נו, אַנטלויפט! פאַר וואָס זשע אַנטלויפט איר נישט? וואָס שטייט איר לעבן די קליינשטעטלדיקע קבצנים? לויפט גיכער, צו די וועלוועלעך, צו די לייזערוקלעך, צו די פּאָלקעלעך... דאָרט גיט מען חזירימלעך אויף פּוטער און דאָ איז מען נערן, אַז מען האָט קאַרטאָפליעס... לויפט זשע, פאַר וואָס שטייט איר?

דינה ענטפערט ריטשענדיק:

— וואָס זשע מיינסטו? מיר'ן טאַקע לויפן... אין דער פרי פאָרן מיר אַוועק... נאָר אויף דער מאַמען מיט די קינדער איז אַ רחמנות... פאַר וואָס? פאַר וואָס קומט עס אונדז? אָט דאָס הייסט צו גאַסט געקומען, געוווען זיך בעסער —

שלמה איז געזעסן אַ גאַנצע צייט אַ רואיקער־אַ־רואיקער מיט אַ נויט־שמייכעלע אויף די טויטע ליפּן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אַ הייב געטון, אַוועקגעזעצט דינהן לעבן דער מוטער:

— זיץ און שווייג... וואָס האָסטו זיך צעיאַכמערט?

ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם פאָטער פון קאָפּ ביז די פיס און באַטאַנענדיק יעדעס וואָרט געזאָגט:

— און דו — זיץ אויך... איך מעג אויך עפּעס זאָגן... זעץ זיך, זאָג איך דיר...

אין שלמהס קול איז נישט געווען נישט קיין באַפעל, נישט קיין דראָונג, נישט קיין שטרענגקייט אפילו, נאָר עפּעס אַזאַ אומבאַגרייפלעכער כוח, וועלכער האָט אפרים־אהרונען אומגעוואָרפן אויפן בענקל און אים געצוווּנגען אַראָפּצולאָזן די אויגן. שלמהס קוק איז געווען אומדערטרעגלעך. ער האָט געשטאָכן מיט זיבן שפּיזן.

— דו האָסט דערציילט דיין פּלאַן, איצט הער מיך אויס... איך האָב אויך אַ שטיקל פּלאַן... דאָס וואָס דו האָסט צוגעטראַכט מיט די קאַרטאָפל, איז דאָס אַ גאַנץ שיינער פּלאַן — נאָר אין ארץ־ישראל... איך וואָלט דער ערשטער געגאַנגען אַרבעטן ביי קאַרטאָפל און אפילו שענערע יידן פון מיר מיט דיר שטייט מיר אויך אָן, זיי זאָלן פאַרקאַטשען די פּאָלעס און גראָבן קאַרטאָפל, אָבער אַז אין כמעלניקער קאָלכאָז זאָלן די פּיאַטיגאָרסקים גראָבן עמעצנס קאַרטאָפל — דאָס וועט נישט דערלעבן די ראַטנמאַכט!... אַלצדינג יאָ, אפילו שמאַטעס קלייבן, אָבער ערדאַרבעט? נאָר

אין ארץ־ישראל, אויף די אייגענע פעלדער... דו געדענקסט, וואָס די חז"ל דערציילן אונדז, ווי אַזוי דער אכר, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט דאָס אַקערן און דאָס זייען, פלעגט ער זיך ווענדן צום רבש"ע: עשינו מה שגזרת עלינו, עשה אתה מה שעליך לעשות... אָט דער היימיש־געמיטלעכער טאָן צווישן דעם יידישן ערד־אַרבעטער און דעם באַשעפער האָט נישט קיין טעם און קיין ריח על אדמת נכר. נעמען זיך צו דער דאָזיקער מלאכת־הקודש אויף דער אוקראַינישער ערד, וואָס איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט פון דור־דורות — דאָס איז אַ חלול־הקודש, מעין: אוכל תרומה בידים מסואבות... ניין, ניין, דאָס נישט! זאָל זיין אייטערדיקע ביינער, זאָל זיין פאַרשטונקענע גענדז, זאָל זיין קליבן פלעשער איבער די הויפן אָדער כ'וויים וועלכע נאָך עבודות פרך, אָבער דאָס נישט! בשום אופן נישט! אָט דאָ זאָגט אַ ייד: „איך נשיר"... איצט הער מיך אויס: פאַר דעם זומער, בשעת דעם מסחר מיט די ספרים, האָב איך זיך אַליין זייער אויסגענוצט. געקאַרגט אויף זיך אַ גראָשן און טאַקע געמאַכט אויך עטלעכע געלונגענע געשעפטן. און מיטן בלוטיקן שוויים צונויפגעקליבן צוויי הונדערט און פופציק דאָלאַר, ספּעציעל צוליב דעם, טאָמער וועט זיך טרעפן אַ מעגלעכקייט פאַר געלט קענען זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל... איצט, אַז אונדזער לאַגע איז אַזוי קריטיש און ארץ־ישראל — אַזוי ווייט, האָב איך באַשלאָסן אויסנוצן די סומע, כדי אויפצושטעלן אונדזער שטוב מיט לייטן גלייך... כמעלניק איז געשטאָרבן! און איך וואָלט געזאָגט: מיט אַ מיאוסן טויט געשטאָרבן, מיט אַ טויט פון אַ מנוול... די פאַרטעכער פון די גווילים, די אָראָפּגעטראָ־גענע געסלעך, די שטיינערנע מתנות בשעתן דאַווענען... אַלץ ,אַלץ ,אַלץ!... חרוב ווערן פון אַן ערד־ציטערניש איז שוין שענער, בכבודיקער... אַלזאָ, איז מיין פּלאַן אַזעלכער: איך וועל פאַר דעם געלט קויפן אין קיעוו אַ דירה און איר וועט אַלע אַריבערפאָרן אַהין. ערשטנס, וועלן מיר טאַקע צוריק ווערן איין משפחה. צווייטנס, איז דאָרט אַ גרויסער יידישער צענ־טער. איר וועט דאָרט נישט דאַרפן גראָבן קיין קאַרטאָפּליעס. דעם זעלבן גאָט וואָס אַלע, האָבן מיר אויך... און בכלל אַלץ וועט גיין אַנדערש... און אַזוי ווי קריגן אַ דירה איז איצט נישט פון די לייכטע זאַכן, וועל איך טאַקע באַלד נאָך יום־טוב, אם־ירצה־השם, צוזאַמען מיט דינהן אויך פאָרן קיין קיעוו און אויסנוצן די פרייע וואָך אויף קריגן אַ דירה. דיר וועל איך דאָ איבערלאָזן פופציק דאָלאַר, מען דאַרף דאָך לעבן ביזן פאָרן, היינט דאָס אַריבערפאָרן דאַרף אויך קאָסטן אַ שיינע קאָפּיקע... אָט דאָס איז דאָס, דאָס איז מיין פּלאַן, וואָס זאָגט איר?

דער פאָטער האָט מער נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן און איז אַרויס פון דער שטוב... שלמה האָט איינגעשלאָסן די מוטער אין זיינע אָרעמס:

— מאַמעלע... מיר וועלן ווידער זיין צוזאַמען... גענוג עלנט געווען...

די מוטער האָט אים באַשאָטן דאָס פּנים מיט קושן:

— איך האָב שטענדיק געגלייבט, אַז דו וועסט עפּעס צוטראַכטן...

מען דאַרף דאָך זיין פון אייזן, אַזאַ צייט איינהאַלטן דעם סוד אין זיך און קיינעם נישט זאָגן... דינה האָט ביי דיר אויך נישט געוווסט?

— קיינער האָט נישט געוווסט. צייטנווייז האָב איך אַליין אויך אין דעם פאַרגעסן... אָבער איצט איז די פּאַסיקע מינוט אָפּצווווישן מיט דעם געלט דעם שימל פון אונדזער שטוב... במילא, וועט שוין דער טאַטע נישט זיין אַזוי פאַרביטערט...

— ער האָט שוין חרטה געהאַט, וואָס רעדסטו? דו מיינסט, מען קען אויף אים אַזוי שטאַרק פאַראיבל האָבן? אין דער דאָזיקער מדבר קען מען משוגע ווערן אויך... מענטשן ווערן ווילד, נערוועז, צערייצט... איך וויים אַליין נישט וואָס נאָך...

# קאפיטל LXVII

שביעי של־פסח האָט מען באַקומען אַ בריוו פון אָדעס. יחיאל שרייבט:

„...וואָס זאָל איך אייך שרייבן פון זיך? קיין גליקן זענען נישטאָ. איך אַרבעט שווער, דאָס ווייסט איר דאָך שוין. דאָס לערנען אין טעכני־קום גייט צו זייער פּאַמעלעך און אָן חשק... ס'איז נישט גוט ערשט אָנ־הייבן צו לערנען ביי איין און צוואַנציק יאָר... ביי דער מומע טייבלען און ביי אירע קינדער זענען זייער שוואַך די געשעפטן. קוים־קוים וואָס מען לעבט זיך דורך. ווען איר זעט די מומע טייבל, אסור אויב איר וואָלט זי דערקענט. זי קרענקט אונטער צו ביסלעך. אַזוי ווי זי איז אַ מאָל געווען אַ פריי־לעכע, אַזוי קריכט זי היינט נישט אַרויס פון דער מרה־שחורה... רחלע אַרבעט אין אַ פּאָסט און גייט אויף שטשאָטקאָוואָדנע קורסן. די טעכטער מסחרן אויפן מאַרק און דער זון האָט עפּעס לפנים אַ מין שטעלע, צום איבעריקן האַנדלט ער צו מיט פאַרב. ער באַקומט זי פון מאָסקווע און שיקט זי מיט דער שיף קיין באַטום. מיכאל! שרייב אָן, ווי אַזוי לעבט זיך דיר? צי האָסטו זיך שוין צוגעוווינט צוריק צו כמעלניק? פאַר וואָס שרייבט דער טאַטע אַלע דינסטיק און ביי דיר קען מען דאָס נישט פועלן? שפרה מיט חנהן דערגייען דיר גוט די יאָרן? איך בין דיר נישט מקנא אויף דער געזעל־שאַפט... וואָס מאַכט אפרים־אהרון? וואָס שרייבט עפּעס שלמה? נישטאָ ביי אים עפּעס קיין גוטע נייעס? איך האָב אים צוויי מאָל אָנגעשריבן „צום פאָדערן" און האָב נישט קיין ענטפער... צי ער באַקומט נישט מיינע בריוו, צי ער וויל פשוט נישט ענטפערן?... פאַר וואָס שרייבט מיר ברכה נישט אָן מיט איר אייגענער האַנט? אפשר איז זי עפּעס נישט געזונט? טאָמער איז זי אויף מיר ברוגז, זאָל זי שרייבן, פאַר וואָס? איך פיל זיך נישט שולדיק אין גאָרנישט... וואָס הערט זיך ביי די כאַדאַראָווס? ווי אַזוי גייט ביי דינהן די אַרבעט? גאָלדע קען שוין אויך די מלאכה? מנשה קלערט אין ערגעץ נישט פאָרן? פאַראַכטאָגן האָב איך באַגעגנט זיין פאָטער, ער קומט שטאַרק אָפּ... זעט אויס ווי אַן אַלטער בעטלער... נו, זייט געזונט, אַ פריי־לעכן יום־טוב און אַ כשרן פסח. אייער יחיאל. אַ גרוס פון די אַנאַניעווער..."

דעם אויפדערנאַכט, שוין ליגנדיק אין בעט, הערט שלמה ווי דער פאָטער רופט שטיל:

— דינה... דינה...

דינה האָט גענומען אויף זיך די קאָלדרע און איז צוגעגאַנגען.

— דינהלע־טאָכטער, גיב אַ קוק, שלמה שלאָפט שוין?

— אָט גיב איך אַ קוק.

שלמה האָט רעגלמעסיק געאָטעמט און צוגעזונגען מיט די נאָזלעכער.

— שלמה שלאָפט, ער איז מיד, אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעשלעפּט מיט מנשהן.

— קום אַהער, טאָכטער, זעץ זיך לעבן מיר אָט־אָ־דאָ... גיב מיר אַ קוש,

אַט אַזוי! דאָס, וואָס מיר האָבן זיך חול־המועד אַ ביסל צעוועדטלט, איז נאַריש, עס טרעפן אַזעלכע זאַכן... איך האָב דאָך נישט געמיינט מיין טובה, נאָר דיינע, איך וואָלט שוין זייער, זייער געוואָלט דיך זען גליקלעך... זאָג מיר, דינה... גיב נאָך אַ מאָל אַ קוק, שלמה שלאָפט טאַקע? פּרוּוו אים נאָר אַ רוף טון...

— ער שלאָפט, זאָג איך דיר, איך האָב דאָך ערשט געקוקט.

— זאָג זשע מיר, דינה, זי איז דאָך דיינע אַ חברטע נאָך פון דאַנען, וואָס איז זי פאַר אַ מין מענטש?

— איך קען דיר וועגן איר גאָרנישט זאָגן...

— פאַר וואָס זשע? ווער איז נאָך אַזאַ מבין ווי אַ שוועסטער? און דו ביסט שוין נישט קיין פּיצעלע אויך. מיין יוכבד אין דיינע יאָרן איז שוין אַרומגעגאַנגען מיט אַ בייכל. זאָג מיר, דו ביסט געווען ביי זיי אין קיעוו? דו האָסט זי געזען?

— וואָס דען, כ׳האָב זי נישט געזען? דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין געקומען, האָט מיך שלמה גלייך פאַרשלעפּט צו איר. און אַז יאַני איז גע־קומען — נאָך אַ מאָל, און געזעגענען זיך בין איך אויך געגאַנגען מיט אים. וואָס דען, כ׳האָב זי נישט געזען?

— נו, ווי אַזוי זשע געפעלט זי דיר פאַר שלמהן?

— כ׳ווייס אַליין נישט... עפּעס איך פיל צו איר גאָרנישט...

— פאַר וואָס זשע? זי איז דאָך אַזאַ שיינע...

— טאַקע מער גאָרנישט... חוץ דעם שיינקייט געפין איך אין איר נישט קיינע מעלות.

— אָבער שלמה איז דאָך...

— איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן... אַז שלמה איז אין איר אַזוי פאַר־קאָכט, איז דאָך שוין נישט קיין חילוק, צי זי איז אונדז יאָ געפעלן, צי ניין. נאָר צי זי האָט די ווערט אַזאַ יינגל ווי שלמה, בין איך שטאַרק מסופק.

— נו, אודאי, שלמה...

— וואָס ווייסטו דען? אַלע זיינע חברים פון אָרטעל — פון ווען קענען זיי אים דען! — פון דעסט וועגן, דו זאָלסט אַ קוק טון, ממש אויפן קאָפּ זעצט מען אים — און וואָס עפּעס דוקא די יינגלעך? שבת־הגדול איז דאָרט געווען אַ רב, דאַכט זיך, דער גרעסטער אין קיעוו, כ׳האָב געוווסט די פאַמיליע זיינע און פאַרגעסן... האָט ער שלמהן די האַנט געדריקט פאַר זיין זאָגן... און ווער נישט? מילא, מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען... נאָר דאַכט זיך, אַז עס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך...

דער פאָטער גיט אַ ציטער:

— וואָס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך?

— זיין צוגעבונדנקייט צו איר איז אַ פאַרפאַלענע זאַך... ער איז אין איר פאַרליבט ביז איבער די אויערן... און מען רעדט שוין גאָר אָפן אויך...

— ווער רעדט אָפן? דערצייל, מיך אינטערעסירט דאָך די זאַך אַ ביסל...

— ביים געזעגנען זיך... אלע זענען געווען אין שטוב און זי אויך. ניט יאני א זאג שלמהן, אז ער האט זיך נישט געריכט, אז שלמה וועט אוועקפארן פון זיינע סדרים... „וואס איז די נפקא־מינה, פריער א יאר, צי שפעטער א יאר"... דאס זענען זיינע ווערטער, דו פארשטייסט?...

— איך פארשטיי זייער גוט. הייסט עס, יאני קאמאנדעוועט מיטן פא־ראד...

— ער מעג קאמאנדעווען. נישט געפאקט און נישט געמאזלט און נעמט אזא יינגל ווי שלמה... עס האט זיך אים אין שאכטע אזא גליק נישט גע־חלומט אפילו... נו, כ'גיי שלאפן, א גוטן יום־טוב...

— א גוטן יום־טוב, א גוט יאר, חיותל, שלאף געזונט...

שלמה האט זיך אויסגעצויגן אין בעט און מיט ווייטיק געטראכט:

— גוואלד!... פאלי איז דאך אזא טייערע, פאר וואס פילט דינה צו איר גארנישט? פאר וואס זענען זיי נישט ווי שוועסטער?

דער פאטער האט זיך אויסגעצויגן אין בעט און מיט ווייטיק געטראכט:

— פאר וואס זאגט זי, אז עס איז א פארפאלענע זאך? היד ד' תקצר?

אחרון של פסח איז פון דעסט וועגן געווען א פרייליכע בעל־שמסקע סעודה *... עמעצער האט שוין ארויסגעלאזט א קלאנג, אז ביי אפרים־אהרו־נען איז דאס, דאכט זיך, דער לעצטער יום־טוב אין כמעלניק, און דעם עולם האט זיך נישט געגלוסט צעגיין זיך פון דער שטוב.

אויף מארגן איז געווען פרייטיק, א וואכעדיקער טאג, און זונטיק פארן די געסט אוועק. דינה און רבקה האבן געהאלפן דער מוטער עפעס אפבאקן אין וועג אריין. דער טאג איז געווען א זומערדיקער, די בלאטע היפשלעך צוגעטריקנט און שלמה איז אוועק זיך געזעגענען מיטן שטעטל. די שעה איז געווען א פריע, עס איז נאך קילבלעך. עס גלוסט זיך לויפן, שפרינגען, זינ־גען, שרייען, נאר ער טוט נישט איינע פון די אלע זאכן. ער שפאנט איינזאם אויף טשעזשיוועקער וועג, לאזנדיק הינטער זיך דער גענעראלשעס פארק. אט־א־דא־א... אין די דאזיקע מקומות איז איבערגעלאפן זיין יוגנט, זיין פריי־לינג... איצט איז ער שוין מער נישט קיין קינד... הרב ביאליק האט אים שוין געוואלט צוליינגן א „רב"... ער גייט אזוי לאנג, ביז טשעזשיוועקע באווייזט זיך בכבודה ובעצמה... יעדעם הייזל איז אים דא באקאנט. יע־דער פלויט, יעדער ברונעם... ער גייט צו צו דעם הויף, ווו זיי זענען גע־שטאנען אין יענער זאווערוכע, גייט אריין צום בעל־הבית מיט אן אויס־רייד — דער בעל־הבית דערקענט אים נישט... צוריק גייט ער שוין גיכער, שוין נישט אינטערעסאנט... עס ציט שוין נישט... ער גייט דורך פארביי דער מיל, יאנים מיל... זי שטייט פארשלאסן — גאנץ, נאר פארשלאסן. אין בית־מדרש גייט ער נישט אריין... דארט וועט ער נאך מארגן דאווענען —

* א בעל־שמסקע סעודה — ביי בעל־שמסקע אייניקלעך איז א מנהג, אחרון של פסח פאר נאכט פראווען א סעודה, וועלכע מען רופט מיט דעם נאמען.

און ווידער, דאָרט קען ער זיך באַגעגענען מיטן זיידן און אים ווילט זיך אַצינד בלייבן אַליין מיט זיך. ער גייט אַריין צום אַלטן שאַיען:

— אַ גאָט־העלף, ר׳ שאַיע!...

— האַ, שלמה, כ׳האָב דיר שוין דוקא געגעבן שלום, נאָר נאַ דיר נאָך אַ מאָל...

— ר׳ שאַיע, ווער וווינט היינט אין יאַנים האַלבער שטוב?

די דירה, דאָס איז דעם אַלטן שאַיעס נשמה, זיין חיות, זיין אמונה. קיין שפּרינקעלע האָט אויף איר זיך נישט געטאָרט געפינען. טאָמער איז דורכגעפאָרן אַ פור און פאַרשפּריצט די וואַנט, אַזוי פלעגט ער באַלד אַרויס מיט אַ מעסערל און מיט אַ באַרשט, אַרומקראַצן, פאַרשמירן, אָפּגיין עטלעכע שפּאַן, פאַרזשמורען אַן אויג און קוקן, צי עס איז נישט קענטיק. נאָך אַ מאָל צוגיין, נאָך אַ ביסל פאַרנטונקעווען דעם פלעק.

דאָס אַלץ איז געווען אַ מאָל... ווען אין כמעלניק האָבן געלעבט לעבעדיקע מענטשן. איצט איז זיין דירה כמעט ענלעך אויף אַלע: פאַרגעלט, פאַרשפּריצט, אָפּגעשיילט. שלמה מיט זיין פראַגע האָט אים דערלאַנגט אין דער זיבעטער ריפּ, דערמאָנט דעם זקן זיינע ווייטיקן. ער טוט אַ קרעכץ:

— ווער וווינט דאָרטן? מייז וווינען דאָרטן... געווען אַ מאָל ביי מיר מייז, האַ?

— ניין, קיין מאָל נישט געווען...

— און היינט זענען שוין דוקא יאָ דאָ. וואָס אַ מאָל איז געווען, איז היינט נישטאָ, און וואָס אַ מאָל איז נישט געווען, איז היינט יאָ דאָ... און טאַקע לרוב, גאַנצע מחנות. אַזוי איז דאָס... דער אַלטער משהלע מיטן טשייניק, אַז ער כאַפּט זיך אַ מאָל אַראָפּ, נעבעכטיקט ער דאָרט אונטער, מער קיינער נישט...

— ר׳ שאַיע, איך וויל אַ קוק טון אין יענער האַלבער שטוב...

דער זקן גלאָצט אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן:

— אַזוי האָבן זיי דיר אָנגעזאָגט? גיב זיי איבער, אַז וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט, האָב איך אַרויסגעוואָרפן, פאַרברענט... ס׳איז קיין זכר נישט געבליבן...

— ניין, ר׳ שאַיע, נישט זיי האָבן מיך געשיקט, איך אַליין וויל אַ קוק טון... נאָר אַ קוק טון אויף די פיר ווענט, איך גיי באַלד צוריק...

— וואָס וועסטו דאָרט קוקן? עס ליגן דאָרט איצט זעק מיט מעל. די מיל צאָלט מיר צוואַנציק רובל אַ חודש און האָט מיר פאַרפירט אַ גאַנצן זווערינייעץ* מייז מיט אירע זעק. נאַ דיר דעם שליסל, גיי — קוק! איך זשאַלעווע דיר? קענסט דאָרט זיין, וויפל דו ווילסט. זע נאָר, אַז די מייז זאָלן דיך נישט אויפעסן...

אויף דער שוועל איז שלמה געבליבן שטיין. ביידע צימערן מיט דער

---

* זווערינייעץ — זאָאָלאָגישער גאָרטן.

קיך זענען געווען פאַרלייגט מיט זעק. תבואה־זעק, מעל־זעק, זשמוטן שטרוי, זשמוטן היי זענען געווען צעריסן, צעפּליקט און צעטראָגן איבער דער שטוב. עס האָט זיך שטאַרק געפילט אַ ריח פון זויערע קלייען מיט מייזנ־קויט. אויף די ווענט איז געלעגן אַ גראָבער שיכט מעליקער שטויב. ווו נישט ווו איז דורכגעלאָפן אַ מייזל, אַ שטשור, באַקוקט מיט די ברענענ־דיקע אייגעלעך דעם מאָדנעם גאַסט און אַוועק דערציילן די נייעס די הברים זיינע. שלמהס ליפּן האָבן שטיל געמורמלט:

— דו מעגסט זיך שוין געזעגענען מיט במעלניק, שלמה... אויך די נעסט איז שוין חרוב. גאָרנישט דערמאָנט שוין דאָ נישט אין פּאָלין... און פּאָלי אַליין, די לעבעדיקע פּאָלי, דערמאָנט וויניקער פון אַלעמען אין יענער פּאָלי, וועגן וועלכער דו האָסט אַזוי וואַרעם געטראַכט אין די מקור־מות... אָט איצט, דו שלעפּסט זיך אַרום אויף אירע חורבות און טראַכסט נאָר פון איר, פאַרגעטערסט זי... דו ביסט מתפּלל צו איר אָנדענק און זי דאָרטן שלעפּט זיך אַרום מיט מאַרוסיאַן... איך טראַכט נישט קיין שלעכטס אויף איר. פּאָלי איז זיכער אַן ערלעך מיידל, ווען נישט, וואָלסטו זי דאָך נישט ליב געהאַט, אָבער דאָך...

ער גייט אַרויס פון שאַיעס שטוב אַ דערשלאָגענער ווי פון אַן אבל. ער באַקוקט נאָך אַ מאָל דעם פאַרמעליקטן גאַניק, די פאַרשטויבטע שויבן און לאָזט זיך גיין מיט לאַנגזאַמע טריט אויפן בית־עלמין. ביז נאָר אַ באַ־קאַנטער וועג. ווי לאַנג איז, אַז ער האָט אַהער באַגלייט די באָבע זיינע? ער באַטראַכט דאָס דאָרף: אויך נישטאָ די לעבעדיקייט וואָס אַ מאָל, אָבער עס איז קיין דמיון נישט צום שטעטל, אפילו קיין אָנהייב נישט. אָט אין יענעם שיינעם הויז האָט אַ מאָל געוווינט סטעפּאַן קוזמיטש, אַ בעל־גוף מיט עטלעכע זין און טעכטער. ער האָט געהאַט אפשר צוואַנציק קאַבאַנעס *, צוויי פּאָר פערד, איינע פּאָרן פעלד — אַרבעטספערד, די צווייטע פּאָר, שוין פריצישע, געבאַליעטע, אויף צו פּאָרן ערגעץ אויף גיך, באַפּן אַ גרינג פאַרדינסטל. היינט, קי און שאָף. דער גרעסטער קונה איז ער געווען ביי דער באָבע זעלדע. איצט, זעט שלמה, מאַכט מען אין זיין הויף ציגל... דער פּלויט — אָראָפּגענומען, ציגל וועט קיינער נישט גנבע־נען... און אָט איז דער יאַקימעבעס שטוב. קיין זכר איז פון זיי אַלע נישטאָ! מן הסתם פאַרפוילט געוואָרן אויף סאַכאַלין. און אָט דאָ האָט געוווינט פּיסאַריעוו, יאַנים שותף פון דער צווייטער מיל. און דאָרטן אויפן בערגל האָט געוווינט קסעניאַ די קאָסאָקע. געהאַט גאָלד מיט בריליאַנטן אָן אַ שיעור... עפּעס אַ ווייסער גענעראַל האָט ביי איר איבערגעלאָזט אַן אוצר און זיך שוין מער נישט אומגעקערט. מען האָט זי אויך פאַרנומען מיט אַלע קינדער. שלמה גייט אַרויף אויפן הייליקן אָרט. עפּעס ביי די מתים רודערט זיך אויך... די צאַמען זענען אַרויפגעפּאָרן איינע אויף דער צווייטער. זיי בוצקען זיך, די געשטאָרבענע... קענען נישט אויסקומען

---

* קאַבאַנעס — חזירים.

צווישן זיך... ווייזט אויס, אַז די שטימונג פון דער שטאָט גיט זיך איבער אויך אַהער. ער זוכט אָפּ זיין באָבעס קבר. לעבן איר, צוויי פרישע קברים. דאָס ערשטע — דער מומע זלאַטעס, דאָס צווייטע — לוי נאָטעס. געווען שכנים אויף דעם עולם און זענען שכנים אויך דאָ. אייביקע שכנים... שלמה שטייט און באַטראַכט די פּלאַטשיקע פייכטע בערגלעך. אין קאָפּ איז ליידיק, אין האַרץ איז פּוסט, די נשמה ווייסט נישט, וואָס זי וויל. אַלץ ווייזט אים אַצינד אויס תהו־ובהודיק... ווען מען פרעגט אים אַצינד פון הימל: „דו ווילסט, אַז די באָבע מיט דער מומע זלאַטען זאָלן לעבע־דיק ווערן און גיין מיט דיר אַהיים?", ווייסט ער נישט, וואָס ער וואָלט געענטפערט. אַז גאָרנישט גלוסט זיך אים נישט, קיין זאַך איז אים אַצינד נישט ליב, ער ווייסט נאָר, ער פילט אויס אַ היסטאָרישן חוב. ער ציט אונטער די אונטערשטע שורה פון שטעטל. זאָגט אָפּ דעם לעצטן קדיש... אוים!... ער קען שוין אַוועקפאָרן!... ער לאָזט שוין דאָ גאָרנישט איבער... כמעלניק — עליו־השלום...

ער גייט צוריק פונעם פעלד, אַ ביסל פאַרשעמט. ער האָט געמיינט, ער וועט קומען צו דער באָבע צו גאַסט, וועט ער כאָטש פאַרלירן אַ טרער, זיך געזעגענען. צי די מומע אַ שטייגער... פאַרן טויט אים דערמאָנט... און צום סוף... ערגער פון אַ בעל־עגלה..׳ זיך אויסגעדרייט בואי־בשלום און איז אַוועק אָן אַ זיי־געזונט...

# קאפיטל LXVIII

אין דער היים האָט מען אים שוין געזוכט, איבערגעקערט די שטאָט נאָך אים. די מוטער איז אויף אים אָנגעפאַלן:

— וואָס הייסט, אַ מענטש גייט אַוועק באַגינען און קומט אַהיים פאַר ליכט־בענטשן? אָט דאָס הייסט זיך דורכגעגאַנגען? אַ שיינער דורכגאַנג!.. נעם שוין עפּעס אין מויל אַריין, נעם!... וואָס? איצט הייסט שוין פאַר קידוש? וואָס זשע איז ביי דיר היינט, אַ תענית ווידער? וואָס הייסט גע־געסן אין דער פרי? אַ טעלערל צוגעפרישטע מצה — הייסט געגעסן? מיט דעם לעבט מען אָפּ אַזאַ זומער־טאָג? נו, נו, נאַ דיר אַ פּאַסטעטיש אויף מיין קאָפּ... ערב פסח אַ תענית, ערב־שבת אַ תענית, אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק... פאָלג מיך, נעם עפּעס, כאַטש וואָס עס איז.

שבת־צו־נאַכטס איז ביי זיי געווען די גאַנצע משפחה. מען האָט פאַר־בראַכט, דערמאָנט דאָס פאַרגאַנגענע, גערעדט וועגן קומענדיקן. פאַרן שלאָף האָט שלמה אַרויסבאַקומען די דאָלאַרן פון זיינע ביכער און האָט בעת־מעשה געזאָגט דעם פאָטער, אַז קיינער זאָל נישט הערן:

— אַז גאָט וועט העלפן, איר וועט דאַרפן פאָרן אין אַ גוטן אופן, נעם מיט אַלע, די גאַנצע משפחה.

— וואָס הייסט, איך זאָל זיי מיטנעמען? עס איז עפּעס געפּעס אָדער מעבל, וואָס מען נעמט עס מיט?

— וואָס הייסט מיטנעמען? דו זאָלסט זיי נאָר זאָגן: פאָרט אויף דער ערשטער צייט צו מיר אין שטוב אַריין, ביז איר וועט זיך אָפּזוכן איי־גענע וווינונגען. גלייב מיר, יעדער וועט זיך דאָרט אָפּזוכן זיינס, אייניקע וועל איך קענען איינאָרדענען אין „פּאַנטאָפל״. מיכאל האָט מיר סיי ווי געזאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס ער האַלט שוין אין דער מיט, און אויך פאָרן קיין קיעוו. מנשה האָט אויך געזאָגט, אַז ער וועט אַ טראַכט טון. ס'איז נאָר אויף אומצוברענגען די מיידלעך, דאָס איינזאַלצן זיי דאָ... דאָרט וועט ער מיט זיי קומען צו שידוכים — און אפשר אַליין אויך? און אפילו דיינע טערליצער שוועסטערקינדער וואָלטן אויך דאָרט עפּעס געקענט טון... הכלל, דו ביסט דאָך דער עלטסטער זון, זיי דו דער גואל פון דער משפּחה...

— זע נאָר, ווי ער אַגיטירט מיך, עס האָט אַ פּנים, ווי דו רעדסט מיר איין... זיי זענען דיינע מער ווי מיינע? זאָל שוין פריער זיין די דירה...

— אם ירצה השם, צו גאָט אַ האָפענונג...

אין דער פרי איז צוגעפאָרן ברוך דער בעל־עגלה צו דער שטוב. די אָוועקפאָרנדיקע האָבן פיל און ביטער געוויינט. זיך אַליין נאַרט מען נישט אָפּ. זיי האָבן גוט געוווסט אַז זיי ברענגען אום מיט זייערע אייגענע הענט אַ וואָך אורלויב, נישט דינה דאַרף אין פאַבריק אַריין, נישט די דירה פּאַדערט ביי שלמהן זיך אָפּזאָגן פון זאַמען זיך נאָך אַ וואָך אין דער היים,

אויף װעלכער מען האָט אַזױ אַרױסגעקוקט... נײן, ס'איז פּשוט נישט געװען מעגלעך דאָ מער צו פֿאַרבלײַבן, עס האָט נישט געצױגן... אָט שטײען די עלטערן, די קינדער, אַלע פֿאַרװײנט, אַלע מיט אומבאַגרענעצטער ליבע אין די אױגן, עס איז נאָך מעגלעך אַ געשרײַ טאָן:

— ברוך, פֿאָרט אײך, מיר פֿאָרן נישט... טײַערע מײַנע, עס איז גע־װען אַ ליגן, אַ פֿאַרברעכן, מיר מוזן נישט שױן פֿאָרן! מיר קענען זײַן נאָך אַ װאָך... װײנט נישט, נאָך זיבן טעג! קומט צוריק אין שטוב אַרײַן, איר האָט פֿרישע געסט...

אָבער קײנער האָט קײן װאָרט נישט אַרױסגעבראַכט, נאָר װידער גע־קושט זיך און נאָך אַ מאָל געקושט זיך, אָט מיט דעם, אָט מיט יענעם, און געװײנט און געװײנט אָן אָן אױפֿהער. די מוטער האָט קױם אַרױסגע־בליפּעט:

— קינדערלעך מײַנע טײַערע... שרײַבט דערװײַל... פֿאַרלאָזט זיך נישט אױף קײן חלומות...

— מיר'ן שרײַבן, מיר'ן אָפֿט שרײַבן, װאָס פֿרעגסטו? פֿאַרגעסט איר אײַך נישט צו שרײַבן... אײערע אַ בריװ איז בײַ אונדז דאָס גאַנצע לעבן...

— מיר'ן שרײַבן, מיר'ן שרײַבן, הלװאי איר זאָלט אַזױ שרײַבן...

יונהלע זאָגט שלמהן אױפֿן אױער:

— פֿאַרגעס נישט דעם װעלאָסיפּעד, האָסט צוגעזאָגט...

— כ'װעל געדענקען, כ'װעל געדענקען, אַ װעלאָסיפּעד מיט אַ פֿערדל... כ'װעל געדענקען...

— נײן, נאָר אַ װעלאָסיפּעד, קײן פֿערדל דאַרף איך נישט. װאָס בין איך, אַ קלײנינקער? און שיק עס נישט, קױף נאָר, איך װעל קומען צו דיר אַהינצו...

די פֿור האָט גערירט.

— זײַט געזונט... זײַט געזונט...

— פֿאָרט געזונט און קומט געזונט...

די טײַערע געזיכטער שװימען אָפּ אַלץ װײַטער און װײַטער. שײנדעלע מיט יונהלען לױפֿן נאָך דער פֿור, װילן נישט אָפּשטײן... יונהלע װײַזט שלמהן פֿון װײַטנס, װי מען מאַכט מיט די הענט, מיט די פֿיס — שלמה פֿאַר־שטײט דעם רמז: אַ װעלאָסיפּעד... מען פֿאָרט דורך די לעצטע יידישע גאַס, די אױסגערוטע פֿערדלעך לאָזן זיך אין גאַלאָפּ. פֿון אַ פֿענצטער יאָגט נאָך דער פֿור דאָס באַקאַנטע לידעלע:

За горами, буйный вітер віє,
Там Иван пшениченку сіє.
Сіяв, сіяв, не досіяв корця...

במעלניק װיקלט זיך אײַן, װיקלט זיך אײַן און פֿאַרשװינדט.

*

אין זװעניגאָראָדקע האָבן זײ צען שעה צו װאַרטן און שלמה גײט

אוועק אין רבינס קלויז. מקבל שלום געווען ביים רבין ר׳ וועלוועלען, פרעגט שלמה ביי אים:

— צי וועט דער רבי מיר דערלויבן, אים באַזוכן אין דער היים נאָכן דאַווענען?

— וואָס פרעגט איר, שלמה? מיטן גרעסטן כבוד... איר וועט זיין אַ גאַסט.

דער הייליקער זקן ר׳ וועלוועלע ראַכמעסטריווקער זאָגט יעדן איינציקן „איר", אפילו אַ יונג בחורל.

נאָך די ערשטע געוויינלעכע פראַגעס: „ווען קומט איר אָן"?, „פון וואַנען?", „וואָס הערט זיך דאָרט?" — האָט שלמה זיך אָנגענומען מיט האַרץ און געזאָגט:

— איך וויל בעטן ביים רבין אַ ברכה... איך שטיי אין אַ שידוך...

— טאָקע אַ קיעווער?

— אַ מאָל איז זי געווען אַ היגע, געבוירן אין כמעלניק, היינט איז זי אַ קיעווער...

— אַ פאָטער האָט זי?

— יאָ, אַ פאָטער האָט זי...

— ווי אַזוי רופט מען אים? איך קען אים נישט?

— איך מיין, אַז דער רבי קען אים נישט... יאַני טולטשינסקי רופט מען אים...

— יאַנין קען איך גוט!... דער, וואָס האָט געהאַלטן אין כמעלניק די מיל... פאַר וואָס זאָל איך אים נישט קענען?... איז זיינע אַ טאָכטער, הייסט עס?

— יאָ, זיין עלטסטע טאָכטער...

— נאָך עפּעס אַ יידישע טאָכטער?

— איך קען דאָס אויף איר נישט זאָגן...

— ווי אַזוי זשע?

— רבי, וואָס זאָל איך טון? חשקה נפשי...

— און דאָס איז גענוג?

— דאָס איז אודאי נישט גענוג.. אָבער וואָס קען איך העלפן?... עזה כמות... דער אייבערשטער דאַרף מיר העלפן... איך שטעל איין מיין נשמה...

די טיף־אַראָפּגעלאָזטע ברעמען הייבן זיך אויף, זיי זענען גרוי־ווייס ווי שיינע טייבעלעך און צעשויבערט ווי אַ לולב אין הושענה־רבא. דער רבי קוקט לאַנג אויפן בלייכן בחורל, רעכנט עפּעס פאַר זיך בלחש און זיי־נע ליפּן באַוועגן זיך... דאַן לאָזט ער ווידער אַראָפּ זיינע לולבים און פרעגט שוין ווייכער:

— הייסט עס, אַזאַ יפהפיה איז זי?...

— אַן אויסערגעוויינלעכע...

— יאָ, אָבער עס איז דען נישט מעגלעך צו געפינען טאָקע דאָס זעל־

בע און זי זאָל נאָך זיין אַ שטיקל יידיש קינד אויך?... זי איז דאָך נישט איינע ביי גאָט...

— רבי, עס האָט מיר פאַרשטעלט די ראיה... אַלע מיינע חושים דינען נאָר איר איינער, אָט איז דאָ ביי מנשה דעם רב פון כמעלניק אַ שוועס־טערל, איז זי מיט אַלע מעלות, באמת אַ מושלמת... הן בגשמיות, הן ברוחניות... וואָס זשע קומט אַרוים? אַז עס איז אויף מיר געזאָגט גע־וואָרן: עינים להם ולא יראו...

— חס ושלום, אַזוי טאָר מען נישט זאָגן!... אייער הייליקער זיידע וועט אייך נישט לאָזן גיין אין שאָדן... נו, און ווי אַזוי איז מיט איר? זי איז מרוצה אויפן שידוך?

— אין יענע מקומות רעדט זיך נישט אַזוי פּראָסט פון דער זאַך... זי אַרבעט, איך אַרבעט, מען זעט זיך... ווי אַזוי די זאַך וועט אויסגעפּיקט ווערן, האָב איך אפילו קיין השגה נישט... דערצו בין איך אַן אָרעמאַן, דאָס איז אויך אַ קליינע מעלה צו אַ שידוך... זי וואָלט גאָר געהאַט אַ השגה אויף אַ געענדיקטן...

— נו, און יאַני וואָס זאָגט? ער איז דאַכט זיך יאָ אַן ערלעכער...

— ער איז זייער אַן ערלעכער... און וויל שטאַרק דעם שידוך, ער צאַפּלט אַזש...

— נו, שלמה, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? עפּעס פיל איך נישט, אַז עס זאָל זיין אייער זיווג... דאָס האַרץ זאָגט מיר נישט... נאָר וואָס דען, איר זאָגט דאָך, אַז עס איז ביי אייך לית ברירה, זאָל גאָט העלפן, אַז אויב עס איז מן השמים, זאָל עס גרינג צוגיין... איר זאָלט קיין צער נישט האָבן... פון מיר האָט איר געהערט, וואָס איך קלער צו טון?

— ניין, רבי, איך האָב נישט געהערט, קיינער האָט מיר נישט דער־ציילט...

— עס ווייסט נאָך נישט יעדער אויך... אייער רבי שמעיה ווייסט גראָד יאָ... האָב איך געמיינט, אפשר האָט ער אייך דערציילט?...

— איך בין נאָך ביי מיין רבין שמעיהן נישט געווען, ערשט פון דאַנען האָב איך גערעכנט צוגיין צו אים... וואָס זשע קלערט דער רבי אַזעלכעס צו טון?

— נישט איך קלער, נאָר עס זענען שוין באַלד פאַרטיק די פּאַפּירן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל...

— אוי, געלויבט דער אייבערשטער! איך האָב מורא, אַז איך בין עובר אויף „לא תחמוד”...

— אויף אַזאַ זאַך איז נישקשה עובר זיין...

— אַך, ווען דער רבי ווייסט, ווי איך צאַנק אַלע מיינע יאָרן פון בענ־קעניש קיין ארץ־ישראל...

— אָבער איצט איז דאָך שוין נישט שייך...

שלמה, טויט־דערשראָקן:

— פאַר וואָס איז איצט נישט שייך?

— „זי״ וועט דען וועלן פאָרן אהין? וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט זי דערינען?

— אויב זי וועט האָבן אַן אינטערעס אין מיר, וועט זי אויך האָבן אַן אינטערעס אין ארץ־ישראל...

די צעצווייגטע ברעמען לאָזן דורך צוויי שאַרפע בליציקע בליקן:

— און ווען עס קומט אייך אויס, אויסצוקלייבן איינס פון דיביידע?

שלמה ווערט אַזש פאַרציטערט... ווי קומט עס, וואָס דער הייליקער רבי שטעלט אים די זעלבע פראַגע וואָס פאָלי? וואָס האָבן זיי זיך גענו־מען אויף זיינע יונגע יאָרן?... ער גייט צו צום פענצטער, טוליעט צו דעם שטערן צו דער שויב, די שויב איז ווי אייז... ער גייט צו צוריק צום טיש:

— דער אייבערשטער איז אַ רואה ללבב... ער וועט מיך נישט ברענ־גען צו אַזאַ ביטערן נסיון... דאָס איז דאָס האַרץ און דאָס איז די נשמה. וועלכעס פון די צוויי מען זאָל נישט צונעמען, איז דאָס לעבן קיין לעבן נישט...

— גיט מיר יאַנים אַדרעס...

— צו וואָס דאַרף אים דער רבי?

— איך וויל אים אָנשרייבן עטלעכע ווערטער, נישט מיט אייך... דורך דער פּאָסט...

— אפשר דאַרף מען נישט? זי איז נישט שייך צו קיין רבישע בריוו...

— איך פרעג דאָך ביי אייך קיין עצה נישט... שרייבט אָן!...

שלמה האָט אָנגעשריבן דעם אַדרעס, אַוועקגעלייגט פאַרן רבין און געפרעגט:

— אַז דער רבי וועט אם ירצה השם קומען אהין בשלום און איך וועל ביי אים בעטן אַ „פאָדערונג״, קען איך יאָ האָפן?...

— איר זענט, דאַכט זיך, אַ קלוגער, אַ קלוגער — און פאָרט אַ נאַר... וואָס פרעגט איר ערשט? ווער איז נאָך בילעכער פון אייך? דער עיקר, זייט נישט אַזוי געפאַלן ביי זיך, גאָט וועט העלפן... טאָמער איז דאָס נאָר יסורים, איז דאָך יסורים ממרקין...

דער רבי האָט אים נאָך אַ מאָל אָנגעווינטשעוועט, אים פאָטערלעך גע־זעגנט און שלמה איז פון אים אַוועקגעגאַנגען גלייך צום רבין שמעיהן.

# קאפיטל LXIX

דורכן אָפענעם פענצטער האָט שלמה פריי געקענט באַטראַכטן זיין רבין אומבאַמערקט. יענער איז געזעסן אין טלית־קטן ביים טיש און גע־בלעטערט אַ ספר... עס איז אים שווער געווען צו געפינען, מיט וואָס אָט דער זקן הייבט ערשט אָן צו ווערן אַ יונגערמאַן. שלמה האָט געזען פאַר זיך אַ צעבראָכענעם שאַרבן, אַ חרובע געביידע. די ביינדלעך אויף די הענט האָט מען געקענט פריי איבערציילן, די קניען זענען געווען שאַרפע, סקעלעטישע און האָבן געציטערט. די האָר פונעם קאָפּ זענען זיך ערגעץ צעלאָפן. די טרערנדיקע קאַליע אייגעלעך זענען געווען איינגעפאַסט אין ברוין־בלויע רייפלעך, די באָרד פאַרפלאָנטערט, פאַרדרייט און עפּעס קיי־לעכדיק ווי אַ שופר און מיט אַ שפּיץ. איין אַקסל העכער פונעם צווייטן און ביידע העכער פונעם קאָפּ. אָט דאָס איז זיין רבי? נאָר אָט איז זיין חנה אריינגעגאַנגען אין צימער: יאָ, דאָס איז זיין רבי!... דאָס איז: דאָס, וואָס עס איז געבליבן פון זיין רבין, פון דעם מלמד פון גאַנץ זוועניגאָראָדקע און פון פיל אַרומיקע שטעטלעך. שלמה גייט אריין אין שטוב און שטרעקט אויס די האַנט:

— שלום־עליכם, רבי, איר דערקענט מיך?

דער אַלטער האָט געוואָלט נעמען די ברילן פון טיש, נאָר ער האָט דער־קענט שלמהן אָן די ברילן. נישט אַרויסברענגענדיק קיין איין וואָרט האָט ער אָנגענומען שלמהס קאָפּ מיט ביידע ציטערנדיקע הענט און אויף לאַנג זיך איינגעזויגן מיט די איבערגעטריקנטע ליפּן אין זיין שטערן:

— שלמהן נישט דערקענען? שלום־עליכם, עליכם שלום... וואָס זשע מאַכסטו גוטס?...

— דאַנקען גאָט פאַרן געזונט... און ווי פילט איר אייך, רבי?

— ווי דאַרף איך זיך פילן? אַזוי ווי אַן אַלטער ייד... ס'איז טאָג גע־וואָרן? דאַנקען גאָט! ס'איז נאַכט געוואָרן — ווידער דאַנקען גאָט!... געשענקטע טעג... זאָג מיר, דו ביסט עפּעס נישט געזונט? ביסט עפּעס שטאַרק אַראָפּ פונעם פּנים?...

— ניין, עס דאַכט זיך אייך. איך פאָר פון דער היים, געווען ביי די עלטערן אויף יום־טוב...

— איך ווייס דאָך, דו האָסט דאָך מיר געשריבן. וואָס זשע מאַכן עפּעס די עלטערן? די קינדער? דער זיידע? מנשה דער רב?

— דאַנקען גאָט פאַרן געזונט, נאָר זיי מאַטערן זיך שטאַרק. איך האָף זיי אַרויסצונעמען אין גיכן קיין קיעוו צו זיך...

— זייער גלייך טוסטו, זייער גלייך טוסטו... שלמה, טיי וועסטו טרינ־קען? וועל איך הייסן מאַכן. פונעם וועג גלוסט זיך אַ גלעזל וואַרעמס...

— רבי, באַאומרואיקט זיך נישט, גאָרנישט גלוסט זיך מיר נישט, נאָר מיט אייך אַ ביסל אַ שמועס טון...

— זייער גלייך טוסטו... שוין צייט זיך צונויפקומען מיט עלטערן...

יעקב אבינו איז נענש געוואָרן דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרפעלט צו באַדינען זייַנע עלטערן... כאָטש ער איז אויך געווען אַ לייטישער זון... און גלאַט אַ ייִנגל אין דייַנע יאָרן דאַרף שוין האָבן אַ טאַטן לעבן זיך... טאָמער אַ שידוך, וכדומה, כ׳ווייס? צי דו האָסט שוין עמעצן?

— אי יאָ, אי ניין...

— וואָס הייסט: „אי יאָ, אי ניין”?

— איך וויל אַ מיידל, צי זי וויל מיך, איז נאָך אַ גרויסע פראַגע...

— אַזאַ ייִנגל ווי דו, נישט וועלן? ווו איז היינט שוין דאָ שענערס?

— דאָס וואָס בייַ אייך הייסט שיין, הייסט דאָרטן גראָד מיאוס...

— ווו הייסט דאָרטן? זי שטאַמט דען פון קאָמוניסטן?

— זי שטאַמט דוקא נישט פון קאָמוניסטן... דעם זיידן אירן האָט איר געדאַרפט קענען... דעם אַלטן מאָנישן, מאָניש טולטשינסקי...

— אַ שאלה ערשט, צי איך האָב געקענט דעם אַלטן מאָנישן? אַז איך בין געקומען פון פּאָקוטילאָוו קיין זוועניגאָראָדקע, איז ער שוין געווען אַ חתן־בחור, אַ גביריש קינד און איז געשטאַנען אין גרויסע שידו־כים... כ׳ווייס? דערציילסט מיר — מאָניש?... נו, נו... איז וואָס פאַר אַ מחותן אַהער מאָניש?...

— מאָניש האָט געהאַט אַ זון יאַני...

— וואָס איז, איך קען נישט יאַנין? עפּעס רעדסטו מיט מיר טער־קיש... דו ביסט אַ זוועניגאָראָדקער און איך נישט?

— איז דעם יאַנים אַ מיידל...

— אַזוי גאָר? פּאַ־פּאַ־פּי... מ־נו... איך האָב גערעכנט, אַז דו וועסט נעמען עפּעס אַ מיוחסת... אַ גוט יידיש איינִיקל...

— מילא, דעם יחוס בין איך אייך שוין מוחל, ס׳איז דאָ ערגערס פון יחוס...

— וואָס זשע נאָך?...

— זי איז אַ פרייע, ביז גאָר אַ פרייע... גלייך מיט אַלע סאָוויעטישע מיידלעך...

— איך פאַרשטיי נישט... ווער זשע צווינגט דיך דען?

— וואָס אַרט אייך... עס איז שוין דאָ אַזעלכער, וואָס צווינגט מיך... דער שאור שבעיסה...

— אָט דאָס איז גאָר? ווייסטו נישט, וואָס מען טוט? האָסט נישט גע־הערט, ווי מען זינגט נאָך פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער זכרונו לברכה: „רבונו של עולם... און טאָמער וועט „ער” נאָך פאַרט כאַרכלען... זאָלסטו צונויפנעמען אַלע שמות, וואָס אַ ייד געפינט אַ מאָל אין גאַס, גיט זיי אַ קוש און שטופּט זיי אַרונטער אונטער אַ סטריכע, זאָלסט פון זיי מאַכן אַ קנויל און אים פאַרשטופּן דאָס מויל” — האָסט נישט געהערט דאָס לידל? יאָ געהערט? נו טוט מען אויך אַזוי... אַ פליק אין די ציין — און פאַרשטופּט דאָס מויל...

— רבי, עס שטופּט זיך נישט...

— וואָס זשע, זי האָט דיר עפּעס אָפּגעטון אַ כשוף?
— איך ווייס, אַ כשוף צי נישט קיין כשוף? זי געפעלט מיר, דאָס ווייס איך...
— נו, און אַז עס געפעלט, איז וואָס?
— זי געפעלט מיר שטאַרק, איך האָב פאַרלוירן די בחירה...
— נו, און „ולא תתורו", אַ לאו מדאורייתא?...
— עס העלפן נישט, רבי, קיינע דרשות, איך בין ווייט פאַרקראָכן...
— וואָס זשע, זי וויל דיך נישט אָפּלאָזן בשום אופן, האַ?
— דערוויילּ וויל זי מיך נישט נעמען...
— הערסט אַ מעשה!... איז דאָך ווידער גוט...
— וואָס זשע איז דאָס גוטסקייט? איך קען אָן איר נישט לעבן, איך בין מסכים צו וואַרטן אויף איר ביזן גרויען צאָפּ...
— שאַ, פון וואַנען ווייסטו? אפשר איז זי גאָר פונקט דיין זיווג? עס טרעפן אַזוינע פּאַסירונגען... דו ביסט נישט דער ערשטער...
— ווער זאָגט דען, אַז ניין? איך האָף אויך אַזוי...
— מען דאַרף, מען דאַרף האָפן, גאָט איז אַ פאָטער... און פאַר וואָס, זאָגסטו, וויל זי נאָך נישט?
— פאַר וואָס זאָל זי יאָ וועלן? איך בין דאָך נישט קיין כלעסט. איר זאָלט מיך געוועזן אויסלערנען זיין אַ כלעסט, וואָלט זי מיך גיכער גענומען... אַזעלכע ווי איך זענען היינט נישט אין דער מאָדע...
— פאָלג מיך, שפּיי זיך אויס אויף אַלע מאָדעס... אַז עס וועט קומען דער רעכטער קונה, וועט ער נאָך גוט באַצאָלן אויך... מען האָט שוין געזען אַזעלכע מעשות... ווי געפעלט דיר פון ר׳ וועלוועלען? ער פאָרט דאָך קיין ארץ־ישראל...
— יאָ, ער האָט מיר דערציילט, איך גיי איצט פון אים...
— אַזוי, אַזוי... צעקריכט זיך דער עלטערער דור... ווער — אַראָפּ, ווער — אַרויף, איך איינער שטיי אויף איין אָרט... נישט אַהער, נישט אַהין... איך בין מיט פּופּצן יאָר עלטער פונעם רבין און פאַרנעם נאָך אַ בעטל... מי־נו, מי בא בסוד אלוה? ווער ווייסט, אויף וואָס ער דאַרף מיך אויף דעם עולם? — זאָג נאָר, ווי אַזוי געפינסטו מיך? איך האָב זיך עפּעס שטאַרק געענדערט פאַרן לעצטן יאָר?
— ניין, פאַרקערט... איר זעט זייער שיין אויס, אַזוי ווי צוריק מיט צען יאָר...
— רעד מיר איין, רעד מיר איין... הייסט עס, אַליין פיל איך נישט?
— רבי, איך זאָג אייך ערנסט...
— יאָ, יאָ, ערנסט... דו מיינסט, ווען דו זאָגסט מיר דעם אמת, וואָלט איך זיך דערפון גענומען צום הארצן? אוי, נאַרעלע, נאַרעלע... עס מוז דאָך אַ מאָל קומען צו אַ ברעג, אַ מענטש איז דאָך נאָר אַ מענטש...
דער אַלטער פאַרטראַכט זיך, פאַרגעסט אין שלמהן און אין דעם, וואָס דאָ האָט זיך גערעדט. זיין שטערן רונצלט זיך, די אויערן ציען זיך אויס,

עס איז קענטיק, אַז דער אַלטער הערט זיך איין אין אַ ווייטן, נישט ער־דישן קול. מיט אַ מאָל וואַכט ער אויף, טוט אָן די ברילן, באַקוקט שלמהן פון קאָפּ ביז די פיס, פון אונטן אַרויף, פון אויבן אַראָפּ און זאָגט וואָגיק:

— הער נאָר, שלמה, אַז איך בין דיינער אַ רבי, ווייסטו?

— איך פאַרגעס דאָס קיין מאָל נישט...

— און אַז אַ רבין דאַרף מען פאָלגן אַזוי ווי אַ פאָטער, דאָס ווייסטו אויך?

— דאָס ווייס איך אויך...

— אַז דו ווייסט, איז גוט... איצט, הער מיט קאָפּ... איך בין אויף דיר גוזר מיט אַלע חומרות, אַז דו זאָלסט מיר מער גאָרנישט שיקן... גענוג, יוצא!... איך זע אויף דיין פּנים, אַז דו לעבסט נישט אין ווילטאָג... און גלאַט, וויפל איז דער שיעור? וויפל יאָרן קען מען אויסהאַלטן אַ מלמד?

— רבי, על־פּי־דין בין איך נישט מחויב אייך צו פאָלגן...

— ווו איז דאָס דאָ אַזאַ דין?

— דברי הרב, ודברי התלמיד, דברי מי שומעין?... איר הייסט נישט שיקן און דער אייבערשטער הייסט יאָ שיקן, וועמען זאָל איך פאָלגן, זאָגט אַליין...

— ווען האָט עס דיר דער אייבערשטער געהייסן?

— די תורה הייסט נישט זיין קיין כפוי טובה... מיט מיר אין קיעוו האָבן מענטשן טרחה, מען העלפט מיר, מען זאָרגט פאַר מיר, וואָס איז? ווייל איך בין נישט קיין עם־הארץ... היינט, אַז אַלץ, וואָס איך קען, האָב איך פון אייך געלערנט, הענגט דאָך אויף מיר אַ גוואַלדיקער חוב... נאָר וואָס קען איך טון? אַז איך פאַרמאָג נישט קיין גרעסערע זאַכן, זאָל איך דערפאַר נישט צאָלן, אפילו דאָס ביסל, וואָס איך קען יאָ אויספירן?... און גלאַט וואָס קענט איר אַזוי נישט פאַרליידן, אויב אַ ייד האָט זיך אַ קליין תאוהלע?...

שלמה איז נאָך געזעסן אַ ביסל, געשמועסט מיט דער טאָכטער, מיטן אייניקל און האָט זיך אויפגעהויבן. דער רבי שמעיה האָט זיך אויך אויפגעשטעלט:

— דו גייסט שוין? עס קען זיין, דו זאָלסט נאָך אַ מאָל דאָ זיין?

— לעת עתה זע איך נישט פאַר... און ווידער: וואָס קען אַ מענטש וויסן, ווו ער וועט זיין, און ווו — נישט?

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי... נו, היינט געזעגענען מיר זיך שוין ביז... ביז... ביז...

— רבי, נאָך וואָס רעדט איר אַזוי?

— וואָס לערנסטו מיך? ביז תחיית המתים...

—רבי, מיר וועלן נאָך פאָרן צוזאַמען קיין ארץ־ישראל!...

— גיי, דו שוטה, כ'האָב פיינט, אַז מען רעדט נאַרישקייטן... דו פאָרסט? פאָר געזונט! איך וועל מסתמא אויך פאָרן אין גיכן... נאָר אַ צווייטע נסיעה... גאָט זאָל דיר געבן הצלחה אין אַלע ענינים און אין

יענעם ענין אויך... אפשר וועסטו זיך נאָך גאָר באַטראַכטן... דו מיינסט, אַז אַ מענטש ווייסט שוין, וואָס ער וויל? היינט וויל ער דאָס, מאָרגן וויל ער יענץ... פּאָר, פּאָר, און אַז דו וועסט שוין זיין אַן אַלטער ייד, זאָלסטו זיך אַ מאָל דערמאָנען אין דיין רבין שמעיהן... ווייל חוץ דיר, וועט עס קיינער נישט טון... מסתמא וועלן דיר די קינדער מודיע זיין... אויב דו וועסט קענען אָפּרייסן אַ מאָל אַ פרייע שעה, לערן אַ מאָל אָפּ אַ פּרק משניות... קיין זון האָב איך נישט... און חוהלעס באַשערטער וועט מן הסתם נישט וויסן, וואָס הייסט אַזוינס „משניות"...

שפּעט אין אָוונט זענען זיי אָפּגעפאָרן פון יערקע. עס האָט זיך געזיפּט אַ פרילינגדיק קאַטאָוועס-רעגנדל. די רעדער האָבן ריטמיש געקלאַפּט, די נאַסע סלופּעס האָבן אונטערטאַנצנדיק זיך געאיילט אויף צוריק. שלמה מיט דינהן זענען געשטאַנען אויפן גאַניקל, דער ווינט האָט פאַרשמיסן דעם רעגן אין פּנים, די בופערס האָבן זיך היימיש געבוצקעט, די שטאָלענע טאַצן האָבן שלעפעריק געזונגען אַ באַקאַנט נגונדל... שלמה האָט מעכאַ־ניש נאָכגעזונגען, צוגעהאָלפן די טאַצן און זיך געכאַפּט דערויף, אַז ער זינגט דעם ניגון פון:

За горами буйный вітер віе...

פון דער נאַכט זענען אַרויסגעשפּרונגען באַקאַנטע, פון קינדווייז אָן באַליבטע סטאַנציעס און האַלב-סטאַנציעס: שפּאָלע, צוויטקאָוו, מיראָ־נאָווקע, וואָראָנצאָווקאַ-גאָראָדישטשע, קאָרסון, בעלאַ-צערקווע, פאַסטאָוו!...

שלמה קען דעם וועג אַזוי ווי זיינע צען פינגער... נאָר קיין מאָל האָט ער נישט געקוקט אויף די ערטער מיט אַזאַ צאַרטקייט ווי איצינד... ער פילט, אַז מער וועט ער שוין מיט דעם וועג קיין מאָל נישט פאָרן... אויס כמעלניק! געשטאָרבן די אַלטע היים און אַ נייע דאַרף מען ערשט אויפ־בויען... צי וועט די נייע פאַרבייטן די אַלטע? צי וועט זי נישט פאַרראַטן, אַזוי ווי עס האָט מיאוס פאַרראַטן די אַלטע?...

דאָרט וווּ עס קושט זיך דער הימל מיט דער ערד, האָט שאַריעט אויף טאָג. דער פלאַכער האָריזאָנט האָט אין זיין שוים אויסבאַהאַלטן אַ סוד: דעם סאַמע גרעסטן סוד פון דער בריאה — דעם סוד פונעם „קומענדיקן טאָג". די פיל-אויגיקע סאַפּענדיקע חיה האָט געשלונגען די ערד. די אומ־ענדלעכע צעאַקערטע פעלדער זענען אין שרעק אַנטלאָפן אויף צוריק, צוריק אין די אַלטע היימען, אין די — אין האַרצן איינגעבאַקענע — זוועניגאָראָדקעס, כמעלניקס...

און די אויסגעליידיקטע כמעלניקס האָבן נישט מקבל-נחמה געווען, זיי האָבן אין דער שטיל קינות געזאָגט:

— בני יצאוני... הייתי שוממה מאין יושב...

ע נ ד ע פ ו ן צ ו ו י י ט ן ב א נ ד.

# אויסטייטשונגען פון נישט פאָפּולערע העברעאיזמען און אַנדערע אָנווייזונגען.

## קאַפּיטל .I

גזע — אָפּשטאָם.
„מזונות" — אַ ברכה, וואָס מען מאַכט אויף אַלע מינים געבעקסן חוץ אויף ברויט.
דין אלמנות — נעמט אויף זיך אַליין די ראָל פון אַ ריכטער, ווען עס האַנדלט זיך אין פאַרטיידיקן אַן אלמנה.
אבי יתומים — ער פאַרבייט יתומים דעם פאַרשטאָרבענעם פאָטער.
אשמדאי — דער קעניג פון די שדים.
מצרית — אַן עגיפּטישע פרוי.
אבישג השונמית — א תנ"כישער נאָמען. אַ קעפּס-ווייב ביי דוד המלך און נאָך דעם ביי שלמה המלך. אַ באַרימטע שיינהייט.
חוכא וטלולא — אַ גרויס געלעכטער.
הרי חושך — לעגענדאַרע פינצטערע בערג, וועלכע עס האָט נאָך קיינער נישט אַריבערגעטראָטן.

## קאַפּיטל .II

צמאה נפשי וגו'. — „מיין נשמה איז דאָרשטיק נאָך גאָט, צו לעבעדיקן גאָט, ווען וועל איך שוין קומען און זיך זען מיט גאָט". אַ פּסוק פון תהילים.
חיונה — פרנסה.
גסיסה — אַגאָניע.
רוח־הקודש — דער הייליקער גייסט.

## קאַפּיטל .III

קרקפתא דלא מנח תפילין — אַ קאָפּ וואָס האָט קיין תפילין נישט געלייגט.
חוש־הריח — אַן אינסטינקט צום דערשמעקן.
לילית — די קעניגין פון די שעדכעס.

## קאַפּיטל .V

„יעלות" — פּיוט פון יום-כפור אויף דער נאַכט. געמיינט: מאַכן גרויסע קונצן.
שקיעת החמה — זונען-פאַרגאַנג.
יציאת־הכוכבים — שטערן-אַרויסגאַנג.
היד ד' תקצר? — ביי גאָט איז דען שייך אוממעגלעך?
אשר קדשנו במצותיו וגו'. — די ברכה פון תפילין-לייגן.

## קאַפּיטל .VI

תיכף ומיד — באַלד, גלייך.
היות — אַזוי ווי.
מקורבים — אייגענע מענטשן, פריינט.
רחבות בגשמיות וברוחניות — ברייטקייט אין מאַטעריעלן זינען און אין גייסטיקן.
ראיה — דאָס זען.

## קאַפּיטל .VIII

„אביי ורבא" — געמיינט אין אַלגעמיין: לערנען גמרא.
צני מלא ספרא — אַ קאַסטן פול מיט ספרים, געמיינט: אַ למדן.
רמב"ם — אַ ספר פון רבינו משה בן מימון.
גואל־צדק — געמיינט: משיח.
זמן חרותינו — פסח.
חג האביב — פרילינגס-יום-טוב. געמיינט: פסח.
יושב־אהל — אַ שטוב-זיצער.

„כלומר", „ודוק", „איפכא מסתברא" — גמרא-ניואַנסן.

## קאַפּיטל IX.

דוד און יהונתן — דוד המלך און שאול המלך'ס זון. לויט דעם תנ"ך איז צווישן זיי געווען אַן אידעאַלע ליבע.
רחמנא ליצלן — זאָל גאָט אָפּהיטן!
עני מדוכה — אַ צעקלאַפּטער אָרעמאַן. אַ קבצן, אַ דלפן.
אבן טוב — אַ טייערער שטיין, אַ בריליאַנט.
„קב הישר", „שבט מוסר" — מוסר-ספרים אויך פאַר פרויען.
כבוד הבריות — מענטשן-ערע.
לא יצלח — טויג אויף גאָרנישט.
אוצר בלום — אַ פאַרשלאָסענער אוצר.
ארבים יום קודם יצירת הולד — פערציק טאָג פאַר דעם מענטשנס געבוירן ווערט אין הימל אויסגערופן, וועמען דער מענטש דאַרף נעמען אַלס אַ פּאָר פאַר זיך.

## קאַפּיטל X.

ברוך שפטרני — דאַנקען גאָט, וואָס איך בין פּטור געוואָרן. אַ ברכה, וואָס דער פאָטער מאַכט ביי זיין זונס בר-מצוה.
ארץ זבת חלב ודבש — אַ לאַנד, ווו עס רינט מילך און האָניק.
יין המשומר — ווייַן, וועלכן צדיקים וועלן לויט דער מסורה טרינקען נאָך משיח'ס קומען.
בולמוס התפילה — דער קראַמף פון דאַווענען. דער עקסטאַז, דער הייליקער פלאַם.
גלוי־שכינה — אַז גאָט זאָל זיך אַנטפּלעקן, באַקומען רוח-הקודש.
הילל הנשיא, ר' יוחנן, ר' עקיבא — נעמען פון די אָנגעזעענסטע תנאים.
ר' יהודא הלוי — אַ באַוווסטער יידישער משורר פון דער מיטלאַלטער. געווען פינאַנץ-מיניסטער ביים שפּאַנישן קעניג און אויף דער עלטער, פאַר גרויס ליבע צו ציון, האָט ער איבערגעלאָזט זיין פּאָסטן און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ-ישראל. לויט דער מסורה איז ער אומגעקומען דורך די אַראַבער באַלד ביים אָנקומען אין לאַנד. לויט געוויסע מקורות איז ר' יהודה הלוי געווען דער שווער פון ר' אברהם אבן-עזרא.
האר"י ז"ל — ר' יצחק לוריא, אַ גרויסער צדיק. איינער פון די גרינדער פון חסידות. געלעבט און נסתלק געוואָרן אין צפת אַן ערך פון אַ פיר הונדערט יאָר צוריק.
אור־החיים — ר' חיים כ' עטר. אַ גרויסער מקובל, אַ באַוווסטער פרשן אויף תורה.
שלהבת־יה — געטלעכער פלאַם.

## קאַפּיטל XII.

אלוקות — געטלעכקייט.
לא יאומן כי יסופר — נישט צו גלייבן, ווען עס וועט דערציילט ווערן.
חוץ מדרך הטבע — אומנאַטירלעך, אויסערגעוויינלעך.
הבה נתחכמה — קומט, לאָמיר באַקלערן אַן עצה.

## קאַפּיטל XIII.

מר־בר־רב־אשי — אַ נאָמען פון אַ תנאי. געמיינט: אַ גאַנצער יחסן ביי זיך.
לית מאן דפליג — געמיינט: עס קען גאָר קיין אַנדער מיינונג דערביי נישט זיין.
שבת־שבתון — הייליקער פון הייליק, רואיקער פון רואיק.
אשרי יושבי ביתך — אַ תפילה, וואָס מען זאָגט ביי מנחה.
„שלש עשרה מדות" — אַזוי רופט מען די ערב יום-כפורדיקע סליחות.
מדת הרחמים או"וו. בעד עמך או"וו. תמכתי יתדותי או"וו. — ווערטער פון סליחותדיקע תפילות.
תמכתי — „כ'האָב מיך אָנגעשפּאַרט, פאַרלאָזט".
זען בחוש — בעשיינפערלעך, דייטלעך.
בורא־עולם — דער באַשעפער, גאָט.

## קאַפּיטל XIV.

מרמז געווען — אָנגעוווּנקען.
דורם זיין — דורכשטעכן, צערייסן אויף שטיקער.
מושלם בכל המעלות — אַ פּאַרפאָלקומטער אין אַלע הינזיכטן.
מזג־טוב — אַ גוטער כאַראַקטער.
כרחוק מזרח ממערב — ווי עס איז ווייט פון מזרח ביז מערב.
יראת־הכבוד — ערפורכט, מורא אויס אַכטונג.
אַ דמיון — אַ האַלוצינאַציע.

## קאַפּיטל XV.

משיג־גבולניק — אַזעלכער, וואָס שטערט דעם צווייטן אין דער פּרנסה.
ערב שבת עם חשכה — פּריוואַט פאַר ליכט־צינדן.
איכה תרעה, הסתיו עבר אא"וו. — פּסוקים פון שיר־השירים.
עתיק־יומין — גאָט.
שבת היא מלזעוק — שבת טאָר מען ניט קלאָגן.
הודו — אַ קאַפּיטל תהילים, וואָס מען זאָגט פריוויטיק פאַר נאַכט.
אוירא דארץ־ישראל — ארץ־ישראל־לופט.
„לכו־נרננה" — פריוויטיק־צו־נאַכטיקע תפילה.

## קאַפּיטל XVI.

בשעת חדוה — געמיינט: אין גרויסן רעש.

## קאַפּיטל XVII.

אברהם גייגער — אַ יידישער ליטעראַטאָר און פילאָזאָף פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.
שליט"א — שיחיה לחיים טובים ארוכים: ער זאָל לעבן אויף לאַנגע גוטע יאָרן. אַן אָנגענומענער ווונטש אין העברעאיש.
הרהור־תשובה — אַ חרטה־געדאַנק אויף די זינד.
קול ד' שובר ארזים — „גאָטס שטימע ברעכט טענענביימער". פון תהילים.
עיר־מקלט — אַ שטאָט, וווהין אַ רוצח פלעגט אַנטלויפן זיך אויסבאַהאַלטן פון נקמה־נעמער. פון חומש.
שה פזורה ישראל — דאָס יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ סטאַדע צעזייטע שאָף. אַ פּסוק אין ירמיהו, קאַפּיטל נ'.
שברנא ליה בשבין — „מיר האָבן געהאַפּט צו אים אין געפענגעניש". פון „אקדמות".
ימיש חושך — אַזאַ געדיכטע פינצטערניש, אַז מען קען זי אָנטאַפּן.
תרעומות — פאַראיבל האָבן.
סבלונות — געדולד, אויסגעהאַלטנקייט.

## קאַפּיטל XVIII.

פשוטו כמשמעו — פּראָסט פּשוט.
השגחה פרטית — די אויפזיכט פון הימל אויף יעדן איינציקן באַזונדער.
שערי דמעות לא ננעלו — „די טויערן פון טרערן זענען קיין מאָל נישט פאַרשלאָסן געוואָרן". פון דער גמרא.
עגמת־נפש — צער, יסורים.

## קאַפּיטל XIX.

אין יוצא ואין בא — קיינער גייט נישט אַרויס און קיינער קומט נישט.
מלאך המושיע — אַן אַרויסהעלפנדיקער מלאך.
לכל הפחות — אָם ווייניקסטנס.
תשועת ד' כהרף עין — גאָטס הילף קומט אויגנבליקלעך.

## קאַפּיטל XX.

נבהל ונשתומם — העכסט פאַרוווּנדערט.
השפעה — איינפלוס.
אור פנימי — אינערלעכע ליכטיקייט.
„וצדקתך" — געמיינט: פרום נאָר לפנים.

היזק גמור — זיכערער שאָדן.

## קאַפּיטל XXI.

מרא דחושבנא — דער האַר פון אַלע מינים חשבונות.
מאד עמקו מחשבותיך — זייער טיף זענען דיינע געדאַנקען.

## קאַפּיטל XXII.

„ויצעקו" — אַ גוואַלד.

## קאַפּיטל XXIII.

שלא עשני גוי — אַ ברכה, וואָס מען מאַכט אַלע פרימאָרגן דערויף, וואָס מען איז געבוירן געוואָרן אַ ייד.
שמן־זיתדיקע צדקנית — חוזק־ווערטער. געמיינט: מער צדקנית ווי מען דאַרף.
מנה יפה — אַ היפּשע סומע.
צדק לפניו יהלך — פאָרויס דאַרף גיין די צדקה.
תינוק שנשבה לבין הגוים — אַ קינד, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן און אָפּגע־פירט געוואָרן צווישן גוים.
כפתור ופרח — געמיינט: אויסגעצייכנט גוט.
אומר ועושה — געזאָגט און געטון.
ברכה לבטלה — געמיינט: אומזיסטע רייד.
למען השם — געמיינט: אומבאַדינגט נויטיק.

## קאַפּיטל XXIV.

יפה דברת, בזמנו דברת — גוט געזאָגט און אין דער צייט געזאָגט.
במקום המעשה — אין דעם אָרט, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך.
סכום הגון — אַ געהעריקע סומע.
קטלא־קניא — געמיינט: אַ וואַלוועלער, אַ פּשוטער.

## קאַפּיטל XXV.

התנהגות — שטייגער, געוווינהייט.

## קאַפּיטל XXVI.

שטר מכירה — אַן אַקט וועגן דעם, אַז מען האָט פאַרקויפט.
התבטלות — זיין ביי זיך בטל קעגן יענעם, פילן די אייגענע נישטיקייט.
„מזונות" — דאָ געמיינט: מאַכן די ברכה „בורא מיני מזונות".
רחמנא ישמרנו — גאָט זאָל אָפּהיטן!
כדבעי — ווי עס דאַרף צו זיין.

## קאַפּיטל XXVIII.

מלאכי חבלה — בייזע גייסטער, צעשטערער.
לך לך מארצך וגו'. — „גיי דיר פון דיין לאַנד, פון דיין געבורטס־אָרט, פון דיין פאָטערס הויז אין יענעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזן". פון חומש.
ענני־הכבוד — געמיינט: די שכינה.
טהרת־משפחה — זיין אָפּגעהיט פון איין איסור־נדה.
נזם זהב באף חזיר — אַ גאָלדענער נאָזבאַנד אויף אַ חזירשער נאָז. פון משלי.
מתן בסתר — געבן צדקה, פון וועלכער קיינער ווייסט נישט.

## קאַפּיטל XXIX.

„חרם דרבינו גרשון, — רבינו גרשון מאור הגולה איז געווען דער לעצטער פון די גאונים. רביה דרביה דרש"י, (דער רבי פון רש"יס רבי). געלעבט צוריק מיט אַ טויזנט יאָר. אין דער יידישער וועלט איז ער אָממערסטנס באַקאַנט מיט זיין חרם אויף אַזעלכן, וואָס נעמט צוויי פרויען. אויך מיט זיין חרם פאַר לייענען אַ פרעמדן בריוו, אָן דעם רשות פון דעם באַלעבאָס.

## קאַפּיטל XXX.

בלך לך אצל מינך — „גיי דיר צו דיין מין". געמיינט: זוך דיר דיין פּאָר צווישן דייניקע.
מסקנא — באַשלוס.

## קאַפּיטל XXXII.

אגיל ואשמח — דאָ געמיינט: גוט און וווּל, אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג.

ארץ־אבות, ארץ מולדת — פּאַטערלאַנד, געבורטסלאַנד.

## קאַפּיטל XXXIII.

סיעתא דשמיא — אַ הילף פון הימל.

## קאַפּיטל XXXIX.

אתה זוכר מעשי עולם — „גאָט, דו געדענקסט דאָך אַלץ, וואָס ס'האָט זיך אָפּ־געטון אויף דער וועלט". אַ ראש־השנהדיקע תפילה.

אתה זוכר את כל המפעל — „דו געדענקסט דאָך די גאַנצע געשיכטע". אויך פון דער אויבנדערמאָנטער תפילה.

כי זכר כל היצורים לפניך בא, מעשי איש ופקודתו — די דערמאָנונג פון אַלע באַשעפענישן קומט פאַר דיר, יעדע עובדה פון דעם מענטשן און וואָס אים פעלט". אויך פון יענער תפילה.

כי זכר כל המעשים לפניך בא — „די דערמאָנונג פון אַלע געשעענישן קומט פאַר דיר". אויך פון יענער תפילה.

## קאַפּיטל XL.

עובר ווערן — ווען פלייש ליגט נאָך דער שחיטה דריי מעת־לעת נישט כשר געמאַכט, ווערט עס „עובר".

זה נהנה וזה לא חסר — „דער האָט הנאה און דעם מאַכט עס נישט קאַליע".

מעשיך יקרבוך, מעשיך ירחיקוך — „דיינע מעשים וועלן דיך דערנעענטערן, דיינע מעשים וועלן דיך דערווייטערן".

## קאַפּיטל XLIII.

עם לבן גרתי — „מיט לבנען האָב איך געוווינט". געמיינט: עס שאַדט מיר גאָרנישט. פון חומש.

## קאַפּיטל XLIV.

אין בן־דוד בא, אלא בהיסח הדעת — משיח וועט נישט קומען, נאָר דאַמאָלסט, ווען מען וועט זיך שוין אויפהערן צו ריכטן אויף אים. פון דער גמרא.

איסור והיתר — געמיינט: רבנות.

כפוי־טובה — אַן אומדאַנקבאַרער.

„תיקון" — געמיינט: דעם בראָנפן וואָס מען גיט, ווען מען האָט יאָרצייט.

מדרש־פליאה — געמיינט: אַן אומפאַרשטענדלעכע זאַך.

טורימס, רמב"מס — ערשטע פוסקים. די וויכטיקסטע געזעצגעבערישע ספרים.

ירושלמי — דער טייל פון תלמוד, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין ארץ־ישראל, נישט אין בבל.

## קאַפּיטל XLV.

כפל־כפלים — פיל מאָל אַזוי פיל.

תורה וגדולה במקום אחד — געלערנטקייט און הויכקייט אין דעם זעלבן אָרט.

אהבת־אחים — ברידער־ליבע.

בני־הנדה — קינדער, וואָס ווערן געבוירן פון אַזאַ מוטער, וועלכע האָט נישט אָפּגעהיט אַלע געבאָטן בנוגע צו טהרת־משפחה.

ידי מסולקת — „איך האָב צוגענומען די האַנט פונעם האַרצן". געמיינט: איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך.

שוה־כסף — ווערטפולע זאַכן.

ברוריה בת ר' חנינא בן תרדיון — ר' חנינא בן תרדיון, ר' עקיבאס אַ חבר, איינער פון די עשרה הרוגי־מלכות. זיין טאָכטער ברוריה, דעם תנא ר' מאירס ווייב, האָט אַליין אויך געקענט זיין אַ תנא. פון דער גמרא איז באַוווּסט, אַז זי פלעגט אַנטייל נעמען אין אַ פלוגתא, גלייך מיט איר פאָטערס תלמידים, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען איר מאַן, דער באַוווּסטער ר' מאיר בעל־הנס.

קו־הבריאות — געזונט־צושטאַנד.

כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול — „טויזנט יאָר זענען אין דיינע אויגן ווי דער נעכטיקער טאָג". אַ פסוק פון תהילים.

## קאַפּיטל .L

אור הצפון — דאָס ליכט וואָס באַהאַלטן. געמיינט: דאָס ליכט פון ששת-ימי-
בראשית, דאָס געטלעכע ליכט.
שרגא בטיהרא מאי מהני — „וואָס זעט זיך אָן אַ ליכט קעגן דער זון?"
קרסוליו — זיינע קנעכל.

## קאַפּיטל .LI

בקדושה ובטהרה אא"וו. — הייליק, זויבער, מיט לידער און מיט געזאַנג.
פה מפיק מרגליות — אַ מויל, וואָס ברענגט אַרויס פּערל.
חובות־הלבבות — אַ רעליגיעז-פילאָזאָפיש ספר. דער מחבר פון דעם באַרימטן
ספר איז דער רבינו בחיי הדיין הספרדי, וועלכער האָט געלעבט אַן ערך מיט
אַן אַכט הונדערט יאָר צוריק. דאָס ספר איז פאַרפאַסט געוואָרן אין אַראַביש
און איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף לשון-קודש דורך חסדאי אבן-שפרוט
און דערנאָך דורך יהודה אבן-תיבון.

## קאַפּיטל .LII

אין בעל־הנס מכיר בנסו — דער, מיט וועלכן דער נס איז געשען, איז נישט
קיין מבין אויפן נס.
ד' נתן וד' לקח — „גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען".

## קאַפּיטל .LIII

עד אין לשער — נישט פאַרצושטעלן זיך.
אין שמחה בלא תוגה — נישטאָ קיין פרייד אָן קיין טרויער.

## קאַפּיטל .LIV

פורש מן הצבור — אַזעלכער, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דעם כלל.
ידען — אַ וויסער, אַ באַהאַוונטער.
„בבלי" — דער נאָמען פון דעם גרעסערן ש"ס.
לא תענה על רב — זאָלסט זיך נישט שפּאַרן מיט קיין גרעסערן פון זיך.
פון חומש.
אין מסרבין לגדול — מען טאָר נישט אָפּזאָגן, ווען אַ „גדול" בעט עפּעס.
אין מסיחין בסעודה — מען טאָר נישט רעדן בשעת דעם עסן.
אי סיפא, לאו ספרא — ווער עס באַנוצט זיך מיט אַ שווערד, דער קען נישט
זיין קיין פען-מענטש.
הספר ודסיף ירדו כרוכים — דאָס בוך און די שווערד זענען אַראָפּגעקומען
פון הימל צוזאַמענגעוויקלט.
ירדו, בירידה — דערנידעריקט, שטאַרק געפאַלן.
דבר שלא בא לעולם — אַ זאַך וואָס איז נאָך נישט באַשאַפן.
מת־מצוה — אַ הייליקער מת.
להוראה — צו קענען פּסקענען אַ דין. געמיינט, אויף צו ווערן אַ רב.
ראיתי בני־עליה והמה מועטין — „איך האָב געזען פאַרויסגעשריטענע לייט,
אָבער זייער ווינציק". — פון דער גמרא.

## קאַפּיטל .LVII

מה ענין שמיטה אצל הר סיני — געמיינט: וואָס פאַר אַ משל איז דאָס אַהער?
אין אים טוט זיך.
לחם הקלוקל — געמיינט: דאָס פאַרנמאַסטע שטיקל ברויט.
„ויתרוצצו" — דאָ געמיינט: עס וועט ביי אייך קומען צו אַ צוזאַמענשטויס.
חכמת הפרצוף — דאָס קענען איבערלייענען אויף אַ מענטשנס פּנים, וואָס
אין אים טוט זיך.

## קאַפּיטל .LX

מובחר מן המובחר — דאָס בעסטע פון דעם בעסטן.
תנו רבנן ביז — דיהיב לן אורייתא — אַ ישיבה-זמרל פון ארץ-ישראל.

## קאַפּיטל .LXI

מרא־דאתרא — אַ רב.

## קאַפּיטל LXIV.

היחיו העצמות היבשות האלה? — „צי קענען נאָך אויפלעבן אָט די טרו־קענע ביינער?". פון יחזקאל.

„איכה ישבה" — די קלאָג־מגילה פונעם נביא ירמיהו אויף חורבן בית ראשון.

## קאַפּיטל LXV.

רבות מחשבות בלב איש, ועצת ד' היא תקום — „אַ מענטש טראַגט זיך אַרום מיט פיל געדאַנקען, אָבער געשען געשעט נאָר גאָטס ווילן". פון תהילים.

הכל צפוי — אַלץ איז פאַרויסגעזען. פון פרק.

לא חמימא ולא קרירא — נישט וואַרעם, נישט קאַלט.

בינו לבין עצמו — בלייבנדיק מיט זיך אַליין.

„אתה חונן" — אַ ברכה אין דער שמונה־עשרה, ווו מען בעט אויף פאַרשטאַנד.

לוחות ושברי לוחות מונחים בארון — סיי די גאַנצע, סיי די צעבראָכענע לוחות — ביידע געפינען זיך אין ארון. די כונה: אַ קאַליע מענטש איז אויך אַ מענטש.

מאבד בידים — פטרט אַוועק מיט אייגענע הענט.

## קאַפּיטל LXVI.

על כל פשעים תכסה אהבה — אַלע חסרונות און אַלע עולות פאַרדעקט די ליבע.

חז"ל — ראשי־תיבות פון: חכמינו זכרונם לברכה — געמיינט: די תנאים און אמוראים.

עשינו מה שגזרת אא"ו — מיר האָבן אָפּגעטון, וואָס דו האָסט אונדז באַ־פוילן צו טון, איצט טו דו וואָס ס'איז אויף דיר מוטל. געמיינט: געבן רעגן.

אוכל תרומה אא"ו — דער וואָס עסט תרומה מיט אומריינע הענט.

עבודת־פרך — אַן אַרבעט, וואָס מאַכט חרוב דעם גוף.

איך נשיר את שיר ד' על אדמת נכר — ווי אַזוי זאָלן מיר זינגען גאָטס געזאַנג אויף פרעמדער ערד?

## קאַפּיטל LXVIII.

חשקה נפשי — דאָס זעלבע וואָס: איך האָב זי ליב.

עזה כמות אהבה — „ליבע איז שטאַרק ווי דער טויט". פון שיר־השירים.

יפהפיה — אַ שיינהייט, אַ קראַסאַוויצע.

עינים להם ולא יראו — „אויגן האָבן זיי, נאָר זיי זעען נישט". דאָס איז אין תהילים געזאָגט געוואָרן אויף דער עבודה־זרה.

„לא תחמוד" — דער ניינטער געבאָט: „עס זאָל זיך דיר נישט גלוסטן יענעמס".

רואה ללבב — זעט וואָס אין האַרצן טוט זיך.

יסורים ממרקין עונותיו של אדם — יסורים מאַכן ריין דעם מענטשן פון זיינע זינד.

## קאַפּיטל LXIX.

שאור שבעיסה — געמיינט: דעם יצר־הרע.

לא תתורו — „איר זאָלט זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון אייערע אויגן". פון קריאת־שמע.

לאו מדאורייתא — אַן איסור, וואָס שטייט בפירוש אין דער תורה.

מי בא בסוד אלוה — „ווער ווייסט דעם אייבערשטנס סודות"?

דברי הרב אא"ו — „אַז דו האָסט פאַר זיך דיין רבינס אַן אָנזאָג און אַ תלמידס אַן אָנזאָג, וועמענס אָנזאָג דאַרף מען אויספילן"? פון דער גמרא.

כפוי־טובה — אַן אומדאַנקבאַרער.

מקבל־נחמה — אָננעמען אַ טרייסט, געטרייסט ווערן.

בני יצאוני — מיינע קינדער זענען פון מיר אַוועק.

הייתי שוממה מאין יושב — „כ'בין פאַרוויסט געוואָרן פון פאַרלירן די איינ־וווינער".

דער ראָמאַן „קליינע שפּאַן אין אַ גרויסער שטאָט" איז דער צווייטער פון אַ ציקל פון צען בענדער, וואָס קומען אַרויס אונטערן קעפּל:

„אַ זעקסטער וועלט־טייל".

די נעמען פון די בענדער זענען:

ערשטער באַנד — פאַראומערטע קינדהייט
צווייטער באַנד — קליינע שפּאַן אין אַ גרויסער שטאָט
דריטער באַנד — אַ צעטריבענע סטאַדע
פערטער באַנד — פאַרלאָשענע שייטערס
פינפטער באַנד — אַ גרוס פון יענער וועלט
זעקסטער באַנד — אַ פאַרגעסענע טובה
זיבעטער באַנד — די לעצטע פּרווו
אַכטער באַנד — אַ פאַרשפּעטיקטע חרטה
ניינטער באַנד — דם ואש ותמרות עשן
צענטער באַנד — די אויסגעבענקטע היים



דער קומענדיקער באַנד:

# אַ צעטריבענע סטאַדע